## פ ו ן  פ ֿ אַ ר ל ע ג ע ר :

„מאָטקע גנבֿ" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין בוכפֿאָרם פֿון „פֿאָרווערטס", 1916, ניו־יאָרק, 347 זייטן.

אין 1921 איז דאָס בוך געדרוט געווען צווישן די געזאַמלטע שריפֿטן פֿון שלום אַש, באַנד 11, אַרויסגעגעבן פֿון דער „שלום אַש קאָמיטעט", ניו־יאָרק, 347 זייטן.

אין 1930 איז דאָס בוך געדרוקט געווען צווישן די געזאַמלטע שריפֿטן פֿון שלום אַש, באַנד 11, אַרויסגעגעבן דורך דער „קולטור־ליגע", וואַרשע, 347 זייטן.

די איצטיקע אויסגאַבע איז אַ רעווידירטע.

מ ש ה  ש מ ו א ל  ש ק ל אַ ר ס ק י

נאָוועמבער, 1953.

# 1

דער פֿאָטער זיינער, דער בלינדער לייב, האָט חתונה געהאַט מיט זיין מוטער, דער רויטער זלאַטקע, אויף אַזאַ אופֿן:

דער בלינדער לייב איז געווען אַ יונג, וואָס דאָס שטעטל האָט געקלונגען מיט אים. ער האָט געאַרבעט ביי זעליג דעם שוסטער, ביי דעם וואָס האָט איטלעכס יאָר געהאַט אַ קינד. אַן אַרבעטער איז דאָס געווען איינער אין דער וועלט, גאָלדענע הענט, געקענט אויפֿנייען אַ פּאָר קאַמאַשן טאָפּל־געניית, דאָס הייסט, איין זויל האָט זיך געלייגט אויף דער צווייטער ווי אַ טרעפּ. איין טרעפּ האָט ער באַנייט געל און די צווייטע שוואַרץ. דאָס איז געווען זיין מאָדע, וועלכע ער האָט אַליין אויסגעפֿונען. און אַז דער יונג איז אין די ערשטע טעג פּסח אויף דער גאַס אַרויסגעקומען מיט אַזאַ פּאָר קאַמאַשן, איז מען געקומען אויף וואונדער קוקן. אַלע יונגען האָט די ניכפּה גענומען און אַלע האָבן דווקא געוואָלט האָבן אַזאַ פּאָר קאַמאַשן, — טאָפּל־געניית, איין טרעפּ געל און איין טרעפּ שוואַרץ, — נאָר קיינער האָט עס ניט געקענט נאָכמאַכן. דער יונג האָט פֿאַר קיינעם ניט געוואָלט אויפֿנייען אַזעלכע קאַמאַשן, כאָטש גילט אים אָפּ: „דאָס האָב איך פֿאַר מיר אַליין געמאַכט, און קיינער טאָר ניט האָבן אַזעלכע שיך, ווי איך האָב". נאָר וואָס קומט אַרויס, — אַז ער איז אַ טויבן־כאַפּער און וויל ניט אַרבעטן. אין מיטן דער בעסטער אַרבעט, פֿאַר פּסח אָדער פֿאַר סוכּות, למשל, דאָס שטיקל אַרבעט ברענט אונטער די הענט, איז גענוג אַז לייב זאָל דערהערן אַ פּייפֿן פֿון הינטערן פֿענצטער, האָט ער שוין דעם קאָפּ אין פֿענצטערל און דאָס אויג דערזעט, אַז דער גויאישער בעקער לאָזט אַרויס זיינע טויבן, וואַרפֿט ער שוין די אַרבעט און לאָזט זיך אויפֿן דאַך אַרויף צו זיין טויבנשלאַק, און אָט שטייט שוין לייב אויף די דעכער פֿון שטעטל מיט אַ גרויסן שטעקן אין האַנט און טרייבט די טויבן אונטער דעם הימל, וואָס ציט זיך רואיק איבערן שטעטל אַריבער. און טאָמער זאָגט אים עפּעס דער בעל־הבית, וואַרפֿט ער אים דעם קאַמאַש, וואָס איז אין דער אַרבעט, אין פּנים אַריין, וואַרפֿט אַראָפּ פֿון זיך דעם שערץ, און ער איז שוין נישטאָ. ער איז נאָך קיין מאָל נישט אויס־געווען אַ זמן, אַמאָל שוין אַ מייסטער צעשלאָגן אויך. האָבן חברה שוסטערס זיך געמאַכט אַ יד־אַחת, לייבן ניט צוצולאָזן צום פֿאַך. איז ניט אויסגעגאַנגען קיין

וואָך — און לייב האָט שוין געאַרבעט ביים געלן זעליג. „וואָס זאָל מען טאָן, — האָט דער געלער זעליג געטענהט פאַר דער חברה, — אַז דער יונג איז דאָך דער בעסטער בעל־מלאָכה אין שטאָט, און טאָמער דאַרף מען אַן איידל שטיקל אַרבעט, וועט עס קיינער דיר ניט אַזוי אויפנייען ווי לייב. אַז ער וויל, גיט ער דיר אַ גיס־אָפּ אַ קאַמאַשל, נאָר קיין וואַרשע אים אָוועקצושיקן, אין שויבפּענצטער אַרויסצושטעלן, — נאַ, זע, דאָס קאַמאַשל טאַנצט אַליין״ — האָט זיך דער געלער זעליג באַלעקט פאַר נחת, ווען ער האָט גערעדט וועגן לייבס מלאָכה, וואָרים ער איז געווען אַ מבין דערויף.

דענסמאָל טאַקע איז לייב אַ חתן געוואָרן פאַר דער רויטער זלאַטקע. געגאַנגען שפּאַצירן איז ער שוין לאַנג מיט איר, אין די שבתים האָט מען זיי שטענדיק געטראָפן אין די סעדער, אויף די וועגן, הינטער דער שטאָט שפּעט אין דער נאַכט. די רויטע זלאַטקע האָט ניט געקענט קריגן קיין שטעלע צוליב לייבן, וואָרים, האָט זיך לייבן פאַרגלוסט, איז ער זיך אין מיטן העלן טאָג געקומען צו זיין כּלה, זי אַרויסגערופן פון דער קיך און אָוועקגעגאַנגען מיט איר אויף אַ גאַנצן טאָג אין די סעדער אַריין. אין דער היים איז די מילך געלאָפן, דאָס געפעס איז ניט געווען געוואַשן, קיין מיטיק ניט צוגעשטעלט, די בעל־הביתטע איז שיר־ניט אָוועקגעפאַלן פאַר קרענקונג, — „וואָס אַ מויד קען״ — און אַז די רויטע זלאַטקע איז אַהיים געקומען האָט זי שוין געפונען איר קאַסטן אַרויסגעשטעלט אין פּירהויז: „גיי זוך דיר אַן אַנדער שטעלע״. און נאָך האָט מען געזאָגט אין שטעטל, אַז די רויטע זלאַטקע גנבעט אַרויס פון דער קיך די בעסטע ביסנס און טראָגט זיי אַוועק דעם יונג. און טאַקע האָט מען אונטער זלאַטקעס קישן געפונען איינגעוויקלט אין פּאַפּיר פרישע הינדעלעך, אַ שטיק פיש, די בעסטע קיכעלעך. נאָר קיינער האָט דאָך אין שטאָט ניט געגלויבט, אַז לייב וועט חתונה האָבן מיט זלאַטקען. ניט איין בעל־הביתטע האָט איר נביאות געזאָגט, אַז דער יונג וועט זי אַוועקשיקן מיט אַ „פּעקל״, און אַלע בעלי־בתּים האָבן געזען, ווי לייב מאַכט אומגליקלעך אַ יתומה (וואָרים זלאַטקע איז געווען אַ יתומה פון טאַטע־מאַמע), אָבער קיינער קען גאָרניט העלפן: ווער וועט זיך גיין דאָס לעבן איינשטעלן און זאָגן עפּעס דעם יונג? טראַכט זיך לייב: דערפאַר וואָס די שטאָט האַלט מיך אַזוי, אַז איך וועל זי אומגליקלעך מאַכן, וועל איך זיי וויזן, וואָס לייב קען. אין אַ שבת־צו־נאַכט איז ער אַריין צום רב און געזאָגט:

— רבי! איך וויל אייך געבן אַ האַנט תּקיעת־כּף, אַז איך וועל חתונה האָבן מיט זלאַטען, אַזוי גיך ווי איך וועל נאָר פריי ווערן פון מיליטער.

זאָגט דער רב:

— וואָס טויג מיר דיין תּקיעת־כּף? ווייסטו וואָס דאָס הייסט, אַז אַ ייד גיט אַ תּקיעת־כּף? און טאָמער חלילה, האַלטסטו דאָס ניט?

האָט זיך לייב געשוואוירן ביי זיין פאָטערס קבר און ביי זיין קראַנקער מאַמען. האָט מען געגלויבט. האָט דער רב געשיקט נאָך בעריש דעם

קצב, דער יתומהס אַ פעטער, און מען האָט שבת־צו־נאַכט תּנאים געשריבן, טאַקע ביים פעטער בעריש אין הויז, און דער רב אַליין איז געקומען צו די תּנאים.

אויפן צווייטן שבת, אַז לייב איז אַרויס מיט זיין כּלה איבער דער גאַס שפּאַצירן (ער האָט דענסמאָל אויפגענייט צוויי פּאָר קאַמאַשן מיט דריי טרעפּן איטלעכע: איינע געל, איינע רויט און איינע שוואַרץ, פאַר זיך מיט זיין כּלה), האָט שוין קיינער קיין וואָרט ניט גערעדט, אַדרבה, דאָס שטעטל האָט זיי צוגעשיקט פריינטלעכע גרוסן, מען האָט לייבן גוט־שבת געבאָטן ווי אַן אָרנטלעכן בעל־הבית און איינער האָט געזאָגט צום אַנדערן: „זעט איר, וואָס ער איז, איז ער, אָבער אַן ערלעכער יונג איז ער דאָך, ער האָט חתונה מיט דער יתומה".

נאָר עס זיינען ניט אויסגעגאַנגען קיין פיר וואָכן, און לייב האָט געבראָכן די שבועה, וואָס ער האָט געגעבן דעם רב „ביי דער קראַנקער מאַמען און ביים טאַטנס קבר": ער האָט אָנגעהויבן אַריינשטעלן אַ פיסל צו באַשע דער שניידערקע. געזאָגט האָט מען דערנאָך אַז דער יונג איז ניט שולדיק געווען: דאָס האָט אים די טויבע יעכע, דער שניידערקעס מוטער, אַזוי אַריינגעצויגן צו דער מויד, וואָרים עס האָט זי געקרענקט, וואָס איר טאָכטער, וועלכע איז ניט קיין דינסט, נאָר אַ שניידערקע, זיצט אין געהאַקטע וואָונדן, און אַ ליאַדע יתומה קריגט אַזאַ חתן (וואָרים לייב האָט נאָך די תּנאים אָוועקגעוואָרפן די טויבן און זיך גענומען פעסט צו דער אַרבעט). דער יונג איז ביי דער שניידערקע אָפּגעזעסן גאַנצע פרייטיק־צו־נאַכטן און גאַנצע שבתים. ביי דער שניידערקע האָט מען געלייענט ביכלעך און ראָמאַנען, און די יונגען און מוידן זיינען זיך דאָרט צוזאַמענגעקומען שבת און האָבן לידער געזונגען, אַמאָל געטאַנצט, — האָט עס אים אַהין געצויגן. (אַרויסצוגיין שפּאַצירן האָט ער זיך נאָך געשעמט, — האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין דער היים). די רויטע זלאַטקע איז גאַנצע שבתים אָפּגעזעסן אין דער קיך ביי דער בעל־הביתטע, אַן אָנגעטאָנענע, און געוואַרט אויף לייבן. זי האָט זיך נעבעך בחינם די אויגן אויסגעוויינט, עס האָט איר גאָרניט געהאָלפן. אין שטאָט האָט מען שוין גערעדט דערפון און די בעל־הביתטע האָט געטענהט אַז זי האָט איר באַלד אַזוי פאָראויס געזאָגט, אַז זי זאָל זיך ניט אַריינלאָזן מיט דעם יונג אין קיין געשעפטן, וואָרים איר סוף וועט אַזוי זיין. און די רויטע זלאַטקע זאָגט גאָרניט און שווייגט.

דעם ערשטן טאָג שבועות איז דאָס געווען. זי האָט דעם יונג אָפּגעוואַרט אין פינצטערן קאָרידאָר הינטער באַשע דער שניידערקעס טיר, און ווען דער יונג איז אַריין אין הויז, האָט זי דערזען דורך אַ ליכטיקן שפּאַלט די קאַמאַשן מיט די דריי טרעפּ גענייט — איינע געל, איינע רויט און איינע שוואַרץ, וואָס ער האָט זיך געמאַכט צו די תּנאים, — האָט עס איר געגעבן אַזאַ שטאָך אין האַרצן, אַז זי האָט דעם יונג באַגאָסן דאָס גאַנצע פּרצוף מיט

דער פלאַש וויטריאָל, וואָס זי האָט געהאַלטן הינטער דעם שערץ. דער יונג, אַ פאַרשרפהטער, האָט געגעבן אַ פאַל אויף דר׳ערד, זי איז אָבער ניט אַנט־לאָפן, זי איז אַליין אַרויס אין הויף און געמאַכט אַ געוואַלד און צונויפגעג־רופן מענטשן צו הילף.

אַז מענטשן זיינען געקומען, האָבן זיי געפונען דעם יונג ליגן מיט אַ פאַרברענטן פנים, בלינד, מיט אַ פאַרברענטן אַנצוג, אין די דריי־טרעפּעדיקע קאַמאַשן, הינטער דער טיר פון דער שניידערקע, און די רויטע זלאַטקע האָט געקניט לעבן אים און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, זיך געשלאָגן מיט די פויסטן אין דער ברוסט אַריין און געשריען: „מענטשן, העלפט אים, זעט, וואָס איך האָב אים געטאָן, זעט!״

עס איז געקומען דער דאָקטאָר, מען האָט לייבן צוגענומען אין שפּיטאָל אַריין. די רויטע מויד האָט אים נאָכגעטראָגן דעם הוט מיט דעם קראַגן, זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און געשריען איבער דעם גאַנצן וועג: „זעט, וואָס איך האָב געטאָן, זעט!״

מען האָט זי גענומען אויף אַ פּאָר טעג אין דער פּאָליציי אַריין. לאַנג האָט מען זי ניט געהאַלטן. אַז מ׳האָט זי אַרויסגעלאָזט, איז זי באַלד געלאָפן צום שפּיטאָל, וואו לייב ליגט, — מען האָט זי אָבער נישט צוגעלאָזט. האָט זי זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם שפּיטאָל ווי אַ פאַרשטויסענער הונט. דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט דינען אויף אַ שטעלע און האָט פאַר דעם יונג הינדעלעך געקאָכט און איטלעכן פאַרנאַכט צו אים אין שפּיטאָל געטראָגן. דער וועכטער האָט עס ביי איר צוגענומען און זי האָט מען אַלץ ניט צו־געלאָזט צום יונג: ער וויל זי ניט זען, — האָט מען איר געזאָגט. אָבער זי האָט ניט אויפגעהערט טראָגן אין שפּיטאָל אַריין די יאָכעלעך, די גע־בראָטענע הינדעלעך.

און איין מאָל האָט זי דעם וועכטער אַ גילדן געגעבן, ער זאָל זי אַריינ־לאָזן. זי איז אַריין אין שפּיטאָל. אַז זי האָט אים דערזען איז איר ניט גוט געוואָרן. דער יונג איז געווען מיט אַ פּנים נישט פון קיין מענטשן, נאָר עפּעס אַ מין ווילד באַשעפעניש מיט פאַרקלעפּטע אויגן איז געלעגן אויפן בעט. זי האָט זיך געגעבן אַ וואָרף פאַרן בעט, אַרומגענומען די פיס פון יונג, איינגעגראָבן אין זיי דאָס פּנים און געקושט זיי און געוויינט.

צוערשט האָט דער יונג גאָרניט גערעדט, ניט גערירט זיך. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן שטאַמלען צו איר, אַז זי זאָל צוגיין נעענטער. זי איז צוגע־קומען נעענטער צום בעט און זיך אַוועקגעלייגט פאַר אים ווי אַ הונט. דער יונג, וויפיל כוח ער האָט געהאַט, האָט געקלאַפּט מיטן פויסט איבער איר קאָפּ. זי האָט אַרונטערגעשטעקט דעם קאָפּ, דאָס פּנים אונטער זיין פויסט, כּדי עס זאָל אים זיין לייכטער צו שלאָגן, און נאָך איטלעכן קלאַפּ, וואָס זי האָט געקראָגן, האָבן אירע אויגן געגאָסן מיט טרערן און איר פּנים האָט געלויכטן פון שמחה.

באַלד איז דער וועכטער אַריין. דערזען די סצענע, האָט ער זי אַרויס־געיאָגט. נאָר די רויטע זלאַטקע האָט ניט קיין איין טאָג פאַרפעלט צו לויפן אין שפּיטאָל אַריין און טראָגן די יאָכעלעך. ווען זי האָט נאָר צייט געהאַט, איז זי שוין געשטאַנען הינטער די פענצטער, דעם וועכטער אויסגעפּרעגט, דעם דאָקטאָר נאָכגעלאָפן און די הענט געקושט. נאָך די קלעפּ איז זי שוין דרייס־טער אַריין צו אים, — און איטלעכס מאָל האָט זיך ווידער אָפּגעשפּילט די זעלבע סצענע וואָס פריער.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט מען לייבן פון דעם שפּיטאָל אויסגעשריבן. דאָס פּנים איז נאָך געווען פאַרקלעפּט מיט פּלאַסטערס און די אויגן פאַרבונדן. די רויטע זלאַטקע האָט אָבער איר גאַנצן אויסשטייער פאַרקויפט: דעם קאָסטן וועש, וואָס זי האָט זיך געהאַט אָנגעגרייט, און דאָס בעטגעוואַנט, וואָס די מו־טער האָט איר איבערגעלאָזט, אַליין האָט זי נאָך אַ פּאָר גילדן געהאַט אָפּ־געשפּאָרט פון דער שטעלע, אויף וועלכער זי איז געווען דורך דער צייט, וואָס דער יונג איז געלעגן אין שפּיטאָל, און זי האָט זיך מיט דעם יונג אַריינ־געצויגן אין שכנות צו אַ שניידער; דאָרט האָט זי געקאָכט פאַר אים יאָכעלעך און געבראַכט אים צו שלעפּן פון די בעל־הביתטעס, וואו זי האָט אַמאָל געדינט, איינגעמאַכטס. פאַרנאַכט האָט מען געזען אין שטעטל ווי זלאַטע פירט אַרויס דעם בלינדן יונג פאַר דער טיר, בעט אים אויס מיט בעטגעוואַנט, אַז עס זאָל אים זיין ווייך צו זיצן, און דערנאָך, ווען דער יונג האָט שוין געקענט גיין האָט אים זלאַטקע געפירט ביי דער האַנט איבערן שטעטל.

אַמאָל, ווען עס האָט זיך דערהערט אַ פייפן אין גאַס און דער גויאישער בעקער האָט זיינע טויבן אַרויסגעלאָזט פון דעם טויבנשלאַק, — און דער יונג האָט געהערט דעם רויש פון די טויבן־פליגל איבער זיך, האָט ער דעם קאָפּ אין דער הייך געריסן. דענסמאָל האָט ער בלינדערהייט עפּעס געטאַפּט, געזוכט מיט די הענט. זלאַטקע האָט געוואוסט וואָס ער וויל, — און זי האָט אַרונטערגעשטעקט דאָס פּנים אונטער דעם יונגס פויסט, און דער יונג פלעגט זי שלאָגן מיט די פויסטן וואוהין ער טרעפט.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט מען פון דעם יונגס פּנים אַראָפּגענומען דעם פּלאַסטער. דאָס פּנים איז אים געווען אָפּגעשרפהט, מיט רויען רויט־פלייש באַוואַקסן איבערן גאַנצן פּרצוף. איין אויג איז אים אויסגעברענט, דאָס צווייטע האָט מען געראַטעוועט, ער האָט קוים אויף דעם געזען, און פון דענסמאָל אָן רופט מען אים: „דער בלינדער לייב“. דערנאָך האָט ער גע־שטעלט אַ שטילע חופּה מיט זלאַטקען. קיינער איז אויף דער חתונה ניט געווען, דער אַלטער דיין האָט קידושין געגעבן, און דער פעטער בעריש האָט אַ ריפּ פלייש געבראַכט פון יאַטקע און אַ פעטן מיטיק אָפּגעקאָכט. דערנאָך האָבן זיי זיך געדונגען אַ שטיבל פאַר אַ יאָר, דער פעטער בעריש האָט אַ פּאָר זאַכן געשענקט אין בעל־הבתישקייט אַריין. צו דער אַרבעט איז שוין לייב ניט געגאַנגען, — ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט פאַרגעסן די מלאָכה, —

האָט ער זיך אין גאַס אַרומגעדרייט פוסט און פּאַס. זלאַטקע האָט זיך גע־שטעלט דינען ווי פריער און דעם יונג אַהיימגעבראַכט עסן. און ער האָט נאָך פאַרטרונקען דאָס ביסל וואָס זלאַטקע האָט אָנגעקליבן איבערן זמן. דערנאָך, אַז זלאַטקע איז געקומען אין די הויכע חדשים אַריין און האָט שוין ניט געקענט אַרבעטן, האָט דער יונג אָנגעהויבן אין גאַס פאַרדינען, — ער איז געוואָרן אַ טרעגער.

# 2

די בשורה פון זיין קומען איז אָנגעזאָגט געוואָרן און איז אויפגענומען געוואָרן מיט ניט קיין איבעריקער שמחה. דאָס איז פאַרגעקומען אַזוי:

דער בלינדער לייב, ווי ער האָט דענסמאָל שוין געהייסן, האָט געוואוינט מיט זלאַטקען, וואָס עס האָט איר שוין מער געפּאַסט דער נאָמען געלע ווי רויטע, אין דעם „קעלער". אין קעלער האָבן געוואוינט אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן ניט געצאָלט קיין דירה־געלט, נאָר אַ חזקה געהאַט אין אים. געווען איז דאָס אַ קעלער אונטער אַן איינגעפאַלענער חורבה, וואָס אַמאָל אין אַלטע ציטן איז אין אים געווען אַ בעקעריי. איין האַלבן קעלער פאַרנעמט פּיגעלע די אויבסט־הענדלערין מיט אירע קויבערס, זעק און פולע ראַגאָזשעס. זי האָט די אמתע חזקה אין קעלער — זי האָט דאָ געוואוינט, ווען דער קעלער איז נאָך געווען אַ בעקעריי. די צווייטע העלפט פאַרנעמט דער הויכער שפּאָלער, וואָס די חדר־ייִנגלעך רופן אים „גאָן־גאָן", ווייל ער האָט אַ „גאָנער" אין האַלדז, און וואָס אַלע זומער פאַרן אָנבייסן ציט ער אויף זיינע ווייסע פעדים אויפן שפּאָלראָד אין געסל און פאַרנעמט אַ האַלבע גאַס מיט זייער לענג — און חדר־ייִנגלעך וואונדערן זיך ווי אַזוי קען זיך דער „גאָן־גאָן" מיט אַלע זיינע שפּאָלעס וואָס פאַרנעמען דאָך אַ האַלבע גאַס, איינגעפינען אין קעלער. דער דריטער שכן אין קעלער איז געווען מאיר דער ווייבערשער לערער, וואָס איז אַליין געווען אַ שטיק „חזקה", ווייל ער איז געווען פּיגעלע דער אויבסט־הענדלערינס אַן איידים. ער האָט פאַרנומען דעם ווינקל קעלער ביי די פענצטער. רופן רופט מען אים דער ווייבער־לערער, אָבער אין אמתן איז ער שוין ניט קיין ווייבער־לערער, אַחוץ נאָר וואָס אַ פּאָר קליינע מיידלעך קומען אַריין צו אים נאָכן אָנבייסן און ער לערנט זיי לייענען פון צאינה־וראינה מיט אַ גרויסן טייטל ביים פענצטער. אָבער דערפאַר איז ער אַ בריוו־שרייבער, און צו אים קומען די ווייבער אַ בריוו צו שרייבן אָדער איבערלייענען. דענסמאָל טוט זיך מאיר אָן די גרויסע ברילן אויף דער נאָז, בייגט צו דעם בריוו צו די פענצ־טערלעך און לייענט־פאַר דער יידענע דעם בריוו, און די יידענע וואונדערט

זיך ווי אַזוי מאיר דער לערער קען אַלץ פון אַ שטיקל פּאַפּיר אַרויסלייענען.

דער פּערטער שכן, דער וויכטיקסטער פון קעלער, איז געווען דער בלינדער לייב. ער האָט טאַקע קיין חזקה ניט געהאַט, נאָר ווער וועט זיך שטעלן מיטן בלינדן לייב? האָט ער אַמאָל אויפן ווינטער זיך אַריינגעכאַפּט מיט זלאַטקען און באַליגט אַ גאַנצע וואַנט מיט געלעגערס: דער בלינדער לייב האָט שוין דענסמאָל געהאַט אַ גרויס געזינדל. זלאַטקע האָט געקינדלט, איטלעכס יאָר איינס. וואָרים דאָס קינדלען איז געווען איר הויפּט־פּרנסה. זלאַטקע איז געווען גערעכנט אין שטאָט פאַר אַ גוטער אַם, וואָס פון איר מילך ווערן די קינדער פעט. האָט זי איר קינד געקאָרמעט נאָכן יידישן מיט אַ פלעשל און אַליין געגאַנגען פאַר אַן אַם. און אַזוי ווי דער בלינדער לייב האָט באַדאַרפט איטלעכס יאָר פּרנסה, האָט זלאַטקע איטלעכס יאָר אָדער איטלעכס צווייט יאָר געהאַט אַ קינד, און דאָס איבעריקע האָט שוין דער בלינדער לייב אַליין צופּאַרדינט אין גאַס.

איז עס אַמאָל געווען אין אַ פאַרנאַכט, ווען דער בלינדער לייב איז אַהיים געקומען פון גאַס, צו אָסיען, ראש־השנה־צייט, ווען די נעכט רוקן זיך פריער אָן. דעם קעלער האָט אָנגעפילט אַ פּאַרע, וועלכע האָט אַפּירגעבלאָזן פון אונטער דעם דעכל, וואָס איז איבערן קוימען. אַ טעם און אַ ריח פון אָנגערייעכטס האָט געוואַלדן געמאַכט אין שטוב; עס האָט זיך גערדאַכט, ווער ווייסט, וואָס זלאַטקע ריישט דאָרט אָן אין קיך. דערווייל איז עס נאָר געווען פּשוטע ציבעלעס, וואָס האָבן אַזוי געשריגן אויף דער בלעך און פאַרכאַפּט מיט זייערע געוואַלדן און ריח די שטוב. דעם בלינדן לייב איז דאָס וואַסער געקומען אין מויל אַריין, האָט ער זיך צוגעאיילט פלינק און איז אַרויס און האָט צוזאַמענגערופן זיינע בנים פון דער גאַס. עס זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן פון אַלע עקן גאַס קינדערלעך פון פאַרשיידענער גרייס, טייל זיינען נאָך געקראָכן אויף אַלע פיר. זיי זיינען אַרויס ווי מייזלעך פון די ווינקלען. דער בלינדער לייב האָט זיי אַלעמען אַרומגעקליבן אַרום זיך און מיט זיין פּאַטשן מיט די הענט זלאַטקען צוגעיאָגט. האָט זיך זלאַטקע צעבייזערט:

— וואָס יאָגסטו פון מיר דעם דוך אַרויס אַזוי, קוים וואָס איך שטיי אויף די פיס.

איז דעם בלינדן לייב ניט געפעלן די ווערטער „קוים וואָס איך שטיי אויף די פיס". ער ווייסט, אַז זלאַטקע זאָגט עס נישט איטלעכע אַכט טעג און איז נישט געוואוינט זיך צו קווענקלען. האָט ער געגעבן אַ קוק אויף די קויבערס מיט די ציבעלעס, וואָס זלאַטקע טראָגט אַרום אין די שטובן, האָט ער געזען, אַז זיי שטייען ניט אָנגערירט, האָט עס אים געגעבן אַ פּיק אין האַרץ. פרעגט ער:

— זלאַטקע, ביסט היינט אין גאַס ניט אַרויס?

— עס זאָל דיר אַזוי נודיען, ווי עס האָט מיך גענודיעט אַ גאַנצן טאָג; מיט דער גאַל געשפּיגן.

— וואָס איז די מעשה, זלאַטקע? — האָט ער געזאָגט, נעמענדיק איין קינד אויף דער האַנט בשעת אַן אַנדערס האָט זיך אַרומגעהאַלטן ביי זיין שטיוול.

— וואָס איז די מעשה? גיב נאָר אַ קוק, לייבעלע ממזר, — זאָגט זי פון דער קיך אַרויס און וואַרפט אויף אים אַ גנבישן בליק, — ער ווייסט נישט, וואָס די מעשה איז. פרעג דעם זעלבער, וועט ער דיר זאָגן, אויב דו ווייסט נישט.

— וואָס, זלאַטקע, אַ נייער ממזר? — מאַכט לייב האַלב טרויעריק און האַלב פאַרוואונדערט.

— אַ בראָך נאָך דיינע יאָר, אַז דער אייגענער טאַטע רופט אַן זיינע קינדער ממזרים, — שפייט זלאַטקע אויס. — טפוי זאָלסטו מיר ווערן.

ווערט דער בלינדער מילדער און זאָגט מיט אַ טויטן שמייכל, וואָס קומט פון זיין אויסגערונען אויג:

— זלאַטקע, וועט צוקומען נאָך אַ פופיק? אָך, זלאַטקע, ביסטו דאָך גאָר אַ מענטש.

— עס קאָסט דען דיר אַ סך געזונט, וואָס לייגסטו צו דערצו? דער באָבעס ירושה?

— יאָ, דער באָבעס ירושה, ניט דער באָבעס ירושה, אַבי גיב עסן, זלאַטקע.

זלאַטקע האָט דערווייל צוגעטראָגן אַ גרויסן פאַלומיסעק מיט אָנגעריישטע קאַרטאָפל. זי האָט עס אַוועקגעשטעלט אויף אַ קאַסטן, און די קינדערלעך האָבן דערינען אָנגעהויבן אַרומזוכן מיט די הענט. דער בלינדער לייב האָט געצויגן מיט אַ לעפל און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער אַוועקגעלייגט אַן איבערגעדרייטן קויבער פאַר זלאַטקען. זלאַטקע איז אויך צוגעקומען, האָט זיך אַוועקגעזעצט, גענומען אַ קאַרטאָפל אין האַנט, ניט געגעסן, נאָר געהאַלטן אין איין האַנט, מיט דער צווייטער האָט זי זיך דעם קאָפּ אונטערגעלענט און געקרעכצט.

— וואָס קרעכצסטו, זלאַטקע? — מאַכט צו איר דער בלינדער לייב, קייענדיק אַ הייסע קאַרטאָפל, וואָס ער וואַרפט פאַר הייסקייט פון דער צונג אויף די ציין און צוריק — עס וועט צוקומען נאָך אַ פופיק, וועט זיין נאָך פרנסה.

— נאָך פרנסה, — קרעכצט זלאַטקע און וואַרפט אַ בייזן בליק אויף איר מאַן.

דער בלינדער לייב קען זיין זלאַטקען און ער ווייסט, אַז איצט איז ניט קיין צייט צו שטעלן זיך קעגן איר. פרנסה וועט סיי ווי סיי זיין, טראַכט ער זיך. עסט ער ווייטער געשמאַק זיינע קאַרטאָפל און וואַרפט זיי פון דער צונג אויף די ציין און צוריק.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט יענטל די מעקלערין, די ידענע מיטן

ברייטן קלייד, וואָס מען זאָגט אויף איר, אַז זי טראָגט אַ פּאָר פּוד סחורות אונטערן קלייד דורכן גרענעץ, אַנגעטראָפּן זלאָטקען אין גאָס, ווי זי האָט געדונגען ביי אַ פויערשער פור קאַרטאָפלעס. אויף זלאָטקען האָט מען שוין, אָן עין־הרע, געגנוג אָנגעזען, און אַז יענטל האָט אויף איר געוואָרפן אַ שפּאָרן בליק, האָט זי איבערגעדעקט מיט דער צונג די דאַרע ליפּעלעך, ווי אַ קאַץ, און געזאָגט:

— שוין ווידער, זלאָטקע, זאָל זיין מיט מזל.

— אַז גאָט וויל, — שמייכלט זלאָטקע פאַרשעמט.

— שוין ווייט? — וואַרפט יענטל אַ בליק אויף זלאָטקעס בויך, ווי אַ מבינטע.

— דאַכט זיך אין זיבעטן.

— יאָ, עס וועט אַזוי זיין, — שאָקלט יענטל מיטן קאָפּ, קוקנדיק אויף זלאָטקען. — איז זי דאָך אין איין צייט מיט דעם זשאָכלינערס שנור.

— קעגן וואָס מיינט זי דאָס? — פרעגט זלאָטקע נייגעריק, כאָטש זי שטויסט זיך שוין אָן, און עס ווערט איר עפּעס אַביסל פּריקרע.

— איך מיין דאָס קעגן דעם, אַז ביי דעם זשאָכלינער וועט איר גוט זיין, זיי וועלן איר צאָלן אַ שיינעם גראָשן און האַלטן זי ווי אַ בכבודע.

— וואָס, דאָס ווייבל קען נישט אַליין שטילן דאָס קינד? אַ שוואַכע?

— יאָ אַ שוואַכע, ניט קיין שוואַכע. זי ווייסט דען ניט? אַ נגידתטע, מעג זי זיך דערלויבן. וואָס פעלט איר? הלוואַי וואָלט מיר און איר ניט אַזוי געפעלט, ווי עס פעלט ניט דעם זשאָכלינערס שנור.

— וואָס מיינט זי דאָס צו צאָלן?

— מילא, מיר וועלן שוין אַדורכקומען. יענע בעטן מיך שוין צייט אַ חודש, איך זאָל האָבן אויפן זינען אַ גוטע אַם. וואָס דאַרף מען אַ בעסערע ווי זלאָטקע? וועגן צאָלן וועט קיין רייד ניט זיין.

— איך ווייס? — זאָגט זלאָטקע מיט עניוות, פאַרשעמט, וואָס יענע האָט זי געמאַכט פאַר אַ גוטע אַם. — מילא, זי קען זיך נאָכפרעגן אויף מיין מילך. איך האָב אויסגעזויגן משה פינטשעוועדס אַן אייניקל און ביי די זילבערבערגס צוויי קינדערלעך, און ביי דער נגידתטע. זיי קאָנען דאָך פרעגן אויף מיין מילך.

— דאָס ווייסן מיר דאָך טאַקע. דורך דעם, זלאָטקע, געהערט שוין מער מיט קיינעם ניט ריידן דערפון. אָפּגעמאַכט. איך גיי באַלד אַהין צו די זשאָכלינערס און נעם אייך מיט. טוט אייך נאָר אָן אַ ריינע שערץ, עס וועט באַלד זיין האַנט־געלט.

— יאָ אַ ריינע שערץ, ניט קיין ריינע שערץ, איך בין די זעלבע זלאָטקע.

— ניין, זלאָטקע, איך מיין עס אויף אָן ערנסט, וואָרים די זשאָכלינערס ווילן ניט פאַר דער שנור קיין קריסטלעכע אַם: דער זון איז דאָך פרום, וויל ער דווקא פאַר דעם קינד אַ יידישע אַם. פון קריסטלעכע אַמען, זאָגן זיי,

ווערן די קינדערשע קעפּלעך פאַרשטאָפּט און זיי ווילן דערנאָך ניט לערנען. מען האָט מיר געהייסן שוין פאַר וואָכן אַרומזוכן אַ יידישע אַם. זי קען דאָך כאַפּן אַ שיינעם גראָשן.

נאָך יענעם טאָג האָט זלאַטקע געגומען האַנט־געלט אויף דער מילך, מיט וועלכער די נאַטור האָט זי באַשאָנקען פאַר איר קינד. און יענעם אָוונט האָט דער בלינדער לייב געגעסן פלייש אויף וועטשערע און געקלאַפּט דעם ווייב איבער דער פּלייצע און געזאָגט:

— נו, זלאַטקע, האָב איך ניט רעכט? נאָך אַ פּופּיק, מער פּרנסה.

זלאַטקע איז עפּעס בייז געווען אַ גאַנצן אָוונט, זי האָט אַליין ניט גע־וואוסט פאַרוואָס. האָט זי אים אָפּגעענטפערט:

— אַז אַ ביין זאָל דיר אין האַלדז בלייבן שטעקן, טאַטע איינציקער, און זאָלסט ניט אַזוי פיל ריידן.

דערוויל איז זיך מאָטקע געזעסן גאַנץ רואיק אין דער מוטערס בויך, איז מיטגעגאַנגען מיט דער מאַמען אויף אַלע מערק, געקראָכן אויף אַלע פורן, געשלעפּט מיט דער מאַמען די זעק און די קערב און ווייניק זיך אויסגע־מאַכט, וואָס די מאַמע האָט זיין מילך פאַרקויפט, וואָרים עסן האָט ער דערוויל געהאַט: די מאַמע האָט שוין פון זיינעטוועגן אַזעלכע זאַפטן אויסגעאַרבעט און דורך דעם נאַפּל אים אין זיינע גלידער אַריינגעגאָסן. און וואָס אַרט עס אים, וואָס אין דרויסן טוט זיך? דערוויל איז ער נאָך ניט דאָרט...

---

אַז עס איז געקומען די צייט, אַז מאָטקע זאָל אויף דער וועלט קומען, האָט שוין די אַלטע זשאַכלינערין, ביי וועלכער זלאַטקע האָט איר קינדס מילך פאַרקויפט פאַר דער שנור, זיך געמיט, און די חברה ווייבער, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט קינפּעטאָרינס, האָבן אונטער זלאַטקעס בעט אַ ריין לאַקן אונטער־געלייגט. די באָבע האָט זיך געפונען צו דער ריכטיקער מינוט; אין אויוון האָט זיך וואַרעם וואַסער געקאָכט, און אַלץ האָט זיך געפּאַרעט אַרום מאָטקען.

זלאַטקע האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות, — זי איז געווען גע־וואוינט צו די זאַכן, — און איידער דער בלינדער לייב איז צוריקגעקומען פון דעם שמש פון בית־המדרש מיט די קוויטלעך אויף אויסצוקלעפּן אויף די ווענט קעגן שטן, האָט שוין אַ מוראדיקער שרייער דעם גאַנצן קעלער אויפ־געררודערט; דאָס האָט מאָטקע גנב צו וויסן געגעבן: ער איז דאָ!

די ערשטע אַכט טעג ביז צום יידישן איז אים וואויל געווען אויף דער וועלט. ער איז געלעגן אין אַ קישן איינגעוויקלט, עס האָבן זיך נאָר אַרויס־געוויזן זיינע שוואַרצע פינקלדיקע אייגעלעך, וואָס זיינען אַרומגעלאָפן איבער דעם גאַנצן קליינעם שוואַרצן פּנימל, ווי צוויי מייזלעך. אַלע וויל האָט אים זלאַטקע צו דער ברוסט צוגענומען. אויף דעם האָט אַכטונג געגעבן די אַלטע זשאַכלינערין, אַז מאָטקע גנב זאָל אַ סך זייגן, כּדי זלאַטקע זאָל פיל מילך

האָבן פּאָר איר שנורס קינד, האָט זי זלאַטקען געבראַכט אין דעם קינפּעט פון אַלעם בעסטן: דאָ אַ יאַיכל, דאָ אַביסל איינגעמאַכטס, דאָ מילך, דאָ אַפילו אַ פלעשעלע ווײַן. עס איז געווען אי אַ מצווה — אַן אָרעמע קינפּעטאָרין, אי אַ נוצן, — די מילך פון איר אײַניקלס אָם זאָל פעט זיין. מאָטקע האָט זיך ניט געלאָזט בעטן, איטלעכס מאָל מיטן פּיסקל דער מאַמעס ברוסט געזוכט און געשוויצט אין קישן, ווי אין אַ באָד, אַז אַנגעסטן האָבן אים געשלאָגן פון קליי־נעם שוואַרצן שטערן, אויף וועלכן עס האָט זיך שוין געקרײַזלט אַ נאַסער לאָק ווי ביי דעם בלינדן לייב.

פיר שיר־המעלותן, אויף די פיר ווענט אויסגעקלעפּט, האָבן אים אָפּ־געהיט פון שטן. איטלעכן פאַרנאַכט זיינען חדר־ייִנגלעך אַריינגעקומען צום נייעם גאַסט צו באַגריסן און קריאַת־שמע לייענען פון זיינעט וועגן.

פרייטאָג־צו־נאַכט איז זיך אויך די חברה טרעגערס צוזאַמענגעקומען אין קעלער אַריין — דעם קליינעם זכר שלום־עליכם אָפּצוגעבן. די אַלטע זשאַכ־לינערין, וועלכע האָט אָפּגעקויפט די מצווה פון סנדק פאַר איר זון, האָט אַ שלום־זכר אָנגעגרייט, מיט אַרבעס, מיט ביר, און חברה טרעגערס האָבן אין וואַרעמען קעלער געשוויצט, ביר געטרונקען, אַרבעס געקייט — און דעם בלינדן לייב מזל־טוב אָפּגעגעבן. דער בלינדער לייב האָט תמיד ליב צו זיין אַ בעל־ברית. עפּעס ווערט ער דענסמאָל, ווען דאָס ווייב געבערט אים אַ זון, אַ גאַנצער מורנו. אַלע קומען אַריין צו אים: דער דיין און דער מוהל, און שיינע יידן דרייען זיך אין זיין קעלער, און מען רופט אים „רב לייב”, „דער בעל־ברית”. און מען עסט גענדזנס, און מען טרינקט ביר, און עס קאָסט קיין געלט ניט.

דער בלינדער לייב האָט דאָס מאָל אויך דורך מאָטקע גנב גרויס כבוד געהאַט. מען האָט מאָטקען אין אַ נייעם, איבערגעצויגענעם קישן געבראַכט צו דער חברה טרעגערס.

סנדק איז געווען דער יונגערמאַן, דעם זשאַכלינערס זון, טאַקע דער, וואָס זיין קינד וועט זלאַטקען זייגן. ער האָט דאָס מאָטקען צוגעטראָגן און איבערגעגעבן דעם פאָטער. דער בלינדער לייב איז געווען איינגעוויקלט אין אַ לאַנגן ברייטן טלית. ער האָט גענומען מאָטקען און אָפּגעגעבן דעם דיין, וואָס איז געזעסן אויף דעם שטול. דער בלינדער לייב האָט זיך אומגעקוקט און געזען זיך צווישן דעם דיין און דעם זיידענעם יונגנמאַנטשיק, — און געפילט כבוד.

באַלד האָט מאָטקע געגעבן אַ קוויטש, אַז דאָס גאַנצע שולכל האָט געציטערט: ער האָט דערפילט די ערשטע עוולה, וואָס מען טוט אים, און נישט פאַרשטאַ־נען, פאַר וואָס.

זלאַטקע איז געשטאַנען אין הויז פון שולכל. אַ בלאַסע נאָך, אין איר ווייסער הויב און ווייסן קאַפטן, וואָס די זשאַכלינערין האָט איר געשענקט, און האָט געוויינט, און די יום־טובדיקע מינעס אַרום איר, און דער גאַנצער

כבוד האָט זיך גאָר ניט געפּאַסט צו דעם אָפּגעברענטן, פאַרהאַרטעוועטען גע־זיכט אירן. וואָס איז טונקל געווען און האַרט ווי אַ זויל, וואָס איז גוט אויס־געקלאָפּט געוואָרן אויפן שטיין.

זי איז געשטאַנען אַ צעטראָגענע, אַ פאַרזאָרגטע, עפּעס איז איר ניט אָנ־געשטאַנען דער גאַנצע כבוד, וואָס מען מאַכט דאָ אַרום איר. ווער איז זי, מ׳שטיינס געזאָגט? זלאַטקע די קוישן־טרעגערין. און ווי קומט זי צו זיין אַ מאַמע פון אַ געיידישט קינד? און דער דיין זאָגט איר: „מזל־טוב, יולדת״, און דער אַלטער זשאַכלינער אַליין און דער יונגערמאַן, דעם זשאַכלינערס זון, אַלע גייען אַרום איר, הייסן איר זיצן. מען גיט איר דאָס קינד אין האַנט אַריין, מען ווינטשט איר מזל־טוב. און וואָס איז זי דאָס, מ׳שטיינס געזאָגט, אין גאַנצן?

און דער בלינדער לייב זיצט אויבן־אָן, לעבן דיין. מען דערלאַנגט לעקעך און בראָנפן, אַלע טרינקען צו אים לחיים און רופן אים „בעל־ברית״, און ער טראַכט זיך: אַ וואוילע זאַך אַ ברית צו מאַכן. מען גיט לעקעך מיט בראָנפן, און נאָך געלט דערצו, און מען ווערט אַ מענטש, מען האָט כבוד. אַ שאָד, וואָס מען קען ניט איטלעכן טאָג אַ ברית מאַכן.

## 3

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, אין אַ שיינעם, זוניקן נאָכמיטאָג, איז מאָטקע געלעגן אין אַן אַלטן קויש, אין וועלכן פייגעלע די אייבסט־הענדלערין האָט ווינטער פּאַרפּוילטע עפּל געהאַלטן. דער מאַמעס אַן אַלט טוך אויסגעניצעוועט פון ווינט און רעגן, וואָס די מאַמע האָט עס אין אַלע וועטערס געטראָגן, האָט מאָטקעס יונג לייבל אַרומגעהילט. דאָס מיילכל זיינס איז געווען פאַרשטאָפּט מיט אַ נאָס שטיקל לייוונט, אין וועלכן עס איז געווען איינגעבונדן אַ שטיקעלע צוקער, און מאָטקע האָט דערפון אָן אויפהער געזויגט, געצויגן. די ענערגישע אָדערן ביי דעם קינדערשן מיילכל האָבן זיך צונויפגעצויגן אַרום דעם שטיקל לייוונט און געזויגן דערפון דאָס חיות. זיינע שוואַרצע אייגעלעך זיינען געווען האַלב פאַרשלאָסן, און ווי אַ חלום האָט זיך דער שלאָף געוועבט איבער זיין ברוינעם יונגן פּנימל. די אייבערשטע העלפט פּנים, די אויגן מיט דעם קורצן שטערן און מיט די נאָסע שוואַרצע הערלעך, וואָס האָבן זיך געקלעפּט איבערן שטערן, האָבן דערמאָנט אָן טאַטן, — דעם בלינדן לייב; די אונטערשטע העלפט מיט דעם ענערגישן מויל, מיט דער קורצער גאָמבע און דעם ווייכן שמייכעלע, איז געווען געראָטן אין דער מאַמעס, דער געלער זלאַטקע. דאָס פּנימל איז אַזוי רואיק געווען, אַז עס האָט זיך געדאַכט, דאָס

קינד שלאָפט. דאָך געשלאָפן איז מאָטקע נישט, וואָרים פון צייט צו צייט איז ער אַרויס מיט אַ קוויטש, מיט אַ געוויין, און געשריגן אַזוי לאַנג, ביז דאָס קליינע שוועסטערל, וואָס איז טייל מאָל געזעסן לעבן אים און טייל מאָל זיך געשפּילט מיט די קינדער אין געסל, איז צוגעקומען צום וויגל און מאָטקען צוריק אַריינגעשטעקט דאָס שטיקל לייוונט אין מויל אַריין. אַמאָל פלעגט דער אַלטער ר׳ מאיר זיך אויפהייבן פון זיין אָרט ביי די פענצטערלעך, צו־קומען צום קויש און אַריינשטעקן אים דאָס הענטל אין מיילכל אַריין, און מאָטקע האָט זיך ווידער גענומען נאָגן, זייגן פון די הענטלעך אָדער פון שטיקל לייוונט, אַקוראַט ווי מען וואָלט אים אַ קוואַל מילך צום מויל צו־געלייגט.

איך ווייס ניט, צי מאָטקע האָט ווען עס איז שפּעטער, אין זיין באַוואוסטן און רעשדיקן לעבן, צייט געהאַט צו קלערן וועגן זיך און וועגן זיין גורל. נאָר מיר דאַכט זיך, אַז איצט, ווען מאָטקע איז אַזוי געלעגן אין דעם אַלטן קויש, באַלויכטן מיט די שטראַלן פון דער זון, וואָס זיינען צוערשט דורכ־געגאַנגען דעם רינשטאָק פון הויז, נאָך דעם דאָס קעלער־פענצטערל מיט דער אַלטער שמאַטע, וואָס שטעקט אין דער צעבראָכענער שויב, ביז זיי האָבן דערגרייכט צו מאָטקעס קויש און געוואָרעמט זיינע הענטלעך מיטן פּנימל, — ווען מאָטקע איז געלעגן און הנאה געהאַט פון דער וואַרעמקייט פון דער זון און אַ פילאָזאָפישע האַלב־פאַרשלאָפענע רואיקייט האָט געשוועבט איבער אים, האָט ער געוויס געקלערט וועגן אַ וויכטיקן ענין. געקלערט האָט ער, פאַרוואָס אַמאָל, אַז ער האָט אַזוי געמאַכט מיטן מיילכל, איז אַ פליסיקייט אַריינ־געקומען און האָט אים געזעטיקט, און איצט ציט ער און ציט, און קיין פלי־סיקייט קומט ניט אַרויס, און די געדערים בלייבן ליידיק. אין בייכל ווערט קאַלט, און מען פילט זיך עפּעס אַזוי פאַרלאָזט, יתומדיק. אַמאָל ווען מען האָט דאָס מיילכל צוגעדריקט צו דער מאַמעס ברוסט, איז אַזוי וואַרעם געווען, אַז מען האָט זיך געפילט אַזוי נאָענט, אַזוי היימיש. וואו־זשע איז אַהינגעקומען די וואַרעמקייט, וועלכע האָט אים אַזוי נאָענט צוגענומען צו זיך און אַזוי פעסט געהאַלטן? וואָס איז געשען, וואָס זינט אַ פּאָר טעג ז״ יענע וואַ־רעמקייט ניט מער דאָ? — אַזוי האָט געמוזט מאָטקע קלערן, נאָגנדיק זיינע הענטלעך.

באַלד אָבער האָט ער זיין פילאָזאָפישע רואיקייט פאַרלוירן, און מאָטקע איז אַרויס מיט אַזאַ געוואַלד, מיט אַזאַ געשריי, אַז דער גאַנצער קעלער האָט זיך אויפגעשטעלט קאַפּויר, און די גאַנצע געגנט איז אויפגערודערט געוואָרן פון די געשרייען. מאָטקע האָט דערפילט, אַז עפּעס איז געשען, מאָטקע האָט געשריגן. צוערשט האָט דער קעלער געשוויגן, דאָס געסל האָט זיך רואיק פאַר־האַלטן צו מאָטקעס געשרייען, וואָרים מען איז דאָרט געוואוינט געווען, אַז קינדער זאָלן וויינען און שרייען, און דאָס האָט אויף קיינעם קיין רושם ניט געמאַכט. אָבער מאָטקע איז געווען אַן אויסנאַם. מאָטקע האָט געוואָלט לאָזן

הערן דער וועלט, אַז עס איז אים געשען אַן אומרעכט. צו מאַטקעס געוואַלדן האָבן קיין סוף ניט גענומען. דער אַלטער ר׳ מאיר, וואָס איז געזעסן ביי די פענצטערלעך אַנגעטאָן אין אַ גרויסע פּאָר ברילן און האָט פּאָר אַ יידענע אַ בריוו געשריבן קיין אַמעריקע, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף זיינע געוואַלדן. ער האָט פריער געמיינט, אַז דאָס זיינען די געוויינטלעכע געשרייען, וואָס מען הערט אָפט אין קעלער און אין דעם געסל, די געשרייען פון די הונגעריקע קינדער, — איז ער צוגעגאַנגען און האָט מאַט־קען געגעבן, ווי תּמיד, זיין אייגן הענטל אין מויל אַריין. מאַטקע האָט זיך אָבער ניט געלאָזט דאָס מאָל אָפּנאַרן: ער האָט שוין דערפילט, אַז פון הענטל קומט גאָר ניט אַרויס. ר׳ מאיר האָט אים געשטעקט די שמאַטקע אין מויל אַריין, מאַטקע האָט געגעבן אַ פּאָר צי און דערפילט, אַז די שמאַטקע גיט גאָר ניט, האָט ער זי אַרויסגעלאָזט און ווידער געשריגן. דער אַלטער ר׳ מאיר האָט געקוקט אויף אים און זיך געוואונדערט אויף מאַטקעס געשרייען. צום ערשטן מאָל האָט דער קעלער געהערט אַזעלכע געוואַלדן. ביז איצט, אַז זלאַטקע פלעגט אַוועק פּאָר אַן אַם און איבערלאָזן אַ קליין קינד אין דער היים, און מען האָט דעם קליינעם קינד געשטעקט די שמאַטקע אין מויל אַריין, האָט דאָס קינד פריער געשריגן, געשריגן, ביז עס איז מיד געוואָרן און גענומען ציען די שמאַטקע. דער סוף איז געווען: אָדער עס איז געשטאָרבן, אָדער עס האָט זיך אַדורכ־געצויגן די שלעכטע צייט, ווען עס איז נאָך נישטאָ קיין ציין אין מויל און מען קאָן ניט עסן וואָס אַלע מענטשן עסן, און דאָס קינד איז געבליבן לעבן. דער אָבער וויל גאָר ניט שווייגן. בחינם האָט דער אַלטער מאיר געפּרואווט זיך ווייטער אַוועקזעצן צום בריוו, מיינענדיק אַז מאַטקע וועט זיך באַלד איינשטילן. מאַטקע האָט ניט געשוויגן. מאַטקע האָט ניט געלאָזט קיין בריוו שרייבן, ניט די מיידלעך לערנען פון צאינה־וראינה. דער אַלטער מאיר איז אַרויס אין געסל אויפזוכן הינדלען, מאַטקעס עלטער שוועסטערל, וואָס די מאַמע האָט איר אָנגעטרויט מאַטקעס אויפציאונג.

הינדעלע איז אין גאַנצן אַלט געווען אַכט־ניין יאָר. זינט זי איז פיר יאָר אַלט געוואָרן ניאַנטשעט זי די קינדער. ווען די מאַמע גייט אַוועק אין די הייזער פּאָר אַן אַם, לאָזט זי דאָס קליינע קינד אויף הינדעלעס הענט, אַז זי זאָל עס אויפציען מיטן פּלעשל און מיט דער שמאַטקע. פיר קינדער האָט הינדעלע שוין אַזוי אויפגעצויגן: צוויי זיינען געשטאָרבן און צוויי האָבן זיך אַדורכגעקאָרמעט מיט די שמאַטקעס און דעם שטיקל צוקער. הינדעלע איז אָבער נאָך אַליין געווען אַ קינד, און אַחוץ דעם וואָס זי האָט ליב געהאַט צו שפּילן זיך אין געסל מיט אַנדערע קינדער, האָט זי נאָך געמוזט זען אַליין זיך צו דערנערן. וואָרים דער בלינדער לייב האָט געהאַלטן די קינדער ווי פייגעלעך, און האָט זיי געשיקט, ווי די פייגעלעך, אין געסל אַריין אויפפּיקן די אַלטע קרישלעך און רעשטלעך ברויט, חלה, פלייש, וואָס זיינען איבעריק אין אַ בעל־הבתישער שטוב און מען גיט עס אַוועק פּאַר אַ שליחות גיין,

פאַר געפעס וואַשן אָדער אַזוי עפּעס פּאָלגן. הינדעלע האָט זיך דאָס מאָל געפונען ביי בלימעלע דער שניידערקע, וואו זי האָט דאָס געפעס געוואַשן פאַר אַ שטיקל ברויט מיט אַ טעפּל באָרשטש. לאַנג האָט זי דער אַלטער ר׳ מאיר גע־זוכט אין געסל ביז ער האָט זי געפונען. ווען הינדעלע האָט דערהערט, אַז דאָס קינד וויינט אַזוי, אַז דער אַלטער מאיר איז אַזש אַרויסגעגאַנגען זי זוכן, האָט זי איבערגעלאָזט בלימעלעס געפעס און איז אַהיים געלאָפן. זי האָט זיך ניט ווינציקער געוואונדערט ווי דער אַלטער מאיר און געפּרואווט דאָס קינד באַרואיקן מיט די אַלטע באַקאַנטע מיטלען, וואָס זי האָט אָנגעווענדט דורך דער לאַנגער צייט פון איר אַלטער פּראַקטיק ביי אויפציען קינדער: דאָס הענטל אין מויל אַריין, דאָס שטיקל שמאַטקע מיט צוקער, און צום סוף דאָס ראַ־דיקאַלסטע מיטל — דאָס פלעשעלע וואַסער מיט מילך, צונויפגעגאָסן פון דעם, וואָס איז איבערגעבליבן אין די טעפּלעך אין קיך. אַז דאָס פלעשעלע האָט אָבער אויך ניט געהאָלפן, און מאָטקע האָט גאָר ניט געפּרואווט נעמען אין מויל אַריין, נאָר אַראָפּגעוואָרפן פון זיך מיט ביידע פיסלעך דער מאַמעס טוך און געשריגן, אַז דער באַלקן האָט זיך געשפּאָלטן, איז הינדעלע געבליבן אַ דערשראָקענע. דאָס ערשטע מאָל אין איר פּראַקטיק טרעפט זיך אַזאַ זאַך, אַז אַ קינד פון קעלער, דער געלער זלאַטקעס אַ קינד, זאָל ניט וועלן נעמען דאָס פלעשעלע. זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. דאָס קינד האָט געהאַלטן אין איין שרייען. זי האָט עס גענומען אויף די הענט, זי האָט עס געוויגט, זי האָט געזונגען וויג־לידלעך, — דאָס קינד האַלט אין איין שרייען. האָט זי אויך אָנ־געהויבן שרייען און וויינען אינאיינעם מיטן קינד. עס זעט אויס, אַז זי האָט זיך אויף אַ מינוט פאַרגעסן און געמיינט, אַז זי איז נאָך אויך אַ קינד און האָט אויך דאָס רעכט צו וויינען, אָבער דער אַלטער ר׳ מאיר האָט זי באַלד אַרויס־גענומען פון אירע קינדערשע חלומות. ער האָט איר דערמאָנט, ווער זי איז אַזעלכע:

— וואָס שטייסטו ווי אַ גולם און שרייסט? הינדעלע, וואָס טוט זיך מיט דיר? ביסט דאָך עפּעס אַ דערוואַקסן מיידל. די מאַמע וועט דאָך דיך הרגענען... וואָס האָסטו דיך גאָר אַוועקגעשטעלט שרייען?

— איך ווייס ניט, וואָס איך זאָל טאָן. דאָס קינד וויל ניט דאָס פלעשל, — האָט הינדעלע געהאַלטן אין איין כליפּען.

— גיי נאָך דער מאַמען, דאָס קינד איז קראַנק, — זאָגט דער אַלטער ר׳ מאיר.

הינדעלע האָט זיך געוואונדערט, פאַר וואָס עס איז איר ניט באַלד איינ־געפאַלן צו גיין נאָך דער מאַמען. אָבער אין האַרצן האָט זי עפּעס מורא גע־האַט צו רופן די מאַמע צום קינד: זי האָט שוין געוואוסט, אַז די מאַמע איז פאַרקויפט פאַר אַ צווייט קינד. דאָך האָט זי געפאָלגט דעם אַלטן ר׳ מאיר, געכאַפּט אַ טיכל און געלאָפן צו דער זשאָכלינערין נאָך דער מאַמען.

אַזוי גיך האָט מען זי צו דער מאַמען ניט צוגעלאָזט. אַז זלאַטקע איז

אין אַ רייך הויז אַן אַם, באַהאַנדלט מען זי גוט, און ביי די זשאַכלינערס האָט מען זי פּשוט געהאַלטן ווי אַ קיניגין. געשלאָפן איז זי מיט דעם קינד אין דעם גרעסטן חדר פון הויז, מען האָט געזען, אַז זי זאָל שטענדיק גיין ריין אָנגעטאָן, אין אַ ווייסן קאַפּטנדל און אַ געוואַשענער שערץ. און די אַלטע זשאַכלינערין האָט איר צוגעטראָגן איטלעכע מינוט עפּעס אַנדערש. האָט מען געקאָכט אין שטוב אַ יאַיכל, האָט מען ניט פאַרגעסן אָן דער אַם: „זי זייגט דאָס קינד". און אייגנטלעך וואָלט זלאַטקען גאַנץ גוט געווען צו זיין אַן אַם: דורך דער צייט וואָס זי האָט געזויגן דאָס פרעמדע קינד, האָט זי זיך אַביסל אָפּגערוט פון טראָגן, פון לויפן איבער די מערק מיט די קוישן, פון כאַפּן פון די פויערשע וואָגנס. און געגעסן האָט זי גוט, און געשלאָפן איז זי וויפל זי האָט געוואָלט. נאָר עס האָט איר געוויייטיקט פאַר איר קינד, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט אין דער היים. און איטלעכס מאָל, ווען זי האָט גענומען דאָס פרעמדע קינד צו זייגן, האָט זי געקרעכצט... און ניט איין מאָל האָט זי געקלערט מיט איר פּראָסטן שכל, אַז עס וואָלט טאַקע געווען אַ גוטע זאַך, ווען מען באַהאַנדלט זי אַזוי פיין און מען לאָזט איר דערביי איר אייגן קינד זייגן... טיילמאָל, ווען די מילך האָט איר געשטאָכן אין די בריסט (דאָס פרעמדע קינד האָט ניט געקאָנט אַלץ אויסזייגן, וואָס זלאַטקעס קוואַלן האָבן געפלאָסן), און זי האָט געמוזט מיט דער האַנט אַליין זיך אָפּזייגן און די מילך אויסגיסן, — האָט זי דענסמאָל געקלערט וועגן איר מאַטקען אין דער היים און פיינט געהאַט דאָס פרעמדע קינד, און געוואָלט אים שלעכטס טאָן...

לאַנג איז הינדעלע געשטאַנען אין קיך און האָט געוואַרט אויף דער מאַמען. מען האָט זי ניט צוגעלאָזט, — די מאַמע האָט פּונקט געזויגן דאָס קינד, דער זשאַכלינערינס אייניקל, אַ מיידעלע אין מאַטקעס עלטער. אַז די מאַמע איז פון וואַרעמען שלאָפצימער אַרויסגעקומען, האָבן די פולע בריסט אירע פון אָפענעם קאַפּטנדל אַרויסגעהאַנגען און די מילך האָט נאָך געטריפט פון די פּעטעוואַרצעלעך. אַ מינוט האָט הינדעלע די מאַמע ניט דערקענט, קיין מאָל האָט זי נאָך ניט געזען זי אַזאַ אויסגעשלאָפענע און אויסגערוטע. די באַקן זיינען איר רויט געווען און פול, אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ ווייסע הויב, אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ ריין ווייס קאַפּטנדל מיט אַ ריינער ווייסער שערץ. הינדעלע האָט פאַר דער מאַמען מורא געקראָגן און דרך־ארץ געהאַט, און געשעמט זיך צו זאָגן נאָך וואָס זי איז געקומען.

— וואָס איז געשען? — פרעגט זלאַטקע, אַ דערשראָקענע.

אַ מינוט האָט הינדעלע געשוויגן, באַלד איז זי אַרויס מיט אַ געוויין, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט פאַרענטפערן מיטן געוויין, אַז זי איז ניט שולדיק:

— דאָס קינד וויינט, עס וויל ניט נעמען דאָס פלעשעלע, עס איז קראַנק, מאַמע.

ווען זלאַטקע האָט דערהערט, אַז איר קינד איז קראַנק, האָט זי פאַר־

געסן, אַז זי איז אַ פאַרקויפטע, האָט געכאַפּט דאָס טוך איבערן קאָפּ און איז מיט די אָפענע אַרויסהענגענדיקע בריסט איבער דעם מאַרק געלאָפן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט שוין מאַטקע זיין צעהיצט מיד פּנימל צווישן דער מאַמעס וואַרעמע בריסט איינגעגראָבן, און מיט זיין ענערגיש מײלכל האָט ער געצויגן פון זיי, ניט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, ווי ער וואָלט געוואָלט אין זיך אַריינזייגן די קוואַלן פון לעבן. איבער דעם קערפּערל איז אים געקומען יענע וואַרעמקייט, וואָס ער האָט געפילט אין די ערשטע טעג פון זיין קומען אויף דער וועלט...

אָבער לאַנג איז מאַטקען דאָס גליק ניט באַשערט געווען. אין קעלער האָט זיך באַלד געוויזן די אַלטע זשאַכלינערין, אין איר רייך־באַפּוצטער הויב מיט בענדער, מיט דער גאָלדענער קייט אויפן פעטן האַלדז, וועלכע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און פאַרדעקט אַ האַלבע ברוסט, און געזאָגט מיט אַ פרום מינעלע, פאַרגלאָצנדיק די קליינע, קורצזיכטיקע אויגן, מיט אַ פעטן שמייכעלע אויף די שמאַלציקע ליפּן:

— וואָס איז דעם קינד? ער איז ניט געזונט?

און זי איז נענטער צוגעגאַנגען און האָט געטאַפּט מאַטקעס בייכעלע מיט אירע פעטע און קורצע פינגער:

— וואָס איז אים? ער איז קראַנק? — האָט זי איבערגעחזרט מיט איר פעטן געלעכטערל.

זלאַטקע איז פאַרשעמט געוואָרן פאַר דער אַלטער נגידתטע. זי האָט מיט געוואַלד אַרויסגענומען איר ברוסט פון מאַטקעס נאַגנדיקן מויל און גע־ענטפערט מיט אַ פאַרשעמטער מינע, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט פאַרענטפערן:

— עס איז אַ קינד, עס קען זיך נישט צוגעוואוינען צום פלעשל.

זי האָט אויסגעגאָסן איר ביטער האַרץ אויף הינדעלען, האָט אָנגעהויבן שרייען אויף איר:

— וואָס ביסטו געלאָפן נאָך מיר? פאַרוואָס שטילסטו ניט איין דאָס קינד? וואו לויפסטו אַרום? — און האָט גענומען הינדעלען שלאָגן.

די אַלטע זשאַכלינערין האָט זי אָפּגעהאַלטן. זי האָט אַרויסגענומען קליינ־געלט און צעטיילט צווישן זלאַטקעס קינדערלעך, וואָס זיינען זיך צוזאַמענגע־לאָפן פון אַלע עקן גאַס, ווען זיי האָבן דערהערט, אַז די מאַמע איז געקומען. הינדעלען האָט זי מער געגעבן פון אַלע קינדער, גאַנצע פינף קאָפּיקעס, און געזאָגט:

— קום אַמאָל מיטן קינד אַהין צו דער מאַמען. ס'שאַט ניט, קום אין קיך אַריין. די דינסט וועט דיר עפּעס געבן. פאַרוואָס קומסטו ניט?

דערנאָך האָט זי געשמייכלט מאַטקען אין פּנימל אַריין, געקיצלט אים מיט די פעטע פינגער אויפן בייכל:

— דו שרייער, דו... דו... אויסגעוואַקסן, אַן עין־הרע, אַ יונג. צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי אונדזערע — האָט זי געזאָגט און געפּאַטשט אים אין גע־

זעסל אַריין — קיין עין־הרע זאָל אים ניט שאַטן, — האָט זי געזאָגט. זלאָטקען מיט אַ שמייכעלע און האָט זי מיטגענומען מיט זיך.

הינדעלע איז איבערגעבליבן אַליין מיט מאָטקען. דאָס קינד האָט ווידער אָנגעהויבן שרייען. זי האָט ווידער ניט געוואוסט וואָס צו טאָן: ער האָט ניט געוואָלט נעמען, ניט דאָס פלעשל, ניט די שמאַטקע, ניט דאָס הענטל. אַזוי האָט ער אָפּגעשריגן ביז דער טאַטע זיינער, דער בלינדער לייב, איז געקומען. דער בלינדער לייב האָט ניט געמאַכט מיט אים קיין לאַנגע שהיות. ער האָט זיך גאַנץ גוט אָנגעשריגן אויף אים, און אַז מאָטקע האָט זיך ניט געוואָלט איינשטילן, האָט ער אים פאַרדרייט אויף דער צווייטער זייט און מיט דער האַנט אים אָנגעפּאַטשט אויפן געזעסל. אַ לאַנגע ווײַלע האָט מאָטקע נאָך געוויינט, ביז זיינע טרערן און געשרייען זיינען פאַרשטילט געוואָרן אין שלאָף. ווען ער איז איינגעשלאָפן, האָט אים הינדעלע אַריינגערוקט אין מויל אַריין די שמאַטקע מיטן שטיקל צוקער, און פון דענסמאָל אָן האָט זיך מאָטקע אויסגעלערנט אַ שמאַטקע צו זייגן.

טייל מאָל האָט אים הינדעלע געבראַכט צו דער מאַמען. די מאַמע האָט זיך מיט אים געפרייט, און אַז קיינער איז אין שטוב ניט געווען, האָט זי אַרויסגענבעט איר ברוסט פון פרעמדן קינדס מויל און מאָטקען געגעבן. ער האָט שוין דער מאַמעס ברוסט זייגן ניט געוואָלט: ער איז געווען צוגעוואוינט צו דער שמאַטקע.

און אַז זלאָטקע האָט צום ערשטן מאָל דערזען, אַז איר קינד וויל ניט זייגן פון אירע בריסט, האָבן זיך איר טרערן אין די אויגן געשטעלט.

און איין מאָל, עס איז שוין געווען אין אַ צייט אַרום, מאָטקע איז שוין דענסמאָל אַלט געווען אַן אַכט־ניין חדשים, האָט אים הינדעלע צו דער מאַמען געבראַכט. די מאַמע האָט אים געהאַלטן אויף איין האַנט און אויף דער צווייטער האָט זי געהאַלטן דאָס פרעמדע קינד, וואָס האָט געהאַלטן אין זייגן. מען ווייסט ניט ווי אַזוי עס איז געווען, נאָר מאָטקע האָט זיך גענומען שלאָגן און יענעם קינד דאָס פּנימל צעדראַפּעט. דאָס קינד האָט געמאַכט אַ גוואַלד. די זשאַכלינערין מיט דעם גאַנצן הויזגעזינט זיינען געקומען צו לויפן. ווען די יונגע מאַמע האָט דערזען דעם רויטן קראַץ, וואָס מאָטקע האָט געמאַכט איר מיידעלע אויפן פּנים, איז זי אין חלשות אַוועקגעפאַלן. מען האָט מאָטקען פון דענסמאָל אָן מער צו דער מאַמען ניט צוגעלאָזט, ניט צוגעלאָזט די גאַנצע צייט, וואָס זי האָט געזויגן דער זשאַכלינערינס איניקל. און געזויגן האָט זי דער זשאַכלינערינס איניקל גאַנצע צוויי יאָר. מאָטקע איז דערווייל פון דעם אַלטן אויבסט־קאָרב אַרויסגעוואַקסן. דורך דער צייט, וואָס דאָס פרעמדע קינד האָט זיין מאַמעס מילך געזויגן, האָט ער צין געקראָגן און אָנגעהויבן זיך אַליין דערנערן.

# 4

שלעכט איז געווען מאַטקען, ווען ער איז געלעגן אין קויש און האָט געמוזט וואַרטן, ביז דאָס שוועסטערל אָדער דער אַלטער ר׳ מאיר וועלן זיך דערמאָנען און אים צוטראָגן דאָס פֿלעשעלע. ער האָט זיי געמוזט איטלעכס מאָל דערמאָנען מיט זיין שרייען, אַז ער לעבט און באַדאַרף זיין חיונה. דער קעלער איז שוין אָבער אַזוי געוואוינט געווען צו זיינע געוואַלדן, אַז מען האָט אים שוין ניט געהערט. קוים אָבער האָט זיך מאַטקע אַרויסגעקריגן פון קויש און געקענט אַליין קריכן אויף אַלע פיר, האָט ער זיך שוין באַזאָרגט אַליין זיין חיונה. ער האָט אָנגעהויבן עסן אַלץ, וואָס ער האָט געפונען אונטער דער האַנט: פון שטיקלעך איבערגעבליבענעם ברויט ביז אַן אַלטן קאַמאַש, אַ קויש, אַ זאַק, אַלץ האָט ער געגעסן, וואָס האָט זיך נאָר געפונען אין קעלער. אָבער זיין ריכטיקע שפּייז־קאַמער זיינען געווען פייגעלעס קוישן מיט די פּאַרפוילטע ווינטער־עפּעלעך.

אין אַ ווינקל אין קעלער זיינען זיי געשטאַנען יאָר־איין, יאָר־אויס, פייגעלעס קוישן מיט פּאַראַיאָריקע עפּל, לעזועלקעס, פּאַרפוילטע באַרעלעך, פּאַרגליווערטע פלוימען. די קוישן האָבן זיך צוגעוואַקסן איינס צום צווייטן דורך די לאַנגע ווינטער־נעכט, און די אויבסטן, וואָס האָבן געפוילט אין זיי, האָבן אַריבערגעיוירט פון איין קאָרב אין צווייטן אַריין. מען האָט ניט געקאָנט מער וויסן, וואָס פּאַראַ פּירות דאָס זיינען געווען: אַלע פּאַרדעקט מיט איין שימל, און דאָס האָט געגעבן פון זיך אַ געשמאַקן ריח, וואָס האָט זיך פּאַרשפּרייט איבער דעם קעלער. און געוואַרעמט אין ווינטער... אַט דאָס ווינקל פייגעלעס איז געווען מאַטקעס חיונה־געבער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז פייגעלע האָט געזאַמלט די טונען מיט די פּאַרפוילטע לעזועלקעס, ווינטער־עפּעלעך און פּאַרפוילטע באַרעלעך, כּדי מאַטקע זאָל פון זיי חיונה קענען ציען. ער האָט זיך פון די פּירות גענערט אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, ווען דער ווינט האָט גע־קלאַפּט אויף די פּאַרפרוירענע פענצטערלעך.

דאָס ערשטע מאָל, ווען מאַטקע האָט אויסגעפונען דעם קוואַל פון זיין חיונה און האָט זיך גוט אָנגעגעסן, איז ער אַזוי קראַנק געוואָרן, אַז אַלע האָבן געמיינט, אַז ער וועט שטאַרבן. מען האָט געבראַכט צו אים די מאַמע. זלאַטקע האָט אים די ברוסט אין מויל געשטעקט, מאַטקע האָט ניט געוואָלט זייגן. ער האָט אויך ניט געוואָלט דאָס פֿלעשל נעמען אין מויל אַריין. עס איז געווען נאַכט, אַלע אין קעלער זיינען געשלאָפן. דעם בלינדן לייבס שנאָרכן האָט גע־פייפט פון ווינקל אַרויס. איז זלאַטקע אַליין געזעסן ביי איר קינד און האָט געוויינט. מאַטקע איז געלעגן אַ צעהיצטער אין זיין קויש, מיט פאַרמאַכטע אויגן, און האָט שווער געאָטעמט. איין מאָל, הערנדיק ווי די מאַמע וויינט, האָט ער די פּאַרגלייזטע הייטלעך אויפגעעפנט און אָנגעקוקט די מאַמע מיט

זיינע שוואַרצע אויגן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז מאַטקע פאַרשטייט די מאַמע און ער קוקט זיך אין איר גוט איין, ער וויל זי דערקענען און געדענקען שפּעטער, ווען ער וועט גרויס ווערן, אַז זי האָט אַמאָל געוויינט איבער אים...

נאָר צומאָרגנס איז מאַטקען בעסער געוואָרן, און מאַטקע האָט ווידער אָנגעהויבן עסן פון פייגעלעס קוישן. נאָר שוין האָט עס אים מער ניט גע־שאַט. ער האָט שוין געקענט אַלץ אויפעסן, אַפילו דעם טאַטנס אַלטע שטיוול, און עס וואָלט אים שוין מער ניט אָנגעגאַנגען. זיין מאָגן איז געוואָרן ווי פון אייזן און זיינע געדערים ווי פון שטאָל.

דאָס איז אַלץ געווען, ווען דער ווינטער האָט געהערשט אין דרויסן, און מאַטקע איז געווען אָנגעוויזן אויפן בלויזן קעלער. אָבער באַלד איז פרי־לינג געוואָרן. די זון האָט אָנגעהויבן אַריינקומען אין קעלער אַריין, געשטעלט זיך אויף די טרעפּלעך און אַריינגעקוקט מיט איר שיין אין שטיבל אַריין. אין קעלער האָט מען אָנגעהויבן זיך ריכטן אויף פּסח. זלאַטקע, וועלכע האָט שוין דענסמאָל געטראָגן מיט אַ צווייט קינד, האָט אָנגעהויבן אַרויסשטעלן פון קעלער איר בעל־הבתּישקייט אויפן גאַס אַרויס, שייערן און רייניקן אויף פּסח. צוזאַמען מיט די אַלטע שטוב־זאַכן פון קעלער האָט אויך מאַטקע זיך דערוועגט אויף אַלע פיר אַרויסריטשן זיך פון קעלער אַרויס. ער איז אויף די טרעפּלעך אַרויף און אַרויסגעקוקט אין גאַס אַרויס, און דערזען האָט ער, אַז די וועלט איז גרעסער פון קעלער.

אַ פּאָר מינוט איז ער נאָך געשטאַנען אויף די טרעפּלעך. די זון האָט אים געוואַרעמט, און אים איז גוט געווען. ער האָט געקוקט מיט אומצוטרוי אין געסל אַריין און מורא געהאַט אַרויסצוקריכן. צווישן דעם קעלער און געסל איז געווען אַ ברייטער רינשטאָק, וואָס מען האָט אים געדאַרפט אַרי־בערשפּרינגען, איבערגייענדיק אויפן ברוק פון געסל. מאַטקע האָט עטלעכע מאָל געפּרואווט אַריבערקריכן דעם רינשטאָק און האָט ניט געקענט. ער האָט געקוקט פּאַר זיך מיט גרויסע אויגן און געוואַרט, אַז אימיצער זאָל קומען און העלפן אים אַריבערשפּרינגען די שוועל פון קעלער. און עס איז טאַקע געווען זיין שוועסטערל, זיין אויפציערין, הינדעלע, וועלכע האָט אים צום ערשטן מאָל געהאָלפן אַריבערגיין דעם רינשטאָק, וואָס ליגט פאַר דער שוועל פון זיין לעבן. זי האָט אים ביים הענטל אָנגענומען און געבראַכט אים אין געסל אַריין.

אין געסל האָבן זיך געשפּילט קליינע קינדער. ווייבער האָבן געוואַשן, גערייניקט די טונען מיט די בענק און דאָס ווייסע געהילץ אויף פּסח. אין פיל שטובן האָט מען געווייסט אויף יום־טוב און דאָס בעל־הבתּישקייט מיט די קינדערלעך זיינען געווען אויף דער גאַס. ער איז געקראָכן צווישן די אָנ־געשטעלטע זאַכן, צווישן די קינדער, אָפּטמאָל האָט מען אים אָנגעטראָטן, אַ שראַנק איז שיר־ניט אַרויפגעפאַלן אויף אים. ער איז אומעטום געווען, ער האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן די פיס און אומעטום דאָס נעזל אַריינגעשטעקט.

באַלד דערזעט ער, אויף אַ שוועל פאַר אַ הויז זיצט אַ קליין מיידעלע

און האַלט אַ טעלערל אין האַנט און עסט געשמאַק די קליסקעלעך מיט מילך פון טעלערל אַרויס. מאָטקען האָט עס אָנגעשמעקט, ער האָט זיך אויף אַלע פיר צוגערוקט צו דער שוועל, אויף וועלכער דאָס מיידעלע איז געזעסן. אַ מינוט האָט ער נאָך נאָכגעקלערט און געקוקט מיט קנאה אויף דעם מיידעלע, וואָס עסט די קליסקעלעך. באַלד אָבער רוקט ער זיך אַליין צו צום טעלערל און שטעקט אַריין דאָס נעזל און הייבט אָן לעקן, ווי אַ הינטל, פון דעם טעלערל. דאָס מיידעלע קוקט אים צו ערשט אָן פאַרוואונדערט, פאַרשטייט ניט, וואָס ער טוט. באַלד פּלאַצט זי אויס אין אַ גרויס געוויין. די מוטער קומט אַרויס פון שטיבל און דערזעט, ווי מאָטקע לעקט זיך רואיק פון איר קינדס טעלערל אַרויס, און איר קינד זיצט מיטן לעפל אין האַנט און וויינט. ברעכט זי אויס מיט אַ געשריי:

— ווער איז דאָס? וועמענס איז דאָס? אַוועק פון דאַנען!

מאָטקע לאָזט זיך נישט אָפּשרעקן פון געשרייען און לאָזט נישט פריער אָפּ דאָס טעלערל, ביז די יידענע רייסט עס נישט אַרויס מיט געוואַלד.

— אַ בייזע נאַכט אויף מיינע שונאימס קעפּ. וועמענס איז דאָס?

— עס איז דאָך זלאַטקעס, דער יינגסטער, — זאָגט אַן אַנדער יידענע, וועלכע איז אויך די געוואַלדן פון שטיבל אַרויסגעקומען.

— יאָ, זעט, דער בלינדער לייב האָט שוין ווידער אַ נייעם ממזר אויף דער גאַס אַרויסגעשיקט. מען וועט שוין ניט קענען קיין קינד אויף דער שוועל אַרויסלאָזן.

— אַוועק פון דאַנען, — שאַרט אים די יידענע אָפּ.

מאָטקע האָט זיך אַוועקגערוקט פון שוועל. די זון האָט געשיינט אין געסל, עס איז וואַרעם געווען און גוט געווען, האָט ער געפּרוווט ווייטער זיך ריטשן אויף אַלע פיר.

אויף אַ צווייטער שוועל האָט ער אָנגעטראָפן קליינע קינדער פון זיין גרייס זיצן צווישן אַרויסגעשטעלטע זאַכן, בעטגעוואַנט, און האַלטן בייגל מיט פּוטער אין דער האַנט. איינס פון זיי, גאָר אַ יונגס, לאָזט דעם בייגל פון דער האַנט אַרויס און וויינט. קיינער פאַרנעמט ניט דעם קינדס וויינען. אַ מינוט איז מאָטקע ווידער געשטאַנען און האָט אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג די קינדער, דערנאָך האָט ער גאַנץ רואיק דעם בייגל אויפגעהויבן פון דער ערד און האָט אָנגעהויבן עסן.

ווען דאָס וויינענדיקע קינד האָט דערזען, אַז מאָטקע עסט זיין בייגל, איז עס אַרויס מיט אַזאַ ליאַרעם, מיט אַזאַ געשריי, אַז מען האָט געמיינט, עס ברענט.

אויף דער שוועל האָט זיך באַלד געוויזן דעם קינדס מאַמע. מאָטקע האָט אָבער דאָס מאָל אָנגעטראָפן אויף שפּרינצעלע דער נייטערקע. דאָס איז אַ יידענע מיט אַ געשליפן מייל־כל, און אַז איר געשעט אַן עוולה, דערהערט מען עס שוין אין געסל. מען היט זיך פאַר איר, ווי פאַר פייער. וואָרים עס איז געגוג,

אַז מען זאָל איר נאָר געבן די מעגלעכקייט אויסצורײדן אַ וואָרט, איז עס ווי אַ פלאַם פײער, וואָס כאַפּט זיך אַן און ברענט אַלץ אונטער. אַ ײדענע ווי שפּרינצעלע, אַז זי האָט דערזען זלאַטקעס נײעם ממזר, האָט זי געמאַכט אַזאַ גערודער אין געסל, אַז מען איז זיך צונויפגעלאָפן.

— זעט, זעט, געוואַלד, דער יונג עסט מיך אויף! זלאַטקע האָט אַרויס־געשיקט ממזרים אין גאַס אַרײַן, קינדער צו באַפאַלן אין מיטן העלן טאָג.

און זי האָט אָנגענומען מאַטקען בײַם הענטל און אים צוריקגעבראַכט צום קעלער, און אָנגעהויבן שרײַען, וואַרפנדיק מאַטקען אין קעלער אַרײַן:

— האַלט אײַך אים דאָרט! אַרויסגעשיקט אַ ממזר אין גאַס אַרײַן, קינ־דער צו באַפאַלן אין מיטן העלן טאָג.

זלאַטקע האָט פּונקט געהאַלטן אין וואַשן אַ העמד פאַר דעם בלינדן לייב אויף פּסח. דערהערט אַז מען שרײַט אין קעלער אַרײַן, איז זי אַרויסגעקומען מיט די אַרויפגעשאַרטע אַרבל און מיט דעם הײבל אויפן קאָפּ. דערזען מאַט־קען אין שפּרינצעלעס הענט און דערהערט ווי פון שפּרינצעס שפּיציקע אײגע־לעך און בלאָען מײלכל שיט זיך פעך און שוועבל, האָט זי קודם־כל געוואָלט אַרויסנעמען מאַטקען פון אירע הענט. מאַטקע האָט אויסגעזען אין שפּרינצע־לעס הענט ווי אַ גנזל, ער האָט געציטערט פאַר שרעק און ניט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס מען שרײַט דאָס אויף אים, און דערזען די מאַמע, האָט ער זיך צעווײנט. זלאַטקען האָט עס געגעבן אַזאַ שטאָך אין האַרצן. אַ רחמנות־געפיל האָט זי מיט אַמאָל געגעבן אַ נעם אַרום צו איר קינד, און דאָס האַרץ איז איר צעשניטן געוואָרן. איז זי צו, האָט אַרויסגענומען מאַטקען פון שפּרינצע־לעס הענט און האָט אַזוי געזאָגט:

— וואָס צעשרײַט זי זיך אַזוי אויפן קינד? נאַ, זע, דאָס קינד ציטערט דאָך אין גאַנצן. וואָס האָט ער געטאָן אַזעלכעס? מײן קינד, מײן קרוין, — האָט זי מיטאַמאָל אַרומגענומען מאַטקען און צום ערשטן מאָל אין לעבן אפשר אים האַרציק געקושט.

— נאַ, זעט, ווי זי קושט אים נאָך פאַר דער חכמה, וואָס ער האָט גע־טאָן. אַוודאי, די מאַמע לערנט אים אַלײן. אַ שײנער גנב וועט דאָס אַרויס־וואַקסן, — האָט שפּרינצעלע נביאות געזאָגט אויף אים.

— אַז די צונג זאָל איר ווערן אָפּגעביסן, אַז ניט דערלעבן זאָל זי דאָס.

— האָט זלאַטקע זיך אָנגענומען פאַר איר קינד, — אַ רב וועט דאָס זײַן, — האָט זי געקושט מאַטקען אויפן קעפּל.

מאַטקע האָט אײַנגעקאָרטשעט זײַן קעפּעלע אין דער מאַמעס אָרעמס און פון דאָרט אַרויסגעקוקט מיט זײַנע צוויי שוואַרצע פינקלדיקע אײגעלעך. ער האָט זיך צוגעהערט צום שמועס, וואָס מען פירט איבער אים, און עס איז אים גאָר ניט אָנגעגאַנגען. ס'איז אים גוט געווען אין דער מאַמעס אָרעמס, און ער האָט מיט צופרידנקייט אַ נאָס געטאָן.

— אַז דו זאָלסט מיר וואַקסן געזונטערהייט, — האָט אים זלאַטקע גע־

קושט אין קעפּל און אים אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל לעבן זיך. — נאַ, זיץ ביי דער מאַמען. ווי זי האָט דאָס נביאות געזאָגט אויף אים, אַז ניט דער־לעבן זאָל זי דאָס!

נאָר קוים זיינען דורכגעגאַנגען אַ פּאָר מינוט און די מאַמע איז געווען פּאַרנומען איז שוין מאָטקע ווידער געווען אויף אַלע פיר אין געסל. ער האָט דערשמעקט וואו זיין חיונה איז. פון דענסמאָל אָן זוכט מאָטקע זיין פּרנסה אין געסל. אַלץ איז אָפּן געשטאַנען פאַר אים, און וואָס ער האָט גע־פונען, דאָס האָט ער גענומען. זיך אַריינגעגליטשט אין אָפענע טירן, געפונען עסן אויפן טיש, — אויפגעגעסן. דערזען אַ קינד אין געסל מיט אַ בייגל, — אַוועקגעכאַפּט און אויפגעגעסן. איז געשטאַנען אַ יידענע מיט אַ קויש עפּל אין גאַס, — צוגערוקט זיך צום קויש און אַרויסגעגעסן. ניט איין חרפּה איז זלאָטקע אויסגעשטאַנען צוליב אים. ניט איין יידענע האָט אים געבראַכט צור־ריקצושלעפּן ביי די אויערן אין קעלער אַריין און נביאות געזאָגט אויף אים. אין געסל איז מאָטקע געוואָרן אַ שרעק, אַז מען האָט אים דערזען זיך אַרויס־לאָזן אויף אַלע פיר פון קעלער, האָבן די מאַמעס די קינדער באַהאַלטן אין שטוב, טיר און טויער האָט מען פאַרשלאָסן פאַר אים, — און אַז מען האָט אים דערזען פון דערווייטנס, האָט איין שכנטע דער צווייטער אָנגעזאָגט און צו וויסן געגעבן, ווי עס וואָלט אַ געוויטער אָנגעקומען: „מאָטקע גייט, מאָטקע גייט!"

## 5

עס איז געווען אַ קאַלטער גרויער ווינטער־פרימאָרגן אין קעלער. דער פראָסט, וואָס האָט פאַרקאָוועט די פענצטערלעך פון קעלער פאַר דעם גאַנצן ווינטער, האָט זיך אַריבערגעצויגן פון טיר און שוין אויף די ווענט אַרויף און אָנגעהויבן באַפּוצן די ווענט פון קעלער מיט זיינע קאַלטע שניי־בלומען. אַלץ אין קעלער האָט געפרוירן. די קערב מיט די אייבסטן זיינען צוזאַמענגע־וואַקסן און געוואָרן איין שטיק אייז. אין אַ ווינקל־שטוב, ביי די פענצטער־לעך, האָט זיך דער אַלטער ר' מאיר איינגעקאָרטשעט און האָט פון דאָרט אַרויסגעמורמלט זיין תהלים. די אַלטע פייגעלע, באַהאַנגען מיט אירע פיל יאַקן און קאַפּטנס, איז געזעסן ווי אַ איינגעמויערטע צווישן די טונען אויבסט און האָט זיך רואיק געשיילט קאַרטאָפלעס פון דעם שויס אין טאָפּ אַריין. דער בלינדער לייב, ערשט אויפגעשטאַנען, מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ פול מיט פעדערן, האָט, אַ ניכטערער, געזוכט אין די ווינקעלעך פון שטוב אַלטע טונען, רייפן, קערב, וואָס מען קען צעברעכן אויף איינצוהייצן אין אויוונדל.

ער האָט געשאָלטן, געשריגן, ווי תמיד, ווען ער הייבט זיך אויף און איז נאָך אויפן ניכטערן מאָגן. און זלאַטקע, אַ פּאַרטונקענע צווישן די קינדערלעך, איז געלעגן אויפן געלעגער, אָנגעדעקט מיט שמאַטעס, פּלאַכטעס, אַלטע קאַפּאָטעס און טיכער, וואָס האָבן זיך נאָר געפונען אין קעלער. אין דעם איינעם ווינקל, ביי זלאַטקען אויפן געלעגער, איז וואַרעם געווען, זי האָט געהאַט לעבן זיך די קינדערלעך, און זיי האָבן זי געוואַרעמט מיט די יונגע לייבלעך, און זי האָט זיי ארונטערגענומען אונטער זיך, ווי אַ הון נעמט אַרונטער די קליינע הינדעלעך. פון צווישן די קינדערלעך, דורך דער מאַמעס אָן אָרעם, האָט מאַטקע גנב אַרויסגעקוקט מיט זיינע צוויי שוואַרצע אייגעלעך און מיטן אָפּגעברענטן קיילעכדיקן פּנימל, וואָס איז באַשמוצט געווען פון די נעכטיקע קאַרטאָפליעס, וואָס ער האָט געגעסן. עס איז אים גוט געווען און וואַרעם ביי דער מאַמען אין בעט.

אין דעם פרימאָרגן איז באַשטימט געוואָרן זיין גורל. וואָרים באַלד האָט אים דער בלינדער לייב באַמערקט, אַרויסשיינענדיק פון אונטער דער מאַמעס אָרעמס, און דער בלינדער לייב האָט זיך דערמאָנט, אַז עס איז צייט צו זאָרגן וועגן אַ תכלית פאַר דעם יונג. האָט ער זיך אַזוי אָנגערופן:

— גיב נאָר אַ קוק, דער ממזר ליגט דאָך אויך ביי דער מאַמען. אַרויס פון בעט, גיי זוך מיר האָלץ דעם אויוון איינצוהייצן.

דער קליינער מאַטקע האָט זיך איינגעקאָרטשעט אונטער דער מאַמען און געוואָלט זיך באַהאַלטן. די מוטער האָט אויף אים רחמנות געהאַט.

— וואָס ווילסטו פון אים, ער איז דאָך נאָך אַ קינד. עס איז קאַלט אין שטוב, לאָז אים נאָך ליגן.

— יאַ, קוק מיר אָן דאָס קינד! אַ יונג פון פינף יאָר. אַ טעלער קאַרטאָפליעס קען דאָס אַריינרייבן, ווי אַ סאָלדאַט, און אַז מען דאַרף אַ שטיקל האָלץ אין שטוב, איז קיינער ניטאָ. אַרויס, אַרויס פון בעט, איך נעם באַלד דעם פּאַסעק צו דיר.

— עס וואָלט שוין צייט געווען, דעם יונג פון שטוב אַרויסצופּטרן: מען קען דאָך גאָרניט לאָזן שטיין אין שטוב. נעכטן האָב איך מיר איבערגעלאָזט אויפן קיכל אַ טעפּל באָרשטש און אַ האַלב ברייטל אויפן אָוונט. איך קום אַהיים: וואו באָרשטש, וואו ברויט? מאַטקעלע האָט עס שוין דערשמעקט. מען קען דאָך קיין ביסן אין שטוב ניט איבערלאָזן, — האָט זיך די אַלטע פייגעלע אָנגערופן פון איר ווינקל אַרויס, מאַכנדיק מיט אירע איינגעפאַלענע יאַסלעס אָן ציין, ווי עס מאַכט אַ פויגל.

— ער קען מיך אויפעסן מיט די קאַפּיטעס. אויף דעם וועל איך אויך נאָך אַרבעטן? אַזאַ ממזר האָט שוין אַליין פאַר זיך באַדאַרפט פאַרדינען. אַרויס, אַרויס פון בעט די מינוט.

— גיב נאָר אַ קוק ווי זיי האָבן זיך אַלע אויף אים אָנגעזעצט, ווי גרויס ער איז זיי אין די אויגן. דעם קינד איז קאַלט, אַ בייזער פראָסט אין שטוב.

איך וועל אים ניט אַרויסלאָזן, ליג, מאָטקע, ליג ביי דער מאַמען, — האָט אים זלאַטקע נעענטער צוגערוקט צו זיך. און דער יונג האָט באַהאַלטן דאָס קעפּל אונטער דער מאַמעס אָרעמס, אַז מען זאָל אים אין שטוב ניט אָנזען.

— מען וואָלט אים באַדאַרפט אין חדר שיקן, אין תלמוד־תורה פירן, אַז דאָס זאָל זיך אויסלערנען כאָטש מודה־אַני זאָגן, אַ ברכה מאַכן. עס וואַקסט דאָך אויף ווי אַ גוי, — האָט זיך דער אַלטער ר׳ מאיר פון זיין ווינקל אָנגערופן.

— אַז דו וואָלסט געווען אַ טאַטע, וואָלסטו דיך וועגן דעם געזאָרגט, — האָט זיך זלאַטקע פון בעט געווענדט צום בלינדן לייב.

— טו זאָל ער שוין פון בעט אַרויסקריכן, איך וועל אים אין תלמוד־תורה פירן.

— אַדרבה, לאָמיר זען, זיי אַ טאַטע צו מיינע אָרעמע קינדער. ס׳איז שוין צייט, — האָט זלאַטקע געקרעכצט, — נו, גיי, מאָטקעלע. נו, גיי פון בעט אַרויס, דער טאַטע וועט דיך אין חדר פירן, — האָט אים די מאַמע איבערן קעפּל געגלעט.

אַזוי לייכט איז איר דאָס ניט אָנגעקומען. מאָטקע האָט זיך גאָר ניט וויסנדיק געמאַכט ניט פונם טאַטנס געוואַלדן און ניט פון דער מאַמעס גוטע רייד. ער איז ווייטער געלעגן איינגענורעט אין דער מאַמעס אָרעם און האָט זיך ניט געלאָזט איינריידן. ס׳האָט גאָר ניט געהאָלפן, ביז די מאַמע איז אַליין ניט אַרויס פון בעט און דער טאַטע האָט אים פון געלעגער מיטן פּאַסעק אַרויסגעשמיסן.

באַלד האָט די מאַמע אויסגעזוכט דעם בלינדן לייבס אַן אַלטע וועסט און האָט מאָטקען מיט דעם אויסגעצירט. זי האָט אים אָנגעטאָן אירע שבתדיקע קאַמאַשן, וואָס זי האָט זיך געהאַט געקויפט פאַר יום־טוב. זי האָט געוואָלט צוגעבן מאָטקען חשק אין חדר צו גיין. פייגעלע האָט אים געגעבן די שענסטע צוויי עפּעלעך פון איר קאַרב אַרויס. הינדעלע איז געלאָפן אין געוועלבל אַריין און האָט געבראַכט פאַר מאָטקען צוויי גריסקעלעך מיט מאָן און קאָפּער באַשאָטן. דער אַלטער ר׳ מאיר האָט אים דאָס נייע סדורל מיט די גרויסע אותיות געשענקט, וואָס ער האָט ערשט געקויפט מיט די מיידעלעך צו לערנען.

עס האָט גאָרניט געהאָלפן. מאָטקע האָט צוגענומען די צוויי עפּעלעך, ער האָט צוגענומען די גריסקעלעך, ער האָט צוגענומען דאָס סדורל און אין חדר אַריין גיין האָט ער ניט געוואָלט. פעסט האָט ער זיך אָנגעהאַלטן ביי דער מאַמעס שערץ. דער טאַטע האָט געשלאָגן מיטן פּאַסעק, די טרערן זיינען מאָטקען פון די אייגלעך איבערן פּנים גערונען, און די עפּעלעך האָט ער געהאַלטן אין איין עסן, און ניט גערירט זיך פון אָרט.

נאָר דעם בלינדן לייבס געדולד האָט געפּלאַצט. ער האָט אים געכאַפּט אויף דער פּלייצע און איז אַרויס מיט אים אין גאַס. מאָטקע האָט געמאַכט אַזעלכע געוואַלדן, אַז דאָס געסל איז זיך צוזאַמענגעלאָפן. ער האָט געקאָפּיעט

מיט ביידע פיס, דער מאַמעס קאַמאַשן פאַרלוירן פון די פיס אַראָפּ, דאָס היטל פאַרלוירן, די גריסקעלעך מיטן סדורל פאַרלוירן. די מאַמע האָט עס אויפגעהויבן און נאָכגעטראָגן נאָך מאָטקען און געבעטן זיך ביי אים:

— מאָטקע, זיי אַ גוט יינגל, גיי אין חדר אַריין, — און געווישט אים די טרערן פון בעקל מיט דער פאַטשיילע.

און מאָטקע האָט געהאַלטן אין איין שרייען, און אַ גליטש זיך פון טאַטנס אָרעמס, און ער ליגט שוין אויפן ברוק אין געסל און שרייט, און דער טאַטע האַלט דעם פאַסעק און שלאָגט איבערן קאָפּ:

— אין חדר אַריין, גיי אין חדר אַריין.

און די מאַמע פאַרשטעלט אים מיט איר לייב, און נעמט אויף זיך די שלעק פון בלינדן לייבס פאַסעק און בעט זיך ביי מאָטקען:

— מאָטקע זיי אַ גוט יינגל, גיי אין חדר אַריין, מאָטקע.

און עס לויפן דורך יידן, פאַרהאַוועט אין מסחר, הערן אַ געוואַלד, שטעלן זיך אָפּ אויף אַ מינוט, פרעגן זיך נאָך, וואָס איז, און דערהערט אַזאַ מעשה, אַז אַ יינגל וויל ניט גיין אין חדר אַריין, בייזערן זיי זיך אָן:

— אין חדר אַריין גיי, דו יונגאַטש איינער, אין חדר אַריין.

און לויפן ווייטער צו זייערע מסחרים.

נאָר געלויבט צו גאָט, קוים דערשלעפּט מאָטקען אַ לעבעדיקן אין תּלמוד־תּורה אַריין. דער בלינדער לייב האָט זיך גוט דערוואָרעמט ביי אים. דער שווייס רינט אים פון פּנים, און מאָטקע, אַ צעיושעטער, מיט די גריסקעלעך און עפּל אין די הענט, שטייט און קוקט אָן דעם רבין, ווי ער האַלט אַ קאַנטשיק אין האַנט און דרייט זיך אַרויף און אַראָפּ איבער דער שטוב, וואו די קינדערלעך זיצן אויסגעזעצט אויף דער נידעריקער באַנק אַרום די ווענט.

— רבי לעבן, רבי קרוין, לערנט מיין יינגל אויס דאַוועגען, — בעט זיך זלאָטקע ביים רבין. דער רבי האָט אויסגעצויגן זיין לאַנגן האַלדז פון די קרומע פּלייצעס ווי אַ שלאַנג, און אַ בויג אַריבער זיך געגעבן מיט דעם גאַנצן קערפּער איבער מאָטקען און מיט די פינקלדיקע גרינע אויגן, וואָס זיינען געזעסן אין בלייכן בלוט־אָרעמען פּנים, אָנגעקוקט מאָטקען:

— איז אָט דאָס בחורל, וואָס וויל ניט אין חדר אַריין גיין? קום אַהער, דו יינגעלע, — נעמט ער אָן מיט די צוויי דאַרע פינגער מאָטקעלעס בעקעלע און גיט אים אַ קניפּל, אַז טרערן שטעלן זיך מאָטקעלען אין די אויגן. — דו ווייסט, וואָס מען טוט מיט אַ יינגעלע, וואָס וויל ניט גיין אין חדר אַריין? אָט אַזוי טוט מען מיט אַזאַ יינגעלע, — ווייזט ער מיטן קאַנטשיק אין דער האַנט.

מאָטקע האָט זיך די ערשטע וויילע דערשראָקן פאַרן רבין און שטיל געשוויגן.

— איך בין אַן אָרעמע יידענע, איך קען אייך ניט פיל צאָלן. צוויי גילדן אַ חודש, אַז גאָט וועט מיר העלפן. איך וועל אָפּשפּאָרן דעם ביסן פון מויל,

נאָר לערנט אים אויס דאַווענען, ער זאָל קענען פון סדור לייענען. אַז גאָט זאָל מיר ביישטיין. איך האָב מורא, דאָס קינד זאָל מיר ניט אויסוואַקסן, איך וויל ניט אַרויסריידן די רייד, אַ שלעכט קינד: וויל נישט אין חדר גיין, — זאָגט די יידענע מיט טרערן.

— לאָזט אים נאָר איבער ביי מיר, לאָזט נאָר איבער, ביי מיר וועט ער שוין גיין, — זאָגט דער רבי און נעמט אַן מאַטקען און גיט אים אַ זעץ אַוועק אויפן בענקל לעבן זיך און אַ מיש־אויף אַ סדור, וואָס די אותיות דעריי־נען זיינען געווען פאַרפלעקט און אויסגעווייקט פון קינדערשע טרערן.

— נאַ, קוק אַריין, יינגעלע, וואָס איז דאָס? זאָג, יינגעלע: „אַן אַלף", זאָג: „אַן אַלף".

נאָר מאַטקע האָט ניט אַריינגעקוקט אין סידור, ער האָט געקוקט אויף דער מאַמען. דערזען, אַז די מאַמע גייט אַרויס פון טיר, איז ער שוין געווען מיט אַ פיסל אונטער דער באַנק.

— אַי, ביסט דאָך מיר גאָר אַ שייגעץ, יינגל, — זאָגט דער רבי, און גיט ווידער אַ נעם אַן מאַטקען ביים בעקל מיט די דינע ביינערדיקע צוויי פינגער, און דעם רבינס גרינע אויגן פון בלייכן אַן־בלוטיקן פּנים גיבן אַ בליץ, ווי ביי אַ קאַץ, און איידער מאַטקע האָט נאָך צייט אַרומצוקוקן זיך, ליגט ער שוין איבערן בענקל מיטן הינטן אַרויף און די לאָקשן פון קאַנטשיק טאַנצן אַרום איבער מאַטקעס נאַקעטן געזעסל, ווי פייערדיקע ציגלעך איבער אַ ווייך, אויסגעקנעטן ברייטל. און דער רבי זינגט צו מיטן ניגון אין טאַקט:

— אָט אַזוי, קינדערלעך, טוט מען צו אַ יינגל, וואָס וויל ניט גיין אין חדר אַריין.

די פינף־זעקס־יעריקע קינדערלעך זיינען געזעסן אויף די ברעטלעך אַרום די ווענט און דערשראָקענע, מיט אומרואיקע אייגעלעך, האָבן זיי זיך צוגע־קוקט צום רבינס מקיים־פּסק זיין. טייל האָבן זיך געשראָקן און אָנגעהויבן וויינען, נאָר אויף די מערסטע פון זיי האָט דאָס שוין ניט געמאַכט קיין רושם: זיי זיינען געווען צוגעוואוינט דערצו, האָבן זיי זיך ווייטער רואיק געגעסן די בייגל מיט די גריסקעס, אָדער זיי האָבן זיך געשפּילט מיט די מיידעלעך אין שטיינדלעך, נאָכזאָגנדיק אויס געוואוינהייט דעם רבין פון סידור אַרויס: „אַן אַלף", „אַ בית".

מאַטקע האָט דאָס מאָל ניט געוויינט. אַזוי ווי דער רבי האָט אים אָפּגע־לאָזט און אַוועקגעזעצט צווישן די קינדער, איז ער געבליבן זיצן שטיל און האָט געשוויגן. אַ קינד האָט געפּרוּווט עפּעס ריידן צו אים, האָט ער אים געגעבן אַ שטופּ אָפּ מיטן עלנבויגן און ווייטער געקוקט מיט זיינע גלאַנציקע צוויי אייגעלעך צו דער טיר. און אַזוי ווי דער רבי האָט זיך נאָר אַוועקגע־זעצט צום טיש מיט אַן אַנדער קינד ביים סדור, איז שוין מאַטקע געווען ביי דער טיר, אַ פּראַל אויף, און מיט אַראָפּגעלאָזטע הייזלעך און אַ רויט־

פלאַמענדיקן אָפּגעשמיסענעם געזעסל איז ער געלאָפן איבערן מאַרק פון חדר אַהיים.

אַז זלאַטקע האָט אים דערזען אין קעלער, ווי ער איז אַהיים געלאָפן פון חדר, האָט זי געמיינט, אַז די ערד עפנט זיך אויף אונטער אירע פיס. זי האָט געוואָלט צו צום יונג, אים ממיתן. נאָר אַז זי האָט דערזען זיינע צוויי אויגן, ווי ער קוקט תּמעוואָטע, מיט אַ בקשה, איז איר האַרץ צעשניטן געוואָרן. האָט זי געשוויגן, נאָר די טרערן האָבן זי געשטיקט, האָט זי אים אַרומגענומען, געשלאָגן אים און געקושט אים, און געזאָגט מיט אַ שווער האַרץ:

— מיין קינד, מיין שלעכט קינד, וואָס וועט פון דיר ווערן? וואָס, טאַטע אין הימל?

און אין אָוונט, אַז דער בלינדער לייב האָט דעם פּאַסעק פון די הויזן אַראָפּגענומען דעם יונג צו שלאָגן, האָט זי אים פאַרשטעלט מיט איר לייב, פאַר אים צוגענומען די קלעפּ און געבעטן זיך:

— לייב, ער איז דאָך נאָך אַ קינד, עס איז קאַלט אין דרויסן, לאָז אים נאָך ביז זומער אין שטוב.

# 6

ער איז אויסגעוואַקסן פאַר דעם יאָר און אַליין שוין זיין שטיקל ברויט זיך פאַרדינט. אָנגעהויבן האָט ער פון דעם, וואָס ער האָט געהאָלפן דער מאַמען דעם קאָרב אין די שטובן אַרומטראָגן. מיטגעגאַנגען מיט דער מאַמען אין מאַרק אַריין, געקראָכן אויף די פויערשע פורן, געהאָלפן דער מאַמען זיך דינגען מיט די פויערים. טייל מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז די מאַמע האָט אַרויסגעצײלט אייער פון אַ פויערשן קויבער, האָט ער געהאָלפן מיטציילן, איז אים געבליבן אַ פּאָר אין טאַש, האָט ער דערנאָך זיי דער מאַמען געגעבן. האָט די מאַמע צוגענומען צופרידן און געשוויגן, איז מאַטקע וויטער געגאַנגען: אַרויף אויף אַ פור און געזען קליינע הינדעלעך, האָט ער די מאַמע צוגערופן. די גויע האָט געשריגן, ער זאָל די הינדעלעך ניט רירן, און מאַטקע לייגט שוין די הינדעלעך אין דער מאַמעס שויס אַריין. און די מאַמע שטעקט דער גויע געלט אין האַנט און דינגט זיך מיט איר.

אַמאָל איז ער מיט דער מאַמען אַריינגעקומען אין דער קיך צו דער זשאַבלינערין. זלאַטקע, זינט זי האָט די זשאַבלינערס אייניקל געזויגן, איז דאָרט אַ גאַנצע היימישע געוואָרן און פלעגט אין הויז אַריינטראָגן פוטער און אייער.

אין דער קיך ביי דער זשאַכלינערין האָט מען זי גאַנץ גוט אויפגענומען, און די דינסטן האָבן זיך זייער דערפרייט מיט מאַטקען.

— דאָס איז דער שרייער, — האָט די אַלטע זשאַכלינערין געזאָגט.

מאַטקע, אַ פאַרשעמטער, האָט זיך באַהאַלטן אונטער דער מאַמעס פאַרטוך.

— געלויבט צו גאָט, אויפגעצויגן זיך, — זאָגט זלאַטקע פאַרשעמט פאַר איר בחור.

— אין חדר אַריין גייט ער? — פרעגט די זשאַכלינערין.

זלאַטקע פאַרשעמט זיך ווידער.

— ער איז נאָך אַ קינד, האַלט זיך נאָך ביי דער מאַמעס שערץ.

— אַי, ס'איז ניט גוט. אַ יינגל מוז גיין אין חדר אַריין, מוז תּורה לערנען, — זאָגט די אַלטע זשאַכלינערין און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף מאַטקען, ווי ער וואָלט שוין געווען אַ פאַרפאַלענער.

באַלד קומט אַריינצולויפן אין קיך חנהלע, דאָס מיידעלע אין מאַטקעס יאָרן, וואָס זלאַטקע האָט זי אויסגעזויגן, אַ פרישע, מיט רויטע רונדיקע בעקעלעך ווי וואַרעמע זעמעלעך, מיט אַן אויסגעצוואָגן קעפּעלע, אין אַ ריין קליידל און פאַרטעכל.

זלאַטקע האָט געהאַט אַ מאָדנע געפיל צו די קינדער, וואָס זי האָט געקאָרמעט. עפּעס איז עס יאָ אירע און עפּעס ניט אירע. זי האָט די קינדער, וואָס זי האָט געקאָרמעט מיט איר מילך, ליב געהאַט און פיינט געהאַט. זי האָט ניט געקאָנט זיין גלייכגילטיק צו זיי. זי האָט זיך האַרציק דערפרייט מיט חנהלען, אַרויפגענומען דאָס קינד אויף די הענט און זי געקושט.

— מיין חנהלע, מיין קליין חנהלע, וואָס מאַכסטו? האָסט שוין פאַרגעסן דיין אַם? איך האָב דאָך דיך געקאָרמעט, מיין חנהלע.

מאַטקע האָט געזען ווי די מאַמע טראָגט אויף די הענט דאָס פרעמדע קינד, און עפּעס אַ מאָדנע געפיל האָט אים אַרומגענומען. ער האָט פיינט געהאַט דאָס פרעמדע מיידעלע, וואָס די מאַמע האַלדזט ווי אַן אייגענע, און צוגלייך אויך ליב געהאַט. ער האָט זיך פאַרשעמט צו קוקן אויף איר. דערווייל האָט אים די אַלטע זשאַכלינערין געגעבן אַ שטיק ברויט מיט שמאַלץ אין דער האַנט אַריין. ער האָט אָנגעהויבן עסן פון דעם ברויט און פאַרגעסן דערפון. אָבער באַלד האָט ער אויפגעהערט עסן און געקוקט אַמאָל אויף דער מאַמען, אַמאָל אויף דעם מיידעלע.

די אַלטע זשאַכלינערין האָט אַרויסגענומען חנהלען פון זלאַטקעס הענט, האָט אָפּגעווישט מיט דער שערץ זלאַטקעס קושן פון קינדס בעקל און מיטגענומען זלאַטקען מיטן קאָרב אייער און פּוטער מיט זיך אין דער צווייטער שטוב אַריין. אַ מינוט זיינען ביידע קינדער געשטאַנען און האָבן זיך אָנגעקוקט. מאַטקע איז געווען פאַרשעמט, האָט געהאַלטן דאָס ברויט אין האַנט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט דעם. דאָס מיידעלע איז געווען דרייסטער, האָט אים געקוקט אין די אויגן אַריין און געוויזן דאָס נייע שערצל וואָס זי

טראַגט. דערנאָך האָט זי אים געוויזן די אוירינגלעך, וואָס מען האָט איר אויף די אויערן אָנגעטאָן. דערנאָך האָט זי אים געוויזן די קרעלן. מאָטקע האָט דאָס אַלץ אָנגעקוקט און געשוויגן. באַלד האָט אים דאָס מיידעלע ביי דער האַנט אָנגענומען און געפירט אים מיט זיך אין איר חדר אַריין. מאָטקע האָט זיך אַרומגעקוקט פאַרוואונדערט. אַלץ איז אַזוי ווייס געווען און ריין, און אַזוי פיל קינדערשע זאַכן זיינען געווען אָנגעשטעלט. אַ גרויס פערד איז גע־שטאַנען, און אַ ריכטיקער וואָגן, און צוויי פייגל, און אַ צעבראָכענער זעלנער מיט אַ צימבל אין דער האַנט. דאָס מיידעלע האָט אים געוויזן דאָס שפּילצייג און געפרעגט, אויב ער האָט אויך אַזעלכע זאַכן. מאָטקע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. ער האָט ניט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט.

צוערשט האָט ער זיך פאַרשפּילט מיט די שפּיל־זאַכן, און האָט אָנגע־הויבן לאַכן, — געשטופּט דאָס פערד ביים עק, אַז עס זאָל גיין ווי ער האָט געזען אויפן מאַרק ווי די פּויערים טוען מיט זייערע קעלבער, ווען יענע ווילן ניט גיין. דאָס מיידעלע האָט אויך געלאַכט.

— זעסט, אַזוי דרייט מען אַ פערד ביים עק, אַז מען וויל עס זאָל גיין, — האָט מאָטקע געוויזן דעם מיידעלע.

דאָס מיידעלע האָט הויך אויפגעלאַכט. זי האָט געוויזן די קאַץ, וואָס זי האָט, און געפרעגט:

— און אַ קאַץ דרייט מען אויך ביים עק, אַז מען וויל זי זאָל גיין?

מאָטקע האָט איר געגעבן אַ קוק אַן פון אויבן אַראָפּ מיט אַ שפּאָטישן בליק און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

— מיט אַ קאַץ שפּילט מען זיך ניט. אַ קאַץ דרייט מען ניט ביים עק, — האָט ער געזאָגט באַשטימט, אַז דאָס מיידעלע האָט זיך פאַרשעמט.

באַלד האָט ער איבערגעלאָזט דאָס שפּילצייג און געקוקט אויף דעם מיי־דעלע, — אירע בעקעלעך זיינען געווען רויט און אויסגעקנאָטן פול ווי בול־קעלעך. מאָטקע האָט אַדורכגעפירט זיין וואָרעם שמוציק הענטל איבער דעם מיידלס בעקעלעך. דאָס מיידעלע איז געשטאַנען און האָט זיך געלאָזט. דער־נאָך איז אים עפּעס איינגעפאַלן. ער האָט צוגעלייגט זיין פּנימל און אָנגע־הויבן מיט זיין פעט צינגל צו באַלעקן דעם מיידלס בעקעלעך, העלדזל, ווי אַ הינטל.

דאָס מיידעלע האָט זיך געלאָזט און געלאַכט הויך:

— אוי, סאַראַ נאַר ער איז!

---

מיט קיין יינגלעך זיינס גלייכן האָט מאָטקע ניט געקאָנט זיך חברן. ווי נאָר ער האָט זיך געטראָפן מיט די יונגען, ביי דער ערשטער באַגעגעניש, האָט ער זיך געשלאָגן מיט זיי. דער סוף איז געווען, אַז די יונגען פון דער גאַס האָבן אים אויסגעמיטן און געלאָזט אַליין. נאָר פון דעם מאַרק, וואו ער איז

מיט דער מאַמען איבער די פֿויערשע וועגן געגאַנגען, האָט ער אַן אַנדער חבר געפֿונען. דאָס איז געווען דעם קאַטערינאַרזשס הונט.

אויפֿן מאַרק האָט זיך אַרומגעדרייט אויף איטלעכן יאַריד נאָטע קאַטע־רינאַרזש מיט דער קאַטערינקע. אויפֿגעשטעלט די קאַטערינקע אין מיטן מאַרק, האָט ער צוזאַמענגערופֿן מיטן שפּילן די פֿויערים, און דער בלויער פֿויגל אין שטייג האָט פֿאַר פֿינף קאָפּיקעס אַרויסגעצויגן מיטן פּיסק פֿון אַ שופֿלאַד אַ „לאָז", וואָס עס איז דערויף געשטאַנען אויפֿגעשריבן אַלצדינג, וואָס עס וועט מיט דעם מענטשן טרעפֿן אין זיין גאַנץ לעבן. טייל מאָל האָט נאָטע מיטגעבראַכט מיט זיך דאָס מיידעלע, וואָס גייט אָנגעטאָן אין אַ פּאָר קאָרטן־הויזן און דרייט זיך אין אַ ראָד. מאָטקען זיינען די שטיק אַזוי געפֿעלן, אַז איטלעכס מאָל, ווען ער האָט דערזען נאָטעס קאַטערינקע מיט דעם בלויען פֿויגל און דעם מיידעלע מיט די רייפֿן, האָט ער איבערגעלאָזט די מאַמע מיט די קוישן און איז נאָכגעלאָפֿן נאָך דער קאַטערינקע. נאָר דער עיקר האָט אים פֿאַראינטערעסירט דער הונט בורעק, וואָס נאָטע האָט נאָכגעפֿירט נאָך דער קאַ־טערינקע. דאָס איז געווען אַ ווייס־געשוירענער פּודל מיט געקרייזלטע האָר, ווי ביי אַ שעפּס. נאָטע האָט אים אָפּגעשוירן ווי אַ לייב. אַ גאָלער הינטן, ביים קנאָדער פֿון עק אַ טראָלד האָר. אויפֿן יאַריד איז דער הונט ניט געווען קיין הונט, נאָר אַזאַ מין באַשעפֿעניש אין אַ קליידל אָנגעטאָן, מיט אַ היטעלע אויפֿן קאָפּ, און ער האָט נאָכן שפּילן אין דעם פּיסק דאָס טעצל אַרומגע־טראָגן צו די אַרומשטייענדיקע פֿויערים און צוזאַמענגענומען קליינגעלט. ווען דער הונט האָט געוויזן די שטיק, האָט אים מאָטקע ניט ליב געהאַט. ער האָט אויף דעם הונט רחמנות געקראָגן, און פֿיינט געהאַט נאָטע קאַטערינאַרזש, וואָס ער האָט דעם הונט געמאַכט פֿאַר אויס הונט.

ליב האָט מאָטקע דעם הונט געהאַט, ווען דער הונט איז אין דער היים, אין הויף, אין זיין בודקע געלעגן, צוגעבונדן מיט אַ קייט ווי יעדער אַנ־דער הונט, געבילט אויף אַ דורכגייער, געריסן זיך פֿון קייט און געשריגן אויף מענטשן.

ער האָט זיך באַקענט מיט דעם הונט טאַקע אויפֿן מאַרק, וואו ער איז אַמאָל, אַן אויסגעדאַרטער, מיט אַ שמוציק קליידל און מיטן טעצל אין פּיסק אַרומגעגאַנגען אויף די הינטערשטע פֿיס און געשנאָרעט ביי די פֿויערים קליינ־געלט. מאָטקע האָט אים דערזען אין אַזאַ ניט־הינטישער פּאָזע און האָט אויף אים גרויס רחמנות געקראָגן. ער איז אים נאָכגעגאַנגען ביז ער איז אַהיים געקומען און דערזען ווי נאָטע בינדט אים אָן ביי דער קייט אין דער בודקע. ער האָט געוואָלט צוגיין צו אים, האָט דער הונט גענומען בילן אויף אים. דאָס איז אים געפֿעלן און ער האָט זיך אָנגעהויבן מיט אים חברן, גע־בראַכט אים פֿון אַלצדינג, וואָס ער האָט אַליין געקראָגן: זעמל, ברויט. און האָט ער אַמאָל אַ האַלב פֿונט פּוטער אַראָפּגעגנבעט פֿון אַ פּאַכטערס אַ קאָרב און האָט עס ניט דער מאַמען אָפּגעגעבן, האָט ער זיך אָן זיין הונט

דערמאָנט און געבראַכט עס זיין בורעקן. מיט דער צייט איז בורעק מיט אים גוט־פריינט געוואָרן, צוגעלאָזט אים צו זיך. מאָטקע פלעגט אים אָפט באַזוכן אין זיין בודקע, אַוועקזעצן זיך לעבן אים, נעמען אים אויף די הענט און ריידן מיט אים. דאָס איז געווען דאָס איינציקע לעבעדיקע נפש, מיט וועלכן מאָטקע האָט גערעדט אַלצדינג. פאַר דעם הונט האָט ער אויפגע־עפנט זיין יונג האַרץ און אַלץ פאַרטרויט. און איינמאָל, ווען דער טאַטע האָט די מאַמע געשלאָגן און מאָטקע האָט דאָס צוגעזען, און עס איז אים געוואָרן אַזוי, וואָס ער האָט אַליין ניט געוואוסט וואָס, איז ער געלאָפן צום הונט. אַריינגעקראָכן צו אים אין בודקע אַריין, אַוועקגעלייגט זיך לעבן אים, צוגע־טוליעט דעם הונטס וואַרעמען פיסק צו זיינעם און אַריינגערעדט אים אין אויער אַריין:

— ווייסט, דער טאַטע מיינער האָט געשלאָגן די מאַמע. גוט געשלאָגן. זי האָט געוויינט. איך וועל גרויס ווערן, וועל איך אים צוריק שלאָגן, אַ בלוי אונטערגעשלאָגן אויג וועל איך אים מאַכן.

דער הונט האָט אויסגעהערט, פאַרטראַכט זיך, פאַרגלייזט די אויגן, ער־געץ וואו געקוקט, ערנסט געוואָרן און עפּעס אין זיך אַריינגעמורמלט.

— און דיך האָבן זיי פאַר אַ מיידל געמאַכט, אָנגעטאָן דיר אַ קליידל מיט אַ קאַפּעלוש אויפן קאָפּ. לאָז דיך ניט, — האָט אים מאָטקע אין אויער אַריינגעשריגן.

דער הונט האָט נאָך מער די אויגן פאַרגלייזט, געשנופט מיט דער נאָז, ערנסט געוואָרן און פאַרטראַכט זיך.

— פאַר אַ מיידל האָבן זיי דיך געמאַכט, מיט אַ קאַפּעלוש אויפן קאָפּ. און איך וועל ניט גיין אין חדר אַריין, איך וועל ניט גיין, זאָל ער מיך שלאָגן, — האָט מאָטקע נאָך שטאַרקער אַריינגעשריגן דעם הונט אין אויער אַריין.

דער הונט האָט די פּאָדערשטע צוויי לאַפּעס אויסגעצויגן, דעם פּיסק אויסגעשטרעקט, די אויגן אין גאַנצן צוגעמאַכט, הויך אויפגעשטעלט די אויערן און אָנגעהויבן ווי מיט אַ הייזעריק מענטשלעך קול צו בילן, אַזוי ווי ער וואָלט ווערטער געוואָלט ריידן.

מאָטקע האָט אים פאַרשטאַנען.

# 7

אין אַ צייט אַרום האָט דער בלינדער לייב זיך ווידער דערמאָנט אָן זיין זון, אַז מען דאַרף פון אים מאַכן אַ לייט. געשען איז עס ניט פון זיך, נאָר דערמאָנט האָט אים אָן זיין חוב פון אַ פאָטער דער עלטסטער מייסטער פון

דער חברה שוסטערס, בעריש כוואַט, וואָס אַמאָל האָט נאָך ביי אים דער בלינדער לייב אַליין געלערנט זיין מלאָכה. בעריש כוואַט האָט אָנגעטראָפן לייבן טאָקע אין דער חברה שוסטערס, איינמאָל, שבת־צו־נאַכטס, צו מעריב. כאָטש דער בלינדער לייב האָט די מלאָכה שוסטעריי אַוועקגעוואָרפן, דאָך אין חברה שוסטערס איז ער נאָך געקומען דאַווענען און גערעכנט זיך פאַר אַ זייעריקן. האָט אים דאָרטן דער אַלטער מייסטער בעריש כוואַט מוסר געזאָגט אַזוי:

— וואָס וועט פון דיין יונג דער סוף זיין? דו לאָזט אים אַרומלויפן פוס־טעפּאַס, ער וועט דאָך אויסוואַקסן אַ גנב.

— וואָס טוט מען מיט אים, ר׳ בעריש? אַז דער יונג וויל ניט אין חדר גיין.

— גיב אים אָפּ צו אַ בעל־מלאָכה, ווי דער טאַטע דיינער האָט דיך אָפּגעגעבן. איך געדענק, ווען דער טאַטע דיינער, זעליג דער פורמאַן, האָט דיך געבראַכט צו מיר אַ זונטיק אינדערפרי. אוי, ביסטו געווען אַ חברה־מאַן, האָסט ניט געוואָלט די דראַטווע דרייען.

— האָט איר מיטן רימען אַרונטערגעלאָזט, אַז איך האָב נאָך צו געדענקען ביזן היינטיקן טאָג, — לאַכט דער בלינדער לייב מיט דעם לעבעדיקן אויג און מיט דעם טויטן אויג.

— ברענג אים צו מיר. אַזוי ווי איך האָב פונם טאַטן געמאַכט אַ לייט, אַזוי וועל איך פון דעם זון, מיט גאָטס הילף, אַ לייט מאַכן.

— אויף ווי לאַנג? — פרעגט לייב.

— אַזוי לאַנג ווי דו ביסט געווען. ווי אַלט איז ער אַצינד, דער יונג, זיבן יאָר? ער וועט זיין ביי מיר ביז ער וועט אַלט ווערן עלף, צוועלף יאָר, ביז ער וועט זיך די מלאָכה אויסלערנען. איך וועל אים געבן צו עסן, אַ נאַכט־לעגער, אַ קאַפּאָטע מאַכן אויף יום־טוב. דערנאָך אַז ער וועט זיך אויסלערנען די מלאָכה, וועל איך אים צאָלן דאָס ערשטע יאָר פינף רובל, דערנאָך וועט ער קריגן גאַנצע צען. דו ווייסט דאָך, אַז מיר האַלטן אַ פרעמד קינד גוט, קענסט דאָך מיין אַלטע: אייגענע האָט זי ניט, איז זי צו פרעמדע קינדער ווי אַ מוטער.

— יאָ איך געדענק דאָבטשע די מייסטערין. איך געדענק איר קנייפּן גוט. שטיקער פלייש האָט זי פון די הענט אַרויסגענומען, הינטער דער טיר אַרויסגעשטעלט אין דער קעלט און וואַסערדיקן באָרשטש צו זופּן געגעבן. איי, ר׳ בעריש, האָט איר אַ יידענע.

— נו, גטן וועל איך מיך מיט איר נישט צוליב אַ לערן־יינגל, — האָט דער אַלטער ר׳ בעריש געלאַכט. — געקנייפּט האָט זי דיך, אמת, אָבער קיין מענטש ביסטו נאָך אַלץ ניט געוואָרן. נו, קום צו שרה־חנהלען אין שענקל אַריין, וועלן מיר דאָרט דאָס איבעריקע אָפּריידן.

ביי שרה־חנהלען, וואו מען האָט געקאָנט קריגן אַ געהיים גלעזל בראָנפן מיט היימישע קיכלעך און הערינג צו פאַרבייסן, האָט דער בלינדער לייב פאַר־קויפט זיין זון אויף גאַנצע זעקס יאָר צו דאָבטשע דער מייסטערין אין די הענט

אַריין. ער האָט גענומען אַ רובל האַנט־געלט אויפן ערשטן זמן, ווען דער יונג וועט אין זעקס יאָר אַרום אַנהייבן געלט קריגן. ביים גלעזל האָט דער אַלטער בעריש געטענהט:

— נאָר ער זאָל מיר ניט אַנטלויפן און פאָלגן דעם מייסטער און די מייסטערין, אַ גאַנג גיין, וואו מען דאַרף. זאָג אים אָן, דו הערסט?

— האָט ניט קיין מורא, ר׳ בעריש, ער וועט שוין ניט אַנטלויפן. איך וועל אים שוין ביי די אויערן צוריקברענגען.

צומאָרגנס אינדערפרי איז געווען אַ שיינער רייפער זומערטאָג, די טעג פאַר ראש־השנה, ווען די עפּל און די באַרן זיינען רייף אויף דיביימער און בעטן זיך נאָר, מען זאָל זיי אָפּפליקן און אויפעסן. אין אַזאַ טאָג האָט לייב גענומען מאָטקען און געפירט אים ביי דער האַנט צו בעריש דעם שוסטער „אויף דער לער״. דער קליינער מאַרק איז פול געווען מיט צייטיקן אויבסט, וואָס די פויערים און די פרוכט־הענדלער האָבן געבראַכט אין שטעטל. די לופט איז פאַרכאַפּט געווען פון עפּל־ריח, גרינס און פרישע פיש. אין אַזאַ טאָג האָט לייב אַריינגעבראַכט מאָטקען אין דעם ענגען, פאַררויכערטן שטיבל, וואו בעריש שוסטער האָט געוואוינט. די פענצטער זיינען געווען פאַרהאַקט, וואָרים דאַבטשע די מייסטערין האָט געליטן אויף אַן אויער: זי האָט מורא געהאַט פאַר אַ צוג־לופט און ניט געלאָזט עפענען אַ פענצטערל דעם גאַנצן זומער. אין שטוב האָט זיך שטאַרק געשפּירט דער ריח פון פאַרפוילטן לעדער, וואָס האָט ערגעץ וואו אין די ווינקעלעך פון שטיבל געשימלט זינט יאָרן, זינט בעריש איז אַ שוסטער. די מייסטערין איז ניט געווען. בעריש, אַרומגערינגלט מיט אַ דריי־פיר געזעלן און לערן־ייִנגלעך, איז געזעסן איינגעהויקערט אַרום דעם קליינעם טישל און געקלאַפּט אַ זויל אויפן שטיין.

— דאָ איז ער, דער בחור מיינער, — זאָגט לייב.

דער אַלטער ר׳ בעריש האָט אויפגעהויבן זיינע געדיכטע הויכע ברעמען, אַרויפגערוקט די ברילן וואָס די גלעזלעך אין זיי זיינען געווען צעשפּאָלטן, האָט געוואָרפן אויפן יונג אַן אויג און גערופן אין אַ ווינקל אַריין:

— דאַבטשע, דאַבטשע, קום נאָר אַרויף. אַ ניי לערן־ייִנגל.

באַלד איז פון הינטער אַ בעט פון אַ שוואַרצן קעלער אַרויסגעקומען עפּעס אַ הויכס, אַ דאַרס, איבערגעהאַנגען מיט שמאַטעס, טיכער, פאַטשיילעס, ווי אין די גרעסטע פרעסט. איבערן פּנים האָט דאָס געהאַט פאַרבונדן אַ פאַ־טשיילע מיט צוויי שפּיצן פונם קנופּ אויפן קאָפּ אַזוי, אַז דאָס באַשעפעניש האָט אויסגעזען ווי אַ מכשפה. דאָס טיכל איבער די אויערן איז שוין געווען טונקל־גראָ און פון דעמזעלבן קאָליר ווי דאָס פּנים. דאָס איז געווען דאַבטשע די מייסטערין. זי האָט אַ מינוט געשוויגן, אַריינגעקוקט מיט צוויי גראָע אויס־געלאָשענע אויגן ווי ביי אַ טויט פערד, אַרויסגעשטעקט אַ שפּיץ צינגל אויף די פאַרדאַרטע, פאַרצויגענע ליפּן, וואָס זיינען באַדעקט געווען ביי איר מיט שטויב, ווי די אַלע זאַכן, וואָס זיינען געשטאַנען אָנגעשטעלט אין שטוב. עס האָט

געדויערט אַ היפּשע ווייל, ביז עס האָט זיך דערהערט אַ שטים, און געדאַכט האָט זיך, אַז עס קומט ניט פון דער יידענע, נאָר פון ערגעץ אַ הוילער פּאַס אַרויס:

— וועמענס איז דאָס? — האָט זי פאַרקייט מיט אַ הוסטל.

— עס איז לייבס, — האָט דער מייסטער געוואָרפן מיט דער האַנט אויפן בלינדן לייב.

זי האָט זיך אומגעדרייט צו לייבן און אים אָנגעקוקט אַ ווייל. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— זיין אַ לייט, ווי דער טאַטע זיינער. — זי האָט געגעבן אַ מאַך מיטן קאָפּ, ווי אַ ציג, אַ שאָקל־צו מיט דער האַנט און איז אָפּגעגאַנגען צוריק אין איר ווינקל אַריין.

— איך לאָז אייך אים דאָ איבער, ר' בעריש, איר זאָלט זיין צו אים ווי אַ טאַטע. איר מעגט טאָן מיט אים וואָס איר ווילט. שלאָגן אים, אַז ער וועט ניט פאָלגן. איר גיט אים עסן, מעגט איר אים שלאָגן. — הערסט? — האָט ער געזאָגט צום יונג — זאָלסט האָרכן דעם מייסטער און די מייסטערין, אַז ניט וועל איך דיך טייטן, דו הערסט?

מאָטקע האָט געשוויגן, און דער טאַטע איז אַוועקגעגאַנגען.

בעריש האָט אים געהייסן זיך זעצן און געגעבן אים אַ שנור מיט אַ שטיק וואַקס, ער זאָל דרייען אַ דראַטווע. מאָטקע האָט עס גענומען אין האַנט, ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן מיט דעם. האָט ער זיך געשפּילט מיטן שנור און מיט גרויסע אויגן אַרומגעקוקט זיך אין שטיבל. דערזען די צוויי הויכע בעטן, וואָס שלינגען איין דאָס גאַנצע שטיבל, אָנגעלייגט מיט בעטגעוואַנט ביזן האַלבן באַלקן, געקוקט אויף די פאַרשטויבטע בילדלעך, וואָס הענגען פאַר די בעטן, אויף די פּאָליצעס וואָס זיינען אָנגעלייגט מיט כאָלעוועס, אַלטע שטיוול, שטיוועלעטן און שטיקער לעדער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט טשיקאַווע אין דער נייער היים, וואָס אַהער האָט מען אים אַריינגעגעבן אויף גאַנצע זעקס יאָר, געקוקט אויף זיינע חברים, די צוויי יינגלעך מיט דעם געזעל, אָן אַלטן גוי, וועלכע האָקן פּאָ־דעשוועס. ביי די בענקלעך וויקט זיך לעדער אין וואַסער, און דאָס גיט פון זיך אַ ריח. ער האָט געקוקט אויף די פענצטערלעך, ווי זיי זיינען פאַרקאָוועט אין שפּינוועבס און באַלייגט מיט מאָסן, מיט פאַרעמס און שנורן, און פון דרויסן קריכט די זון, גנבעט זיך אין פענצטערל און וויל אין שטיבל אַריין, און דאָס שפּינוועבס לאָזט ניט.

באַלד האָט מאָטקע דערפילט אַ שטופּ אין זייט. ער קוקט זיך אום: לעבן אים איז אויסגעוואַקסן די מייסטערין, ווי אַ שוואַרץ געשטאַלט, און פון אונטער אירע פיס איז אַרויסגעקראָכן אַ שוואַרצער קאָטער מיט גלאַנציקע אויגן און באַלעקט זיך מיטן רויטן צינגל.

— נאַ, ברענג וואַסער, — האָט זי מאָטקען געשטופּט די קאַן אין האַנט אַריין.

מאַטקע האָט זיך דערפרייט. אַלץ איז אים דאָ געפעלן און ניי געווען. ער האָט געכאַפּט די קאַן, איז געגאַנגען צום פּלומפּל, האָט געבראַכט אַ קאַן מיט וואַסער. די מייסטערין האָט אים געוויזן דאָס טונדל. ער האָט אָנגעגאָסן, איז ווידער געלאָפן, און עס האָט ניט געדויערט קיין צוויי מינוט, איז ער שוין געווען צוריק.

ווידער האָט ער זיך אָוועקגעזעצט, געדרייט די דראָטווע, וואָס ער האָט ניט געקאָנט האַלטן אין דער האַנט צוליב דעם שטיקל וואַקס. האָט ער זיך ווידער אומגעקוקט אין שטיבל. איצט האָט אים פאַראינטערעסירט דער שוואַרצער קאָטער, וואָס איז אָנגעבונדן מיט אַ לאַנג שטריקל צום בעט און דרייט זיך צווישן די פיס פון דער מייסטערין. וואו זי גייט, גייט ער מיט, און עס דאַכט זיך מאַטקען, אַז די מייסטערין מיט דעם קאָטער זיינען צונויפגעוואַקסן און עס קאָן שוין ניט איינס אָן צווייטן זיין.

באַלד דערפילט ער ווידער אַ שטופּ אין זייט:

— נאַ, צעהאַק מיר האָלץ, — האָט זי אים געגעבן דעם האַקמעסער אין האַנט אַריין.

מיט גרויס חשק האָט זיך מאַטקע גענומען דאָס האָלץ צעהאַקן. ער איז שוין געוואוינט געווען פון דער היים, עס איז אים אייגנטלעך דאָ געפעלן. עס איז אַלץ ניי געווען. נאָר ער האָט געקוקט אויפן קאָטער און האָט גרויס חשק געהאַט דעם קאָטער דעם עק אָפּצוהאַקן.

ער האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט אויפן קליינעם בענקל און ווידער געצויגן דעם שנור דורכן וואַקס. ער האָט זיך ווידער אומגעקוקט אין שטיבל. די מייסטערין האָט געמאַכט פייער, אַוועקגעזעצט זיך אין שוואַרצן ווינקל ביים קיכל און איז איינגעשלאָפן. דער קאָטער איז אַרויפגעקראָכן ביי איר אויפן שויס און איז אויך איינגעשלאָפן. אין דער שטוב הערט זיך דאָס רעגלמעסיקע קלאַפּן פון העמערל אויף דער זויל. דער מייסטער זיצט איבער אַ שטיוול, אַלע זיצן איינגעבויגן, פאַרטאָן אין דער אַרבעט. דער זייגער קלאַפּט טיק־טאַק. און באַלד איז מאַטקען דאָס גאַנצע שטיבל מיט דעם מייסטער, מיט דער מייסטערין און דעם קאָטער אַזוי פאַרמיאוסט און לאַנגווייליק געוואָרן, אַז ער האָט געוואָלט אַרויסלויפן. ער האָט געבענקט נאָך דער גאַס, געקוקט אויפן פענצטערל און דערזען ווי די זון קריכט פון דרויסן אויף דער צווייטער זייט פענצטערל, וויל זיך אַריינקריגן אין שטיבל אַריין און קאָן ניט. איז אים עפּעס אומעטיק געוואָרן. עס האָט זיך געוואָלט זיך אויפהייבן און אַרויסלויפן דורך דער טיר, נאָר ער האָט עפּעס אַן אימה געהאַט, און ער האָט זיך איינגעהאַלטן. ער האָט שוין אָבער ניט געקאָנט איינזיצן, געוואָרפן זיך אויפן בענקל, ניט געוואָלט מער דרייען די דראָטווע אין וואַקס. דער קאָטער איז אים מיאוס געוואָרן, ער איז בייז געווען אויף אים און געטראַכט ביי זיך: איצט איז די ריכטיקע צייט, ווען ער שלאָפט אַזוי, דעם עק אים אָפּצוהאַקן מיטן האַקמעסער.

ער האָט זיך אומגעקוקט און געזוכט דעם האַקמעסער. ער האָט עס דער־

זען אין ווינקל, וואו ער האָט געהאַקט האָלץ. ער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען דעם האַקמעסער. דער מייסטער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דער אַרבעט און געפרעגט:

— וואָס ווילסטו טאָן?

מאָטקע האָט געהאַלטן דעם האַקמעסער אין דער האַנט און געשוויגן.

פון דעם מייסטערס קול האָט די מייסטערין זיך אויפגעכאַפּט אינאיינעם מיטן קאָטער. זי האָט זיך אַרומגעקוקט נייגעריק איבער דער שטוב אינאיינעם מיטן קאָטער, און באַלעקט זיך מיטן צינגל. פּלוצלינג האָט זי זיך אָן עפּעס דערמאָנט, איז צוגעגאַנגען צו אַ קאָמאָד, האָט אַרויסגענומען פון דאָרט קליינ־געלט און עס געגעבן מאָטקען, ער זאָל ברענגען פון געוועלבל אַ ברויט מיט צוויי הערינג.

מאָטקע האָט גענומען דאָס געלט אין האַנט אַריין און איז אַרויס אין גאַס. ער האָט געוואוסט, אַז צוריקקומען וועט ער שוין נישט. עס האָט אים נאָר באַנג געטאָן, וואָס ער האָט דעם קאָטער דעם עק ניט אָפּגעהאַקט מיטן האַק־מעסער. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט עס נאָך טאָן אַמאָל.

ער איז אַרויס אויף דער גאַס. די זון האָט אים אַרומגעכאַפּט און זיך דערפרייט מיט אים, וואָס זי דערזעט אים ווידער אויף איר ליכטיקן שיין. דאָס געלט האָט אים געבריט אין דער האַנט. ער האָט זיך ערשט פאַר גדולה געלאָזט לויפן. ער איז אָנגעקומען אין מאַרק און דערפילט דעם ריח פון די עפּל און די פרישע באַרן, און עס איז אים גוט געווען. ער איז פאַרבייגעגאַנגען די בע־קעריי, האָבן אים אָנגעשמעקט די פריש־געבאַקענע ברייטלעך און זעמל, איז ער אַריינגעגאַנגען, האָט זיך אָנגעקויפט פולע קעשענעס מיט זעמל, און גע־נומען גלייך עסן. פון דערווייטנס האָט ער דערזען ווי פייגעלע זיצט איינגע־מויערט אַרום אירע קוישן, טונעץ און זעק מיט אויבסט אין מיטן מאַרק. איז ער צו צו איר און האָט אַרויסגעכאַפּט פון דער מולטער עטלעכע באַרן.

ווען פייגעלע האָט אים דערזען, האָט זי זיך די הענט געבראָכן און אַ געוואַלד געמאַכט.

— וואָס טוסטו דאָ אין מאַרק אין מיטן העלן טאָג? ביסט אַנטלאָפן פון מייסטער? דער טאַטע דיינער וועט דאָך דיך ממיתן.

מאָטקע האָט זיך דערמאָנט, וואָס ער האָט געטאָן. אַ העלפט געקויפטע זעמל האָט ער שוין געהאַט אויפגעגעסן, צוריקגיין צום מייסטער קען ער שוין ניט. עס האָט אים קיין איין מינוט ניט באַנג געטאָן, פאַר וואָס ער האָט אַזוי געטאָן. נאָר ער האָט דערפילט די מורא פאַרן שלאָגן. ער האָט דערשפּירט ווי אַ יונגער הונט, אַז מען וועט אים באַלד זוכן, און מען וועט זיך באַלד יאָגן נאָך אים.

ער האָט דערפילט, אַז ער דאַרף זיך באַהאַלטן. ער האָט זיך אָפּגעטראָגן פון מאַרק, איז אַריין אין אַ שמאָל געסל. דערנאָך האָט ער זיך אָן עפּעס דערמאָנט, איז אַריבער אַ פּלויט און אַריין אין הויף צו נאָטע קאָטערינאַרזש און צוגעקראָכן

אויף אַלע פיר צו דער בודקע פון דעם הונט בורעק. דאָרט האָט ער זיך אַוועק־געלייגט און זיך איינגעקאָרטשעט.

דער הונט האָט אים דערפילט, באַשמעקט, באַלעקט די הענט און דאָס פּנים. מאַטקע האָט אַרויסגענומען פון קעשענע די איבערגעבליבענע זעמל און געטיילט זיך מיטן הונט. דער הונט האָט געקייט אַ האַלבן זעמל, מאַטקע די אַנדערע העלפט. ער האָט געוואוסט איצט, אַז מען זוכט אים אַרום. דער טאַטע, דער מייסטער, די מייסטערין דרייען זיך אַרום אין מאַרק מיט שטעקנס, מיט רימענס און זוכן אים. עס האָט אים ניט באַנג געטאָן, ער האָט ניט מורא געהאַט פאַר די קלעפּ. נאָר דאָס האַרץ האָט אין אים געשלאָגן, און די אויגן האָבן ביי אים געגלאַנצט. ער האָט זיך באַהאַלטן אונטער דעם בויך פון הונט און אַרויס־געקוקט מיט די גנבישע אויגן פון דער בודקע אין הויף אַריין, צי זיי קומען ניט נאָך אים.

אַזוי איז ער אָפּגעלעגן אַ גאַנצן טאָג, ביז עס איז שפּעט געוואָרן. ביינאַכט איז אים געוואָרן קאַלט. ער האָט זיך צוגעטוליעט צום הונט, דער הונט האָט דערפילט, וואָס ער וויל, האָט ער אים פאַרדעקט און געוואַרעמט מיטן בויך און באַלעקט אים מיט דער צונג.

---

שפּעט ביינאַכט האָט זלאַטקע דערהערט, עפּעס וואָס קראַצט הינטער דער טיר פון קעלער. זי איז ניט געשלאָפן, האָט געוואַרט אויף דעם אַ גאַנצע נאַכט. ווען זי האָט דערהערט דאָס שאָרכען הינטער דער טיר, האָט איר האַרץ אויפ־געציטערט. זי איז פּאַמעלעך אַרויסגעקראָכן פון בעט און זיך איינגעהאָרכט, צי דער בלינדער לייב שלאָפט. ער האָט געשנאָרכט הויך, איז זי צוגעקראָכן צום קוימען, האָט אַראָפּגענומען פון דאָרט אַ טעפּל, פּאַמעלעך אויפגעעפנט די טיר און דאָס טעפּל אַרויסגעשטעלט. דערנאָך האָט זי אין אַ ווינקעלע געזוכט און גענומען דאָס אַלטע טוך, וואָס זי האָט אָנגעגרייט, און עס אַרויסגעטראָגן אין פירהויז אַריין. צווישן די קערב און די טונען איז געלעגן מאַטקע, אַן איינ־געקאָרטשעטער, און האָט געציטערט פאַר קעלט. זי האָט אים צוגעוואָרפן דאָס טוך, צוגעשטעלט דאָס טעפּל און געשעפּטשעט אין דער שטיל:

— מאָרגן באַגינען אַנטלויף, וואָרים אַז דער טאַטע וועט דיך דאָ פּאַקן, וועט ער דיך ממיתן. — און זי איז צוריק אַריין אין קעלער און אין דער שטיל אַרויפגעקראָכן אויפן געלעגער, אַז דער בלינדער לייב זאָל ניט דער־הערן.

# 8

צומאָרגנס באַגינען, ווען מאַטקע האָט געהאַלטן אינמיטן בעסטן שלאָף, האָט ער דערפילט, ווי פייערדיקע ריטער שפרינגען אַרום איבער זיין פּנים, איבער זיינע אויגן, אויערן און הענט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזען, ווי ווייט ער האָט געקאָנט, אַז דער פאָטער שטייט איבער אים ווי אַ גזלן, מיט אַ באַטעק אין דער האַנט, און שלאָגט אים. דער יונג האָט ניט געוויינט, ניט געשריגן, ער האָט נאָר געפּרואווט פאַרשטעלן דעם קאָפּ אונטערן טוך. דאָס איז אים אָבער ניט געלונגען: די הענט זיינע זיינען געווען צוגעבונדן מיט אַ שטריק הינ־טער־אַרום. דער פאָטער האָט אים אין שלאָף געבונדן.

ער האָט דעם פאָטער געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין, און איטלעכער ברען פון באַטעק מיט דער בלייערנער קויל האָט אים די אויגן פאַרבלענדט. דאָך איז ער געלעגן און געפּרואווט. ווי ווייט ער האָט געקאָנט, באַהאַלטן דעם פּנים. די מוטער איז געשטאַנען דערביי, האָט געריסן דעם פאָטער ביי דער פאָלע. זי האָט זיך שוין אַליין אַוועקגעשטעלט און פאַרדעקט מאַטקען מיט איר קערפּער, האָט זי געקראָגן די קלעפּ. דער פאָטער האָט זי אַוועקגעשמיסן מיטן באַטעק, די מוטער האָט אויסגעשריגן פאַר ווייטיק, האָט מאַטקע געפּרואווט נאָכאַמאָל זיך אויפכאַפּן און וואַרפן זיך אויפן טאַטן. ער האָט אָבער ניט געקענט: די הענט און די פיס זיינען אים געווען צוגעבונדן. האָט ער זיך שוין אַוועק־געלייגט ווי אַ געשאָכטן קאַלב און געלאָזט זיך שלאָגן, וויפיל דער פאָטער האָט נאָר כּוח געהאַט.

אַז דער יונג האָט שוין געבלוטיקט פון פּנים און זיך ניט מער רירן גע־קאָנט, האָט אים דער פאָטער אַרויסגעצויגן ביי די אויערן אין גאַס אַרויס און נאָך געשלאָגן, שלעפּנדיק אים איבער דער גאַס:

— צום מייסטער גיי, צום מייסטער.

דאָס מאָל איז זלאַטקע ניט נאָכגעגאַנגען מיט אַ זעמל און אַ גריסקע, ווי זי האָט דאָס געטאָן, ווען מען האָט מאַטקען אין חדר געשלעפּט. זי האָט זיך געשעמט, וואָס זי האָט אַזאַ זון אויפגעצויגן, איז זי געבליבן אין דער היים און האָט געוויינט אויף איר ביטערן מזל.

מענטשן אין גאַס האָבן געזען ווי דער בלינדער לייב שלעפּט דעם יונג ביי דער שטריק איבער דער גאַס. האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מינוט, וויפיל זיי האָבן צייט געהאַט, צוגעשאַלטן און לייבן מוט צוגעגעבן:

— דאָס איז גוט... ביסטו אַ טאַטע, זיי אַ טאַטע, לערן אַ קינד.

— לייב, וועסט צרות האָבן פונם יונג. לייב, האָלט אים שמאָל: עס וואַקסט אויף אַ חיה, וואָס די וועלט האָט נאָך ניט געזען אַזעלכעס, — זאָגט נביאות אויף אים אַהרן־מאיר דער וואַסער־טרעגער, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען מיט די הילצערנע עמער איבערן געסל.

— האָב ניט קיין מורא, איך וועל שוין פון אים דעם גנב אַרויסהאַקן, ער וועט שוין ביי מיר אַ לייט ווערן, — האָט דער בלינדער לייב אָפּגעענטפערט. שלאָגנדיק מאָטקען: — גיי ממזר, גיי.

מאָטקע האָט זיך געלאָזט קאָפּיען, שלאָגן. דאָס בלוט איז אים גערונען איבערן פּנים, און די שטריק האָבן אים איבער די הענט פון הינטן געשניטן.

דער מייסטער בעריש כוואַט מיט דער מייסטערין דאָבטשע, דער עלטע־רער געזעל, העניך פּיקניק, און די דריי לערן־ייִנגלעך האָבן שוין מאָטקען אָפּ־געוואָרט אים מקבל־פּנים צו זיין, ווען דער פאָטער האָט אים אין דעם געווערק־שטעל אַריינגעשליידערט און געגעבן אים אַ בענץ אַנידער אויף דער ערד, ווי אַ זעקל קאַרטאָפל.

— ר׳ בעריש, טוט מיט דעם יונג, וואָס איר ווילט. איר גיט אים עסן, האָט איר רעכט אים צו שלאָגן. זייט צו אים אַ טאַטע אַזוי ווי איך. אייער געלט צוגענומען, אייער ברויט אויפגעגעסן, שלאָגט אים.

— איך וועל אים שוין שלאָגן. איך וועל אים שוין לערנען פון אַ מייסטער צו אַנטלויפן, געלט צוצונעמען, — זאָגט דער אַלטער בעריש, וועלכער איז רויט געוואָרן ווי אַ בוריק פון כּעס, ווען ער האָט דערזען דעם יונג. ער האָט פאַרביסן די איבערשטע געשפּאָלטענע ליפּ און איז אַרויפגעקראָכן אויף אַ בענקל זוכן עפּעס אויף אַן אַלטער פאַרשטויבטער פּאָליצע.

— וואו האָסטו אים געפּאַקט? — פרעגט דער אַלטער בעריש, אַראָפּנע־מענדיק פון דער פּאָליצע אַ חזיר־רימען, וואָס ער האָט באַנוצט צו שלאָגן זיינע לערן־ייִנגלעך. — דאָבטשע, גיב מיר נאָר אַביסל עסיק דעם רימען צו באַשמירן. ער ברעכט זיך שוין, — זאָגט דער אַלטער גלייכגילטיק, ברעכנדיק דעם רימען.

— ער איז דאָך נאָך אַהיים געקומען שלאָפן אין קעלער אַריין, און מיין ווייב האָט אים נאָך אַרויסגעשטעלט אין פירהויז אַ טעפּל קאַרטאָפליעס מיט ברויט: זיי האָבן געמיינט, אַז איך שלאָף. איך האָב אַלץ געהערט, האָב איך נאָר געוואַרט, אַז דער יונג וועט איינשלאָפן. איך האָב אים געבונדן אין שלאָף, און אַז ער איז שוין געווען געבונדן, האָב איך אים ערשט מקיים פּסק געווען. מיין אַלטע האָט ניט געלאָזט, האָב איך איר אויך אַרונטערגעלאָזט.

— אַלץ איז די מוטער שולדיק: זי האָט דאָך אים קאַליע געמאַכט, זי נעמט זיך דאָך אָן פאַר אים, לאָזט אים נאָך אין קעלער אַריין, גיט אים נאָך צו עסן, זאָל עס ניט אויפוואַקסן אַ גנב? — זאָגט דאָבטשע פון דעם צוגעבונדענעם פּנים אַרויס, ווי פון אַ הוילער פּאַס, און גיסט זיך אָן אויף דער האַנט עסיק און שמירט אַדורך דעם חזיר־רימען.

דערוויל איז מאָטקע געלעגן, אַ געבונדענער, אין מיטן שטוב און אויס־געהערט דאָס גערייד, וואָס מען פירט איבער אים. די לערן־ייִנגלעך מיט בלייכע צעשראָקענע פּנימער און גלאַנציקע אייגעלעך, צופרידענע איבער דעם שפּיל, וואָס דאָ וועט פאָרקומען, האָבן געקוקט אויף אים מיט רחמנות און טשיקאַווע. דער קאָטער איז צוגעקראָכן צו אים, באַקוקט אים ווי דאָבטשע די

מייסטערין, באַלעקט אים מיטן רויטן צינגל און איז אַוועקגעגאַנגען. מאָטקע האָט אים גאָרניט געקאָנט טאָן. ער איז געווען געבונדן. באַלד האָט ער דערפילט, ווי אַ מעסער שניידט און שפּאַלט זיין הויט. דאָס איז געווען דער חזיר־רימען, וועלכער האָט זיך איינגעשניטן מיט פולער קראַפט אין זיין לייב אַריין. דאָס מאָל האָט מאָטקע ניט געשוויגן. דערזען דעם אַלטן פרעמדן יידן, וואָס שטייט מיט דעם רויטן פּנים און שלאָגט אים מיטן רימען, דערזען די מייסטערין, וועלכע באַלעקט זיך מיטן צינגל, און לעבן איר דעם שוואַרצן קאָטער, וועלכער באַלעקט זיך אויך, און די צעשראָקענע לערן־ייִנגלעך, וועלכע קוקן אויף אים מיט גלאַנציקע אייגעלעך, האָט זיך אין מאָטקען אויפגעוועקט צוריק דער כּוח. ער האָט זיך געגעבן אַ וואָרף און זיך געגעבן אַ לאָז אַריין אין אַ פּאַק טעלער פון נעכטיקן ניט־געוואַשענעם געפעס, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל שטוב, — אַ קלימפּער, און די טעלער צעבראָכן. דאָבטשע האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געוואַלד, אין דעם מייסטער האָט זיך נאָך מער צעברענט דער כּעס. ער האָט מאָטקען געגעבן אַ כאַפּ. די לערן־ייִנגלעך האָבן זיך אַרויפגעזעצט ביי אים אויף די פיס, דער געזעל האָט געהאַלטן די הענט, דאָבטשע האָט צוגעדריקט דעם קאָפּ צו דער פּאָדלאָגע, דער אַלטער האָט די הויזן אַראָפּגעריסן, און דער חזיר־רימען איז באַלד אַרומגעשפּרונגען, ווי אַ פייערדיקע שפּיז, איבער דעם נאַקעטן לייב. צוערשט האָט זיך געוויזן אַ בלויער פּאַס, דערנאָך האָט עס געגעבן אַ שפּריץ מיט בלוט...

פּלוצלינג האָט די טיר זיך געגעבן אַ פּראַל־אויף און זלאַטע איז אַריין מיט אַ געוואַלד.

— גזלנים, וואָס ווילט איר פון אים? — און זי האָט אינגאַנצן, אַזוי גרויס ווי זי איז געווען, זיך געגעבן אַ צי־אויס אויפן יונג, פאַרשטעלנדיק אים מיט זיך.

— נאַט, אַז די מאַמע אַליין לערנט אים אַזוי צו זיין, — שרייט אויס דער אַלטער בעריש. — גיט מיר צוריק מיין רובל מיט דעם, וואָס דער יונג האָט אויפגעפרעסן, און נעמט אים אייך צוריק. איך וויל אים ניט האָבן!

— מיין מאַן האָט קיין כּוח ניט צו אַזאַ יונג. ער שטעלט אונז בדלות. מיין מאַנס שווער פאַרהאָרעוועטן גראָשן אויפגעפרעסן. און דאָס קומט זיך נאָך אָננעמען פאַר אים... נעמט אייך אים צוריק, איך באַדאַרף ניט פרעמדן שמוץ, — שרייט דאָבטשע פון דעם צוגעבונדענעם טוך אַרויס.

— זלאַטקע, טרעט אָפּ, זלאַטקע, וואָרים איך מאַך דיר אַ טויט, — טופּעט מיט די פיס דער בלינדער לייב.

זלאַטקע האָט זיך דערשראָקן און איז אָפּגעטראָטן פון יונג.

— זעסטו, וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט? פרעמדע מענטשן נעמען זיך פאַר דיר אָן, ווילן אויס דיין ממזר אַ לייט מאַכן, און דו קומסט נאָך שרייען אויף זיי. דאַנקען וואָלסטו דאָך זיי באַדאַרפט. נאַ, נעם דיר צוריק אַהיים איצט דיין ממזר.

— דאָס האַרץ ווערט דאָך מיר צעריסן, אַז איך זע ווי זיי קאַטעווען דעם יונג. זיי וועלן דאָך אים אַ טויט מאַכן, — זאָגט זלאַטקע, צוריקטרעטנדיק אין טרערן.

— ר׳ בעריש, קוקט ניט אויף איר, טוט מיט אים וואָס איר ווילט. קאַטעוועט אים, מאַכט אים אַ טויט. איר גיט אים צו עסן, איר לערנט אים אַ מלאָכה, מעגט איר.

— נייך, לייב, נעם אים צוריק, איך וויל ניט האָבן מער מיט אים צו טאָן. גיב מיר צוריק דעם רובל, וואָס איך האָב דיר געגעבן האַנטגעלט, און די פּאָר גראָשן, וואָס דער יונג האָט פאַרטאַכלעוועט.

— זעסט, וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט, זלאַטקע, איך וועל דיך טויטן מיטן יונג צוזאַמען. בעט ר׳ בערישן, ער זאָל אים צונעמען איצט. בעט פּאַר דיין ממזר, בעט.

— איך בין איר מוחל, זאָל זי זיך האַלטן מיט איר סחורה, אַז זי שטעלט זיך איין פאַר אים, — האָט דער אַלטער בעריש געזאָגט, אַוועקלייגנדיק דעם רימען.

— מיר וועלן קריגן אַזעלכע סחורות, — באַלעקט זיך דאַבטשע. — געהערט ?

— זעסטו ? — האָט דער בלינדער לייב אָנגעקוקט זלאַטקען.

זלאַטקע האָט טאַקע איינגעזען איר נאַרישקייט. זי האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, ביז זי איז, צום סוף, צוגעפאַלן מיטביידע הענט אויף מאָטקעס קאָפּ און גענומען אים שלאָגן :

— וואָס דו טוסט מיר אָן, דו שלעכט קינד. אויסגערונען וואָלסטו באַ־דאַרפט ווערן איידער דו ביסט געבוירן געוואָרן.

— אַזוי רעדט איר. ווי אַ מוטער, — זאָגט דער אַלטער ר׳ בעריש אָפּ־ווישנדיק דעם שוים פון די ליפּן און די וואָנצעס, וואָס איז אים געקומען פון כּעס.

נאָר זלאַטקע האָט שוין מער ניט געהערט. זי האָט געכאַפּט דאָס טוך און איז אַנטלאָפן, וואו די אויגן האָבן זי געטראָגן.

נאָך דער סצענע האָט בעריש מאָטקען שוין ניט געשלאָגן. דער געזעל מיט די דריי לערן־ייִנגלעך האָבן אים אָנגענומען און אַראָפּגעטראָגן אין קעלער אַריין, אַנידערגעלייגט אים אויף דער פייכטער ערד און פאַרמאַכט דעם קעלער מיט דער ברעט.

אַ לאַנגע צייט איז מאָטקע געלעגן אויף דער פייכטער ערד און האָט ניט געוואוסט, צי ער שלאָפט, צי ער איז וואַך. ער האָט געפילט אַ ווייטיק אין אַלע גלידער און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז די הענט מיט די פיס זיינען אים דורכגעבראָכן און ער וועט שוין גאָרניט קענען טאָן. פון דעם שלאָגן און דעם רייסן זיך האָבן לויז געמאַכט די שטריק, וואָס האָבן אים געבונדן די הענט מיט די פיס. נאָך אַ לאַנגער וויַיל האָט ער געפּרוווט מיטן גאַנצן קערפּער אַראָפּצו־

רוקן די שטריק פון די הענט. דאָס איז אים געלונגען. ער איז ווידער אַ לאַנגע ווייל געלעגן מיט פרייע הענט און נאָך ניט געפּרוואווט רירן מיט זיי. מיטאַמאָל האָט זיך באַוויזן דער שוואַרצער קאָטער צו אים אין קעלער. דער קאָטער איז צוערשט אַרומגעגאַנגען אין די ווינקעלעך, פון וואַנען עס האָט זיך געהערט אַ קראַצן פון מייז. ווען דער קאָטער האָט זיך באַוויזן, איז שטיל געוואָרן אין קע־לער. דערנאָך איז דער קאָטער צוגעגאַנגען צו אים, באַשמעקט אים, אַרויסגע־שטעקט דאָס רויטע צינגל און באַלעקט אים. מאָטקע האָט אים אָפּגעקאָפּיעט מיט די פיס. דער קאָטער האָט זיך פאַרוואונדערט און איז אַוועק. דערנאָך האָט מאָטקע באַמערקט דאָס קליינע פענצטערל, וואָס איז ביים געוועלב פון קעלער. עס איז אים עפּעס איינגעפאַלן, נאָר ער האָט נאָך ניט געפילט קיין כּוח דאָס אויסצופירן. ביסלעכווייז האָט דער כּוח זיך אָנגעזאַמלט אין אים. ער האָט זיך דענסמאָל שטיל אויפגעהויבן, איז צוגעקראָכן אויף אַלע פיר, האָט צוגערוקט צום פענצטערל דעם זאַק מיט קאַרטאָפל, איז אַרויפגעקראָכן אויף די קאַר־טאָפל און האָט געפּרוואווט אַרויסשטעלן דעם קאָפּ. עס איז געגאַנגען. ווייטער האָט ער ניט געקענט: עס האָט געשטערט דאָס דראָטענע שטאַכעטל. מאָטקע האָט זיך אָנגעלענט דערויף מיט ביידע הענט, האָט אונטערגערוקט דעם קערפּער און זיך איינגעקוועטשט אין דעם לעכל פון פענצטערל. ער האָט ניט געפילט קיין ווייטיק, קיין דריקעניש, נאָר וואָס כּוח ער האָט געהאַט, האָט ער אַריינגע־שטעקט דאָס קערפּערל און איז געקראָכן דורך דער לאָך. ער האָט זיך אַרויס־געגליטשט און איז געבליבן ליגן מיטן קאָפּ אין רינשטאָקל.

אַרויסגעקומען אויף דער פרייער לופט, האָט ער זיך אומגעקוקט, צי קיינער זעט נישט, האָט אויסגעזוכט אַ שאַרפן דריי־קאַנטיקן שטיין, איז אַרונ־טערגעקראָכן אויף אַלע פיר אונטער בעריש כוואַטס פענצטערל און מיט וואָס כּוח ער האָט געהאַט געגעבן אים אַ לאָז אַריין אין די שויבן.

עס האָט געגעבן אַ קלימפּער פון גלאָז. פון אינעווייניק האָט זיך געהערט אַ געשריי, נאָר מאָטקע איז שוין ניט געווען. ער איז שוין אַרונטער אונטער אַ פּלויט. פון דאָרטן האָט ער זיך אַדורכגעלאָזט דורך אַ פינצטערן קאָרידאָר אין אַ הויף אַריין. דערזען אין הויף אַ קופּע מיט ברעטער, האָט ער זיך געגעבן אַ לאָז אַרונטער אונטער די ברעטער און איז דאָרט געבליבן ליגן שטיל.

ער האָט געהערט ווי מען לויפט אין הויף. ער האָט דערקענט דעם מייס־טערס קול, דעם געזעל, די לערן־ייִנגלעך. ער איז געלעגן אין לאָך אונטער די ברעטער. אַמאָל זיינען זיי שוין גאַנץ נאָענט געווען לעבן אים, זיי האָבן אים אָבער ניט געזען. אַזוי איז ער אָפּגעלעגן ביז פאַרנאַכט.

אַז עס איז נאַכט געוואָרן, איז אים קאַלט געוואָרן. ער איז אויך געווען הונגעריק. ער האָט געקלערט וואוהין צו גיין. דערמאָנט זיך אָן זיין פריינט בורעק דעם הונט, איז ער אַרויס פאַרזיכטיק פון אונטער די ברעטער, אַוועק דורך הינטער־גאַסן, אויסמיידנדיק מענטשן. ער איז אַריין צו נאָטע קאָטע־רינאַרזש אין הויף, איז צוגעקראָכן אויף אַלע פיר אין בורעקס בודקע. דער

הונט האָט אים באַלעקט, דערוואַרעמט. ער האָט געזוכט אין דער בודקע און געפונען דעם טעלער מיטן עסנוואַרג, וואָס שטייט אָנגעגרייט פאַרן הונט. האָט געפּרוואווט עסן, ניט געקאָנט, אויסגעשפּיגן. צום סוף איז ער אַזוי מיד און דערשלאָגן געוואָרן, אַז ער האָט זיך איינגעקאָרטשעט אונטער דעם הונטס בויך. דער הונט האָט אים באַהויכט און אָנגעוואַרעמט מיט דעם אָטעם פון זיין פּיסק און מיט די וואַרעמע האָר, און מאָטקע איז זיכערער איינגעשלאָפן בים הונט, וויסנדיק, אַז ער געפינט זיך ניט צווישן מענטשן.

# 9

דער הונגער האָט מאָטקען אַרויסגעטריבן פון דער בודקע, וואו ער האָט זיך געהאַט באַהאַלטן איבער נאַכט. פאָרזיכטיק האָט ער זיך אומגעקוקט אין שמאָלן געסל, איבערן פּלויט, צי דער פאָטער אָדער דער מייסטער יאָגן אים ניט נאָך. אין געסל איז געווען שטיל. פאַרטאָג. די זון האָט ערשט פריש געשיינט איבער דעם ברוק און זיך יום־טובדיק אָפּגעשפּיגלט אין די געוואַשענע שויבן. נאָך ניט אַלע איינוואוינער פון געסל זיינען וואַך געווען. טייל לאָדנס זיינען געווען פאַרהאַקט. שלמהלע קצב טראָגט אַ פרישע ריפּ פלייש איבער דעם אַקסל. איבערן בריקל קומט צו פאָרן חיימל מילכיקער מיט די טונען מילך פון דאָרף. פון בעקער־געוועלבל שמעקט אַרויס פריש געבעקס: ברויט מיט מאָן און מיט קימל באַשאָטן. מאָטקע איז געשטאַנען און האָט געציטערט פאַר קעלט: ער איז איבער נאַכט ביים הונט געפרוירן געוואָרן. דאָס האַרץ האָט אים גענאָגט פון הונגער. דער פרישער ריח פון ברויט האָט אים אָנגעשמעקט. דער ריח פון פּוטער, מילך און די ריפּ פלייש אויף שלמהלעס אַקסל האָבן אים געררייצט. ער האָט געוואָלט אַריין צום בעקער גנבענען אַ ברויטל. דער בעקער איז אָבער געשטאַנען אין דער טיר פון זיין געוועלבל. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די נעכטיקע קלעפּ, אָפּגעטרייסלט זיך און איז געגאַנגען אין מאַרק אַריין.

עס איז געווען פרייטיק, אַ מאַרק־טאָג פאַר אָסיען, ווען אַלץ אויפן פעלד, אין גאָרטן און אין שטאַל איז רייף און אויסגעוואַקסן. די פּויערים האָבן געבראַכט פון די דערפער דאָס בעסטע און דאָס צייטיקסטע צו פאַרקויפן: פעטע הינדלעך מיט געבונדענע פיס זיינען געשפּרונגען איבער די פּויערשע פורן. דער מאַרק איז געווען פאַרכאַפּט פון געוואַלדן פון די פאַרשיידענע מינים עופות וואָס מען האָט אין שטאָט געבראַכט צום פאַרקויפן. פעדערן זיינען אַרומגעפלויגן. אין מיטן מאַרק איז זעליגל דער דאָרפס־ייד מיט באַשקען זיין מויד ביי אַ באַליע לעבעדיקע פיש געזעסן. גרינוואַרג און רייפע פירות, בלויע פלוימען

און רויטע מאַלינעס, זייַנען געווען פֿאַרשפּרייט אַרום באַשען. אירע רויטע באַקן, קאַלט פון דעם פרישן פרימאָרגן, האָבן אויך אויסגעזען ווי רייפע פרוכט, וואָס מען האָט פון דאָרף געבראַכט צווישן אַנדער עסנוואַרג. וואָס אַמאָל זייַנען נייע פורן אין מאַרק אָנגעקומען מיט פרישן אויבסט, קאַטשקעס, הינער, גענדז, פוי־ערים מיט קעלבלעך, פויערים מיט זעקלעך קאַרטאָפל, פאַכטערס מיט פוטער און אייער, קעז און מילך. און דער גאַנצער מאַרק איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם ריח, וואָס די פירות האָבן אַרויסגעגעבן. עס האָבן זיך באַלד געוויזן הינט אין מאַרק, וואָס האָבן געשמעקט צו איטלעכן וואָגן. דער ריח פון עסנ־וואַרג האָט ביי זיי דעם אַפּעטיט אויפגעוועקט. און מיט די הונגעריקע הינט האָט זיך אויך מאָטקע מיטגעשלעפּט. ער איז ווי זיי נאָך דעם ריח פון דעם עסנוואַרג אין מאַרק אָנגעקומען און אָנגעהויבן זיך פלאָנטערן צווישן די פורן. ער האָט נאָר מורא געהאַט פאַרן טאַטן מיט בעריש דעם מייסטער, האָט ער זיך אַלע ווייל מיט שרעק אומגעקוקט. ער איז אָנגעקומען צו די שטעלן פון אויבסט און האָט אויפגעקליבן פון צווישן די שטיינער די פאַרפוילטע עפל און ווערימדיקע פלוימען, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט, ער האָט עס אָבער ניט געקאָנט עסן. עס איז אים אינעווייניק אין די קישקעס קאַלט געווען, און ער האָט געציטערט. עס האָט אים אָנגעשמעקט פרישע פוטער, וואָס אַ גויע האָט אַרויסגעלייגט פון איר קאָרב. ער איז שוין געווען נאָענט, האָט געוואָלט די האַנט אויסשטרעקן, איז ער אָבער געווען אָנגעשראָקן פון די נעכטיקע קלעפּ און האָט זיך אַוועקגעדרייט. ער איז אומרואיק געווען. באַלד האָט זיך אין מאַרק געלאָזט הערן דער ריח פון געפילטע קישקעס, געפּרעגלט חזיר־פלייש, וואָס איז אָנגעקומען פון דעם קיילערס געוועלב אין מיטן מאַרק. דער קיילער האָט נעכטן געהאַט אַ חזיר געקוילעט אויף היינטיקן מאַרק, און דאָס האָט מען איצט די קישקעס געפילט, — די ערשטע האָבן עס דערשמעקט די הינט אין מאַרק און אָנגעהויבן זיך צוזאַמענקלייבן פאַרן קיילערס שוועל, באַלעקט זיך מיט די צונגען און געקוקט מיט די זשעדנע אויגן אין דער קראָם פון טריפן פלייש. אויף דער שוועל פון זיין קראָם איז געשטאַנען שאַלץ, דער דיקער דייטש, מיט אַ פאַרבלוטיקטן שערץ, און די הינט האָבן מיט רעספּעקט געקוקט אויף אים. דער וואַרעמער ריח פון די גערויכערטע קישקעס האָט אויך מאָטקען געצויגן אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט זיך גאָר דערשראָקן. מאָטקען געטראָפן אינאיינעם מיט די הינט צו דער טיר פונם קיילערס געוועלב. די זון האָט דאָרט געשיינט, און די שטיינער פון די טרעפּלעך זיינען וואַרעם געווען, — האָט ער זיך אויף די טרעפּלעך פונם געוועלב אַוועקגעזעצט, געוואַרעמט זיך אין דער זון און אין זיך איינגעאָטעמט דעם ריח פון דעם געבראָטענעם חזיר־פלייש. די סלינע איז אים געקומען אין מויל אַריין, און עס איז אים גוט געווען, און די הינט האָבן געקוקט אויף אים מיט קנאה, וואָס ער געפינט זיך אַזוי נאָענט צום פלייש.

דער מאַרק האָט זיך אָנגעהויבן אָנפילן מיט פעטע יידישע ווייבער, און עס איז געוואָרן אַ גרויס גערודער פון מענטשן־מיילער, אויסגעמישט מיט די

געשרייען און קולות פון די עופות. איין ייִדענע האָט פון דער צווייטער די גענדז, די קאַטשקעס, די הינער פון די הענט געריסן, די פּאַכטערס האָבן זיך גע־קריגט מיט זיי, און די פעדערן פון די עופות זיינען איבער זייערע קעפּ גע־פלויגן. צווישן דעם הו־האַ זיינען זיך רואיק געשטאַנען פאַר די טירן פון זייערע געוועלבלעך, — פון איין זייט, דער דײַטשער קיילער שאָלץ, פון דער צווייטער זייט — דער דייטשער בעקער קעניג. די הינט פון גאַס מיט מאַטקען אין שפּיץ האָבן זיך צונויפגעקליבן אַרום זייערע געוועלבלעך. דער קיילער און דער בעקער האָבן אָבער ניט באַמערקט ניט די הונגעריקע הינט, ניט דעם הונגעריקן מאַטקען. זיי האָבן זיך רואיק צוגעקוקט צום גערודער פון מאַרק, ווי די יידישע ווייבער רייסן זיך איבער די הינער, און געשמייכלט אין זיך, איבערגעוואונקען זיך איינער צום צווייטן, טראַכטנדיק זיך: דער „ראַבין" וועט סיי־ווי־סיי אַלץ טריף מאַכן, און די אַלע קאַטשקעס, גענדז, הינער וועלן אַריינפאַלן צו זיי, די דייטשן, אין די הענט, געשאַכטענע שוין, אָפּגעפּליקטע, ריינע, פאַר אַ גאָרנישט.

דערווייל האָט מאַטקע דערזען די מוטער פונדערווייטנס צווישן די פויערשע פורן. ער האָט געוואָלט צולויפן, דאָס היימישע געפיל האָט אים געצויגן. אָבער זינט די נעכטיקע קלעפּ האָט דער מאַמעס אָנבליק אין אים שרעק געוועקט. ער האָט מורא געקראָגן, פלינק זיך אויפגעכאַפּט און אַנטלאָפן. די הינט נאָך אים. ער האָט זיך אָפּגעטראָגן פון מאַרק און איז אַריין אין בית־המדרש־געסל, וואו דער אָקסן־מאַרק איז. דאָרט זיינען פויערים געשטאַנען מיט אָקסן, קי, קעלבער, און יידן זיינען אַרומגעגאַנגען צווישן די בהמות, געטאַפּט דאָס פעטס אויף די לעבעדיקע אָקסן און קי, געמאַלקן פון די אייטערס און פאַרזוכט די מילך, גע־דונגען זיך מיט די פויערים, געפּאַטשט זיך אין די הענט, געשריגן, געלט גע־וואָרפן. מאַטקע האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן די פיס, געוווען דאָ ביי אַ קו, דאָרט ביי אַ קאַלב. אויך געפּרואווט די הענט אונטער אַן אייטער אַרונטערצושטעקן, אויסצומעלקן מילך און אויסצוטרינקען, האָט אים דער פויער מיט אַ שטריק פון דער קו אָפּגעיאָגט. עס איז אים געשען דאָ צווישן די קי און די קעלבער, צווישן די פויערים און די יידן, ווי דאָרט צווישן די גענדז און די ווייבער.

איין ייד, דער לאָמער גדליה קצב, האָט קעלבלעך צוזאַמענגעקליבן פון מאַרק אַראָפּ, האָט זיך דער אַלטער ייד מיט זיי קיין עצה ניט געקענט געבן. די קעלבלעך זיינען זיך צעלאָפן און איטלעכס מאָל האָט ער אַן אַנדערס גע־יאָגט, וואָס איז אַריין צווישן די פורן. מאַטקע האָט עס באַמערקט, האָט ער גענומען, ווי אַ גרויסער, אַ רוט פון דער ערד און געהאָלפן דעם לאָמען גדליה די קעלבער צונויפיאָגן.

— אָט אַזוי, העלף זיי מיר טרייבן אין שעכט־הויז אַריין, וועסטו קריגן אויף אַ זעמל, טו עפּעס, יונג, העלף! דריי זיך נישט אַרום ליידיק. — שרייט צו אים דער לאָמער גדליה, וואָס עס האָט אים געקאָפּעט פוןביידע רויטע

אויגן און ער איז טויב געוועזן אויף ביידע אויערן. ער האָט געמיינט, אַז אַלע זיינען טויב, דעריבער האָט ער צו אַלעמען געשריגן.

מאָטקען איז דאָס געפעלן. ער האָט צונויפגעיאָגט די קעלבער, געדרייט דעם עק פון קאַלב, ווען עס האָט זיך אָפּגעשטעלט, מיטגעהאָלפן גדליהן די קעלבער פירן אין שעכט־הויז אַריין. עס האָבן זיך צו אים צוגעטשעפּעט אַ פּאָר גאַסן־הינט, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקענט פאַרן קיילערס געוועלב. ער האָט זיי באַפוילן און די הינט האָבן אים געהאָלפן די קעלבער אונטעריאָגן.

אין שעכט־הויז האָט זיך פאַר אים אויפגעעפנט אַ נייע וועלט. ער האָט דערזען אַזעלכעס, וואָס איז אים איבערגעבליבן אַ לערע אויפן גאַנצן לעבן. ביז צום שעכט־הויז, אַז ער האָט געזען שלמה אָדער גדליה קצב טראָגן אַ ריפּ פלייש אויפן אַקסל, איז אים גאָרניט איינגעפאַלן, אַז דאָס פלייש איז אַן אָקס, אַ קו, אַ קאַלב אָדער אַ שעפּס, וואָס ער זעט זומער פאַרנאַכט אין געסל אַהיים גיין פון פעלד. ער האָט גאָרניט געקלערט וועגן דעם און געמיינט, אַז אַ לעבעדיק קאַלב איז עפּעס אַנדערש. ער האָט געזען ווי גדליה טרייבט צונויף די קעל־בער אין הויף פון שעכט־הויז, נעמט אַ קאַלב, בינדט אים צונויף אַלע פיר פיס. דאָס קאַלב ליגט שוין אויף ער ערד און שרייט, און שטעקט אַרויס אַ פּאָר אויגן און גלאָצט. דערנאָך קומט צו אַ יידל מיט אַ פאַרבלוטיקטער קאַפּאָטע און האַלט אַ גרויס, גרויס מעסער אין דער האַנט, וואָס די שאַרף בלאַנקט אין דער זון. דאָס יידל מיטן בערדל גאַלט אָפּ מיט אַ בריטוווע דעם קאַלבס האַלדז, אַז ער זאָל גלאַט זיין. אַז דער האַלדז איז שוין זייער גלאַט, נעמט ער דאָס מעסער און גיט אַ שנייד אַריין. בלוט שפּריצט. ביים קאַלב זעצן די אויגן אַרויס, עס כאָרכלט, — און עס איז שוין טויט, און קיינער טוט זיי גאָרניט, ניט דעם יידל, ניט גדליה קצב דערפאַר, מען שלאָגט זיי ניט, מען שרייט ניט אויף זיי. דערנאָך נעמט מען זיך צו אַן אַנדער קאַלב און מען טוט מיט דעם אויך אַזוי. אַז ער האָט זיך אומגעקוקט אין שעכט־הויז, האָט ער געזען, ווי עס שטייען מענטשן מיט פאַרבלוטיקטע קאַפּאָטעס און האַלטן גרויסע מעסערס אין די הענט און קוילען, שעכטן לעבעדיקע זאַכן. דאָרט ליגט אויף דער ערד אַ גרויסער אָקס, די פיס געפּענטעט. אַ שטאַרקער יונג האַלט דעם קאָפּ פון אָקס. ער זעט די גרויסע אויגן אַרויסשטאַרן, און אַן אַנדער יידל שטייט נאָך מיט אַ גרעסערן מעסער און שניידט איבער דעם האַלדז. אין אַן עק פון שעכט־הויז האָבן שקצים צוגעבונדן אַ חזיר ביי אַ הויכער קלאָץ, און זיי שטייען אַרום און קלאַפּן אים איבערן קאָפּ מיט דרענגער, און דער חזיר קוויטשעט. אין אַן אַנדער ווינקל זעט ער אַ יידל האַלטן אַ מעסער אין מויל, צווישן די קני אַ יונג הינדל. דאָס הינדל פאַרגלייזט די אויגן, דאָס יידל פליקט אויס די פעדערן פון וויכן העלדזל, עס זעט זיך אַ בלוי ווייך הייטל מיט אָדערן אָדורכגעצויגן... אַ שנייד אַריין, אַ שפּריץ בלוט, — און דאָס יידל וואַרפט אַוועק דאָס גע־שאָכטענע הינדל, און דאָס הינדל וואַרפט זיך אויף דער ערד ווי אין קדחת, דאָס בלוט רינט דערפון, ביז עס פאַרגלייזט די אויגן און בלייבט ליגן אַן

אָטעם. אַט ציט שוין גדליה דעם געשאָכטענעם קאַלב אויף אַ שטאַנג אַרויף און שניידט אַדורך מיט אַ מעסער דעם בויך, ציט אַרויס די געדערים מיטן לונג־און־לעבער, אַ פּאַרע גייט אַרויס דערפון, ער ציט די פעל אַראָפּ, בלוט גיסט זיך איבער די הענט, איבערן מעסער, אויף דער קאַפּאָטע אַרויף, — און דאָס קאַלב האַלט נאָך די אויגן אָפן און גלאָצט... וואו ער האָט נאָר געקוקט, האָט ער געזען בלוט, געשאָכטענע קעלבער, געקוילעטע חזירים. אָקסן האָבן געמריטשעט און געשריגן פאַרן שעכטן מיט ווילדע געשרייען. קעלבער און שעפּסן האָבן זיך געבעטן מיט שוואַכע אומבאַהאָלפענע קולכלעך: מע, מע, ווי קליינע קינדער, און חזירים האָבן געוואַלדן געמאַכט, און הינער און הענער האָבן שרעקעדיקע קינדערשע געשרייען פון זיך אַרויסגעגעבן. און מענטשן זיינען געשטאַנען מיט מעסערס אין די הענט, באַגאָסן מיט בלוט, און אַלדאָס לעבעדיקע געשאָכטן, געשונדן די הויט דערפון, די פעדערן פון די העלדזער אויסגעפליקט, און עס האָט זיך מאָטקען געדאַכט, אַז ניט נאָר בהמות אַליין, נאָר מען וועט באַלד אַ מענטשן אַוועקלייגן און מען וועט אים שעכטן. אַלץ מעג מען דאָ, אין דעם שעכט־הויז: שלאָגן, שניידן און שעכטן, און מען טוט גאָרניט דערפאַר. און ער האָט גאָרניט געוואוסט דערפון, אַז מען מעג שעכטן.

ער איז געווען אויסגעשראָקן פון בלוט, און געבעטן זיך ביי גדליה קצב, ער זאָל אים געבן דאָס מעסער, ער וויל אויך שינדן דעם קאַלב. גדליה קצב האָט אים אָנגעקוקט מיט די רויטע אויגן אויף זיין בלוט־באַשפריצטן פּנים און געזאָגט:

— דו קענסט נאָך ניט. דו וועסט דאָס לעדער אַדורכלעכערן. נאָ, קוק דיך צו, לערן דיך ערשט אויס, דערנאָך וועסטו שינדן.

און מאָטקע האָט זיך גוט צוגעקוקט און געוואָלט זיך אויסלערנען. באַלד האָט ער דערזען, ווי אַ יונג רייסט אַרויס פון אַן אויפגעשניטענעם אָקס אַ לונג־און־לעבער. ער בלאָזט דורך אַ רער, און די לונג ווערט אָנגעבלאָזן, און דאָס יידל, וואָס האָט פריער דעם אָקס געשאָכטן, קוקט צו, טאַפּט די לונג און קוקט זי גוט דורך, צי זי איז גאַנץ, צי דער אָקס איז כשר, אָדער טריף...

מאָטקע האָט געהאָלפן דעם לונג־און־לעבער שלעפּן, און די הענט האָט ער שוין געהאַט אויך באַפלעקט מיט בלוט. באַלד האָט ער געקראָגן אַ פּלעם אין פּנים אַריין פון הינטן אַרום:

— נאָ, ווער איז דער נייער קצב? — האָט אים דער הויכער יונג, נתן גנב, מכבד געווען.

— עס איז דעם בלינדן לייבס, לאָז אים גיין, דער יונג איז אַ יאַט. פאַר־לאָז זיך אויף מיר, ער וועט זיין אַ לייט.

— טאָ גיי און ברענג אַ האַלב פלעשל אָקעוויט פון חנה־שרהן, און אַ ברויט מיט אַ הערינג, — זאָגט נתן און גיט אים געלט. — נאָר די מינוט צוריק, דו הערסט? אַז ניט, וועל איך דיר אַ זייט איבערהאַקן.

מאָטקע האָט ניט פּראָטעסטירט קעגן דעם פּלעם, וואָס ער האָט געקראָגן.

עס איז אים גאָרניט איינגעפאַלן צוצונעמען דאָס געלט, ווי ער האָט מיט דעם מייסטערס געלט געטאָן. עס איז אים דאָ געפעלן געווען אין שעכט־הויז, און ער האָט געוואָלט זיינע נייע בעלי־בתּים צופרידנשטעלן. מיט איין שפּרונג איז ער געווען ביי חנה־שרהן אין געהיימען שענקל. געבראַכט האָט ער דאָס האַלבע פלעשל אָקעוויט, וואָס ער האָט געקויפט און נאָך אַ האַלבס, וואָס ער האָט זיך אין קעשענע אַראָפּגעלאָזט, וועלנדיק זיך אויסדינען פאַר נתנען, וואָס עס איז נתנען זייער געפעלן. דאָס ברויטל וואָס ער האָט געבראַכט, איז געווען פאַרבלוטיקט פון זיינע הענט. נתן קצב האָט צוגענומען די צוויי פלעשלעך און אים געגעבן אַ וואַליע מיט דער האַנט איבערן קאָפּ:

— אַזוי, ביסטו דאָך גאָר אַ יאַט. וועט דאָך טאַקע פון דיר ווערן אַ לייט.

מאָטקע האָט צופרידן געשמייכלט איבער דעם לויב, וואָס ער האָט געקראָגן פון נתן קצב, און איז געשטאַנען גרייט אויסצופירן יעטוועדער אַנדער באַפעל: ווען אַפילו מען וואָלט אים געהייסן אַ מענטשן הרגנען, וואָלט ער עס געטאָן. און אַז נתן האָט אים געגעבן פון פלעשל צו טרינקען און אַ שטיק פאַרבלוטיקט ברויט צו עסן, איז מאָטקע געווען דאָס גליקלעכסטע קינד אין דער וועלט.

ער האָט אויפגעהויבן פון דער ערד אַ שטיק לאַפּן פון אַן אַלטער מילץ און עס צוגעוואָרפן די גאַסן־הינט, וואָס זיינען אים נאָכגעלאָפן. די הינט האָבן געקוקט אויף אים מיט רעספּעקט און זיינען צופרידן געווען, וואָס אויך זייער מאָטקע איז געוואָרן אַזאַ לייט.

## 10

און זינט מאָטקע האָט זיך אַריינגעקראָגן אין שעכט־הויז, איז ער געוואָרן דער מלך פון די הינט. וואו ער איז געגאַנגען, איז אים אַ מחנה הינט נאָכגעגאַנגען ווי אַ וואַך און געהיט אים, אַז מען זאָל אים קיין שלעכטס ניט טאָן. קיין חברים ייִנגלעך האָט ער ניט געהאַט, נאָר הינט זיינען געווען זיינע חברים, און בורעק, זיין דערציִער, איז אים דער נעענטסטער געווען. צוליב די הינט האָט מען פאַר מאָטקען דרך־ארץ געקראָגן און מורא געהאַט. די יונגען אין גאַס האָבן געציטערט פאַר אים. מאָטקע האָט נאָר באַדאַרפט אַ וואונק געבן און אויף וועמען זיינע הינט אָנרייצן, אַז מען זאָל אַנטלויפן וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט.

טיילמאָל האָט זיך מאָטקען פאַרגלוסט, האָט ער גענומען אַ הונט און אים אָוועקגעלייגט פאַר אַ שוועל פון אַ ייִדיש קרעמל און דער הונט איז אַזוי לאַנג געלעגן ביז מאָטקע האָט אים ניט געהייסן זיך אויפהייבן. ייִדן האָבן צוליב

דעם הונט מורא געהאַט אַריינצוגיין און אַרויסצוגיין פון דעם געוועלבל. קיין קונה האָט שוין אין דעם געוועלבל ניט אַריינגעשמעקט, און מאָטקע איז גע־שטאַנען ווי אַ קיניג אין מיטן מאַרק און געזען ווי דער הונט פירט אויס זיין באַפעל: ליגט פאַר דער טיר פון דער יידענעס קרעמל, קוקט מיט בייזע אויגן און לאָזט אַרויס אַ ברום אויף יעדער איינעם, וואָס שטעלט זיך איין אַריינ־צוגיין אין געוועלבל אָדער אַרויסצוגיין פון דאָרט, — גרייט אַנצופאַלן אויף אים. מען איז געקומען צו לויפן צו מאָטקען און זיך געבעטן ביי אים:

— מאָטקע, נעם צו דעם הונט, טייערער מאָטקע, פאַרוואָס טוסטו מיר דאָס?

אַמאָל האָט ער רחמנות געהאַט אויף דער יידענע, האָט ער געגעבן אַ וואונק צום הונט און אַראָפּגענומען די „באַלאַגערונג" פון געוועלבל. טיילמאָל, אַז ער האָט געטראָגן אויף וועמען אַ שלעכט האַרץ, האָט ער אַזוי דעם הונט אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג פאַר דער טיר, קיינעם ניט אַריינגעלאָזט אין גע־וועלבל און קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט פון דאָרט.

די הינט האָבן אים געגעבן מאַכט און מען האָט אָנגעהויבן זיך צוחנפענען צו אים. איין סוחר האָט אים געוואָלט געבן געלט, ער זאָל באַלאַגערן מיט זיינע הינט די טירן פון זיין קאָנקורענטס קראָם. נאָר מאָטקע האָט באַנוצט זיין מאַכט איבער די הינט ניט פאַר געלט, נאָר פון אייגענער אַמביציע וועגן. און עס האָט אַמאָל געטראָפן, אַז מאָטקע האָט באַלאַגערט אַ גאַנץ שטיבל חסידים מיט זיינע הינט און זיי ניט געלאָזט אַהיימגיין שבת פונם דאַוונען, — דערפאַר וואָס עוזר חסיד האָט געשריגן אויף אים, אַז ער וועט דערציילן, אַז ער רייסט באַרן פון גויאישן סאָד אום שבת. מאָטקע האָט ערשט דעמאָלט אַהיים גע־לאָזט די חסידים פונם דאַוונען, ווען דאָס האָט זיך אים אַליין פאַרגלוסט.

די מאַכט איבער די הינט האָט ער געקראָגן ניט נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט זיי פון שעכט־הויז אַרויסגעוואָרפן די אַלטע לאַפּן, שטיקער הויט, מילץ, קאַליע געוואָרן פלייש. ביין. די ליבע און צוגעבונדנקייט צווישן אים און די הינט האָט געהאַט אויף אַ פיל טיפערן יסוד ווי פראַקטישער נוצן. די הינט האָבן דערפילט אין אים, אַז דאָ האָבן זיי געפונען דאָס באַשעפעניש, וואָס די נאַטור האָט באַשאַנקען מיט די מתנות פון ריידן, גיין אויף צוויי פיס, פון שכל און מענטשלעכע אינסטינקטן, און דאָס באַשעפעניש וועט דאָס אַלץ אַוועקשענקען זיי צו פירן זיי און צו הערשן איבער זיי. ביז מאָטקען, האָט זיך ניט געפונען קיין מענטש, וואָס זאָל וועלן זיין דער קיניג און דער פירער פון די הינט. און מאָטקע איז געוואָרן זייער קיניג. די הינט האָבן אים דערקענט פאַר זייער פירער און געפאָלגט זיינע באַפעלן. ער האָט זיי געשלאָגן, געשטעלט אויף צוויי פיס, גע־הייסן זיי קריכן איבער פלויטן, אויף דעכער, שפרינגען איבער הייזער. זיי האָבן אים געפאָלגט. אַ הונט האָט נאָר באַדאַרפט אַ שמעק טאָן, אַז ער זאָל דער־פילן אָן מאָטקעס ריח, אַז ער איז דער קיניג איבער די הינט.

קוים האָט ער נאָר געקראָגן די מאַכט איבער די הינט, האָט ער זיך באַ־

נוצט מיט איר זיך אָפּצורעכענען מיט זיינע פיינט. די פיינט זיינע זיינען געווען: דאָבטשע די מייסטערין, דער פּאָטער זיינער און דער דיין ר׳ לייבוש.

אויף בעריש מייסטער, וואָס האָט אים אַזוי געשלאָגן האָט מאָטקע קיין גרויסע שנאה ניט געטראָגן. ער פאַרשטייט, פאַרוואָס, — אַ מייסטער מעג, אַ מאַנספאַרשוין! נאָר אויף איר, אויף דער יידענע מיט די פאַרשטאָפּטע אויערן, האָט ער געטראָגן אַ שרעקלעכן כעס. ווי ער האָט זי געטראָפן אין געסל, האָט ער אָנגעשיקט די הינט. די הינט זיינען זי באַפאַלן, דאָס קלייד אַראָפּגעריסן, די יידענע האָט געשריגן, און מאָטקע איז געשטאַנען און געלאַכט הויך. ער האָט די יידענע אויף דער ליכטיקער שיין ניט אַרויסגעלאָזט. די הינט האָבן פון איר שוין אָוועקגעכאַפּט דאָס פונט פלייש, וואָס זי האָט געטראָגן, פּוטער, אַ קאָרב אַרויסגעריסן און אייער צעבראָכן. דעם שוואַרצן קאָטער האָבן די הינט שוין דעם גאַנצן עק אָפּגעריסן און אים צעבלוטיקט ווי אַ הורג, — און מאָטקע קען זיך נאָך ניט באַרואיקן. ער האַלט נאָך די יידענע איינגעשלאָסן אין שטוב.

פאַר זיין פּאָטער פילט ער זיך נאָך צו שוואַך מיט זיינע הינט. און ער וואַרט ביז ער וועט זיך קענען אָפּרעכענען מיט אים מיט זיינע אייגענע כוחות. דערפאַר מיידט ער אים נאָך אויס. נאָר דער פּאָטער מיידט מאָטקען אויך אויס זינט מאָטקע גייט אַרום מיט די הינט; ער טשעפּעט אים ניט מער און לאָזט אים לויפן. ווען ער דערזעט אים אין געסל מיט דער סטאַדע הינט נאָך אים, קוקט ער אים נאָך מיט איין אויג און ער קלערט זיך, אַז פון דעם יונג וועט עפּעס אויסוואַקסן אַזעלכעס, וואָס מען וועט זיך דאַרפן היטן פאַר דעם.

אויף ר׳ לייבוש דיין טראָגט מאָטקע גלאַט אַ שנאה, אָן אַ פאַרוואָס. ר׳ לייבוש איז געווען אַ האַרטער קליינער ייד, וואָס האָט קיין קינדער ניט געהאַט, מיט אַ פאַרשטיינערט שטרענג פּנים. אַ פרייטיק נאָכמיטיק פלעגט ער זיך אַוועקזעצן אין בית־המדרש מיט זיין מעסערל אין דער האַנט שאלות פּסקנען, און ווען אַ יידענע האָט אַריינגעבראַכט אַ הון, אַ גאַנדז אָדער אַ קאַטשקע, — איז אַלץ געווען ביי אים טריף. אויף דער צווייטער זייט טיש אין בית־המדרש איז געזעסן ר׳ יצחק דיין. ר׳ יצחק איז דווקא געווען אַ הויכער ייד מיט אַ שמייכל אין דער באָרד, און אויב דער דיין ר׳ לייבוש האָט קיין קינדער ניט געהאַט, האָט ר׳ יצחק דיין דווקא געהאַט אַ סך קינדער, און ביי ר׳ יצחקן זיינען אַלע גענדז, קאַטשקעס און הינער געווען כשר. אָבער די ווייבער זיינען ניט געגאַנגען צו ר׳ יצחקן, נאָר דווקא זיך געשטופּט צו ר׳ לייבושן, און אַרומגעטראָגן דערנאָך טריף־געמאַכטע עופות צו די שטאָטישע גויים צו פאַרקויפן.

אָט דעם ר׳ לייבושן האָט מאָטקע פיינט געהאַט, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. די מאַמע איז אַרומגעלאָפן איבערן מאַרק אַ גאַנצע וואָך און אָפּגעשפּאָרט אויף אַן עוף אויף שבת. מאַכט זיך אַ שאלה. אַז מען האָט מאָטקען געשיקט מיט דער שאלה, איז ער געגאַנגען צו ר׳ יצחקן. האָט די מאַמע דווקא געשיקט צו ר׳ לייבושן. און קוים איז די שאלה אַריינגעפאַלן צו ר׳ לייבושן, האָט שוין מאָטקע געוואוסט, אַז די מאַמע וועט וויינען און דאָס שוועסטערל

וועט טראָגן די גאַנדז צו דעם פעטן דייטש צו פאַרקויפן און שבת וועלן אַלע עסן טרוקענע חלה. פאַר דעם טריף־מאַכן האָט מאָטקע דעם דיין פיינט געהאַט פון קלײנערהייט אָן, און איצט זעט ער, אַז ער מאַכט אַלץ טריף אין דער יאַטקע. אַז ר׳ לייבוש קומט אין שעכט־הויז אַריין, ווערן אַלע קצבים טרויעריק און ציטערן פאַר שרעק. מען טראָגט אים אונטער אַ לונג־און־לעבער, נתן בלאָזט אים אָן און דער אַלטער דיין קוקט זיך גוט איין, זוכט, זוכט, — באַלד טריף, איז ווי אַ בראָך וואָלט אויסגעבראָכן, און נתן זאָגט אין דער שטיל:

— איך האָב באַלד געוואוסט, אַז דער אַלטער וועט טריף מאַכן.

— עס איז דען אַ וואונדער, ער האָט קיין קינדער ניט, ווי אַ שטיין, — זאָגט מיט אַ קרעכץ דער רויטער ברוך מיט די רויטע אויגן, און טרערן רינען אים אויף די באַקן.

און פאַרקערט, אַז ר׳ יצחק קומט אין שעכט־הויז, זיינען אַלע פריילעך, און מאָטקע ווייסט, אַז דערנאָך וועט ער שוין גיין צו חנה־שרהן אין געוועלבל אַריין נאָך אָקעוויט.

דערפאַר האָט מאָטקע פיינט דעם דיין ר׳ לייבושן און וואָלט אים אַמאָל געוואָלט מיט זיינע הינט מכבד זיין, אים אַמאָל איינשליסן אין בית־המדרש אויף אַ גאַנצן טאָג, אַז ער זאָל ניט קענען אַרויסגיין. נאָר מאָטקע האָט מורא דעם אַלטן דיין צו טשעפּען. נתן גנב האָט אויך מורא פאַר דעם אַלטן דיין. הינטער די אויגן, שעלט ער אים. און אַז דער אַלטער דיין קומט, ציטערט ער פאַר אים, און אויך דער אַלטער ברוך, און אַלע קצבים פירן זיך אַזוי, — האַלט זיך מאָטקע אויך אַזוי. נאָר עס וועט אויף אים אויך אַ צייט קומען.

אַזוי האָט מאָטקע באַהערשט די שטאָט מיט זיינע הינט, און די הינט האָבן אים געפאָלגט אַלץ, וואָס ער האָט זיי באַפוילן. זיי זיינען אים געווען אונטער־טעניק ווי אַ קיניג.

ביינאַכט, ווען דאָס שטעטל איז שוין געשלאָפן, איז זיך מאָטקע צוזאַמענ־געקומען מיט זיינע הינט אויף די יאַטקע־קלעצער אין מאַרק. די לבנה האָט געשיינט. מאָטקע איז געזעסן ווי אַ קיניג אויף דער העכסטער יאַטקע־קלאָץ, לעבן אים איז געלעגן זיין פריינט, דער עלטסטער פון די הינט, בורעק, מיט דעם געשוירענעם הינטן און באַוואַקסענעם קאָפּ און עק ווי ביי אַ לייב, — נאָטע קאַטערינאַרזשס הונט, וואָס האָט געהאָלפן מאָטקען, ווען ער איז נאָך שוואַך און קליין געווען און זיך ניט געקענט געבן קיין עצה קעגן די מענטשן. ער איז געבליבן מאָטקעס נעענטסטער פריינט, און מאָטקע האָט אים געמאַכט פאַר אַן עלטסטן פון די הינט: אים האָט מאָטקע צום ערשטן אָפּגעגעבן די גרעסטע שטיקערביינער און אים האָט מאָטקע באַפרייט פון זיין קייט און מיטגענומען אומעטום וואוהין ער איז געגאַנגען. אויף דער יאַטקע־קלאָץ ליגט ער לעבן מאָטקען און מאָטקע שפּילט זיך מיט אים, און אַרום די יאַטקע־קלעצער שפּרינגען אַרום די אונטערטאַנען, — די הינט: זיי שטעלן זיך אויף צוויי פיס, — מאַכן

נאָך ווי מענטשן, פאַר מאַטקען, שפּרינגען פאַר אים און בילן מיט ווילדע געשרייען, ווי זיי וואָלטן געזאָגט:

— באַפעל, באַפעל, אונדזער קליינער הערשער, אַלץ, אַלץ וועלן מיר טאָן פון דיינעטוועגן.

# 11

פאַר אין מענטשן האָט מאַטקע דרך־ארץ געהאַט און זיך גענומען אַ מוסר פון אים, דאָס איז געווען נתן גנב, דער העקער. זיין פּרנסה איז געווען אָפּ־שינדן די בהמות אין שעכט־הויז, און דערנאָך דאָס פלייש אויסהענגען אין יאַטקע פאַר די ווייבער. אָבער זיין עיקר פּרנסה איז געווען גנבה. נתן גנב האָט געלעבט מיט זיין אַלטער מוטער אין הילצערנעם הייזל אין עק שטאָט, ביי דער שוסטער־גאַס. פאַר דעם הילצערנעם הייזל האָט דאָס שטעטל געציטערט. איז עפּעס אַ גנבה געשען אין שטעטל: אַ פאַר זילבערנע לייכטער פון אַ טיש אַראָפּגענומען אַ פּרייטיק ביינאַכט, ביי לייזער מאירן דעם וואָל־סוחר דעם שפּייכלער אויפגעהאַקט און די פעל אַרויסגעגנבעט, — איז מען צוערשט גע־קומען צום הילצערנעם הייזל. אינעווייניק איז מען ניט אַריינגעגאַנגען: עס האָט געקענט שמעקן מיט אַ מעסער־שטאָך: נאָר מען האָט זיך אַרויף און אַראָפּ געדרייט פאַר דעם הייזל מיט געבראָכענע הענט און געקרעכצט, גע־פּרואווט אַריינוואַרפן אַן אויג אין אַ פאַרהאַנגען פענצטערל אַריין. איז שוין נתן אַרויסגעקומען פאַר דער טיר און געפרעגט תמעוואַטע:

— וואָס איז געשען?

— נתן, געדענק אין גאָט, האָב רחמנות אויף מיין ווייב און קינדער, גיב אַרויס די פעל.

— פעל? ביי וועמען האָט מען דאָס געגנבעט פעל ווידער? וואָס טוט זיך דאָ אין דער שטאָט? מען וועט שוין ניט קענען לעבן באַלד. איטלעכע נאַכט אַן אַנדער גנבה, — צעקאָכט זיך נתן.

— נתן, זאָג, וויפיל ווילסטו, אַז דו זאָלסט אַרויסגעבן די פעל?

— איך וויל? די גנבים ווילן, זיי זיינען געקומען צו מיר, האָבן מיר גע־זאָגט. איך מיין, — פאַר צוויי הונדערט רובל.

מען דינגט זיך, און דער סוף איז, אַז נתן ווייזט אָן וואו די פעלן זיינען איינגעגראָבן אין לאָנקע ביים וואַסער.

די גערעכטיקייט פון דער שטאָט האָט געהיט דער סטאַרשי שטראַזשניק יאַנאָוויטש, אָדער, ווי די יידן האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „די בלינדע פּערל“, — וויל אַז ער וויל קען ער ווערן בלינד ווי די אָרימע יידענע פּערל, וועלכע

זיצט פאַר דער שול און בעט נדבות: ער זעט ניט, אַז אַ ייד האַלט אָפּן דאָס געוועלבל זונטיק נאָך צוועלף אַזייגער און לייזט געלט; ער זעט ניט, ווי עס פאַרשווינדט פון אַ פויערס אַ פור אַ קעלבל, ווי מען שפּאַנט פון אַ וואָגן אין מיטן העלן טאָג די פערד אויס, אָדער ווי נתנס חברה האַקן אויף אַ שפּייכלער בײנאַכט און נעמען די קאַלבס־לעדער אַראָפּ. ער איז די „בלינדע פערל", ער זעט ניט און הערט ניט. ריידן רעדט דער סטאַרשי סטראַזשניק יידיש און זאָגט אָן די יידן אַפריער, ווען דער קאָמיסאַר וועט קומען נאָכקוקן אין די געוועלבער דעם פּאַטענט. די „בלינדע פערל" האָט מען באַדאַרפט אין שטעטל ווי מען באַדאַרף, להבדיל, אַ רב אָדער אַ מקווה. ער האָט געמאַכט שלום צווישן יידן. האָט איין ייד געמסרט אַ צווייטן, אַז ער האַנדלט מיט פאַלשן בראָנפן, איז דער סטראַזשניק געקומען און האָט דערציילט. האָט יענער געמסרט דעם אַנדערן, אַז ער האַנדלט מיט גנבות, האָט ער פון ביידן גענומען כּאַבאַר, — און שאַ, שטיל. אין זיינע צייטן איז קיין ייד ניט אַריינגעפאַלן אין גויאישע הענט, ניט אין גע־ריכט און ניט אין דער וואַך. און אַז עס האָט זיך געמאַכט, אַז בעריל מסור האָט געמסרט צום נאַטשאַלניק און אָנגעוויזן אויף דער בלינדער פערל, אַז ער נעמט כּאַבאַר פון די יידן, האָט זיך די בלינדע פערל געקאָכט אינאיינעם מיט יידן ביים רב און געטענהט אויף יידיש:

— אַזאַ מעשה, אַ ייד זאָל איבערענטפערן יידן אין גוישע הענט! וואָס, עס איז ניטאָ קיין רב, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר? האָסט עפּעס, גיי צום רב.

צווישן נתן גנב און דער בלינדער פערל איז אָנגעגאַנגען אַ שטילע מלחמה. ווי נתן גנב, אַזוי האָט אויך די בלינדע פערל געהאַט זיין חברה גנבים, וואָס האָבן געגנבעט, אים אָפּגעשטעקט, און ער האָט פאַר זיי פאַרהאַנדלט דערנאָך מיט די בעלי־בתּים. האָט איין באַנדע געמאַכט דער צווייטער קאָנקורענץ. צווישן די אָנפירער פון די באַנדעס האָט אויבן־אויף געהערשט שלום: זיי האָבן גע־רעדט צווישן זיך, געטרונקען אינאיינעם „פאַלשן בראָנפן" ביי חנה־שרהן אין געוועלבל, זיי האָבן אָבער מורא געהאַט צו בלייבן איינער מיטן צווייטן אַליין, אַז איינער זאָל דעם אַנדערן אַ מעסער ניט אַריינשטעקן, און נאָר אָנגעקוקט זיך מיט די אויגן, און מיט דעם בליק אַלץ געזאָגט. עס איז געוועזן אָפּגעמאַכט צווישן זיי, אַז איינער זאָל זיך אין צווייטנס עסקים ניט מישן. אַזוי אַרום, ווען עס איז געשען אַ גנבה אין שטאָט און מען איז געקומען צו לויפן צו דער בלינדער פערל, האָט ער זיך באַהאַלטן, איז ניט געוועזן אין דער היים...

דערפאַר האָט איין אָנפירער דעם צווייטנס באַנדע גערודפט. אַז נתן גנב האָט אָנגעטראָפן אין אַ ווינקל אַ שייגעץ פון דער בלינדער פערלס באַנדע, האָט ער אים שוין פאַרלאָזט מיט אַן אונטערגעהאַקטער זייט. און זינט מאָטקע האָט זיך געחברט מיט נתן גנב, האָט די בלינדע פערל געוואָרפן אויף אים אַן אויג און ניט געלאָזט אים אין מאַרק זיין אין אַ יאַר־מאַרק. וואו ער האָט אים גע־טראָפן, האָט אים די בלינדע פערל געשלאָגן, געיאָגט. ער האָט געוואַרט נאָר,

אַז מאָטקע זאָל אין זיינע הענט אַריינפאַלן. מאָטקע האָט זיך ניט געקלאָגט פאַר נתן גנב: ערשטנס, האָט ער געוואוסט, אַז עס דאַרף אַזוי זיין, און צווייטנס, איז נאָך מאָטקע גנב געווען אַ צו קליינער יאַט, אַז דער רבי זאָל זיך פאַר אים אָננעמען און גיין זיך שלאָגן צוליב אים מיט דער בלינדער פּערל.

אָט פאַר דעם נתן גנב, וואָס האָט געקענט אַזוי וויט ברענגען, אַז די בלינדע פּערל זאָל פאַר אים ציטערן און אויסמיידן פון וועג, ווען ער טרעפט אים אָן, — האָט מאָטקע גנב דרך־ארץ געהאַט, פאַרגעטערט אים און איז גרייט געווען פאַר אים אין פייער און וואַסער צו גיין. נתן גנב האָט דערפילט, אַז דער יונג איז אַ גוטער „יאַט" און מען וועט אים קענען אַמאָל אויסנוצן צו אַן עסק, האָט ער אים צוגעלאָזט צו זיך, אַהיים גענומען מיט זיך און אַפילו געלאָזט שלאָפן אין הויז ביי זיך.

נתן גנב האָט געלעבט מיט דער מוטער אין הילצערנעם הייזל, איין גוטע מידה האָט דער יונג געהאַט, וואָס די שטאָט האָט אים דערפאַר געריִמט: ער האָט בכּבוד געהאַלטן זיין מוטער. דאָס וויַיב האָט ער אויס דעם הויז געשיקט, ווייל זי האָט ניט געקענט הויזן מיט דער שוויגער און געקריגט זיך מיט איר. דער יונג האָט איר בכּבודע קליידער געמאַכט, אַ שיינע שטאָט אין דער ווייבער־שול איר געדונגען און אַהיים געבראַכט דער מאַמען דאָס בעסטע פלייש און די שענסטע פיש אויף שבת. שבת נאָכמיטיק האָט נתן גנב זיין מאַמע אויס־געפּוצט אין אַ נייע הויב מיט אַ נייעם קאַפּטנדל, אין געסל אַרויסגעפירט אויף שפּאַציר. אַז די ווייבער האָבן געזען ווי נתן האַלט בכּבוד זיין מאַמע, האָבן זיי דעם יונג אַלץ מוחל געווען און געזאָגט, אַז ער פאַרדינט זיך סיי־ווי־סיי די צווייטע וועלט. מען האָט דערציילט, אַז די אַלטע פּעשע, נתן קצבס מוטער, וואָס איז אַליין אַמאָל געווען אַ קצבטע און איז נאָך היינט אויך בכּוח אויס־צוטרינקען אַ האַלב קווערטל בראָנפן, פּאַטשט נאָך היינט אויס דעם יונג, ווען עס געפעלט איר עפּעס ניט אין אים, און נתן גנב, וואָס די בלינדע פּערל ציטערט פאַר אים, — לאָזט זיך אויספּאַטשן פון דער מאַמען און זאָגט איר קיין וואָרט ניט.

אָט די אַלטע פּעשע, די שטאַרקע אַכציקיעריקע יידענע מיט די רויטע גע־פּרוירענע באַקן, האָט אַריינגענומען מאָטקען אין אַ ווינקל פון דער קיך, אים טיילמאָל אַ העמד אויסגעוואַשן און אַ לעפל וואַרעם געקעכטס געגעבן. די אַלטע פּעשע איז געוואָרן מאָטקעס באַשיצערין און האָט אויפן זון אָנגעשריגן, ווען יענער האָט מאָטקען געשלאָגן. נתן גנב האָט געזען, ווי די מאַמע האָט געגרן מאָטקען, האָט ער אים אויך גערן געקראָגן און אָנגעהויבן אים צו באַהאַנדלען ווי אַ ייִנגערן ברודער.

איינמאָל, אין אַן אויפדערנאַכט, ווען זיי זיינען ביידע אַהיים געקומען פון שעכט־הויז, — פּעשע האָט אויפגעשטעלט אויפן טיש די הייסע קאַרטאָפל־זופּ מיט דעם פאַרעדיקן פלייש, — רופט זיך אָן די אַלטע יידענע צו נתנען:

— נתן, עס גייט צו ראש־השנה און יום־כּיפּור. דער יונג קען אַוודאי קיין קריאַת־שמע ניט לייענען.

— קענסט קריאַת־שמע לייענען? — פרעגט נתן גנב, וואָס איז געווען אַריינגעטאָן אין דער הייסער שיסל.

מאָטקע לאַכט, האַלטנדיק אויף זיינע ציין אַ זודיקע קאַרטאָפל:

— ניין!

— און וואָס איז אויף דיר דאָס געלעכטער אַזוי? עס גייען אַזעלכע גרויסע ימים־טובים אין לאַנד אַריין און דו קענסט ניט קיין סידור אין דער האַנט האַלטן, — זאָגט די אַלטע.

נתן איז מכבד מיט דער ברייטער האַנט מאָטקען איבערן פּנים.

מאָטקע לאַכט.

— וואָס שלאָגסטו אים? צו שלאָגן ביסטו אַ בריה, וואָלסט בעסער גענומען אַ סידור און דעם יונג אויסגעלערנט עברי זאָגן, — זאָגט די מוטער, — דו קענסט דאָך. זאָל ער אויך קענען.

מאָטקע לאַכט.

נאָכן עסן האָט נתן אַראָפּגענומען פון שענקל, וואו עס שטייען די צוויי שבת־לייכטערלעך, דער מאַמעס מחזור, אויפגעמישט די גרויסע אותיות:

— נאַ זע, דאָס איז אַ היי, און דאָס איז אַ בית. זאָג נאָך: אַ היי, אַ בית.

מאָטקע לאַכט.

— וואָס איז אויף דיר דאָס בייזע געלעכטער? גיב נאָר אַ קוק, ווי ער האָט זיך צעלאַכט! — און נתן האָט געכאַפּט מאָטקען אויף דער קני און האָט אים גענומען מכבד זיין.

— נאַ, גיב נאָר אַ קוק, ווי ער האָט זיך צעראַיעט! נתן גנב, לאָז־אָפּ, לאָז־אָפּ. ווערסט דאָך דעם יונג ממיתן! — שלעפּט אַרויס די אַלטע מאָטקען פון נתנס הענט.

נתן לערנט ווידער און גיט מאָטקען ווידער קלעפּ.

— מיין רבי, קוק אָן דעם רבין, אַז די הענט זאָלן דיר ווערן אָפּגעדאַרט. שלאָגן קענסטו אים, אָבער לערנען? — שרייט די אַלטע אויף נתנען.

און מאָטקע לאַכט אונטער נתנס קלעפּ.

מאָטקע האָט דערפילט, אַז די אַלטע פּעשע האָט אים גוטס געטאָן, האָט ער געוואָלט איר אָפּצאָלן. ער האָט אָבער ניט געוואוסט מיט וואָס. ווען ער פלעגט אַמאָל פון גאַס אַהיים ברענגען אַ הון אונטער דער פאָלע אָדער אַ פלעשל וואָס ער האָט אַרויסגעקראָגן פון שענקל, און פאַר דער יידענע ביים קוימען אָוועקלייגן, פלעגט די יידענע אים אויס דער שטוב טרייבן.

— טראָג דיך אָפּ, דו קליינער גנב, טראָג דיך אָפּ מיט דיינע גנבות.

און מאָטקע האָט געזען ווי דאָס פלעשל בראָנפן ווערט פאַרשוואונדן אונטער דעם קישן אויף דער יידענעס געלעגער, האָט ער געלאַכט און איז אויס דער שטוב געלאָפן.

אַז די בלינדע פּערל האָט דערזען, אַז מאַטקע איז ביי נתנען אַ בן־בית געוואָרן און נתן גנב טראָגט זיך אַרום מיט אים, האָט ער אַלץ געקלערט ווי דעם יונג ביי דער האַנט צו כאַפּן. ער האָט געוואָלט דורך מאַטקען מיט נתנען אָפּרעכענען זיך און אַלץ אָפּגעוואָרט אַ געלעגנהייט, ווען דער יונג וועט אים אין די הענט פאַלן.

ער האָט ניט באַדאַרפט לאַנג וואַרטן.

# 12

אין שטעטל האָבן געוואוינט אַ סך שוסטערס, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט שטיוול פאַר פויערשע יאַר־מערק. אַ גאַנצן זומער איז מען אָפּגעזעסן איבער דער טאַנדעט־אַרבעט און געגרייט סחורה פאַרן האַרבסט, ווען די יאַרמערק וועלן זיך עפענען און מען וועט פאָרן מיט דרענגלעך און געשטעלן אויף די ירידים אַרום. אָבער ווייניק שוסטערס האָבן זיך געקענט דערוואַרטן אויף דעם גליק, אַז זיי זאָלן אַרויספירן זייערע סחורות אויף די מערק. דאָס רוב פון זיי האָבן ניט געקאָנט דורכשלעפּן דעם זומער און אויסהאַלטן די שטיוול, און צו די ימים־טובים צו האָבן שוין די שטיוול אַריינגעוואַנדלט צו אפרימשע גייגער אין קאַמער אַריין, וואו מען האָט זיי פאַרזעצט פאַר אַ פאָר רובל אויף צו לעבן, אויף סחורה צו קויפן אָדער אויף יום־טוב צו מאַכן.

אפרימשע גייגער איז געווען דער פּראַצענטניק פון די שוסטערס. נעמען פלעגט ער פון אַ קערבל צוויי גילדן פּראַצענט און אַ משכון די שטיוול. אַז עס איז געקומען האַרבסט, האָבן די שוסטערס זיך געבעטן ביי אים: „ר' אפרימשע, גיט אַרויס די שטיוול אויפן מאַרק". אָבער אפרימשע ווייסט, אַז אַ שוסטער איז אַ שיכור, און די שטיוול קענען נאָך אויפן וועג צום מאַרק אַריינפאַלן אין שענקל, און אַזוי ווי דאָס רוב שטיוול זיינען שוין ניט ווערט געווען דאָס געלט מיט דעם פּראַצענט, וואָס איז דורך די פאָר וואָכן אויף זיי אָנגעוואַקסן, פלעגן זיי בלייבן ביי אפרימען אין קאַמער פוילן, און האָבן שוין ניט געזען די ליכטיקע שיין מער. אפרימשע האָט ניט פאַרקויפט. קיין געלט האָט ער ניט באַדאַרפט. אָפּגעלעבט מיט זיין ווייב, טויבע די מרשעת, אַ יאָר צוואַנציק־דרייסיק אין קריגעריי, און געגעסן דעם גאַנצן טאָג אַ נעכטיקן ברויטל מיט אַ ציבעלע, איז זיין איינציק פאַרגעניגן געווען, וואָס די קאַמער איז וואָס אַמאָל מער פול געוואָרן מיט שטיוול. נאָך סוכות־צייט, ווען די רעגנס גיסן, איז אַ גאַנץ שטעטל אַרומגעגאַנגען באָרוועס, די בלאָטע האָט אַריינגערונען דורך די אָפענע לעכער, בעת ביי אפרימשן אין קעלער האָבן געפוילט בערג מיט שטיוול.

געוועזן איז אפרים אַ יידל אַ קאַרגס, וואָס האָט ניט פאַרגונען זיין ווייב דעם ביסן ברויט וואָס זי עסט. יעדער פרימאַרגן איז דאָס געסל אויפגערודערט געוואָרן פון די קריגערייען צווישן אפרימשען מיט זיין ווייב. און יעדער פרימאַרגן האָט ער געשלעפּט דאָס ווייב צום גט: „שוין, די מינוט זאָלסטו מיר גיין צום רב, די מינוט״.

ס׳האָט שוין איינמאָל געטראָפן, אַז דער רב איז מיד געוואָרן שלום צו מאַכן צווישן זיי, און האָט באַשטימט זיי אָפּצוגטן.

פרעגט אפרימשע:

— וויפל וועט דאָס קאָסטן?

— דו דאַרפסט דאָך איר געבן אַ כּתובה, און דעם סופר, און שׂכר־טרחה, און אַ ציוויל־גט.

— איז וויפיל אַרום און אַרום?

— אַרום און אַרום, מיט אַ ציוויל־גט, און פאַרן סופר און פאַר מיר, אַ פינף און צוואַנציק רובל.

— פינף און צוואַנציק רובל! — שרייט אויס אפרימשע — טויבע, קום אַהיים! די מינוט אַהיים! — שלעפּט ער דאָס ווייב ביים אַרבל.

צוליב די פינף און צוואַנציק רובל, וואָס ס׳האָט אים באַדאַרפט קאָסטן דער גט, האָט ער אָפּגעלעבט מיט אַ ווייב אַ מרשעת, וואָס זיי האָבן זיך ביידע פיינט געהאַט, אַ גאַנץ לעבן.

אפשר האָט אים טאַקע טויבע די מרשעת דערצו געבראַכט, אַז ער זאָל אַזוי שלעכט זיין. וואָרים די יידענע איז מיט אַן אמתן געוועזן אַ מרשעת. געוועזן איז זי אַן עקרה, און דאָס ניט־האָבן קיין קינדער האָט מען איר אָנגעזען אויפן פּנים... אַ פּנים האָט זי געהאַט פון אַ מאַנספּאַרשוין, נאָר אַן אַ באָרד און אַן וואָנצעס, מיט באַוואַקסענע וואָרצעלעך, און פיינט האָט דאָס געהאַט מענטשן. געזען אַ קינד אין גאַס — אַ שטויס געגעבן, און אַלדאָס לעבעדיקע אַוועקגעיאָגט פון זיך: „סטופּיי״, „סטופּיי״! — האָט זי געהאַט אויף אַלצדינג איין וואָרט.

זומער פאַרנאַכט איז זי געזעסן אויף די טרעפּלעך פאַר איר טיר און געשעפּט לופט. זי האָט שווער געאָטעמט צוליב אַסטמאַ. די קינדער פון די בעלי־מלאָכות האָבן געבראַכט צו שלעפן אויף די אַקסלען די פאַרטיקע שטיוול און קאַמאַשן צו אפרימשען. די יידענע האָט עפּעס געברומט אונטער דער נאָז, גענומען די שטיוול, אַריינגעוואָרפן זיי אפרימשען אין קאַמער אַריין און געמורמלט צו די קינדער: „סטופּיי״! „סטופּיי!״

דאָס איינציקע פאַרגעניגן פון אפרים גייגער איז געוועזן די קאַמער מיט זיינע שטיוול. ער פלעגט זיך אָפּט מאָל איינשליסן אין איר אויף אַ גאַנצן טאָג און איבערוואַרפן די שטיוול, וואָס האָבן געפוילט דאָרט יאָרן־לאַנג. דאָס פאַרפוילטע לעדער האָט אַרויסגעגעבן אַ געשטאַנק, און אפרים האָט גוט אַריינגעהויכט דעם ריח פון דעם לעדער און הנאה געהאַט. אַרויסקומען פלעגט

ער פון דער קאַמער מיט אַ צופרידענער מינע, דער שמייכל האָט אים אַראָפּ־געשיינט פון די אויגן און איז אַריינגעפאַלן אין זיין קאַלטענעוואַטע באָרד, וואָס די האָר אירע זיינען צוזאַמענגעקלעפּט געווען פון לעדער־שטויב. פלעגט ער מיטאַמאָל דערזען דאָס ווייב, ווי זי זיצט מיט דעם עקרה־פּנים און גלאַנצט מיט אירע קליינע אייגעלעך, פלעגט אים מיטאַמאָל דאָס גאַנצע פאַרגעניגן פון די פוילנדיקע שטיוול פאַרגיין, — פלעגט ער געבן אַ מרוקע, אַרויס־לאָזן אַ קללה אויף איר, כאַפּן די קאַפּאָטע און אַוועק אין חברה מנחה דאַווענען.

אָט אויף דער קאַמער מיט די שטיוול האָט נתן גנב זיין אויג געוואָרפן. האָט ער אַריינגעשיקט צו אפרימשען מאָטקען מיט אַן אויסרייד. מאָטקע האָט געדאַרפט אויסשפּירן, צי די קאַמער האָט אַ פענצטערל און וואוהין דאָס פענצטערל גייט אַרויס.

אָנגעטראָפן האָט מאָטקע טויבען, ווי זי זיצט אויף די טרעפּלעך און כאַפּט פרישע לופט זומער פאַרנאַכט. זי האָט אים באַגעגנט מיט איר געוויינ־לעכן ווערטל: „סטופּיי!״ „סטופּיי!״ מאָטקע האָט אָבער ניט געהערט און איז ווייטער געגאַנגען. פרעגט טויבע:

— וועמען זוכסטו?

איידער די יידענע האָט נאָך אָבער צייט דאָס וואָרט אויסצוריידן, איז שוין מאָטקע אין שטיבל, קוקט זיך אַרום, דערזעט דעם שפּאַלט פון דער קאַמער, אַ שטראַל פאַלט אַריין דורך דער קוים צוגעמאַכטער טיר, עפנט ער שוין די טיר און דערזעט, אפרים גייגער טויכט זיך אין אַ ים מיט שטיוול. מאָטקע איז דערשראָקן געוואָרן, אַז ער האָט דערזען דעם יידנס באָרד מיט די אויגן אַרויסשטאַרן פון צווישן די שטיוול.

— ווער איז דאָס? — האָט אפרימשע געמאַכט אַ געשריי, אויפגערעגט, וואָס אַ פרעמד אויג האָט געזען ווי ער טוט די עבודה אין זיין קדשי־קדשים.

— דער מייסטער האָט מיך געשיקט.

— ווער מייסטער, וואָס מייסטער? טויבע, טויבע, וואו ביסטו? — איז אפרימשע אַרויס אַ פאַרשטויבטער פון צווישן די שטיוול.

נאָר מאָטקע איז שוין ניט געווען.

פון דעם טאָג אָן איז דאָס פענצטערל פון דער קאַמער פאַרקלאַפּט מיט נאָך אַ לאָדן און אַ פּרענט, און די טיר פון אפרימשעס קדשי־קדשים איז גע־וואָרן באַלייגט מיט נאָך צוויי שלעסער, אַז קיין פרעמדנס אויג זאָל ניט אַהין אַריינדרינגען.

מאָטקע האָט געקראָגן קלעפּ פון נתן גנב, וואָס ער האָט די מעשה אַזוי ניט געשיקט געמאַכט. מאָטקע האָט דאָך אויסגעשפּירט, אַז די קאַמער האָט אַ פענצטערל וואָס גייט אַרויס אויף מאַנדריקס דאַך.

עס האָט זיך געמאַכט באַלד אַן אַנדער געלעגנהייט אַריינצודרינגען אין

אפרימשעס קדשי־קדשים. אפרים גייגער, אַזוי קאַרג ווי ער איז געווען, האָט ער דאָך געוואָלט האָבן, אַז עס זאָל איבערבלייבן אַ געדעכעניש נאָך אים. פינף יאָר האָט ער זיך געדונגען מיט אַ סופר, אַז ער זאָל שרייבן פאַר אים אַ ספר־תּורה אין דער חברה, וואו ער דאַוונט. האָט טויבע געוויינט, געמאָנט, אַז די ספר־תּורה זאָל זיין געשריבן אויך אויף איר נאָמען, האָט אפרימשע ניט געוואָלט. האָט די יידענע צושטייער געגעבן פון איר געלט, וואָס זי האָט בגנבה אָנגעזאַמלט אין אַ זאָק, — גאַנצע פופצען רובל. איז ער באַשטאַנען, אַז נאָר דאָס מענטעלע מיט די עץ־החיימס זאָלן זיין אויף איר נאָמען.

דאָס קדשי־קדשים איז נאָך ניט געבליבן איין מינוט אַליין זינט אפרימשע האָט חתונה געהאַט. צי איז אפרים אין דער היים, צי איז ער אין דער חברה ביי מנחה דאַווענען, זיצט אַלץ טויבע, ווי אַ געטרייער הונט, אויף דער שוועל פון דער טיר און טרייבט אַוועק די אַלע, וואָס ווילן זיך דערנעענטערן צום קדשי־קדשים, מיט איר סגולה־וואָרט „סטופיי". צום חנוך אָבער פון ספר־תּורהלע האָבן ביידע, אי אפרים, אי זיין ווייב, געלאָזט דאָס קדשי־קדשים אויף הפקר און זיינען געגאַנגען מיט דעם עולם יידן אין דער חברה אַריין. אין דער חברה האָבן יידן זיך געפרייט מיטן נייעם ספר־תּורהלע, און אפרים מיט זיין ווייב האָבן פאַרגעסן אָן די שטיוול און געטאַנצט מיט זייער „קינד", מיטן ספר־תּורהלע, ביז שפּעט אין אָוונט אַריין.

דענסמאָל האָט זיך נתן גנב אַרויפגעלאָזן אויף מאַנדריקס דאַך און מיט אַ שטיק אייזן אונטערגעשפּאַרט דעם פרענט פון דעם לאָדן. דער פרענט האָט נאָכגעגעבן. עס זיינען נאָך איבערגעבליבן די שטאַכעטלעך, האָט זיי נתן גנב אויך באַלד פונאַנדערגעשפּרייט. ער האָט געגעבן אַ וואונק צו מאָטקען, און מאָטקע האָט ווי אַ קאַץ זיך געגעבן אַ קוועטש אַריין צווישן די שטאַכעטלעך, און באַלד האָט ער אָנגעהייבן אַרויסוואַרפן שטיוול דורך דעם פענצטערל.

אַז מען האָט שוין אָנגעפּאַקט אַ פּאָר זעק, האָט נתן געגעבן אַ קאָמאַנדע, אַז מאָטקע זאָל אינעווייניק צונויפלייגן די שטיוול אַזוי, אַז מען זאָל ניט באַלד באַמערקן. מאָטקע האָט זיך צוריק אַרויסגעקוועטשט פון די שטאַכעטלעך, נתן האָט צוריק פאַרבויגן דעם פרענט אויפן לאָדן, אַז מען זאָל ניט אָנזען און מען זאָל נאָך אַמאָל קאָנען נעמען פון קדשי־קדשים.

אפרים איז אַהיים געקומען מיט זיין ווייב פון דער חתונה, וואו זיי האָבן אויסגעגעבן זייער קינד דאָס ספר־תּורהלע. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער קאַמער. געוואַלד, זי איבערגעלאָזט אַליין, צום ערשטן מאָל אַליין. האָט ער באַקוקט די שלעסער אויף דער טיר. אַלץ איז גאַנץ. פאָרזיכטיק, מיט האַרץ־קלאַפּעניש האָט ער אויפגעעפנט די טיר פון קאַמער: געלויבט איז גאָט, די שטיוול זיינען דאָ. דער לאָדן איבערן פענצטערל און דער פרענט אויך.

— געלויבט איז גאָט, — אָטעמט אָפּ אפרימשע גייגער, — איך האָב זיך געשראָקן. די קאַמער אַליין געלאָזט.

— עס איז אין דעם זכות פון ספר־תּורהלע — זאָגט טויבע.

— דו האָסט רעכט, מיין ווייב.

און צום ערשטן מאָל דעם אָוונט האָבן מאַן און ווייב גערעדט צווישן זיך אָן קללות, פול מיט דעם נחת, וואָס זיי האָבן געהאַט פון זייער „קינד", דעם ספר־תּורהלע.

פון דענסמאָל אָן זיינען אַ שטיקל צייט, דורך דער מי פון מאָטקען מיט זיין רבין נתנען, די שטיוול אָנגעקומען צו די ריכטיקע בעלי־בתּים, פאַר וועמען די בעלי־מלאָכות האָבן זיי געמאַכט, — צו די מענטשן. אַ סך יידן און פויערים זיינען האַרבסט־צייט געוועזן פאַרזאָרגט צו די רעגנס מיט גוטע, געזונטע שטיוול. און ווייל שטיוול זיינען מיטאַמאָל ביליק געוואָרן אין שטעטל, האָט זיך אַן אָרעמאַן אויך געקענט פאַרגינען אַ פּאָר שטיוול אויף יום־טוב.

נאָר באַלד האָט דאָס אויפגעהערט. די שטיוול האָבן אָנגעהויבן צוריקגיין צו אפרימשען אין קאַמער אַריין, ווי מיר וועלן עס שפּעטער דערציילן. וואָרים דער היטער פון גערעכטיקייט, „די בלינדע פּערל", האָלט זיין אויג וואַך איבער דער אָרדענונג פון דער שטאָט...

# 13

— געוואַלד, אַ גנב! — האָט זיך געלאָזט הערן איבער דעם שמאָלן געסל אַ שרעקעדיק געשריי אין אַ שיינעם פרימאָרגן.

לאָדנס האָבן זיך אויפגעפּראַלט. פון די אָפענע לופטשיקעס האָבן ווייסע שלאָף־מיצן און באַפּעדערטע בערד זיך געלאָזט זען. מענטשן האָבן געפּרעגט מיט דערשראָקענע אויגן:

— וואו ברענט?

זיי האָבן דערזען אפרימשע גייגער, אין די גאַטקעס און שלאָף־מיץ, שטיין אויפן גאַניקל פון זיין הויז. ער רייסט זיך די האָר פון קאָפּ און האַלט אין איין שרייען:

— געוואַלד, אַ גנב! מען האָט מיך באַגזלט! בדלות געשטעלט!

טיר און טויער האָבן זיך אויפגעפּענט. יידן אין אונטערוועש, ווייבער אין די העמדער, מוידן אין טיכער איבער די קעפּ, יונגען מיט שטעקנס און העק אין די הענט האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון די הייזלעך און געשריגן:

— וואו? ווען? וועמען?

— דאָ איז ער אַנטלאָפן! ער איז אַריבער דעם פּלויט!

— ניין, אין הויף אַריין, צום גאַמבינער אין הויף אַריין.

— איך האָב אים אַליין געזען דורך דעם הויף.

— קומט, יידן!

און צווישן די אַלע געשרייען הערט זיך אפרימשעס געוואַלד:

— ער האָט מיך געשאָכטן!

— ווער איז עס געווען?

— נאַ, אָט דאָ איז ער! — ווייזט אַ יונג אויפן דאַך הינטערן קוימען.

אויפן דאַך, וואָס איז געווען פאַר די פענצטערלעך פון אפרימשעס קאַמער, האָט זיך מאָטקע באַוויזן. ער איז געווען האַלב באַהאַלטן הינטער דעם קוימען. מען האָט אַרויסגעזען דאָס היטל און די גנבישע אויגן. ער איז האַלב געשטאַנען, האַלב געלעגן, געהאַלטן אין דער האַנט אַ פּאָר שטיוול און געקוקט מיט שרעקעדיקע אויגן, ניט ווויסנדיק, ווי זיך אַן עצה צו געבן.

— אָט, אָט, דאָ, זעט!

— מאָטקע גנב! עס איז מאָטקע!

— דעם בלינדן לייבס! איך האָב באַלד געוואוסט, אַז עס וועט אויס דעם בחור אויסוואַקסן אַ פּרי.

— רינגלט אַרום דעם דאַך, — שרייען איינצלנע קולות.

דערווייל האָבן אפרימשעס געוואַלדן ניט אויפגעהערט און געהאַלטן אין איין צוזאַמענרופן די בעלי־בתּים פון שטעטל. פון די געסלעך, הויפן און הינטער־געסלעך זיינען זיך צוזאַמענגעקומען יידן, ווייבער, יונגען און מוידן, באַוואָפנטע מיט דרענגער, וואַלגער־העלצער, בעזימער און האַקמעסערס, אַלע מיט געוואַלדן און געשרייען: וואו איז דער גנב, דער גנב?!

— געכאַפּט! געכאַפּט!

— אָט, אָט!

די גאַנצע צייט האָט מאָטקע זיך געדרייט ווי אַ מויז אויפן דאַך. פאַר שרעק ניט אַרויסגעלאָזט די שטיוול פון די הענט, און געקוקט מיט אומרואיקע אויגן, וואָס דאָ וועט זיין.

— קומט אַרויף אויפן דאַך!

— ווער גייט מיט מיר אויפן דאַך?

און דאָ און דאָרט ווייזן זיך שוין גבורים און נעמען קלעטערן אויפן דאַך כאַפּן מאָטקען.

אָבער מאָטקע, דערזעענדיק, אַז די יונגען גייען נאָך אים, האָט מיטאַמאָל געגעבן אַ שפּרונג, איז ערגעץ וואו פאַרפאַלן געוואָרן אויף אַ מינוט, דערנאָך האָט ער זיך באַלד געוויזן אויף אַן אַנדער דאַך.

— אָט, דאָ איז ער! דאָ!

אָבער מאָטקע איז שוין געפלויגן ווי אַ קאַץ פון דאַך צו דאַך. מיטאַמאָל זיך געגעבן אַ לאָז אַריין אין אַ לאָך, אַ שפּרונג איבער אַ הויז, ווי אַ שוואַרצע מויז, אַ לויף אַריבער דאָס געסל, אַריין צום סטאָליער אין הויף — און איז

פאַרפאַלן געוואָרן אין אַ לאָך צווישן די קלעצער, דרענגער און ברעטער, וואָס זיינען געווען אָנגעלייגט אין הויף.

דאָס שטעטל, וואָס איז נאָכגעלאָפן מאָטקען איבער די דעכער, האָט אים דערזען פאַרשווינדן אין סטאָליערס הויף. באַלד האָבן די אַלע יידן, ווייבער, יונגען און מוידן אָנגעפילט דעם הויף מיט די דרענגער און בעזימער אין די הענט, צווישן זיי אפרימשע גייגער אין די גאַטקעס און מיטן שלאָף־מיץ, רייסנדיק זיך די האָר פון קאָפּ:

— געוואַלד, דער יונג האָט מיך געשאָכטן!

— ר׳ אפרים, קומט, מיר וועלן די ברעטער אָפּוואַרפן און דעם יונג אַרויסנעמען! — שרייט נחומשע שוסטער, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן אָפּ־געאַרבעט שטיוול פאַר אפרימשע גייגערס קאַמער. ער האָט מיט די איינגע־פאַלענע שוואַרצע באַקן געבלאָזן, קוים דעם אָטעם כאַפּנדיק.

— שטייט, שטייט, די בלינדע פערל גייט! — רופן אַנדערע אויס.

— יידן, מאַכט פּלאַץ, די בלינדע פערל.

די יידן האָבן זיך אָפּגערוקט. די בלינדע פערל, אין „פּאָלנער אוניפאָרם”, באַוואָפנט מיט אַ שווערד און מיט אַ ביקס, איז אַריינגעקומען אין הויף אַריין. דער רויטער קאַרק זיינער האָט זיך אַרויסגעגאָסן פון זיין גומענעם קראַגן, ווי דאָס פעטס ביי אַ חזיר. די אויגן, וועלכע זיינען נאָך געווען האַלב פאַרשלאָפן, האָבן אויסגעקוקט ווי שכורע, און די האָר האָבן זיך אים אויפגעשטעלט פאַר כּעס.

— יידעלעך, וואָס איז? — זאָגט די בלינדע פערל, איבערפירנדיק מיט דער גרויסער האַנט איבער די גרויסע וואָנצעס, וואָס דאָס איז געווען אַ סימן, אַז ער איז בייז.

— אוי, פּאַניע, ער האָט דאָך מיך געהרגעט! ער האָט דאָך מיך גע־שאָכטן!

— פּאָסמאָטרים! פּאָסמאָטרים! — האָט פּלוצלינג די בלינדע פערל אָנ־געהויבן ריידן רוסיש, וואָס דאָס איז געווען אַ סימן, אַז ער איז זייער אין כּעס.

ער איז צוגעגאַנגען צו די ברעטער, האָט געקלאַפּט אויף אַ ברעט מיט דער שווערד און געשריגן:

— עי, מאַשעניק, ווילַיעזאַי!

אָבער מאָטקע איז געלעגן הינטער די קלעצער און האָט אַרויסגעקוקט מיט די בליציקע אויגן פון אַ לאָך אַרויס, געזען די יידן מיט די שטעקנס אין די הענט, די בלינדע פערל מיט דער שווערד. ער האָט ניט מורא געהאַט. ער האָט ניט געציטערט. געקוקט זיי אין די אויגן אַריין און געוואַרט וואָס דאָ וועט זיין.

— וואָס איז געשען? — פרעגט נתן גנב, וואָס האָט זיך פּלוצלינג אין הויף צווישן די יידן באַוויזן.

די יידן קוקן איינס דאָס אַנדערע אָן און ענטפערן אָפּ מיט אַ שמייכל, ווי וועלנדיק זיך אַרויסמאַכן פון גאַנצן עסק.

— מיר ווייסן דען? אַלע לויפן, זיינען מיר אויך געלאָפן.

— וואָס? אַ גנב? — פרעגט נתן.

— פּאַסמאַטרים! — האָט די בלינדע פּערל געקלאַפּט שטאַרקער מיט דער שווערד אויף די ברעטער און גערופן מיט אַ האַרט קול:

— העי, מאַשעניק, ווילעזאַי!

נתן האָט אים אָפּגעענטפערט מיט אַ בליק און זיך אַוועקגעשטעלט מיט די אַנדערע יידן אָפּוואַרטן די זאַך.

אַז מאַטקע האָט דאָס מאָל אויך ניט אָפּגעענטפערט אויף דער בלינדער פּערלס רוף, האָט די בלינדע פּערל זיך געווענדט צו די יידעלעך אויף יידיש:

— העי, יידעלעך, שאַרט אַוועק די ברעטער.

די יידן האָבן זיך געגעבן אַ נעם צו די ברעטער, צום מערסטן די שוסטערס, וועלכע האָבן געהאַט פאַרזעצט זייערע שטיוול ביי אפרימשען, געוואָרפן די דרענגער, די קלעצער, און מאַטקע איז געלאָפן פון איין לאָך אין דער צווייטער אַריין.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ גרויס ווילד געשריי אין הויף:

— איך וועל ניט לאָזן! איך וועל ניט לאָזן!

דאָס איז ווידער געווען די רויטע זלאַטקע, וואָס איז געקומען זיך אָננעמען פאַר איר קינד. אַזוי גרויס ווי זי איז געווען, האָט זי זיך געגעבן אַ וואַליע אַרויף אויף די ברעטער און ניט געלאָזט זיי פונאַנדערשלעפּן.

— אַוועק פון דאַנען, די מינוט אַוועק! — שרייט צו איר די בלינדע פּערל — איך הייס דיר! — קלאַפּט ער מיט דער שווערד.

אָבער די רויטע זלאַטקע איז געלעגן אויף די ברעטער, האָט זיך ניט גערירט פון אָרט און געשריגן מיט ניט קיין מענטשלעך קול:

— איך וועל ניט אַוועקגיין, איר וועט אים ממיתן.

— יידן, נעמט זי אַוועק פון דאַנען! — שרייט די בלינדע פּערל — איך ווער אין כעס.

די יידן האָבן געוואָלט צוגיין צו דער רויטער זלאַטקע. זי האָט געוואָרפן מיט די פיס און מיט די הענט, אַוועקגעשטופּט פון זיך די יידן, די יונגען, די פּנימער מיט די נעגל אויסגעקראַצט און ניט צוגעלאָזט צום יונג.

— איך וועל אייך ניט צולאָזן. איר וועט אים ממיתן.

און נתן האָט געברומט צווישן די ציין אויף די יידן:

— איך וועל אייך די קעפּ צעשפּאַלטן.

די יידן האָבן אַנגעקוקט נתנען, מורא געהאַט פאַר אים. זיי זיינען גע־שטאַנען, ניט צו וויסן וועמען זיי זאָלן געהאָרכן: די בלינדע פּערל אָדער נתן גנב.

ווען די בלינדע פּערל האָט געזען, אַז די יידן נעמען ניט אַוועק די

רויטע זלאַטקע, האָט ער געוואָרפן אַן אויג אויף נתן גנב, איז אַליין צו צו דער רויטער זלאַטקע און זי אָנגעהויבן שלאָגן מיט דער שייד פון דער שווערד, צוטופנדיק:

— אַוועק, דו ממזרת, גנבים וועסטו אויפציען!

דאָס האָט נתן ניט געקענט פאַרטראָגן: ער איז צו צו דער בלינדער פערל, האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר דעם לאַץ, געוויזן אים אַ פויסט אין פנים אַריין:

— אַ יידענע וועסטו שלאָגן? איך וועל דיר דעם קאָפּ צעשפּאַלטן!

די בלינדע פערל האָט זיך דערשראָקן, געכאַפּט דעם רעוואָלווער אין האַנט און געשריגן אויף נתנען:

— דו גייסט אַוועק פון דאַנען? איך שיס דיך ווי אַ הונט! דו לאָזט מיך ניט דאָס געזעץ אויספירן.

עס איז געווען אַ ביסל צו ליכטיק, און נתן גנב האָט זיך אָפּגערוקט. אַז די בלינדע פערל האָט דערזען, אַז ער איז תקיף, האָט ער געגעבן אַ געשריי צו די יידן, וויינענדיק אויף נתנען:

— בינדט אים, ער האָט מיר געשטערט דאָס געזעץ אויסצופירן.

נתן איז געשטאַנען בלייך און געשמייכלט, אין דער האַנט האָט ער שוין גרייט געהאַלטן דעם „אייזערנעם שטאַכער״, מיט וועלכן ער האָט זיך געשלאָגן, און קיין ייד האָט זיך ניט דערוועגט צוצוגיין צו אים.

די בלינדע פערל האָט געזען, אַז ער איז איצט אַליין, האָט ער זיך ווייטער גענומען מאַטקען צו כאַפּן; אָפּגעשטופּט די יידענע און געשריגן אויף די יידן, אַז זיי זאָלן די ברעטער אַראָפּוואַרפן.

נאָר קיין יידנס האַנט האָט שוין ניט מיטגעהאָלפן די ברעטער פונאַנדער־צוואַרפן. צי זיי האָבן מורא געהאַט פאַר נתנען, צי איבער דעם וואָס די בלינדע פערל האָט געשלאָגן מאַטקעס מוטער, — די סימפּאַטיע האָט אי־בערגעוואויגן אויף מאַטקעס זייט. סיי ווי סיי, די בלינדע פערל האָט אַליין די ברעטער אויפגעהויבן און דערביי האָט ער זיך צעוואָרעמט, דער שוויס האָט גערונען פון זיין פעטן האַלדז. ער איז רויט געווען און האָט געשאָלטן די יידן און זייערע „ראַבים״. די יידן זיינען געשטאַנען, האָבן צוגעזען, ווי די בלינדע פערל אַרבעט, און געשמייכלט. אַזוי האָט ער אָפּגעאַרבעט, ביז ער האָט פונאַנדערגעוואָרפן אַ גאַנצן הויפן ברעטער. מיטאַמאָל האָט מאַטקע געגעבן אַ שפּרונג אַרויס פון אַ לאָך, איז אַריין צווישן אַ געזעמל יידן. קיינער האָט זיך ניט דערוועגט אים צו כאַפּן. אַדרבה, טייל האָבן אים נאָך פאַרשטעלט מיט די קאַפּאָטעס. די בלינדע פערל האָט אַרויסגעכאַפּט די שווערד און אַריינגע־לאָזט זיך צווישן די יידן נאָך מאַטקען. אָבער מאַטקע האָט שוין געמאַכט אַ ויברח, ווידער אַריין אין אַ הויף און פון דאָרט האָט ער זיך אַריבערגעלאָזט איבער אַ פּלויט אין פעלד אַריין, צום וואַסער צו. די בלינדע פערל מיט אפרימשע גייגער זיינען געווען די איינציקע וואָס זיינען אים נאָכגעלאָפן. די יידן, ווייבער,

יונגען און מיידן מיט די שטעקנס און בעזימער אין די הענט זיינען שוין גע־שטאַנען, האָבן זיך צוגעקוקט, ווי די בלינדע פּערל מיט דער לאַנגער שווערד אין האַנט און נאָך אים אפרימשע גייגער אין די גאַטקעס מיטן שלאָפמיץ לויפן נאָך דעם יונג, און מאַטקע פליט ווי אַ פייל פון בויגן איבער פלויטן, איבער דעכער, און די בלינדע פּערל סאָפּעט מיטן רויטן האַלדז ווי אַ שווערע גאַנדז, האָבן זיי געלאַכט.

צום סוף איז די בלינדע פּערל מיד געוואָרן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, צוריק אַריינגעטאָן די שווערד אין שייד, אויסגעשפּיגן און געזאָגט אויף יידיש צו די אַרומשטייענדיקע יידן:

— אַז איר ווילט אַ גנב, האָב איך אַן עסק! וואָס איז עס מיין עסק?

און דערזען אפרימשען אין די גאַטקעס מיטן שלאָפמיץ, ווי ער שטייט און רייסט זיך די האָר פון קאָפּ: „געוואַלד, ער האָט דאָך מיך געשאָכטן!" — האָט די בלינדע פּערל אויסגעלאָזט דעם גאַנצן כּעס אויף אפרימשען. ער האָט אים נאָכגעקרימט און געזאָגט:

— געוואַלד, ער האָט מיך געשאָכטן! אַלץ ביסטו שולדיק, וואָר הייסט דיר האַלטן די שטיוול אין קאַמער? גיב זיי צוריק די שוסטערס, וועט מען ניט גנבענען.

נאָר באַלד איז געוואָרן אַ געלויף אין עק געסל, וואָס מאַטקע איז אַהין אַנטלאָפן. יונגען זיינען געקומען פאַראויס צו לויפן און אָנגעזאָגט מיט גדולה די בשורה: „געכאַפּט! געכאַפּט!" באַלד האָט זיך געוויזן דער גויאישער קיי־לער מיט זיין שייגעץ. זיי האָבן געפירט מאַטקען ביי יעדע הענט. זיי האָבן אים געכאַפּט אין זייער הויף. מאַטקע איז געגאַנגען צווישן זיי, רואיק, מיט אַ ברוגזער מינע, און די אייגעלעך האָבן ביי אים געגלאַנצט. די בלינדע פּערל האָט זיך גלייך געשטעלט, אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און אים גרייט גע־האַלטן. יידן האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער בלינדער פּערלס רעוואָלווער, האָבן זיי זיך אָפּגערוקט. די גויים האָבן איבערגעגעבן מאַטקען אין די הענט פון דער „גערעכטיקייט", און די „גערעכטיקייט" אין דער געשטאַלט פון דער בלינדער פּערל האָט איבערגענומען מאַטקען מיט אַן ערנסטער מינע, אָנגעשטעלט דעם רעוואָלווער און געפירט אים ביי דער האַנט אין וואַד אַריין.

## 14

די „וואַד" איז געווען אין מיטן מאַרק, אין דעם שענסטן, געזינטסטן הויז פון שטעטל. די פענצטערלעך האָבן אַרויסגעקוקט אין מאַרק אַריין, און מען האָט פון דער וואַד געקענט זען אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין גאַס, און פון גאַס — אַלץ וואָס טוט זיך אין דער וואַד.

פּאָר אַ פֿאַרברעכן האָט מען אַריינגעזעצט אין וואָך. למשל, אַז אַ ייד האָט פֿאַרקויפֿט אין געהיים פֿון זיין געוועלבל זונטיק פֿאַר צוועלף אַזייגער, ווען די קירכנגלאָקן האָבן געקלונגען, איז געקומען דער פּאָליציאַנט, די בלינדע פּערל, און פֿאַרשריבן אין ביכל. האָט דער „סאָנד" (ריכטער) דערנאָך געמשפּט, אַז דער ייד זאָל פֿינף טעג אָפּזיצן אָדער באַצאָלן פֿינף רובל אַ טאָג. האָט דער ייד געוואָלט ליבער פֿאַרדינען די פֿינף און צוואַנציק רובל און איז געגאַנגען אָפּ־זיצן די פֿינף טעג, און מען האָט אים דערנאָך צוגעוואונטשן, הלוואַי איטלעכע וואָך אַ פֿינף־און־צוואַנציקער פֿאַרדינען.

דאָס איז אַלץ געווען פֿאַרצייטנס, אין אָנהייב, ווען די בלינדע פּערל איז נאָך געווען אַ „פּריטש", און אַז ער האָט דערזען אַן עוולה אין שטעטל האָט ער עס ניט געקענט איבערטראָגן און באַלד פֿאַרשריבן אין זיין ביכעלע. דער־נאָך האָט די בלינדע פּערל זיך צוגעוואוינט צום שטעטל. מען האָט אָפּגעמאַכט מיט אים, — צען גילדן אַ וואָך מיט אַ פֿונט טיי און דריי פֿונט צוקער. דער שמש האָט עס איטלעכן פֿרייטיק צוזאַמענגענומען גראָשנווייז פֿון די בעלי־בתּים, און צו שטיקלעך צוקער פֿון די בעלי־ביתטעס פֿאַר דער בלינדער פּערל. פֿון דענסמאָל אָן, אַז אַ שיינער בעל־הבית איז אַריינגעפֿאַלן, ווען, למשל, דער פֿאַן קאָמיסאַר איז געקומען צו פֿאָרן פֿון דעם גרעסערן שטעטל און איז אַרומגעגאַנגען אין די הויפֿן נאָכקוקן, צי ס'איז ריין, און האָט דעם שיינעם בעל־הבית פֿאַרשריבן פֿינף רובל אַ טאָג אָדער פֿינף טעג זיצן, — איז אָפּגע־מאַכט געוואָרן מיט משה־שלמהן דעם אונטער־שמש, אַז ער זאָל גיין אָפּזיצן פֿאַר דעם שיינעם בעל־הבית. משה־שלמה דער אונטער־שמש האָט עס גע־מאַכט ביליקער ווי פֿינף רובל אַ טאָג. גענומען האָט ער צוויי גילדן אַ טאָג פֿון אַ בעל־הבית, און דערביי האָט ער די צייט ניט פֿאַרטאַכלעוועט: ער האָט זיך דערווייל אָנגעגרייט די צווייטע וועלט, — ער איז געזעסן און געזאָגט תּהלים. די בלינדע פּערל האָט שוין געזאָרגט פֿאַר דעם, אַז משה־שלמה זאָל האָבן פּרנסה, אַז ער זאָל שטענדיק דאַרפֿן זיצן, וואָס משה־שלמה איז דער בלינדער פּערל פֿאַר דעם זייער דאַנקבאַר געווען. אָפּגעזעסן איז דער אונטער־שמש אַ גאַנצע וואָך, און פֿרייטיק האָט די בלינדע פּערל גע־וואוסט, אַז אַ ייד דאַרף שבת זיין ביים ווייב מיט די קינדער, האָט ער משה־שלמהן אַרויסגעלאָזט, ווען דער אונטער־שמש האָט געדאַרפֿט ליכט צינדן אין שול. שבת־צו־נאַכט, ווען אַלע יידן האָבן זיך גענומען צו זייער וואָכעדיקער פּרנסה, איז משה־שלמה אַליין צוריקגעגאַנגען צו זיין פּרנסה, — אין דער וואָך אַריין.

עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז די בלינדע פּערל האָט פֿאַרגעסן אָן משה־שלמהן און האָט די בעלי־בתּים ניט פֿאַרשריבן אין ביכל, איז אים דער אונטער־שמש געקומען בעטן און געטענהט צו אים:

— וואָס, איך בין ניט קיין ייד, איך דאַרף ניט קיין פּרנסה?

האָט די בלינדע פּערל איינגעזען, אַז משה־שלמה האָט אַ ווייב מיט קינ־

דערלעך, האָט ער פאַרשריבן אין ביכל אַ בעל־הבית אויף פינף טעג צו זיצן,
— ניט דערפאַר, וואָס דער בעל־הבית האָט, חלילה, מיט עפּעס זיך פאַרזינדיקט,
נאָר כּדי משה־שלמה זאָל האָבן וואָס צו טאָן און די וואָך זאָל ניט בלייבן
ליידיק, און אַז דער בעל־הבית האָט דערנאָך געמאַכט אַ געוואַלד אין געסל,
געטענהט צו דער בלינדער פּערל:

— וואָס הייסט? וואו איז יושר? דו נעמסט ניט קיין צען גילדן אַ וואָך?
פאַרוואָס פאַרשרייבסטו מיך?

האָט די בלינדע פּערל אָפּגעענטפערט גאַנץ יידישלעך:

— עס איז דאָ אַ ייד אין דער שטאָט, ר' משה־שלמה, דאַרף ער האָבן
פּרנסה.

נאָך אַן אַרעסטאַנט איז געווען אַ שטענדיקער איינוואוינער אין דער וואָך.
דאָס איז שוין געווען אַ געפּערלעכער, אַ פּאָליטישער, כאַנאַצקי, דער פּוילישער
שוסטער, אָדער ווי יידן האָבן אים גערופן „פּאָלסקי וואָיסקע".

דאָס איז געווען אַן אָרעמער גוי, וועלכער איז אַ גאַנצע וואָך אָפּגעזעסן
ביי ברוכן אין ווערקשטאָט, איינגעבויגן איבער זיין שטיוול און געקלאַפּט אין
דער פּאָדעשווע. אַ הויכער, אַן אויסגעמאָגערטער, מיט אַ פּאָר גרויסע פּוילישע
וואָנצעס. אַ גאַנצע וואָך איז ער געווען אַ שטילער, אַ גוטער, צו אַלעמען גע־
שמייכלט און די קינדער פון געסל צוקערקעס געטיילט. נאָר אַז עס איז גע־
קומען זונטיק, האָט ער זיך אָנגעשיכּורט און איז אַרויס אין גאַס, אָנגעטאָן
אין עפּעס אַן אַלט זעלנעריש היטל פון נאַפּאָלעאָנס צייטן, מיט אַן אַלטער
פאַרראָסטעטער שווערד, פון די פּורים־שפּילער, וואָס ער האָט ערגעץ־וואו געהאַט
פאַרשטעקט, אַרויס אין פולער פּאַרעם און אָנגעהויבן זינגען: „יעשטשע פּאָלסקאָ
ניע סגינעלאָ"... און געשריגן אין געסל: „פּאָלסקע וואָיסקאָ, דאָמבראָווסקי...
קאָשטשיושקאָ..." אַז מען האָט דערהערט די שרעקלעכע רעוואָלוציאָנערע ווער־
טער אין געסל, איז אַ שרעק אָנגעפאַלן אויף קליין און גרויס: „פּאָווסטאַניע",
געוואַלד, דער פּוילישער שוסטער וועט אונדז אומגליקלעך מאַכן! איז אָנגע־
קומען די בלינדע פּערל מיטן רעוואָלווער און שווערד און האָט פּאָלסקי וואָיסקען
אין וואָך געפירט. דאָרט האָט ער אים גוט אָנגעשלאָגן, „פּאָלסקע סאָיסקאָ" איז
אָפּגעלעגן אַ נאַכט אין דער וואָך, אויסגעניכטערט זיך.

ווען משה־שלמה דער אונטער־שמש האָט געזען דעם שיכּורן „פּאָלסקי
וואָיסקע" זיך אַרומוואָלגערן אויף דער פּאָדלאָגע אין דער וואָך, האָט ער גע־
קרעכצט און באַדויערט גאָטס באַשעפעניש. אַ מענטש איז משוגע, קרעכצט ער.
בחינם זאָל ער נעמען און זיך אַוועקזעצן אין וואָך, און משה־שלמה האָט אים
גענומען מוסר זאָגן:

— אַ מענטש זאָל זיך אַזוי צום נאַר מאַכן! אוי, אוי, פּאַניע פּאָלסקע
וואָיסקאָ, — שאָקלט ער אויף אים מיטן קאָפּ.

„פּאָלסקי וואָיסקע" האָט זיך גענומען צום האַרץ משה־שלמהס מוסר, גע־
קראַצט זיך אין קאָפּ און אָפּגעענטפערט:

— דו האָסט רעכט, פּאַני משה־שלמה, האָסט רעכט.

„פּאָלסקי וואָיסקע" האָט זיך באַרואיקט, אָפּגעמאַכט ביי זיך ניט מער צו טאָן די נאַרישקייט. צומאַרגנס האָט אים די בלינדע פּערל אַרויסגעלאָזט מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג, און „פּאָלסקי וואָיסקע" איז צוריקגעגאַנגען צום „זשיד" ברוך אין ווערקשטאַט און רואיק ווייטער געקלאַפּט אין דער פּאָדעשווע ביז צום צווייטן זונטיק, ווען „פּאָלסקי וואָיסקע" האָט זיך ווידער אָנגעשיכּורט און דערשראָקן דאָס געסל מיט „יעשטשע פּאָלסקאָ ניע סגינעלאָ"...

אָט צו די צוויי אַרעסטאַנטן האָט די בלינדע פּערל, באַוואַכט מיט שווערד און ביקס, אַריינגעבראַכט דעם קליינעם צוועלף־יעריקן מאָטקע גנב. אויף דער שמוציקער שטיינערנער פּאָדלאָגע איז געלעגן „פּאָלסקי וואָיסקע" מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג און הויך געשנאָרכט. משה־שלמה איז געזעסן ביים פענצטערל, מיט ברילן אויף דער נאָז און געהאַלטן אַ גרויסן סידור אין האַנט. אַז ער האָט דערזען דעם „אַרעסטאַנט", וואָס מען לאָזט אַריין צו אים אין וואַך אַריַין, האָט ער זיך איינגעקאָרטשעט, אָפּגעקרעכצט און אַרויסגעזאָגט פון תהלים שאָקלענדיק מיטן קאָפּ: „אשרי האיש אשר לא הלך בעצת רשעים, ובדרך חטאים לא עמד"...

די בלינדע פּערל האָט אַרויסגענומען דעם פּיסטאָלעט פון שיידל. דער פּיסטאָלעט, וואָס איז געווען פאַרראָסטעט און האָט קיינמאָל קיין קויל ניט אָנגעזען, האָט אַזאַ שרעק אָנגעוואָרפן אין טורמע צווישן די אַרעסטאַנטן, אַז משה־שלמה האָט די אויגן צוגעמאַכט און געשריגן „שמע ישראל" און „פּאָלסקי וואָיסקע" האָט זיך פון שלאָף אויפגעכאַפּט און פאַר שרעק האָבן זיך אים די האָר אויפן קאָפּ קאַפּויר געשטעלט. דער פּיסטאָלעט איז אָבער ניט געווען צו זיי געווענדט. די בלינדע פּערל האָט צוגעטראָגן דעם פּיסטאָלעט נאָענט צו מאָטקעס פּנים און געשריגן:

— זאָג די מינוט, אַז נתן גנב האָט דיך געשיקט די שטיוול גנבענען, אַז ער האָט זיי אָפּגענומען פון דיר. זאָג די מינוט!

אָבער מאָטקע האָט זיך ניט געשראָקן פאַרן פּיסטאָלעט. ער האָט נאָר מיט די גנבישע אייגעלעך געגעבן אַ ציטער און גאַנץ רואיק געקוקט דער בלינדער פּערל אין פּנים אַריין.

— איך וועל דיך שיסן! — שרייט די בלינדע פּערל — זאָג, אַניט וועל איך דיך שיסן!

— אוי! — שרייט אויס משה־שלמה פון ווינקל.

די בלינדע פּערל קוקט אים אָן, משה־שלמה שטעקט פלינק דעם קאָפּ אין סידור אַריין און זאָגט מיט אַ צעבראָכן האַרץ:

— אוי! כי יודע ה' דרך צדיקים, דרך רשעים תאבד!

אַז די בלינדע פּערל האָט געזען, ווי מיט סטראַשונקעס קען ער גאָרניט מאַכן, האָט ער מאָטקען געגעבן דעם ערשטן פּאַטש.

נאָר דאָ האָט זיך מאָטקע דערמאָנט, אַז ער קען שרייען. ער האָט מיט־

אַמאָל געמאַכט אַזאַ געוואַלד, אַז דאָס גאַנצע געסל איז געקומען צו לויפן פֿאַר די פענצטערלעך פון דער וואַך.

די בלינדע פערל איז ביז געוואָרן, האָט געגעבן מאַטקען אַ וואָרף אויף דער ערד און אים אָנגעהויבן קאַפּיען מיט די פיס און שלאָגן מיט דער שייד פון דער שווערד, וואו ער האָט געטראָפן.

נאָר מאַטקע האָט ניט געשוויגן, זיינע געוואַלדן האָבן גערופן ווי דאָס קלינגען פון פייער־גלאָקן די איינוואוינער פון שטעטל צו די פענצטערלעך פון דער וואַך. וואָס אַמאָל מער זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן די איינוואוינער, און איינער האָט דעם צווייטן געשראָקן:

— מען שלאָגט מאַטקען אין דער וואַך, מען שלאָגט מאַטקען.

די רויטע זלאַטקע האָט שוין פון דער ווייטנס געהערט מאַטקעס געוואַלדן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון צווישן די שטאַכעטן פון קליינעם וואַך־פענצטערל. מיטן טוך איבערן קאָפּ, איז זי געקומען צולויפן פאַר די פענצ־טערלעך, געבראָכן זיך די הענט. די טרערן זיינען איר גערונען איבער די באַקן און זי האָט געשריגן מיט אַ ווילד קול ווי אַ חיה־מוטער, וואָס מען האָט פון איר דאָס קינד געראַבעט:

— געוואַלד, ער וועט מיר דאָס קינד טייטן! געוואַלד, יידן, געוואַלד!

זי האָט געקלעטערט אויף די ווענט, צום פענצטערל צו, געקלאַפּט מיטן קאָפּ אויף דער טיר פון דער וואַך און אַלץ געשריגן:

— יידן, האָט רחמנות, ער וועט מיר דאָס קינד טייטן!

די האָר האָבן זיך איר צעפּאַטלט, די אויגן, פול מיט טרערן, האָבן זיך ביי איר אַרויסגעזעצט, מיט די דאַרע צעקראַצטע הענט האָט זי די טיר פון דער וואַך געריסן און געקלאַפּט מיטן קאָפּ אויף דער טיר:

— יידן, האָט רחמנות!

מאַטקע האָט פון אינעווייניק דערהערט דער מאַמעס קול און ער האָט נאָך העכער אָנגעהויבן שרייען. די קולות, דער מאַמעס מיט דעם יונגס, האָבן זיך אויסגעמישט און אָנגעוואָרפן אַ פחד אין דעם זון־באַשיינטן טאָג. די יידן האָבן עס ניט געקענט אויסהאַלטן. נאָר די ערשטע פאַר דעם פענצטערל פון דער וואַך האָבן זיך אָנגענומען פאַר מאַטקעס מוטער די יידענעס און די פויערטעס. די ווייבער האָבן אָנגעהויבן רייסן די טיר פון דער וואַך, דערנאָך זיינען צוגעלאָפן די יונגען מיט דרענגער און שטעקנס, געקלאַפּט אין דער טיר, אונטערגעשפּאַרט זי, ביז זיי האָבן די טיר אויפגעבראָכן און אַריין אין דער וואַך.

מאַטקע איז געלעגן אויף דער ערד, אַ צעבלוטיקטער, און די בלינדע פערל, רויט פאַר כעס, איז געשטאַנען איבער זיין קרבן מיט דער שווערד.

די רויטע זלאַטקע האָט זיך געגעבן אַ וואַליע אַרויף אויף איר יונג און אים פאַרשטעלט מיט איר קערפּער, און די יידן האָבן דערווייל אַוועקגעריסן די בלינדע פערל.

— וואו איז יושר? דו נעמסט ניט צען גילדן, צען בלוטיקע גילדן פון אונדז אַ וואָך?

די בלינדע פּערל האָט זיך איינגעקוקט און דערזען די יידענעס, די פּוי־ערטעס מיט די צעשראָקענע אויגן און אויסגעשטרעקטע הענט, די אויפגע־רעגטע פּנימער פון די יידן, האָט ער זיך ווי דערשראָקן און אויסגעשריגן:

— אַ גנב, ער איז אַ גנב!

— ווער אַ גנב? ביי אונדז זיינען ניטאָ קיין גנבים.

— ביסט אַליין אַ גנב! — שרייען די ווייבער — קוקט נאָר אָן דעם צדיק!

— אַז אירווילט אַ גנב, האָב איך אַ דאגה. וואָס פאַר אַן עסק האָב איך? — זאָגט די בלינדע פּערל, און וואַרפט אַרויס מאַטקען פון דער וואָך, צו־קלאַפּנדיק די טיר נאָך אים. — נעמט זיך אים, אַז איר ווילט. — האָט ער צוגע־געבן און אָנגעקוקט שטרענג די אַרעסטאַנטן משה־שלמה מיטן „פּאַלסקי וואָיסקע”, וועלכע האָבן געציטערט אין די ווינקעלעך.

די מוטער האָט איינגעהילט מאַטקען מיט איר טוך און געפירט אים איבער דעם מאַרק אַהיים צו זיך אין קעלער. זי האָט אים אונטערגעהאַלטן מיט די הענט און די טרערן זיינען איר גערונען פון די אויגן איבער זיין קאָפּ, אי־בער זיין פּנים, און זי האָט געשלוכצט:

— מיין שלעכט קינד, וואָס וועט פון דיר דער סוף זיין?

# 15

די מאַמע האָט אַהיים געבראַכט מאַטקען און אַוועקגעלייגט אים אויפן געלעגער. מאַטקע איז געווען צעשלאָגן, דאָס פּנים צעביילט און די קליידער אָפּגעריסן, איינגעריכט. די מאַמע האָט אים די קליידער אַראָפּגעריסן, דאָס פּנים מיט אַ נאַסער שמאַטע אָפּגעווישט, דאָס בלוט אָפּגעוואַשן, אויף איר גע־לעגער צווישן די קישנס און פּערענעס אַריינגעלייגט און ניט אויפגעהערט די גאַנצע צייט צו קלאָגן:

— מאַטקע, מיין אומגליקלעך קינד, ווי דו זעסט אויס! וואָס וועט פון דיר דער סוף זיין? מיין אומגליקלעך, שלעכט קינד!

מאַטקע האָט זיך געלאָזט פון דער מאַמען אָפּוואַשן, אויסטאָן מיט אַ ברוגזער מינע און מיט אַ מורמל אונטער דער נאָז, וואָס קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַטייט. נאָר ווען די מאַמע האָט אים אַ נאַקעטן אַריינגעלייגט אין איר געלעגער, האָט ער זיך אַזוי געפילט ווי קיינמאָל ניט. עפּעס איז אים אַזוי געוואָרן, אַז ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך און געוואָלט זיך אויפהייבן און

אַרויסשפּרינגען פון בעט אין גאַס אַרויס, ווי ער איז געשטאַנען און געגאַנ־גען. ער האָט נאָר מיטאַמאָל אָנגעהויבן עפּעס זיך שעמען פאַר דער מאַמען, און אין האַלדז האָט אים געשטיקט. ער האָט זיך אַרונטערגערוקט אין אַ ווינקל און פאַרדעקט דעם קאָפּ מיט אַן אַלט טוך, וואָס איז געלעגן איבערן געלעגער. אַזוי איז ער געלעגן אַ וויילע און פּלוצלינג האָט ער דערפילט ווי עס רינט אים עפּעס פון די אויגן און עס רייסט זיך עפּעס אַרויס פון האַלדז.

די מוטער האָט דערהערט פון אונטער דעם טוך מאָטקעס פאַרשטיקט קול, האָט זי זיך דערשראָקן: ווײ איז איר, צום ערשטן מאָל הערט זי מאָטקען אַזוי וויינען... ער שרייט ניט, ער מאַכט ניט קיין ליאַרם, נאָר ער וויינט פאַר זיך. ביים האַרץ האָט עס זי געשניטן. איז זי צוגעלאָפן צום געלעגער, געפּראַווועט פון מאָטקעס קאָפּ דעם טוך אַראָפּרייסן:

— וואָס איז מיט דיר, מאָטקעלע, מיין קינד? ווײ איז מיר, ווי זיי האָבן דאָס דיך געשלאָגן!

די ווערטער האָבן אים נאָך מער געקרענקט. מאָטקע האָט ניט געלאָזט דעם טוך אַראָפּרייסן פון זיין קאָפּ און אָנגעהויבן מיט די פיס און מיט די הענט צו קאָפּיען און צו שלאָגן, וואו ער האָט געטראָפן: די וואַנט, דאָס בעטגעוואַנט, די מאַמע, — און מיטאַמאָל האָט ער גאָר אין גאַנצן געגעבן אַ שפּרונג אַראָפּ פון בעט און געוואָלט אַ נאַקעטער אַרויס, האָט אים די מוטער קוים איינ־געהאַלטן:

— וואָס איז מיט דיר, מאָטקע?

— גאָרניט, גאָרניט, גאָרניט! — האָט מאָטקע נאָכאַנאַנד געשריגן און גע־כאַפּט אויף זיך פלינק די הויזן און קאַפּאָטע.

— איך וויל אַרויס, לאָז מיך אַרויסגיין.

— וואוהין וועסטו גיין? וואוהין? ווידער גנבענען? ווידער שלאָגן? ווידער זיך אַרומוואַלגערן? — האָט אים די מאַמע פאַרשטעלט די טיר.

— איך וויל אַרויס, לאָז מיך אַרויסגיין.

— מאָטקע, געדענק אַן גאָט, וואוהין וועסטו גיין? דו ביסט דאָך אַ צעבייל־טער, אַ צעהרגעטער.

— ניט דיין עסק, איך וויל גיין, און שוין.

— פאַרוואָס, מיין קינד, לויפסטו פון מיר, פאַרוואָס? — וויינט די מאַמע.

— איך וויל שוין גיין, מאַמע, לאָז מיך גיין.

— וואַרט כאָטש, איך וועל דיר די הויזן צונייען. קענסט דאָך ניט אַזוי אַרויסגיין. מענטשן וועלן דאָך לאַכן אויס דיר, אויס דיין מאַמען.

די מוטער האָט אַרויסגענומען פון אַ קאַסטן דעם בלינדן לייבס אַ פּאָר הויזן און אָנגעהויבן נייען פאַר מאָטקען. מאָטקע האָט געזעסן, ווי די מאַמע זיצט און נייט פאַר אים די הויזן, איז אים ווידער אַזוי געוואָרן ענג אין האַלדז, אַז ער איז ווידער אַרויס מיט אַ געוויין, נאָר דאָס מאָל שוין שטילער. ער האָט זיך אַ נאַקעטער אָוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און געוויינט.

די מאַמע האָט אים שוין גאָרניט געזאָגט, נאָר איז געזעסן איינגעבויגן אי־בער די הויזן.

מאָטקע האָט אַזוי לאַנג געוויינט, ביז ער האָט זיך באַרואיקט. די מאַמע האָט געמיינט, אַז ער איז איינגעשלאָפן, האָט זי גענומען אַן אַלטע קאַפּאָטע און האָט מאָטקען צוגעדעקט.

מאָטקע איז אָבער ניט געשלאָפן. ער איז געלעגן אונטער דער קאַפּאָטע אַ נאַקעטער און האָט געקוקט אויף דער מאַמען. ווי זי זיצט און נייט אים די הויזן. ער האָט זיך גוט איינגעקוקט אין איר פּנים. דאָס פּנים איז געווען שוואַרץ, איינגעשרומפּן, נאָר די נאָז בלייך, — לאַנג און גרויס האָט זי אַרויסגעשטאַרט פון אַלטן פּנים, — און די אויגן זיינען ביי איר געווען גרויסע און אַרויס־געזעצטע, און דאָס מאָל אַזוי איינגעצויגן, ווי ביי אַן אַלטער הון. און עפּעס האָט אים די מאַמע דערמאָנט אַן אַ הון, וואָס ער האָט אַמאָל געזען אין שעכט־הויז ביים שוחט צווישן די קני. די הון האָט פאַרגלאָצט די אייגעלעך, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז די הון בעט זיך ביי אים מיט אירע פאַרגלאָצטע אייגעלעך. האָט ער געוואָלט צולויפן און אַרויסרייסן די הון פונעם שוחטס קני, נאָר נתן גנב האָט אים געוויזן מיט דער האַנט, אַז ער וועט אים הרגענען, האָט ער מורא געהאַט. איצט, דאַכט זיך אים, איז די מאַמע אויך אַזוי ווי די הון, און די אויגן פאַרגלאָצט זי פאַר אים. ער האָט געוואָלט צוגיין און לעקן דער מאַמען די אויגן, די הענט און דאָס אַלטע, פינצטערע פּנים, נאָר ער האָט זיך געשעמט.

פאַרנאַכט איז געקומען דער בלינדער לייב, דער טאַטע, פון גאַס. אין מאַרק האָט ער שוין געהערט, וואָס עס האָט זיך היינט אַ גאַנצן טאָג אָפּגעטאָן מיט מאָטקען אין שטאָט. חברים וויראָבקעס האָבן אים שוין אין געסל אָפּגעשיקט צו מאָטקען:

— גיי ראַטעווע דיין מאָטקען, די בלינדע פּערל שלאָגט אים.

— האָפּ, זע, מאָטקע פליט איבער דעכער.

ער האָט זיי אַלעמען אָפּגעשיקט צו אַלדי שוואַרצע יאָר און איז אַהיים געגאַנגען אויסלאָזן זיין ביטער האַרץ צו זלאַטקען, פאַרוואָס זי האָט געבוירן אַזאַ ממזר, וואָס די גאַנצע שטאָט האָט מיט אים צו טאָן. האָט ער געטראָפן זלאַטקען זיצן אין אַ ווינקל און נייען די הויזן. איז אים דאָס שוין ניט געפעלן. האָט ער געפרעגט זלאַטקען מיט אַ בליק פון בלינדן אויג:

— פאַר וועמען נייסטו דאָס די הויזן?

האָט אים זלאַטקע אָפּגעענטפערט:

— פאַר קיינעם ניט.

האָט ער אָנגעהויבן אַרומקוקן זיך אין שטוב און באַמערקט אין אַ ווינקעלע ליגט עפּעס איבערגעדעקט מיט אַ קאַפּאָטע. האָט ער געפרעגט, קוקנדיק אויף זלאַטקען מיטן בלינדן אויג:

— ווער ליגט דאָרט אין ווינקעלע?

האָט זלאַטקע זיך דערשראָקן, אויפגעכאַפּט זיך און אָפּגעענטפערט מיט פעסטקייט:

— קיינער ניט.

האָט דער בלינדער לייב געוואָלט צוגיין זען, איז שוין זלאַטקע פאַראויס געווען פאַר אים, האָט פאַרשטעלט מאָטקען און געשריגן:

— איך האָב אים נאָר אַרונטערגענומען אַביסל אָנוואָרעמען זיך. וואָס ווילסטו האָבן פון אים?

איז דער בלינדער לייב בייז געוואָרן, דאָס פּנים אָנגעלאָפן מיט בלוט, און דאָס בלינדע אויג האָט זיך אַרויסגעזעצט, ווי עס וואָלט געוואָלט זען:

— האָסט נאָך דעם ממזר אַריינגענומען צו מיר אין שטוב אַריין? די מי־נוט זאָל ער אַרויס! איך וועל אים ממיתן!

— וועסט אים ניט אָנרירן. איך וועל מיר אַ טויט מאַכן, — האָט איר די מאַמע פאַרשטעלט.

און זלאַטקע האָט זיך געגעבן אַ וואָרף אויף מאָטקען און אים אָנגעהויבן קושן, האַלדזן און צודריקן פעסט צו איר האַרץ:

— מיין אָרים, אָרים, אומגליקלעך קינד...

דער בלינדער לייב איז געשטאַנען אַ צעטומלטער און האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן.

אָבער מאָטקע האָט זיך באַלד אַרויסגעריסן פון דער מאַמעס אָרעמס, ער איז וואַך געווען און האָט אַלץ געהערט. ער האָט געריסן די הויזן פון דער מאַמעס הענט:

— לאָמיך גיין, איך וויל דאָ ניט זיין.

ער האָט זיך פלינק אָנגעטאָן די הויזן, געוואָרפן די קאַפּאָטע אויף זיך, געכאַפּט דאָס היטל און געוואָלט אַרויסלויפן. ער איז אָבער צוערשט צוגע־גאַנגען צום טאַטן, אויפגעהויבן די האַנט און געוויזן דעם פאָטער:

— איכ׳ל דיך שלאָגן, אויב דו וועסט די מאַמע אָנרירן.

— וואָס, דו בענקאַרט איינער? — האָט דער בלינדער לייב געכאַפּט אַ דראַנג.

מאָטקע איז אָבער ניט אַנטלאָפן. ער האָט זיך אָנקעגנגעשטעלט דעם טאַטן, געכאַפּט אַ טאָפּ, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל, און געזאָגט רואיק.

— מיט דעם דיין קאָפּ שפּאַלטן, אויב דו וועסט די מאַמע אָנרירן.

דער בלינדער לייב איז בלייך געוואָרן און אָנגעקוקט די רויטע זלאַטקע, ווי זי איז געשטאַנען אַ דערשראָקענע.

— ווייַ איז צו מיר, וואָס איך האָב דערלעבט! מאָטקע, הייבסט אויף אַ האַנט אויפן טאַטן? — האָט די רויטע זלאַטקע געוויינט.

— איך ווייס ניט דאָרט אַ טאַטע, נאָר הרגענען וועל איך אים, אַז ער וועט דיר עפּעס טאָן, — האָט מאָטקע געזאָגט, ווייזנדיק אַ פויסט דעם בלינדן לייב, און איז מיט אַ שטאָלצער מינע אַרויס פון קעלער.

דער פאָטער מיט דער מוטער האָבן זיך אָנגעקוקט.

# 16

מאַטקע האָט שוין קיינעם ניט באַדאַרפט. דער ליבער זומער איז געקומען אין לאַנד אַריין, די לאַנקעס זיינען טרוקן געוואָרן, באַוואַקסן מיט גראָז, און עס איז געווען ווייך צו ליגן. די גערטנדלעך הינטער די שטאָטישע הייזער זיינען אויפגעגאַנגען מיט ציבעלעס, רעטעכער, פּאָמידאָרן, מערן, און אויך די קאַרטאָפל האָבן שוין אָנגעהויבן בליען. ווּעמען האָט מאַטקע באַדאַרפט? גע־וואוינט האָט ער אויפן פעלד לעבן וואַסער און ביינאַכט האָט ער זיך אונטער־געגנבעט אין ביידל אַריין צו זעליג דעם גערטנער. דאָס איז דער ייד מיט דער רויטער באָרד, דער אויסגעדינטער סאָלדאַט, וואָס איז אַהיים געקומען פון די זעלנער און האָט זיך פאַרפלאַנצט אַ גאָרטן מיט גרינס הינטער דער שטאָט. שיינע בעלי־בתים האָבן פון אים חוזק געמאַכט: „אַ ייד זאָל זיך אָפּגעבן מיט אַזעלכע זאַכן?"

אָבער פון זעליג דעם רויטנס גאָרטן מיט גרינס האָט מאַטקע געלעבט דעם זומער. דער רויטער זעליג האָט זיך געחברט מיט סאָלדאַטן אין דער קאַזאַרמע, וואָס איז ניט ווייט פון אים. אין די אָוונטן פלעגן ביי אים זיצן דער פעלדפעבל פון דער איינציקער ראָטע, וואָס איז געשטאַנען אין שטעטל, מיט דעם טרומפּיי־טער, און זיי האָבן ביי אים טיי געטרונקען. און ווען דער רויטער זעליג האָט פאַרבראַכט מיט זיינע חברים די סאָלדאַטן, האָט מאַטקע זיך אַריינגעגנבעט אין זיין ביידל אַריין און זיך אָוועקגעלייגט אויף אַ פּאָר שעה אין אַ ווינקל, זיך צוגעדעקט מיט ראָגאָזשעס און זיך אויסגעשלאָפן אַ פּאָר שעה. קוים האָט עס נאָר דער ערשטער בליאַסק געגעבן אויף טאָג, איז שוין מאַטקע אויף געווען. מיטגענומען מיט זיך ציבעלעס, מערן, קאַרטאָפּליעס, האָט ער זיך אָפּגעטראָגן צו זיך אין לאָך אַריין, וואָס ער האָט געהאַט אונטער דעם בערגל ביים וואַסער. דאָרט האָט ער זיך צוזאַמענגעקליבן טרוקענע צווייגן, אַלטע אָפּגעפאַלענע בלעטער, זיך געמאַכט אַ פייער. דער רויך האָט געשלאָגן ווייט אַוועק איבערן וואַסער, די קאַרטאָפּליעס האָבן זיך געבראָטן, און מאַטקע האָט זיך ביים פייערל געוואַרעמט און געפייפט.

דאָס זיינען געווען די גליקלעכסטע טעג פון מאַטקעס יוגנט.

אויפן פעלד האָט געפּאַשעט דער אַלטער מאַטשוק די שטאָטישע קי. מאַטשוק האָט געהונקען אויף אַ פוס און די קי האָט ער איבערגעגעבן זיין הונט קודלאַק, וועלכער האָט פאַר אים די קי אָפּגעהיט. מיט דעם הונט איז מאַטקע געווען באַקאַנט פון די אַמאָליקע יאָרן, ווען זיי זיינען נאָך ביידע געווען יונג, ווען מאַטקע איז געווען דער מושל איבער די הינט, איז מאַטקע געוואָרן דורך אים דער בעל־הבית אויף די קי. איז ער דאָרשטיק געוואָרן, האָט ער אָפּגעטריבן אַ קו ווייט אַוועק פון דער סטאַדע אין פעלד אַריין, אַרונטערגעקראָכן אונטער איר און אָנגעהויבן מיטן מויל זייגן פון דער קוס אייטער ווי אַ קאַלב... אַז ער האָט

זיך גוט אָנגעטרונקען מיט מילך וויפיל ער האָט געוואָלט, איז ער אַרויסגע־קראָכן פון אונטער דער קו, אָפּגעווישט זיך די מילך־באַלאָפּענע ליפּן, געקלאַפּט דער קו פאַר נחת אין רוקן אַריין, אַזוי ווי ער וואָלט איר אָפּגעדאַנקט וואָס זי איז גוט געווען צו אים...

און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די קו האָט אים גערן געהאַט, וואָרים אַז מאָטקע איז געלעגן אונטער איר און געזויגן פון איר אייטער האָט זי זיך ניט גערירט פון אָרט. צעשפּרייט די פיס, איבערגעגעבן די אייטער אין מאָטקעס מויל, האָט זי תּמעוואַטע געקוקט און געמרוטשעט מיט צופרידנקייט, וואָס אַ מענטשן־קינד זייגט ביי איר.

אַז דער אַלטער גוי האָט דערזען פון דערווייטנס ווי מאָטקע טרינקט אויס די מילך פון די קי, האָט ער געגומען נאָכלויפן מיטן הינקעדיקן פוס איבער אַלע כּוחות אַוועקצוטרייבן די קו פון איבער מאָטקעס מויל. אָבער איידער ער איז צוגעקומען, איז שוין מאָטקע ניט געווען.

נאָר ניט שטענדיק האָט דער גוי זיך נאָכגעיאָגט נאָך מאָטקען איבער די קי. אָפּט פלעגט אים דער גוי אַליין צולאָזן צו די קי אויסזייגן די מילך פון די אייטערס. דאָס איז געווען נאָך דעם ווי דער גוי איז צוגעקומען צו דעם פייערל, וואָס מאָטקע האָט פאַר זיך געמאַכט, און מאָטקע האָט אים מכבד גע־ווען מיט קאַרטאָפל, וואָס ער האָט זיך געבראָטן. פאַר די קאַרטאָפל און די מערן, וואָס ער האָט מיט אים געטיילט, האָט אים דער גוי געלאָזט פון די קי זייגן.

פון דעם אַלטן מאָטשוק איז מאָטקע צום ערשטן מאָל געוואויר געוואָרן, אַז די וועלט איז אַ גרויסע און אַז אַחוץ זייער שטעטל זיינען נאָך דאָ פיל, פיל אַנדערע שטעט, און די גרעסטע שטאָט אויף דער וועלט איז וואַרשע, וואו אַלע מענטשן וואוינען אין גרויסע געביידעס און עסן אַלע טאָג פליייש און ווייס ברויט. און פון דעם גוי האָט מאָטקע אויך געהערט, אַז עס זיינען דאָ אַזעלכע ווייבער, וואָס קענען אָפּטאָן כּישוף און מען קען זיך פון זיי ניט אָפּטשעפּען, און פון אַזעלכע ווייבער מוז מען זען זיך צו היטן. און נאָך פיל זאַכן האָט ער גע־הערט פון דעם אַלטן מאָטשוק, ליגנדיק אין דער וואַרעמער זון אַ גאַנצן טאָג ביים טייך ביי זיין פייערל, בראָטנדיק קאַרטאָפל.

דענסמאָל איז געשען מיט אים עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס איז. איין מאָל, ווען ער איז געלעגן ביים וואַסער און אַריינגעקוקט אין די וועלן, האָט ער געזען ווי אַ יונגע פויערטע גייט דורך אַ באָרוועסע דאָס וואַסער, זי הייבט אויף דאָס קלייד און עס זעען זיך אַרויס אירע פעטע נאַקעטע ווייסע פיס, וואָס שלאָגן זיך אָפּ אויף די וועלן. אַן אַנדערש מאָל, ווען ער האָט געזען דורכגיין אַ באָרוועסע פויערטע, האָט עס אים גאָרניט געאַרט און עס איז אים גאָרניט אָנגעגאַנגען. פון שפּאַס וועגן פלעגט ער אַמאָל אַ שטיין אין וואַ־סער אַריינוואַרפן, כּדי זי זאָל באַשפּריצט ווערן, — אָבער דאָס מאָל איז אים עפּעס אַזוי מאָדנע געווען. דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן צו קלאַפּן ווי דענס־

מאָל, ווען ער איז געלעגן אונטער די ברעטער און די בלינדע פּערל מיט די יידן זיינען אים געגאַנגען אַרויסשלעפּן. ער איז אַרויס פון אונטער דעם בערגל און זיך באַהאַלטן ביים ברעג, אַז די פּויערטע זאָל אים ניט זען, און זיך גוט איינ־געקוקט ווי דאָס וואַסער שווענקט זיך אויף די נאַקעטע פיס, און ווי די נאַקעטע פיס שלאָגן אָפּ אויף די וועלן. ער האָט אויסגעזוכט קליינע שטיינדלעך און זיי אין וואַסער אַריינגעוואָרפן ניט פון שפּאַס וועגן, נאָר אַז עס זאָל איר נאַס ווערן, כּדי זי זאָל דאָס קלייד העכער אויפהייבן. צוערשט האָט ער אויך געוואָלט אַריינשפּרינגען אין וואַסער אַריין, עס איז אים אָבער געווען בעסער דאָ אויפן ברעג צו ליגן און פון דאַנען צו קוקן אויף אירע נאַקעטע פיס, און דערביי האָט אים דאָס האַרץ אַזוי געקלאַפּט.

דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן ברעג. דאָס זאַמד אויפן ברעג איז געווען וואַרעם פון דער הייסער זון, וואָס האָט געגליט פון פרימאָרגן אָן. דאָס זאַמד האָט געוואַרעמט מאָטקעס קערפּער, און עס איז אים גוט געווען. ער האָט פון זיך אַרונטערגענומען די הויזן און דאָס העמד און אַ נאַקעטער זיך אַוועקגעלייגט אויפן זאַמד, כּדי עס זאָל אים מער וואַרעמען. איבער אים האָבן זיך געגאָסן די שטראַלן פון דער זון און אויפגעקאָכט איטלעכן טראָפּן בלוט אין זיינע אָדערן. ער האָט געפילט ווי די זון נעמט אים אַרום ווי אַ וואַרעמע דעק, און מיט אַמאָל איז אים געווען ווי די שטראַלן פון דער זון וואָלטן זיך געלייגט נאָענט צו אים, אויף אים, ווי אַ לעבעדיק וואַרעם לייב, און ווי זיי וואַרעמען אים פּונקט אַזוי ווי בורעק דער הונט, וואָס איז געלעגן מיט אים אין דער נאָרע, אָדער ווי אַמאָל, שוין גאַנץ, גאַנץ לאַנג, די מאַמע זיינע, ביי וועלכער ער איז געלעגן אין די קאַלטע ווינטער־נעכט צוגעדעקט מיט די פיל טיכער און שמאַטעס, ווען ער איז נאָך געווען אין קעלער. נאָר איצט שלאָגט אים עפּעס דאָס האַרץ אַזוי, און עס איז עפּעס וואַרעם געוואָרן אויף אַזאַ מאָדנעם אופן. ער האָט אַרומגענומען דאָס זאַמד, זיך פעסט צוגעדריקט צו דער ערד, ווי ער וואָלט אַרומגענומען בורעקן, אָדער אימיצן אַנדערש...

די זון האָט זיך געגליטשט איבער זיין נאַקעט לייב, געגלעט אים, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט געפונען גאָר אַ נייע זאַך און אַז איצט וועט אים שוין שטענדיק זיין גוט, און עפּעס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט וואָס פאַרלוירן, און ער האָט זיך קיינמאָל, קיינמאָל ניט געפילט אַזוי פאַרלאָזן, עלנד און אַליין. ער האָט אָנגעהויבן רחמנות קריגן אויף זיך און האָט אָנגע־הויבן לעקן זיינע אייגענע הענט, קושן זיין לייב און זיך אַליין גלעטן, — און ער האָט געוואָלט וויינען פאַר גוטסקייט, און קיינעם ניט געהאַט נאָר דעם וואַ־רעמען זאַמד אונטער זיך און די וואַרעמע זון איבער זיך, און ער האָט זיי ליב געהאַט, געקושט, געגלעט און געלעקט די ערד אונטער זיך.

# 17

צו דעם וואַסער, וואו מאָטקע איז געלעגן, זיינען אין די זומערדיקע נאָכ־מיטיקס די ווייבער אַראָפּגעקומען זיך באָדן. מאָטקע האָט זיי אָפּגעוואַרט. און אַז ער האָט דערזען פון דערווייטנס ווייבער אויסטאָן זיך, איז ער אין דער שטיל צוגעקראָכן, אונטערגעגנבעט זיך — און מיטאַמאָל האָט ער זיך געוויזן. איז געוואָרן אַ געשריי צווישן די נאַקעטע ווייבער: „אַ מאַנספּאַרשוין!" טייל זיינען אין די העמדער אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער, אונטערגעטוקט זיך. טייל האָבן זיך נאַקעטע אַראָפּגעלאָזט אויפן גראָז און פאַרשטעלט זיך מיט די הענט... און געשריגן, ווי מען וואָלט זיי שעכטן געוואָלט, און מאָטקע איז געשטאַנען און האָט געלאַכט... געלאַכט.

נאָר ניט אַלעמאָל איז עס אים אַזוי גלאַטיק אָפּגעגאַנגען. אַז עס האָט זיך געפונען ביים וואַסער די קצבטע פּעשע די רויטע, מרדכי־לייב האַקערס ווייב, האָט זי זיך פאַר מאָטקען ניט געשעמט. די רויטע קצבטע איז אַ נאַקעטע אַרויס פון וואַסער, אָנגעכאַפּט מאָטקען פאַר אַ פוס און אים אַריינגעשלעפּט אין וואַסער אָן אָנגעטאָנענעם. אַלע ווייבער, קליין ווי גרויס, האָבן זיך אויף מאָטקען גע־געבן אַ וואָרף אַרויף און געשטיקט אים. מאָטקע האָט געגנאָסן, געהעשעט, און פאַרכליאָפּעט גאָרגל און אויערן מיט וואַסער, אַז דער יונג איז קוים אַרויס אַ לעבעדיקער פון זייערע הענט. האָט ער מורא געהאַט נאָך אַמאָל זיך צוצוגנבענען צו די נאַקעטע ווייבער, ווען די רויטע קצבטע איז געווען.

איינמאָל אין אַ שיינעם נאָכמיטיק, אַזוי אַרום צוויי אַ זייגער, ווען די זון האַלט אין סאַמע בעסטן ברען, איז מאָטקע געלעגן אַ האַלב־נאַקעטער אויף דעם ברעג און זיך צוגעקוקט ווי די וועלן גיסן זיך רואיק אין וואַסער. אַ לייכטער ווינט ציטערט אויף דער געגליווערטער רואיקייט פון די וואַסער־פעלדן, און פון צייט צו צייט הערט זיך אַ גאַס ווי עס וואָלט ווער אויפגעלאַכט. מאָטקע קוקט זיך אום און דערזעט פון דערווייטנס, אַביסל אָפּגערוקט פון אים, צוויי מיידלעך ווי זיי טוען זיך אויס צום באָדן זיך. זיי מוזן אים ניט באַמערקן, וואָרים זיי שעמען זיך גאָרניט, און איינע פון זיי האָט שוין אויסגעטאָן דאָס העמד. דער ווינט בלאָזט עס אין אירע הענט, דאָס קליינע צעפּל האָר צע־פּלאָשעט זיך און דער יונגער דינער ווייסער רוקן לייכט זיך ווי אַ ליכט אין דער זון. מאָטקען קלאַפּט דאָס האַרץ. ער ווערט בלייך און די הענט און פיס ציטערן ביי אים. ער האָט זיך איינגעקאַרטשעט אין גאַנצן, און ווי אַ וואָרעם האָט ער זיך געגליטשט אויפן בויך צווישן די גרעזער, נעענטער צו די מיידלעך. ער איז געבליבן ליגן אין גראָז, איינגעהאַלטן דעם אָטעם, אַז מען זאָל אים ניט הערן, און צוגעקוקט זיך צו די מיידלעך. די אויסגעטאָנענע איז געווען חנהלע, דער זשאָכלינעריגס אייניקל. דאָס מיידל, וואָס די מאַמע זיינע האָט אויס־געזויגן, איז אין זיינע יאָרן, און די צווייטע, וואָס איז געזעסן אויפן גראָז און

האָט זיך מיט די נאַקעטע הענט אויסגעטאָן די זאָקן, איז געווען איר חברטע. חנהלע איז מיט אַ געלעכטער צוגעשפּרונגען צום טייך, אַריינגעשטעקט לאַנג־זאַם דעם פוס אין וואַסער אַריין און מיט אַ קוויטש אָפּגעשפּרונגען:

— אוי, ווי קאַלט!

— מיטאַמאָל, מיטאַמאָל שפּרינג אַריין, — זאָגט די חברטע, און טוט זיך פלינק אויס. — וועסט זען, ווי איך וועל טאָן.

— לאָמיך זען. עס איז אַזוי קאַלט, — זאָגט חנהלע און שטרעקט ווידער אויס דעם פוס און רירט קוים אָן מיט די שפּיץ פינגער דאָס וואַסער, און אַ שוידער גייט דורך, ווי אַ הויך, איבער איר הויט. די הויט ווערט געריינצלט און דער יונגער רוקן בייגט זיך פאַר פרישקייט און מען מיינט, אַז אָט ברעכט ער זיך דורך.

מאָטקע איז געלעגן און האָט זיך צוגעקוקט צו איטלעכער באַוועגונג, וואָס דאָס מיידל מאַכט, און דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט. עפּעס האָט ער זיך גע־פילט מיט דעם מיידל משפּחהדיק, — צי דערפאַר, וואָס ער האָט זי אָפט געזען אין קעלער ביי זיין מוטער, צי איבער דער בשותּפותדיקער מילך, וואָס זיי האָבן ביידע געזויגן, — דאָס ברוינע וואַרעמע לייב פון איר הויט איז אים אַזוי היימיש און נאָענט געווען, אַז עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער קען צוגיין און אַרומנעמען דאָס לייב און קושן עס און גלעטן עס, און עס וועט אים קיי־נער גאָרניט טאָן דערפאַר. עס איז זיינס...

דערווייל איז ער געלעגן.

— אָט וועסטו זען, אַזוי! — גיט אַ שפּרונג דאָס צווייטע מיידל. אַ ווייס לייכטנדיק קערפּערל האָט אויפגעפלאַקערט אין דער זון איין מינוט, דאָס וואַסער האָט געגעבן אַ שפּריץ, און אַ יונג קול האָט געגעבן אַ הילך אַרויס מיט אַ געלעכטער.

מאָטקע האָט דערשטיקט אַ קוויטש אין זיך.

צוויי פּאָר יונגע הענט און פיס האָבן געפּאַטשט אין וואַסער, און זייערע קולות האָבן געקלונגען מיט פרייד ווי זילבערנע גלעקלעך.

מאָטקע האָט אין דער שטיל זיך אויסגעטאָן, און ווי אַ פראָש האָט ער געגעבן אַ שפּרונג אַריין אין וואַסער.

די מיידלעך האָבן געגעבן אַ שריי־אויף, ווי אַ פייער וואָלט זיי אָנגעצונדן.

אַז חנהלע האָט דערזען מאָטקען, האָט זי זיך ווי עפּעס באַרואיקט.

— מאָטקע! — האָבן ביידע מיידלעך אויסגערופן, און אָנגענומען זיך ביי־דע ביי די הענט און אונטערגעטוקט זייערע נאַקעטע לייבער אין וואַסער. עס האָבן נאָר אַרויסגעשטאַרט צוויי דערשראָקענע מיידלשע קעפּלעך, און דער ווינט האָט צעפּלאָשעט די יונגע לאָקן אויף זייערע קעפּ.

אַז די מיידלעך האָבן נאָך דער ערשטער שרעק זיך באַרואיקט, האָבן זיי אָנגעקוקט איינס דאָס צווייטע. די הערצער זייערע האָבן נאָך געקלאַפּט פאַר שרעק, נאָר די אויגן האָבן געפינקלט, און זיי האָבן געוואָלט לאַכן. געשעמט זיך,

געשראָקן זיך, באַהאַלטן די פּנימער אין די הענט און געקייכט אין דער שטיל.

— נעמט מיך אָן, וועלן מיר אינאיינעם שפּרינגען, — זאָגט מאָטקע מיט אַ געלעכטער און ווייזט זיינע ווייסע ציין, שטייענדיק אַ נאַקעטער נאָר ביז די קני אין וואַסער, און זיין טונקעלער שטאַרקער יונגלינג־קערפּער איז געווען ווי געגאָסן אויס אַ שטיק בראָנז.

— מיר ווילן ניט, דו ביסט אַ יינגל, — האָט געזאָגט די חברטע, און חנהלע האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים און האָט געלאַכט.

— איז וואָס? — האָט מאָטקע זיך געביסן די צונג און פאַרקרימט זיך, ווי ער וואָלט זיך האַלב פאַרשעמט.

אַ מינוט זיינען זיי אַזוי געשטאַנען: די מיידלעך באַהאַלטן אין וואַסער און מאָטקע, אַ נאַקעטער, פאַר זיי. אַרום און אַרום איז שטיל געווען. די זון צע־גאָסן איבערן פעלד, איבערן וואַסער. די פליגן האָבן געזשומעט און באַהעפט זיך איינס מיטן צווייטן אין דער לופט. פון דערוווייטן האָט זיך נאָר געהערט אַ קו מריטשען אין פעלד, רופנדיק איר קאַלב צו זייגן. עס האָט זיך קיין מענטש ניט געוויזן. די לאַנקעס דאָס וואַסער און די גאַנצע ערד האָבן זיך איבערגעגעבן דער וואַרעמקייט פון דער זון, וואָס האָט זיי צעגאָסן פון היץ.

אין אַ מינוט אַרום האָט זיך מאָטקע אונטערגעטוקט אין וואַסער און איז אַרויסגעשוואומען צווישן די מיידלעך.

די מיידלעך האָבן אויפגעציטערט פאַר שרעק, מורא געהאַט צו שרייען, האָבן נאָך פעסטער אַרומגענומען איינס דאָס צווייטע און געקוקט זיך אין די אויגן אַריין, מיט האַרץ־קלאַפּן, ווי זיי וואָלטןביידע נייגעריק געווען, וואָס דאָ וועט זיין.

מאָטקע איז געשטאַנען נאָך אַ מינוט, אָנגעקוקט מיט אַ שעמעוודיקער מינע די מיידלעך און געריקט זיך מיט זיין נאַקעטן לייב צו חנהלעס נאַקעטן לייב.

חנהלע האָט אויפגעציטערט פאַר שרעק און איז אָפּגעשפּרונגען.

מאָטקע איז אַ מינוט געשטאַנען, האָט אָנגעקוקט די חברטע, וואָס איז שטיין געבליבן, און פּלוצלינג געגעבן אַ שפּרונג נאָך חנהלען און זי געגעבן אַ נעם אַרום.

— אוי, מאַמע! — האָט חנהלע געגעבן אַ שריי אויס.

מאָטקע האָט זיך דערשראָקן, זי אָפּגעלאָזט, און חנהלע האָט געגעבן אַ לויף צו צום ברעג.

— חנהלע, שריי ניט. מען וועט קומען פון שטאָט, מען וועט אונדז שלאָגן, — האָט די חברטע צוגערופן חנהלען, מיט שרעק און האַרץ־קלאַפּעניש.

חנהלע האָט זיך עפּעס דערמאָנט, און פאַר שאַנד, אַז מענטשן וועלן קומען, האָט זי זיך אַליין דערשראָקן פאַר איר געשריי.

אַז דאָס מיידל איז געבליבן שטיין אויפן ברעג, האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי איז אַ נאַקעטע, און האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויפן זאַמד מיט די פיס אין וואַסער און מיט די הענט פאַרשטעלנדיק זיך דאָס פּנים.

מאַטקע האָט פאַר דעם אויסגעשריי זיך דערשראָקן אַ קורצע ווייל. באַלד האָט ער געגעבן אַ שפרונג צו צום מיידל און זיך אַוועקגעזעצט אַ נאַקעטער לעבן איר.

חנהלע איז געזעסן און געציטערט, איר האַרץ האָט הויך געקלאַפּט. דאָס פּנים האָט זי געהאַט באַהאַלטן אין די הענט, און מאַטקע האָט זיך צוגערוקט און אָנגעהויבן צו גלעטן איר גלאַטיק נאַס לייב.

די חברטע וואָס איז געווען אין וואַסער, האָט צווישן אירע פינגער, מיט וועלכע זי האָט געהאַט דאָס פּנים פאַרשטעלט, צוגעקוקט זיך ווי מאַטקע גלעט חנהלען, האָט זי אַריינגעלאַכט אין די הענט אַריין.

אַז חנהלע האָט געהערט, אַז די חברטע לאַכט, האָט זי זיך אויך ניט גע־קענט איינהאַלטן, און די שרעק האָט אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער.

פּלוצלינג האָט מאַטקע זיך געגעבן אַ וואָרף אויף איר, און ווי זי האָט זיך גערדרייט, איז זי פול געווען מיט מאַטקעס לייב.

דאָס מיידל האָט געוואָלט שרייען, רופן, נאָר איר מויל איז געוואָרן פאַר־שטיקט מיט מאַטקעס מויל, פּנים, הענט און לייב.

באַלד האָט זי שוין אַליין ניט געוואָלט שרייען. זי האָט מורא געהאַט, און זיך איינגעקאָרטשעט אונטער מאַטקען, ווי זי וואָלט געוואָלט, אַז ער זאָל איר באַ־שיצער זיין.

און די חברטע אין וואַסער האָט געפּאַטשט מיט די הענט און מיט די פיס אין די וועלן און האָט געלאַכט... געלאַכט...

און איר יונג־מיידלש קול האָט אָפּגעקלונגען אין דעם ברענענדיקן זוניקן טאָג, ווייט אַוועק איבער די צעהיצטע לאָנקעס ווי אַ זילבערן גלעקל.

אין אַ ווייל אַרום איז מאַטקע געלאָפן אַ נאַקעטער מיט זיינע קליידער אין די הענט, איבער די לאָנקעס, ווייט אַוועק פון וואַסער.

אונטערן בערגל האָט ער געוואָרפן אויף זיך די הויזן מיטן העמד. אַריינ־געלאָזט זיך אין וואַלד אַריין, און פון דאָרט האָט ער געזוכט אַ הינטער־וועג, וואו מענטשן גייען ניט, אין אַ פרעמדער שטאָט אַריין, אין דער שטאָט, וואָס מאַטשוק האָט אים דערציילט וועגן איר, אַז אַלע וואוינען דאָרט אין הויכע גע־מויערטע הייזער און עסן איטלעכן טאָג ווייס ברויט.

פערצן יאָר איז ער אַלט געווען, ווען ער איז געגאַנגען איבערן וועג, וואָס האָט אים אַרויסגעפירט פון זיין שטעטל, און אַלץ האָט ער שוין געהאַט פאַר־זוכט אין זיין לעבן, און עס האָט ניט מער געפעלט, ווי נאָר אַ מענטשן צו הרגענען.

# 1

לאַנג איז מאַטקע געגאַנגען איבער דעם וועג צו דער „גרויסער שטאָט".
די זון האָט אים געבריט איבערן קאָפּ, ער איז הונגעריק און דאָרשטיק געוואָרן,
נאָר עס האָט אים געטראָגן מיט אַן אימפּעט. ער האָט אויסגעמיטן די מענטשן,
וואָס ער האָט באַגעגנט אויפן וועג, האָט מורא געהאַט פאַר זיי. ער איז גע־
קראָכן הינטער די הייזלעך פון די דערפער ווי אַ גנב, אַז מען זאָל אים ניט
זען. איז געלאָפן וואָס אַמאָל ווייטער, ווייטער. די גרויסע שטאָט איז נאָך אַלץ
ניט געווען צו זען. צום סוף איז ער אַזוי מיד געוואָרן, אַז ער איז געבליבן
זיצן אויף אַ קופּע שטיינער אין מיטן וועג. ער איז הונגעריק געווען און עס
האָט אים געטריקנט אין מויל. ער האָט דאָס שפּייעכץ געשלונגען. ביים וועג
האָט ער דערזען אַ וואַסערל, איז ער צוגעקראָכן, האָט אָנגעשעפּט מיטן היטל
וואַסער און געטרונקען. צו שטילן זיין הונגער האָט ער געפּרואווט אויספּליקן די
בעזימלעך קאָרן וואָס זיינען געשטאַנען אין פעלד. נאָר דער קאָרן איז נאָך
ניט געווען צייטיק און די קערנדלעך האָבן קיין טעם ניט געהאַט.

אַז עס האָט אָנגעהויבן טונקלען, האָט ער מיטאַמאָל דערפילט אַ מורא.
ער האָט זיך אומגעקוקט אַרום זיך. אַלץ איז פרעמד געווען. פון דערווייטנס
האָט ער דערזען אַ וואַלד, וואָס האָט זיך געהילט בייז אין אַ טונקעלער נאַכט. און
דער וואַלד איז ניט געווען דער וואַלד פון זייער שטעטל, נאָר אַ פרעמדער,
האָט ער אים אויסגעוויזן עפּעס אַ שלעכטער. די לאָנקעס אַרום פרעמד, און
די פייערלעך וואָס ווייזן זיך פון דערווייטנס אין די הייזער, ווי אויגן פון אַ
שונא. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין אין מיטן וועג און געטראַכט:
דאָ וועט ער זיצן, און זאָל געשען מיט אים וואָס עס וויל. אַז עס איז טונ־
קעלער געוואָרן, האָט ער דערפילט אַ קעלט. די נאַקעטע שטיקער לייב, וואָס
האָבן זיך אַרויסגעזען פון די צעריסענע הויזן, האָבן אים געפרוירן, האָט ער
געקושט די נאַקעטע שטיקער לייב, פאַרשטעלט זיי און געגלעט זיי מיט די
הענט. ער האָט אָנגעהויבן וויינען. פון דער ווייטנס האָבן זיך געהערט טריט
איבער די אָנגעשאָטענע שטיינדלעך וואָס ליגן אויפן וועג, האָט ער אָנגעהויבן
וויינען נאָך העכער. באַלד איז אַ גוי מיט אַ גויע דורכגעגאַנגען. זיי האָבן זיך
אָפּגעשטעלט.

— פון וואַנען ביסטו?

— פון דער שטאָט.

— וואָס וויינסטו?
— מענטשן האָבן מיך געשלאָגן.
— פאַרוואָס האָבן זיי דיך געשלאָגן?
מאָטקע קלערט אַ מינוט.
— ווייל מיין טאַטע־מאַמע זיינען געשטאָרבן.
— און וואוהין גייסטו?
— איך ווייס ניט וואוהין.
דער גוי האָט זיך געסודעט מיט דער גויע, און צום סוף זאָגט ער:
— אַז דו ווילסט, קום מיט אונדז.
מאָטקע האָט זיך אויפגעהויבן און איז געגאַנגען נאָך דעם גוי. באַלד האָט אַ האַנט אים אויסגעשטרעקט אַ שטיק ברויט מיט אַ שטיק קעז. מאָטקע האָט עס צוגענומען, געגעסן און געוויינט.
די נאַכט איז וואָס אַמאָל טונקעלער געוואָרן און זיי זיינען געגאַנגען אין דער פינצטערניש אָן ווערטער. באַלד האָט מאָטקע דערזען פון דערווייטנס ווי אַ פייער רייסט זיך אַרויס פון אַ גרויס הויז און שלאָגט אין דער הייך מיט אַ וואָלקן רויך. ער האָט געמיינט אַז עס ברענט און איז נייגעריק געוואָרן. נאָר ער האָט געזען, אַז דער גוי און די גויע מאַכן זיך גאָרניט דערויס, איז ער אויך רואיקער געוואָרן און האָט גאָרנישט גערעדט. באַלד זיינען זיי אָנגעקומען אין אַ דאָרף אַריין. זיי זיינען דורכגעגאַנגען אַ שטרעקע קליינע הילצערנע הייזלעך. פאַר די טירן זיינען געזעסן גויים אין די העמדער און האָבן גערויכערט פיפקעס און ציגאַרעטן. טייל זיינען געשלאָפן אויף די שוועלן פון די הייזלעך, טייל אין דעם שויס פון זייערע פרויען. פון איין שוועל האָט זיך געהערט דאָס שפּילן פון אַ האַרמאָניקע, און פון דער ווייטנס איז געקומען צו שלאָגן דער רויך פון פייער, וואָס דער ווינט האָט צוגעטריבן און איינגעדעקט די שלאָפנדיקע ווי אין אַ וואָלקן.
— גוטן אָוונט, אַנטאָן. וואָס הערט מען אין שטאָט?
— ניטאָ קיין נייס, סטעפּאַן, — האָט דער גוי, וואָס האָט געפירט מאָטקען, אָפּגעענטפערט.
— ווער איז דאָס יינגל וואָס גייט דיר נאָך?
— געפונען אים אַ וויינענדיקן אויף דעם וועג. ער זאָגט, דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינעם אים געשטאָרבן און ער האָט ניט וואוהין צו גיין.
— און וואָס ווילסטו טאָן מיט אים? — פרעגט סטעפּאַן, אויפהייבנדיק זיך פון דער שוועל. ער איז צוגעקומען און באַטראַכט מאָטקען.
— איך וויל אים אַריינפירן אין דער הוטע איבער נאַכט. זאָל ער זיך אָנוואָרעמען און איבערשלאָפן די נאַכט. צומאָרגנס וועלן מיר זען.
— וועסט אים אפשר נעמען פאַר אַ בלאָזער? דאַכט זיך, אַ געזונטער יונג. ער וועט קענען בלאָזן דאָס גלאָז געזונט, — קלאַפּט אים סטעפּאַן אויף דער פּלייצע. — דיין יונג איז דאָך דיר געשטאָרבן.

— איך וואָלט שוין געוואָלט, נאָר איך האָב מורא, אַז דער ייד, דער אויפזעער, זאָל אים ניט אַרויסטרייבן. ער האָט, דאַכט זיך, קיין פּאַס ניט. האָסט אַ פּאַס? — ווענדט ער זיך צו מאַטקען.

— ער איז פון זייערע. זעסט דאָך, אַז ער איז אַ ייד, און אַזעלכן וועט ער ניט טרייבן, — זאָגט סטעפּאַן, און גייט צוריק אין זיין הייזקע.

— אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט.

און מאַטקע איז ווייטער געגאַנגען מיט דעם גוי אַנטאָן און דער גויע.

וואָס נעענטער מאַטקע איז צוגעקומען צו דעם הויז, פון וואַנען דאָס פייער מיטן רויך האָבן געשלאָגן, אַלץ מער האָט ער זיך געשראָקן פאַר דעם. אַרום דעם הויז איז פינצטער געווען. מען האָט ניט געזען קיין שטערן און קיין נאַכט. מען איז געגאַנגען אין אַ וואָלקן רויך, נאָר פון צייט צו צייט האָט אויפגע־פלאַמט אַ פייער און דער וואָלקן רויך איז באַלויכטן געוואָרן, און מאַטקע האָט דערזען געשטאַלטן פון מענטשן, וועלכע שטייען מיט נאַקעטע אָרעמס און אַר־בעטן עפּעס. אין אַ מינוט אַרום איז דאָס פייער אויסגעלאָשן געוואָרן און אַלץ איז ווידער פאַרשוואונדן אין וואָלקן רויך. ער איז געשפּרונגען נאָך אַנטאָנען איבער קאַלוזשעס קאַלך, אַספאַלט און אָנגעוואָרפענע קופּעס מיט שמאַטעס און גלאָז־זאַמד. די נאַקעטע פיס זיינע האָבן געטראָטן אויף אָנגעוואָרפענע בערגלעך צעבראָכן גלאָז, אויף שטיקער שפּיציקע צעבראָכענע פלעשער, גלעזער, באַנקעס, — און דאָך האָט ער זיך גאָר ניט פאַרוואונדערט. די הויט פון זיינע פּיאַטעס איז אַזוי פאַרהאַרטעוועט געוואָרן ווי אַ זויל פון אַ שוך... און באַלד איז ער נאָך אַנטאָנען אַריינגעקומען אין אַ גרויסע, גרויסע קאַמער אַריין, וואָס איז באַ־לויכטן געווען מיט גרויסע שטיקער פייער־פלאַמען, וואָס האָבן זיך אַרויסגע־ריסן פון אַן אויוון.

אין דער קאַמער איז וואַרעם געווען, און די וואַרעמקייט האָט מאַטקען אַרומ־גענומען און עס האָט אים גוט געטאָן נאָך דער קעלט פון דער נאַכט. ווייניק מענטשן זיינען געווען אין דער קאַמער. אַ פּאָר גוים, אויסגעטאָן ביזן גאַרטל נאַקעט, זיינען געשטאַנען אַרום אַ גרויסן, גרויסן פייער־קעסל און מיט לאַנגע שפּיציקע צוואַנגען געמישט אין דעם קעסל. טיילמאָל אָט אַ גוי אויפגעעפנט פון קעסל אַ טירל און אַ פייער־צונג האָט געגעבן אַ שפּרונג אַרויס ווי זי וואָלט געוואָלט אויפלעקן דאָס גאַנצע הויז מיט די מענטשן. נאָר באַלד האָט זי דער גוי אַריינגעוואָרפן צוריק אין קעסל אַריין און פאַרהאַקט דאָס טירל. מאַטקע איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פון קאַמער און איז דערשטוינט און דערשראָקן געווען פון אַלץ, וואָס דאָ טוט זיך. אַנטאָן איז אַוועק צו די גוים, וואָס האָבן געמישט אין קעסל, און ער האָט עפּעס מיט זיי גערעדט. באַלד זיינען צוגע־קומען צו מאַטקען אַ צוויי־דריי פון די, וואָס האָבן געשאַרט ביים ברענענדיקן קעסל. פון זייערע נאַקעטע לייבער האָט אַרויסגעשלאָגן אַ וואַרעמקייט ווי פון אַ געהייצטן אויוון. זיי האָבן באַקוקט מאַטקען און געפרעגט אַנטאָנען:

— וואו האָסטו אים געפונען?
— אויפן וועג איז ער געזעסן און געוויינט.
— אַ גנב, — האָט זיך איין גוי אָפּגערופן.
— האָסט אַ טאַטן, האָסט אַ מאַמע?
— געשטאָרבן, — ענטפערט אָפּ מאַטקע קורץ.
— פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן פון דער שטאָט?
— געשלאָגן.
— ווער?
— אַלע.
— אַ פּאַס האָסטו?
— כ'האָב ניט.
— לאָזט אים דאָ נעכטיקן אין הוטע, — זאָגט אַנטאָן.
— ווייס איך וואָס, וועט אַריינקומען דער סטראַזשניק זוכן, אים געפי־נען, וועלן מיר אַלע נאָך האָבן אַ פּראָצעס.
— ווי ווערסטו אים יאָגן אין אַזאַ קעלט?
— זאָל ער גיין פון וואַנען ער איז געקומען.
— איך וועל אים באַהאַלטן. קום, יונג, — זאָגט איינער פון די הייצערס און נעמט מאַטקען און פירט אים אין אַ ווינקל קאַמער אַריין.
— לייג דיך אַוועק און ריר זיך ניט פון אָרט.
— נאַ, דעק אים צו מיט אַ זאַק און שיט אַרויף אַ ביסל גלאָז־זאַמד, אַז דער סטראַזשניק זאָל אים ניט געפינען.
— איך וועל אים געבן עפּעס. דאָ האָב איך נאָך ברויט, — זאָגט דער גוי, וועלכער האָט אים געוואָלט טרייבן, נעמט ברויט מיט אַ שטיק קישקע און גיט מאַטקען אַרונטער אונטערן זאַק.
ער איז באַלד איינגעשלאָפן ווי אַ שטיין.
— אַזוי בלאָנדזשעט דאָס אַרום גאָטס באַשעפעניש, ווי אַ פאַרוואָגלטער הונט, — זאָגט דער „שלעכטער גוי”, און שפּייט אויס און גייט צוריק צום קעסל מישן דאָס פייער.
— אַלע זיינען מיר אַזוי. לאָז מען דיך טרייבן פון דער הוטע, וועסטו מאָרגן אויך אַזוי אַרומבראָדזשען איבער דער וועלט ווי אַ משוגענער הונט.
— און דו האָסט אים געוואָלט טרייבן, ווייל ער איז אַ זייערער.
— אונזערע, זייערע — איין טייוול! — שפּייט דער שלעכטער גוי אין פייער אַריין.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט מאַטקען אויפגעריסן פון שלאָף אַ לאַנגער שניידיקער פייף, ווי אַ חיה וואָלט געשריגן. ער האָט זיך אומגעקוקט און ניט דערקענט וואו ער געפינט זיך. אַרום אים האָבן זיך געדרייט מענטשן, און די קאַמער איז שוין איצט אַזוי וואַרעם געווען פון דעם געהייצטן אויוון, אַז עס האָט

זיך געדאַכט, אַז די ווענט צעפּלאַצן פון דער אָנגעפּרעסטער היץ וואָס האָט זיך געפונען אונטער דעם הילצערנעם דאַך. לעבן אים איז געשטאַנען אַנטאָן. ערשט איצט האָט ער אים דערזען. ער איז געווען אַ הויכער ריזיקער גוי מיט אַ פּאָר שטאַרקע, ברייטע אָרעמס. אַנטאָן האָט געוואונקען צו אים.

— ליג, ליג ביז דער אויפזעער וועט אַרויסגיין.

מאָטקע האָט געקוקט אויף אים, פאַרשטאַנען אים און פלינק צוגעדעקט דעם קאָפּ מיטן זאַק.

— נאַ, עס דערוויל, — האָט אים אַנטאָן אַרונטערגערוקט אונטערן זאַק ברויט מיט קעז.

דערוויל זיינען וואָס אַמאָל מער מענטשן אַריינגעקומען אין קאַמער. פון אונטערן זאַק האָט מאָטקע דערזען, אַז די קאַמער איז זייער לאַנג און ברייט, צוזאַמענגעהאַקט פון האָלץ. אין מיטן קאַמער שטייט אַ גרויסער, גרויסער אויוון, רויט פון דעם פייער, וואָס ברענט אין אים. און פון אויוון יאָגט אַזאַ היץ, אַז עס דאַכט זיך, אַז אַלץ פאַרברענט ער, וואָס שטייט לעבן אים. אין דער קאַמער זיינען אַריינגעקומען וואָס אַמאָל מער קינדער, יינגלעך און מיידלעך. אַלע האָבן זיך אויסגעטאָן נאַקעט, געבליבן נאָר אין די בלויזע גאַטקעס, און זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם אויוון. באַלד האָט מען אויפגעעפנט די טירלעך פון אויוון, און מאָטקע האָט דערזען ווי פייער גיסט זיך דאָרט ווי וואַסער.

אַנטאָן האָט געגעבן אַ וואונק צו אים, און מאָטקע איז מיטגעגאַנגען. אַז ער איז צוגעקומען נאָענט צום אויוון, האָט ער געמיינט, אַז די היץ וועט אים באַלד אויף פאַרברענען, נאָר ער האָט דערזען ווי אַנדערע קינדער שטייען, יינגערע נאָך פון אים, און מיידלעך אויך צווישן זיי, האָט ער געוואָלט ווייזן, אַז ער קען אויך, און אַוועקגעשטעלט זיך לעבן אויוון ביי אַנטאָנען.

לעבן אַנטאָנען זיינען שוין געשטאַנען צוויי יינגלעך און אַ מיידל, יינגערע פון אים, וועלכע האָבן געקוקט אויף אים, ווי ער אויף זיי, מיט נייגעריקייט. באַלד האָט אַנטאָן אויפגעעפנט דאָס טירל פון אויוון און פון דאָרט האָט אָנגעהויבן יאָגן נאָך אַ גרעסערע היץ. מאָטקע האָט געמיינט, אַז נאָך אַ מינוט וועט ער ניט אויסהאַלטן, נאָר ער האָט זיך געשעמט פאַר די קינדער און ניט גערירט זיך פון אָרט.

אַנטאָן האָט אויף אַן אייזן געגעבן אַ נעם אַרויס פון אויוון אַ שטיק פייער, אויפגעהויבן עס, געגעבן אַ בלאָז אין אייזן און האָט עס איבערגעגעבן מאָטקען און געוויזן, אַז ער זאָל בלאָזן דורך דער רער פון אייזן אין פייער אַריין.

— שטאַרקער.

מאָטקע האָט אַריינגעבלאָזן וויפל כּוח ער האָט געהאַט.

— נאָך שטאַרקער.

מאָטקע האָט שטאַרקער געבלאָזן.

— אָט אַזוי. איצט גיב עס אים, — ווייזט ער אויפן אַנדערן יינגל.

מאַטקע האָט איבערגעגעבן דאָס אייזן מיטן שטיק פייער דעם צווייטן ייִנגל. דאָס ייִנגל האָט עס אָנגעבלאָזן און ווידער עס איבערגעגעבן דעם קליינעם מיידעלע מיט די בלייכע בעקעלעך. דאָס מיידל האָט עס ווידער אָנגעבלאָזן ביז דאָס שטיק פייער אויפן שפּיץ אייזן איז שוין געוואָרן זייער אַ גרויסער באַלעם, האָט עס ווידער אַנטאָן גענומען און עס אַריינגעלאָזט אין אַ פּאָרעם אַריין. אין אַ מינוט אַרום האָט מאַטקע געזען, צו זיין גרויסער פאַרוואונדערונג, ווי אין דער פּאָרעם איז אויס דעם שטיק פייער, וואָס ער און די אַנדערע קינדער האָבן געבלאָזן, געוואָרן אַ גרויסע פלאַש.

— אוי, וואָס איז דאָס! — האָט זיך מאַטקע געפרייט.

— ריר עס אָן מיט דער האַנט, — זאָגט אַנטאָן.

מאַטקע האָט עס אָנגערירט מיט דער האַנט און באַלד מיט אַ קוויטש אויסגעשריגן.

— כאַ, כאַ, כאַ! — לאַכן די קינדער אויס אים, — אַזאַ גרויסער יונג און שרייט.

— עס איז דאָך גאָרניט הייס, — זאָגט דאָס מיידעלע פון אַ ניין־צען יאָר, וועלכע איז געשטאַנען לעבן מאַטקען, און נעמט אָן די פלאַש מיט די הענט און טראָגט זי איבער פון איין אָרט צום צווייטן.

— זעסט, אַזוי דאַרפן די הענט אויסגעאַרבעט ווערן, זאָלסט קענען פייער נעמען מיט די הענט, אויב דו ווילסט אַ בלאָזער אין אַ הוטע זיין.

— און איך וועל אויך קענען, — האָט מאַטקע אויסגעשריגן, פאַרשעמט, וואָס דאָס מיידל האָט געהאַלטן די פייערדיקע פלאַש אין דער האַנט. ער איז צוגעלאָפן און געכאַפּט די פלאַש אין האַנט אַריין.

דאָס פייער האָט אים געברענט די הויט. עס האָט אים געשטאָכן ווי מיט טיפע שפּילקעס, די אויגן זיינען אים אָנגעלאָפן מיט טרערן און אינעווייניק האָט עס אים צוגעדריקט, ער האָט דאָך ניט נאָכגעלאָזט די פלאַש, געהאַלטן זי פעסט אין דער האַנט, און אַז ער האָט זי דערנאָך געוואָלט אָפּלייגן, איז זי געווען צוגעקלעפּט צו דער האַנט און די הויט האָט זיך אָפּגעשיילט אויף דער פלאַש אַרויף.

דער יונג האָט ניט געשריגן. ער איז בלייך געוואָרן און די אויגן האָבן זיך אים באַגאָסן מיט טרערן.

— אַזוי ביסטו אַ כוואַט, וועסט זיין אַ בלאָזער, האָסט געקראָגן דאָס ערשטע פייער. ווער עס וויל זיין אַ בלאָזער, מוז פייער פאַרזוכן, — קלאַפּט אַנטאָן מאַטקען אין פּלייצע.

אַנטאָן האָט ווידער געכאַפּט שטיקער פייער פון אויוון אַרויס, געגעבן אַ בלאָז און איבערגעגעבן מאַטקען דאָס אייזן ווייטער צו בלאָזן. די האַנט איז אים געווען אָפּגעבריט. ער האָט ניט געקאָנט דאָס אייזן האַלטן. איטלעך מאָל, ווען ער האָט דאָס וואַרעמע אייזן מיט דער אָפּגעבריטער האַנט אַרומגענומען, האָט

עס זיך צוגעקלעפּט און עס האָט אַ נייע שטיק הויט, אַ שטיק פליש פון דער האַנט מיטגעריסן. דער יונג האָט געביסן די צונג פאַר ווייטיק און געשוויגן. די היץ האָט וואָס אַמאָל מער געשלאָגן פון אויוון, דער קאָפּ האָט געברענט ווי אַ בראַנד פייער, אין האַלדז איז טרוקן געוואָרן. ער האָט שוין אַלץ געהאַט אַראָפּגעריסן פון זיך און איז געשטאַנען ווי די אַנדערע קינדער נאַקעט. געזען ווי די אַנדערע קינדער גיסן אין זיך אַריין גאַנצע קווערט וואַסער פון דעם עמער, וואָס שטייט לעבן זיי, האָט ער אויך אַריינגעגאָסן דאָס וואַסער אין זיך. נאָר די היץ האָט דאָס וואַסער באַלד אויסגעטריקנט, און פון די נאַקעטע לייבער האָט אָנגעהויבן אַרויסשלאָגן אַ פּאַרע, און אויפן גאַנצן לייב האָט זיך געזעצט אַ ראָסע. דאָס וואַסער האָט געקאָכט אינעווייניק פון דער היץ ווי אין אַ קעסל און עס האָט געיאָגט די פּאַרע פון זיך.

— לאָמיך זען, ווער עס האָט מער וואַסער אויסגעטרונקען, איך צי ער. — ווייזט דאָס קליינע מיידעלע אויף איר עמער. — אָט האָב איך שוין ניט. און ער האָט נאָך אַלץ אַ האַלבן עמער.

מאָטקע האָט זיך ווידער פאַרשעמט פאַרן מיידל און געטרונקען דאָס וואַסער.

— זעט, זעט, וואָס פאַר אַ גרויסן בויך איך האָב פון וואַסער, — האָט דאָס מיידל געוויזן און געקלאַפּט אויפן בויך מיט די הענט — זעט, זעט.

— און איך אויך! — ווייזט דאָס צווייטע יינגל אויף זיין בויך, פון וועלכן עס איז פּאַרע אַרויסגעגאַנגען ווי אויס אַ קוימען.

נאָר מאָטקע האָט ניט געקענט ווייזן אויף זיין בויך. ער האָט צו ווייניק וואַסער געטרונקען.

— קינדער, בלאָזן, בלאָזן, שפּעטער וועט איר ווייזן די בייכער! — יאָגט צו אַנטאָן.

מאָטקען איז דאָס שפּיל מיטן פייער שוין ניט געפעלן. ער האָט זיך דער־מאָנט אָן די לאָנקעס, אויף וועלכע ער איז געלעגן ביי זיך אין שטעטל; אָן דעם וואַסער, אין וועלכן ער האָט זיך געבאָדן, אָן די קי, פון וועלכע ער האָט מילך געזויגן, אָן די גערטנדלעך, פון וועלכע ער האָט גרינס געגנבעט, אָן דער וואַרעמער זון, וועלכע האָט אים געוואַרעמט, — און פאַרגלייכט דאָס צו דעם פּאַרעדיקן אויוון, וואָס שלאָגט פון זיך וואַרעמקייט, צו דער טונקלקייט פון דער קאָמער, צו דעם שווייס פון די לייבער, — און ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס מענטשן טוען דאָס; פאַרוואָס מענטשן שטייען איצט מיט זייערע קינדער ביי דעם ברענענדיקן אויוון און בלאָזן אין פייער און פרעגלען זיך אין דער היץ. אין דרויסן שיינט אַזוי די זון, און עס איז אַזאַ ליכטיקער טאָג. פאַרוואָס גייען ניט אַלע מענטשן אויפן פעלד און לעבן ניט ביים וואַסער און מאַכן זיך ניט פייערלעך ווי ער האָט געטאָן. ער האָט אייגגעזען, אַז ער איז אַריינגעפאַלן צו שלעכטע מענטשן, וואָס פייניקן זיך און אַנדערע ביי אַ ברענענדיקן אויוון, און

מען דאַרף אַנטלויפן פון זיי וואָס געשווינדער — צו קומען אויף אַ פעלד, אין אַ שטאָט אַריין, און צו לעבן אַזוי ווי ער האָט געלעבט ביז איצט.

נאָר דערווייל האָט ער נאָך געטאָן זיין אַרבייט מיט חשק. אַביסל פאַר־שעמט פאַר דעם קליינעם מיידל, וואָס בלאָזט געשווינדער און שטאַרקער פון אים און טרינקט אויס מער וואַסער פון אים. אַנטאָן איז פון אים צופרידן געווען און באַשטימט אים צו האַלטן פאַר אַ מיטבלאָזער און אים אויסלערנען די מלאָכה. דער אויפזעער, אַ קליין יידל מיט אַ רונדיקן קאַפּעליושל, וואָס איז ווי אַ מייזל אַרומגעלאָפן פון איין ווינקל קאַמער צו אַ צווייטן, איז צום סוף צוגעקומען צו אַנטאָנען, און באַמערקנדיק דעם נייעם בלאָזער, האָט ער געפרעגט:

— ווער איז דאָס?

האָט אַנטאָן געענטפערט:

— עס איז אַ יינגל פון שטאָט, וואָס דער פאָטער האָט מיר געגעבן אויף דער לער. ער וואוינט ביי מיר און איך לערן אים די מלאָכה.

— און אַ פּאַס האָט ער?

— ער איז דאָך נאָך אַ יינגל, ער באַדאַרף ניט קיין פּאַס.

— אַלע באַדאַרפן אַ פּאַס. איר ווייסט דאָך, דער סטראַזשניק. אין אַ פאַב־ריק באַדאַרפן אַלע אַרבעטער אַ פּאַס. ווער עס וויל אַרבעטן, דער מוז האָבן אַ פּאַס, — זאָגט דאָס יידל מיט פעסטקייט.

— איך נעם עס אויף מיר, איך וועל אים שוין צושטעלן, — זאָגט אַנטאָן, טראַכטנדיק, אַז ער וועט מיטן סטראַזשניק שוין דורכקומען.

דער זייגער האָט געשלאָגן צוועלף. די פאַבריק האָט געפייפט און די אַר־בעטער זיינען אַרויס אויפן הויף. די ווייבער האָבן שוין געוואַרט מיט די טעפּלעך עסן, און איטלעכע משפחה האָט זיך פאַרקליבן אין אַ באַזונדער ווינקל און געגעסן. מאַטקע איז מיטגעגאַנגען מיט אַנטאָנס משפחה. די גויע האָט פאַר אים געבראַכט אַ לעפל, און אַנטאָן האָט אים צוגערוקט צום טעפּל אינאיינעם מיט זיינע קינדער, זאָגנדיק צום ווייב:

— ווייסט, אין דעם יונג וועל איך האָבן אַ גוטן בלאָזער. אין אַביסל צייט וועט ער מיר זיין אַ באַהעלפער, ווי אונדזער יאַשי עליו־השלום (ער האָט געמיינט זיין עלטסטן יינגל, וואָס איז אים געשטאָרבן פון סוכאָטע, ווי די מערסטע קינדער, וואָס אַרבעטן אין די הוטעס).

און דענסמאָל, ווען די קינדער זיינען געשטאַנען פאַר דער מוטער און געוויזן איר די גרויסע בייכער און באַרימט זיך מיט די עמער וואַסער, וואָס זיי האָבן אויסגעטרונקען, האָט מאַטקע מיט בענקשאַפט געקוקט אויפן שוואַרצן וואַלד וואָס האָט זיך געוויזן אין דער נאָענט. ער האָט געבלאָזן אויף זיינע אָפּ־געבריטע הענט און געטראַכט ווי אַזוי אַרויסצוקריגן זיך פון דעם גיהנום, אין וועלכן ער איז אַריינגעפאַלן.

# 2

פאַרנאַכט. די גויים זיינען געזעסן פאַר דער טיר פון זייערע הייזלעך און האָבן אָפּגעאָטעמט פון דער גליענדיקער לופט, וואָס זיי האָבן אין זיך איינגעזאַפּט דעם גאַנצן טאָג אין דער הוטע. די עלטערע זיינען מיד געווען, געלעגן ווי קלעצלעך און געקוקט מיט אויסגעלאָשענע אויגן ערגעץ פאַר זיך. די קינדער אָבער זיינען, ווי די עלטערן, אַ גאַנצן טאָג אין הוטע געווען און געגעסן פייערדיקע לופט, און אָנגעגאָסן זיך די בייכער מיט וואַסער, — זיי האָט נאָך געטראָגן דער קינדערשער אימפּעט. זיי האָבן נאָך געמיט זיך און חשק געהאַט צו שפּילן זיך און אויפצולאַכן פון צייט צו צייט. דאָס קינדערשע לאַכן האָט באַלעבט און פריילעך געמאַכט די שוואַרץ־פאַררויכערטע הייזלעך, וואָס זיינען געשטאַנען ווי טרויעריקע קברים פאַר לעבעדיקע מתים. זייער לאַכן האָט ווי אַ זונשטראַל געשיינט אין געסל און האָט אויך אַרויסגערופן אַ לעבעדיקע, צופרידענע מינע אויף די טויט־מידע פּנימער פון זייערע עלטערן, וואָס האָבן געשמאַכט פאַר די הייזלעך.

מאָטקע האָט צווישן די גויים, אין דעם אַרבעטער־געסל, אַרומגעדרייט זיך ווי אַ פרעמדער. ער האָט זיך ניט געפונען קיין אָרט ניט צווישן די קינדער, ניט צווישן די עלטערע. די דערוואַקסענע בחורים האָבן געטרונקען ביר און געשטיפט מיט מיידלעך, נאָר מאָטקען האָבן זיי ניט מיטגענומען און געקוקט אויף אים פון דער הייך אַראָפּ, ווי אויף אַ „געפונענעם", כאָטש מאָטקע האָט שוין געטראָגן אַ נייעם צייגענעם אַנצוג, וואָס אַנטאָן האָט פאַר אים גענומען אין יידישן געוועלבל אויף באָרג. מיט די קינדער האָט ער ניט געוואָלט זיך חברן. עס האָט אים ניט געפּאַסט ווי אַן עלטערן בלאָזער. און לאַנגווייליק איז אים געווען דאָ אין דער פאַבריק פון דער ערשטער מינוט וואָס ער איז אַהער אַריינגעקומען. ער האָט דאָס אַלץ ניט פאַרשטאַנען. צוערשט האָט אים די פאַבריק מיט די פייערלעך און די נייע מענטשן אויסגעזען זייער אינטערעסאַנט און ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ שפּיל. ווען ער האָט אָבער דערזען, אַז איטלעכן טאָג איז איינס און דאָס זעלבע, איטלעכן טאָג קומט מען אין דער הוטע אַריין, — און איטלעכן טאָג בלאָזן, בלאָזן... איז עס אים אַזוי פאַרמיאוסט און לאַנגווייליק געוואָרן, אַז ער האָט געוואָלט אַוועקגיין. נאָר דערווייל האָט זיך ניט געמאַכט די געלעגנהייט. עס האָט אים אויך אָפּגעהאַלטן דערפון עפּעס אַ מאָדנע זאַך.

אַנטאָן האָט געהאַט אַ מיידל פון אַ יאָר אַכט, ניין, און אפשר עלטער. אַ קאַליקע, וואָס האָט ניט געקענט גיין אויף די פיס. פיס האָט זי יאָ געהאַט, נאָר ווי דינע צעבראָכענע שטעקלעך, און זי האָט געמוזט זיצן אונטער זיך. אַלע האָבן געשריגן אויף איר. טיילמאָל פלעגט זי אָפּזיצן גאַנצע טעג אויף דעם זעלבן אָרט, זי האָט קיין כוח ניט געהאַט זיך אַליין צו באַוועגן, און קיינער

האָט קיין צייט ניט געהאַט דאָס קינד אָוועקצונעמען פון אָרט און אויף אַן אַנדער אָרט צו זעצן. שטענדיק איז זי געווען אין וועג, און אַז מען האָט אָנגעטראָטן אויף איר, האָט מען געשריגן, ווי דאָס קינד וואָלט שולדיק געווען. דאָס קינד האָט געשמייכלט אין פּנים אַריין, ווי עס וואָלט זיך געוואָלט פאַרענטפערן.

די צווייטע נאַכט נאָך דעם ווי אַנטאָן האָט שוין צוגענומען מאָטקען פאַר אַ בלאָזער, האָט ער אים אַהיים גענומען צו זיך שלאָפן. אַז עס איז געקומען צום לייגן זיך, איז ניט געווען וואו צו לייגן דעם נייעם מיטוואוינער און מיט וואָס אים צוצודעקן. האָט אַנטאָניכע אים געהייסן זיך אַוועקלייגן ביי דער קאַ־ליקע, וואָס איז געלעגן באַזונדער אין אַ ווינקל. די אַנדערע קינדער האָבן ניט געוואָלט לעבן איר שלאָפן. מאָטקע האָט געקוקט אויף דעם ווינקל, וואו דאָס פּעקל ביינער איז געלעגן אונטער אַ קאַפּטן ווי אַ קאַץ, מיט חשד. צום סוף האָט ער זיך אַוועקגעלייגט. געלעגן און געקוקט מיט מורא און פרעמדקייט אויף די הייליקע בילדער, וואָס זיינען באַלויכטן מיט רויטע לעמפּלעך אויף דער וואַנט. געקלערט האָט ער, אַז ווען אַלע וועלן איינשלאָפן, וועט ער זיך אַרויס־גנבענען, און ער האָט געקוקט אויף די זאַכן, וואָס מיטצונעמען אָדער אפשר אין דער שטיל איבער אַנטאָנס הויזן צו גיין און פון דאָרט געלט אַרויסגנבענען און אַנטלויפן. ערשט עס רוקט זיך ווער צו אים און נורעט איין דאָס וואַרעמע פּנימל אין אים ווי אַ קאַץ און מיט אַמאָל דערפילט ער, ווי צוויי דינע הענטלעך נעמען זיין האַלדז אַרום.

ער האָט זיך דערשראָקן, אָפּגעשאָקלט זיך און געכאַפּט די קאַליקע און אָפּגעשטופּט פון זיך מיט עקל. ער האָט געקוקט אויף איר. די קאַליקע האָט פאַרבויגן דאָס קעפּל, האַלב פאַרמאַכט די אויגן, אַ שמייכל האָט באַגאָסן איר גאַנץ פּנימל, זי האָט זיך געפרייט אין דער שטיל. ;

— דו, דו ווייסט, אין וואַלד איז דאָ וואַסער, באָדן זיך דאָרט מענטשן און שדים. דו ווייסט דערפון? — זאָגט צו אים די קאַליקע פלוצלינג.

מאָטקע האָט איר געוויזן די צונג, און פאַרדרייט זיך אויף אַן אַנדער זייט.

— דו, דו, וועסט מיך מיטנעמען אין וואַלד אַריין און באָדן מיך אין וואַסער? — האָט די קאַליקע אים געוועקט.

ער האָט זי געקאָפּיעט.

די קאַליקע האָט ניט געשריגן, ניט געוויינט, און מיטאַמאָל האָט מאָטקע דערפילט אַ וואַרעמקייט. עס האָט זיך ווער ענג צוגעטוליעט צו אים און גע־גלעט אים, ווי אַ הינטל וואָלט געלעקט.

מאָטקע איז שוין געלעגן און האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

פון דענסמאָל אָן האָט ער געהאַט אַ מאָדנע געפיל צו דער קאַליקע. ער האָט ניט געקענט דורכגיין און זען ווי די קאַליקע קוקט מיט קנאה אויף די קינדער ווי זיי שפּילן זיך אין געסל, — און זי קען זיך ניט רירן. מאָטקע האָט זי אָנגענומען און איבערגעטראָגן פון שטיבל צו די קינדער. נאָך דעם האָט

ער עס שוין געמוזט שטענדיק טאָן. ער האָט זיך מיט דער קאַליקע אַרומגע־טראָגן, איז געוואָרן איר אָפּעקון. ער האָט זי פּיינט געהאַט און פּלעגט זי שלאָגן, ווען קיינער האָט ניט געזען, שטורכען זי אונטערן אָרעם, נאָר די קאַליקע האָט געקוקט אויף אים מיט אירע קליינע שוואַכע אייגעלעך און געשמייכלט מיט די דינע ליפּן. ער האָט עס ניט געקענט אַריבערטראָגן, ער האָט ניט געקענט אַוועקגיין פון אָרט. ער איז ניט געגאַנגען אין וואַלד אַריין, איז ניט מיטגעגאַנגען מיט די גרויסע געזעלן, נאָר האָט אָפּגעהיט די קאַליקע, זי געטראָגן פון איין אָרט צום צווייטן.

דאָס האָט אים ניט געלאָזט אַוועקגיין פון אַנטאָנען. ער האָט אָפט געטראַכט, אַז ער וועט די קאַליקע מיטנעמען אַמאָל אין וואַלד אַריין און אויסגראָבן אַ גרוב און וועט זי דאָרט באַגראָבן, דערנאָך וועט ער אַנטלויפן פון דער טרוי־עריקער פאַבריק. ער וואָלט דאָס געטאָן אויך, נאָר ער האָט זיך געשעמט צו טראָגן זי אויף די פּלייצעס איבערן געסל.

די קאַנטאָר פון דער פאַבריק האָט געהאַט אַ געוועלבל פאַר די אַרבעטער. די גויים פון דער פאַבריק האָבן ניט געקראָגן געצאָלט פאַר זייער אַרבעט מיט געלט, נאָר מיט קוויטלעך אין געוועלבל אַריין, אויף וועלכע זיי האָבן גענומען עסנוואַרג און קליידונג. דער ייד פון דער הוטע האָט צעטיילט די הערשאַפט איבער די גויים צווישן זיין משפחה, און אַ פעטער זיינער האָט געהאַלטן דאָס געוועלבל פאַר די גויים. ער האָט זיי געצאָלט אַכציק קאָפּיקעס סחורה פאַר אַ רובל, פאַר דעם פלעגן אין דעם געוועלבל זונטיק זיך צוזאַמענקומען די גויעס און די גויים אָפּצונעמען זייער פּאָסט און דינען זייער גאָט, — דאָס געוועלבל איז אויך געווען זייער געבעט־הויז. די אַרבעטער זיינען געווען קאַטאָליקן, און די רוסישע פּאָליציי האָט זיי ניט דערלויבט קיין אייגענע קאַטוילישע קירך. אָפּצוריכטן זייער געבעט ביי אַ גוי אין שטוב האָבן די אַרבעטער מורא געהאַט, זיינען זיי זיך צוזאַמענגעקומען צום יידן אין געוועלבל, — אַ יידיש געוועלבל וועט קיינער ניט חושד זיין. אויפגעהאַנגען אויף די זעק מעל אַ בילד פון דער הייליקער מוטער און פאַר איר האָבן זיי געבעטן. מאָטקע איז געשטאַנען אויף דער וואַך, אויסגעקוקט, צי ס׳גייט ניט דער אוריאַדניק. ווען דער אוריאַדניק איז אָנגעקומען, האָט מען דאָס הייליקע בילד באַהאַלטן און מען האָט זיך גע־נומען מעל וועגן, נאַפט קויפן, אָדער ביר טרינקען, וואָרים שיכורן אין גע־וועלבל איז געווען אַ גרינגערע עבירה פאַרן אוריאַדניק ווי גאָט בעטן.

צוליב דעם וואָס מאָטקע האָט געהיט דעם אוריאַדניק, איז ער געוואָרן אַ גאַנצער חשוב ביי די גויים. עס איז שוין דענסמאָל צוליב אים, צווישן די יידן פון קאַנטאָר און די גויים אין פאַבריק, אָנגעגאַנגען אַ שטילע מלחמה, די יידן אין קאַנטאָר האָבן געוואוסט, אַז מאָטקע איז אַ ייד. — און אַ יידיש קינד גע־פינט זיך אין גויישע הענט. די גויים, ווי אונטערגעדריקט זיי זיינען ניט געווען, דאָך זיינען זיי שטאָלץ געווען, וואָס ביי זיי געפינט זיך אַ יידישע נשמה, וואָס זיי ראַטעווען אַרויס פון טייוול, און געהאַלטן מאָטקען פאַר אַן אייגענעם. דערווייל

האָבן ביידע צדדים מורא געהאַט אַריינצומישן דעם אוריאַדניק אין דעם עסק, און פון דעם האָט גאַנץ גוט געוואוסט מאַטקע, און ער האָט אויסגענוצט די מחלוקה איבער אים. ער פלעגט אָפטמאָל אַריינקומען אין געוועלבל, וואו די יידענע איז געזעסן און געזאָגט תהלים, און איבערגעשראָקן די יידענע:

— איר ווייסט, איך בין אַ ייד.

— אוי! — קרעכצט די יידענע — אַ ייד אין אַ גויאישער שטוב. עסט טריפות, בעט צו עבודה־זרות, אוי!

— גיט מיר צוקערקעס, וועל איך ניט קושן דעם צלם.

— אוי איז מיר, וואָס מען הערט זיך אָן, — זאָגט די יידענע, און נעמט אַ האַנט מיט צוקערקעס און גיט עס מאַטקען.

— מאַך אַ ברכה, — זאָגט די יידענע.

— אָ, פאַר דעם מאַכן אַ יידישע ברכה? איר וועט מיר געבן צוויי זעמל צו, וועל איך מאַכן אַ יידישע ברכה.

די יידענע האָט זיך אויסגעדונגען מיט אים אויף אַנדערהאַלבן, און אויס־געהאַנדלט אַ ברכה פון מאַטקען פאַרן יידישן גאָט.

און מיט די פאַרדינסטן, וואָס מאַטקע האָט געמאַכט פון דער יידישער אמונה, האָט ער זיך תמיד געטיילט מיט דער קאַליקע.

נאָר דאָך איז מאַטקע געטריי געבליבן דעם יידישן גאָט, וואָרים וויפיל אַנ־טאָן האָט אים ניט געסטראַשעט מיטן רימען, וויפיל די שקצים און די שיקסעס האָבן ניט געלאַכט פון אים, דעם צלם האָט ער ניט געוואָלט קושן, דאָס געבעט צו דער „מאַטקע באָסקע" האָט ער ניט געוואָלט זאָגן. און אַז די גויע, די אַנטאָניכע, האָט אים איבערגעצלמט, האָט ער אויסגעשפּיגן און איז געלאָפן צום ברונים דאָס פּנים אָפּוואַשן.

אַ מאָדנע געפיל איז דאָס געווען ביי אים. איטלעך מאָל, ווען די גויע האָט אים געוואָלט איבערצלמען, האָט ער די מאַמע דערזען. די רויטע זלאַטע, ווי זי זיצט און נייט אים די הויזן און טרערן רינען איר איבערן פּנים, און ער ליגט אַ נאַקעטער אין ווינקל קעלער און קוקט אויף דער מאַמעס טרויעריקן פּנים.

און דערווייל איז אים אַלץ אַזוי פאַרמיאוסט געוואָרן, דאָס בלאָזן אין פייער, דער ברענענדיקער אויוון, און דאָס עסן מיטן אַנגערויכערטן חזיר־שמאַלץ, און די הייליקע בילדער, וואָס הענגען ביי אַנטאָנען אין שטוב.

דריי יאָר איז מאַטקע אָפּגעווען מיט די גויים אין דער הוטע, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אין דעם פייער פון דער הוטע האָט זיך מאַטקע אויסגעגליט פאַר זיין לעבן. זיינע הענט זיינען האַרט געוואָרן, ברייט, און זיינען געוואוינט געוואָרן אומצוגיין מיט פייער. דאָס פּנים מענעריש, אָפּגעברענט און רוי, און זיין קערפּער, וואָס האָט שוין אַלץ איבערגעטראָגן, בייגיק און שטאַרק. זיין אָטעם איז געוואוינט געווען צו אָטעמען פייער. עס איז געווען ווי די נאַטור וואָלט געזאָרגט, אַז מאַטקע זאָל זיין צוגעפּאַסט צו זיין לעבן, — האָט זי אים אַריינ־

געשיקט אין דעם גיהנום, אַז ער זאָל אויסגעגליט און אויסגעקאָוועט ווערן, רייף פאַר זיין לעבן.

נאָך האָבן די יידן און די גויים פון דער פאַבריק זיך געגרייט אויף מלחמה איבער מאָטקען, ווען מאָטקע האָט זיי פלוצלינג אַלעמען פאַרלאָזט. איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, ווען די גויים זיינען מידע פון דער פאַבריק אַהיים געקומען, האָט פלוצלינג איבערן וועג, וואָס פירט דורך דעם אַרבעטער־געסל, זיך געוויזן אַ הויכע לאַנגע בויד מיט פענצטערלעך און אַ קוימן ווי אַ גרויסע שטוב, געשפּאַנט מיט צוויי חיות, וואָס זיינען ניט געווען ניט קיין פערד און ניט קיין אייזלען. הינטער דער בויד זיינען נאָכגעגאַנגען אַן אייזעלע, אַ הונט און אַ ציג, אַנגעבונדן צו דער בויד. דורכן פענצטער האָט אַרויסגעקוקט אַ מיידל. אַ הויכער יונג מיט אַ באַטיק אין דער האַנט איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער בויד. פון אינעווייניק האָט מען געהערט בעמבעלעך און אַ פויגל פישטשען. אַז די קינדער פון געסל האָבן דערזען די בויד פון די קאָמעדיאַנטן מיט דעם אייזעלע און דער ציג, האָבן זיי געמאַכט אַזעלכע געוואַלדן פון פרייד, אַז זיי האָבן דאָס געסל פאַרהילכט, און זיינען נאָכגעלאָפן נאָך דער בויד. מאָטקע האָט זיך אויך שטאַרק דערפרייט מיט די קאָמעדיאַנטן און דעם פויגל וואָס איז געזעסן אין שטייג. ער איז נאָכגעלאָפן נאָך דער בויד. ער האָט געהערט הינטער זיך זיין נאָמען רופן, צי האָט זיך אים נאָר געדאַכט אַזוי. ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען דאָס קינד. די קאַליקע איז איינע אַליין איבערגעבליבן זיצן אויף איר אָרט אין מיטן געסל און אַלע זיינען אַנטלאָפן פון איר. ניט קלערנדיק קיין סך, האָט ער געכאַפּט די קאַליקע אויף די פּלייצעס און איז נאָכגעלאָפן נאָך דער בויד, אַ שטיק וועג אין וואַלד אַריין. די איבעריקע קינדער זיינען שוין אָפּגעשטאַנען, צוריקגעגאַנגען, אים גערופן:

— מאָטקע, מאָטקע, קער זיך אום, עס ווערט פינצטער.

מאָטקע האָט אָבער ניט געקלערט פון צוריקקערן זיך. ער איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער בויד, אויף זיינע פּלייצעס די קאַליקע, וועלכע האָט אים מיט די הענטלעך אַרומגענומען דעם האַלדז. ער האָט געוואוסט ביי זיך, אַז צוריקגיין אין דער פאַבריק פייער בלאָזן וועט ער שוין ניט. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט נאָכגיין דער בויד מיט די אייזלען און די פּאַפּוגאַיען, און וואו זיי וועלן בלייבן נעכטיקן, וועט ער אויך בלייבן, און וואוהין זיי וועלן גיין, וועט ער אויך גיין. נאָר וואָס טוט ער מיט דער קאַליקע, וואָס ער האָט אויף די פּלייצעס? צוריקגיין אין דאָרף, זי צוריקטראָגן, וועט ער ניט. ער וועט פאַרלירן די קאַטערינשטשיקעס. ער האָט אַראָפּגענומען די קאַליקע פון זיינע פּלייצעס, זי געוואָרפן אויף דער ערד און איז אַנטלאָפן. אַ פּאָר מאָל איז ער דאָך צוריק געגאַנגען. דאָס מיידל איז געזעסן, די דינע צעבראָכענע פיסלעך אונטער זיך, און געקוקט אויף אים. נאָר אירע אויגן זיינען איצט גרעסער געוואָרן, גלאַנצנדיק און שרעקנדיק. און וואָס גרעסער עס זיינען די אויגן ביי דעם מיידל געוואָרן, אַלץ בייזער איז ער געוואָרן אויף איר. ער האָט זי גוט אָנגעבויקערט.

ער האָט זי אָנגענומען מיט ביידע הענט פאַרן דינעם האַלדז, נאָר זי האָט גאָרניט געזאָגט, געקוקט אויף אים און געשמייכלט, האָט ער זי אָפּגעלאָזט. דערנאָך האָט ער געוואָלט דעם וואַלד אונטערצינדן אינאיינעם מיט דער קאַליקע, האָט ער ניט געהאַט קיין פייער. און דאָ איז שוין די בויד געווען אַוועקגעפאָרן. האָט ער אָנגעהויבן פּאַטשן די קאַליקע און געשריגן צו איר: „שריי, וויין, שריי!" — און איז אַנטלאָפן. געלאָפן נאָכן גערויש פון די רעדער, וואָס פירן די קאַטערינשטשיקעס.

נאָר די קאַליקע האָט ניט געשריגן און ניט געוויינט. די נאַכט איז וואָס אַמאָל שוואַרצער געוואָרן, און מאָטקען האָט זיך געדאַכט, אַז פון דער נאַכט קוקן אַרויס די צוויי גרויסע אויגן פון דער קאַליקע און קוקן אים נאָך פון הינטן.

ער האָט געפילט די אויגן אויף זיין רוקן.

## 3

די בויד איז געפאָרן, און מאָטקע איז ווי אַ הונט נאָכגעלאָפן, ניט צו וויסן וואוהין עס פירט אים. דער יונג מיטן רינגעלע אין אויער, וואָס איז נאָכגעגאַנגען נאָכן וואָגן, האָט שוין מאָטקען געהאַט באַמערקט און געפרעגט אים וואָס ער וויל. מאָטקע האָט ניט געענטפערט. ער איז געשטאַנען, ווען מען האָט זיך אָפּגעשטעלט, און געלאָפן, ווען מען איז געפאָרן. שפּעט אין אָוונט האָבן די קאַטערינשטשיקעס זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פעלד לעבן אַ וועלדל, ניט וויט פון אַ דאָרף. דער הויכער יונג האָט אויסגעשפּאַנט די בהמות, וואָס האָבן געשלעפּט די בויד, און זיי אָנגעבונדן ביי די רעדער צו פּאַשן זיך. ער האָט צוזאַמענגעקליבן העלצער און צוויגן פון וואַלד און אָנגעלייגט אַ פייער. צום פייער האָט זיך פלוצלינג מאָטקע אונטערגעגנבעט מיט אַ פולן אָרעם טרוקענע צווייגן, וואָס ער האָט אויך פון דעם וואַלד צוזאַמענגעקליבן, און געהאָלפן דאָס פייער אויפבלאָזן. דער יונג האָט אים אָפּגעשטעלט:

— ווער ביסטו?

— איך ווייס ניט.

— וואָס הייסט?

— איך האָב ניט קיין טאַטן, איך האָב ניט קיין מאַמע.

— פון וואַנען קומסטו?

— איך בין נאָך דער בויד נאָכגעלאָפן.

— וואו ביסטו געווען?

— איך בין געווען אין דער הוטע, ביי די גויים, האָבן זיי מיך געוואָלט

שמדן, געשלאָגן, אַז איך זאָל דעם צלם קושן, האָב איך ניט געוואָלט. בין איך אַנטלאָפן פון זיי. בין איך געגאַנגען אויפן וועג, האָב איך אייך געזען, בין איך נאָך אייך נאָכגעלאָפן.

— וואָס ווילסטו טאָן?

— נעמט מיך מיט, איך וועל העלפן די פערד טרייבן, איך קען, איך וועל אַלץ טאָן, וואָס איר וועט נאָר הייסן, איך קען. נעמטס מיך מיט.

מאָטקע האָט דאָס געזאָגט אין אַזאַ בעטנדיקן טאָן, אַז דער יונג האָט אויפגעהויבן פון פייער אַ ברענענדיקע צווייג און באַלויכטן מאָטקען. ער האָט געוואָלט זיין פּנים זען.

— העי, אַלטער תּרח, קום נאָר אַרויס, גיב נאָר אַ קוק.

פון די פענצטערלעך פון דער בויד, וואָס זיינען שוין געווען באַלויכטן מיט אַ שוואַך ליכט, וואָס קומט פון אַ נאַפט־לעמפל, האָבן מיטאַמאָל עטלעכע געזיכטער אַרויסגעקוקט.

— וואָס איז געשען?

— עפּעס אַ קליינער יאַט איז אונטערגעקומען. בעט זיך מ׳זאָל אים מיט־נעמען.

— פּפוי זאָלסטו ווערן. די נכפה (די נשמה) איז מיר אַרויס, געמיינט, אַז מען וויל די גדולים (די פערד) אַוועקלקחנען. אָדער דער אָדון (דער סטראַזשניק) איז געקומען. יאָג אים אַוועק. מיר וועלן באַלד האָבן אַ דאָרף גויים, אַוודאי אַ שייגעץ פון דאָרף, — האָט אַ קול פון בויד אַרויסגערעדט.

— ניין. עס איז אַ לינקער יאַט.

— וואָס וויל ער? פיר אים אַריין, לאָמיך זען.

דער יונג האָט אָנגענומען מאָטקען און אים אַריינגעבראַכט דורך אַ קליינער הינטערשטער טיר אין בויד אַריין.

אַז מאָטקע איז אין בויד אַריין, האָט ער קיין וואָרט ניט געקענט אַרויס־ריידן. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם וואָס ער האָט געזען.

די בויד איז געווען אַ לאַנגע, שמאָלע שטוב, מיט קליינע אָפּטיילונגען, פאַרהאַנגען מיט פאָרהענגלעך. צוויי קליינע נאַפט־לעמפלעך האָבן געברענט אין די ווינקעלעך און דאָס ליכט, וואָס איז געפאַלן אויף די רויטע פאָרהענג־לעך, איבער די בעטן, האָט די שטוב געגעבן אַ וואַרעמען היימישן אויסזען. אין מיטן בויד איז געהאַנגען אַ גרויסע שטייג. אין איר איז געזעסן אויף אַ שטעקעלע אַ רויטער פּאַפּוגיי, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין אַרויסקוויטשען: „אַלטער תּרח", דעם נאָמען פון דעם עלטסטן קאַטערינשטשיק, דעם בעל־הבית פון בויד. דער „אַלטער תּרח" איז געלעגן מיט די גרויסע שטיוול אויסגעצויגן אויף אַ פּאַק מאַטראַצן, בעטגעוואַנט און ציגיינערשע קאָלדרעס. ער האָט אויך געהאַט, ווי דער יונג, אַ רינגעלע אין אויער, נאָר אַ גאָלדענס און אַ גרעסערס. ער האָט געהאַט אַ גרויסן קאָפּ באַוואַקסן מיט גראָע האָר, וועלכע האָבן זיך גע־קרייזלט ווי לאָקן, און אַרום דעם קאָפּ איז געגאַנגען אַ געגאָלטער פּאַס, וואָס האָט

ווי אַ ראָד אויסגעגליכן און אַרומגענומען דעם קאַרק, די פּיאות מיט דעם שטערן. אַ פּאָר געדיכטע גראָע ברעמען, וואָס עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זענען אָנגעפּודערט, האָבן אים פאַרדעקט די אויגן, נאָר די נאָז, וואָס איז געווען פּלאַטשיק, ברייט, באַוואָקסן מיט איינצלנע שטעכיקע האָר, האָט הויך געבלאָזן, געשנאָרכט וואַכעדיקערהייט און צעפּלאָשעט ווי אַ ווינט די גרויסע דיקע וואָנצעס, וואָס זענען געהאַנגען אויף די פעטע ליפּן. מיט דער האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן אַ קליינע, פאַרסמאַליעטע, האַלב־אויפגעגעסענע ליולקע, האָט ער געגעבן אַ מאַך, און אַ וואונק געטאָן מיט די אויגן, אַז מען זאָל אים צופירן מאָטקען.

דער הויכער יונג מיטן דאַשעק אין דער האַנט האָט אָנגענומען מאָטקען ביים רוקן און אַוועקגעשטעלט פאַרן „אַלטן תרח”.

דער „אַלטער תרח” האָט זיך אָבער ניט גערירט פון אָרט, אָנגעקוקט אים, און געגעבן אַ ברום:

— העי, מכשפה, גיב נאָר אַהער דעם לאָמפּ.

פון אַ ווינקל האָט זיך ווער אַפּירגערוקט און צוגעטראָגן אַ לאָמפּ. מאָטקע האָט נאָר באַמערקט שוואַרצע לאַנגע ווייבערשע האָר, וועלכע האָבן זיך שוין געגראָט, און אַ רויט אָפּגעברענט ווייבעריש לייב, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון אַ צעריסענעם רויטן קאַפּטן.

דער אַלטער תרח האָט גענומען דעם לאָמפּ, באַלויכטן מאָטקען, אָנגעקוקט אים און געפרעגט:

— ווער ביסטו?

מאָטקע האָט ניט געענטפערט. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם צוויטשער פון די קאַנאַריק־פייגעלעך, וואָס האָט זיך געהערט פון די ווינקעלעך, פון דעם קוויטשען פון דעם פּאַפּוגיי. ער איז געווען ווי אין אַן אַנדער וועלט, און אים איז דאָ אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז ער איז גרייט געווען דאָס לעבן אַוועקצוגעבן, אַבי נאָר צו פאַרבלייבן מיט זיי.

— ווער ביסטו? — פרעגט נאָכאַמאָל איבער דער אַלטער תרח מיט אַ שטאַרקן באַסאָוון קול.

— איך בין אַ יתום, איך האָב קיין טאַטן ניט, און איך האָב קיין מאַמע ניט — זאָגט ווידער מאָטקע זיין באַקאַנטן שפּרוך מיט אַ טאָן, אין וועלכן עס הערט זיך אי אַ וויינען, אי אַן עקשנות.

— שוין געהערט. זאָגסט ליגן. אַ „כתב” האָסטו? ווייז אים אַהער!

מאָטקע קוקט אים אָן.

— האָסט אַ פּאַס? ווייז נאָר דעם פּאַס, — גיט אים דער הויכער יונג צו פאַרשטיין וואָס דער אַלטער מיינט.

— איך האָב ניט קיין פּאַס. די גוים האָבן אים ביי מיר צוגענומען.

— וועלכע גוים?

— וואָס האָבן מיך געכאַפּט און מיך געוואָלט שמדן, און איך האָב ניט געוואָלט, ווייל איך בין אַ ייד. בין איך אַנטלאָפן פון זיי.

— ווּעמען דערציילסטו די מעשיות, ביסט אַ גנב, ביסט אַנטלאָפן פון אָסטראָג, פּאָליציי זוכט דיך. נעם אים, מיר ווּעלן אים איבערגעבן דער פּאָליציי.

מאָטקע איז האַלב דערשראָקן געוואָרן, נאָר ער האָט געשמייכלט. ער האָט געוואוסט, אַז איידער זיי קוקן זיך אום, קאָן ער אַנטלויפן פון זיי, און דערפאַר האָט ער ניט מורא געהאַט. נאָר פּלוצלינג האָט ער עפּעס דערזען, וואָס האָט אים ווידער דעם אָטעם פאַרכאַפּט. פון אונטער אַ פאַרהענגל איז אַרויס אַ מיידל. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ רויטן טריקאָ, וואָס איז געווען אויסגעגאָסן אויף אירע יונגע שמאָלע פיס, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער רויטער טריקאָ איז אַ צווייטע הויט פון איר לייב. אויף די נאַקעטע אָרעמס און בריסט אַרויפגעוואָרפן אַ בלוילעך טיולן קאָפּטענדל. די האָר זיינען ביי איר געווען שוואַרץ, לאַנג און צעפּלאָשעט איבערן גאַנצן רוקן און פנים. זי האָט מיט איין האַנט אָוועקגעשאַרט די האָר פון פנים, און מאָטקע האָט דערזען אַ פּאָר שוואַרצע, יונגע, ברענענדיקע אויגן, אַ פּאָר רויטע אָפּגעפּאַרבטע ליפּעלעך און בעקעלעך, און אַ פּאָר גרויסע גאָלדענע רינגען וואָס האָבן זיך געבאַמבלט אויף אירע אויערן. אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ שפּיגעלע, אין אירע האָר האָט געשטעקט אַ קאַם, און אויף איר אַקסל איז געשטאַנען אַ בלויער פויגל מיט אַ לאַנגן באַגילטן שנאָבל, וועלכער האָט עפּעס געמראַטשעט. מאָטקע איז אַזוי געווען פאַרכאַפּט פון דעם בילד, אַז ער האָט שוין פאַרגעסן וואָס דער אַלטער תּרח האָט אים געסטראַשעט און ניט געפילט ווי דער הויכער יונג האַלט אים פעסט ביים רוקן. ער האָט געקוקט אויף דעם מיידל, אַ שמייכל פון הנאה האָט פאַרגאָסן זיין פנים, און ער איז גרייט געווען אַוועקצולייגן זיך אַ טויטער צו אירע פיס.

— נו, זאָג בעסער מיט גוטן, ווער דו ביסט, ווּעל איך דיך אָפּלאָזן. ביסט אַ גנב, הע? אַנטלאָפן פון אָסטראָג, וואָס? אַז ניט ווּעל איך דיך איבערגעבן דער פּאָליציי, — זאָגט דער אַלטער נאָכאַמאָל.

— ווער איז דאָס? — פרעגט דאָס מיידל מיט אַ קלינגעדיקער שטים.

— אַ גנב, געקומען אונז די חיות אויסשפּאַנען, — זאָגט דער אַלטער.

— איך בין ניט קיין גנב, איך בין ניט אַנטלאָפן, און פאַרן סטראַזשניק האָב איך ניט קיין מורא, און פאַר אייך אויך ניט. איך האָב פאַר קיינעם ניט קיין מורא, — שרייט אויס מאָטקע מיט זיכערקייט. ער איז רויט געוואָרן און איז צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן פאַרשעמט געוואָרן פאַרן מיידל מיטן בלויען פויגל.

— וואָס, דו האָסט ניט קיין מורא! און אַז מען וועט דיך שלאָגן? — זאָגט דער אַלטער מיט אַ געלעכטער.

— ווּעל איך צוריקשלאָגן, איך קען.

— ווּעסט צוריקשלאָגן, הע? — גיט אים דער הויכער יונג, וואָס שטייט הינטער אים, אַ קלאַפּ מיטן באַטיק איבערן קאָפּ.

מאָטקע האָט זיך אויסגעדרייט, געמאַכט אַ פויסט און געוואָלט זיך וואַרפן אויפן יונג. נאָר אין יונגס פנים און מינע האָט ער דערקענט, אַז מיטן קלאַפּ, וואָס

ער האָט אים געגעבן איבערן קאָפּ, האָבן זיי אים אַריינגענומען אין זייער חברותא. מאָטקע איז זיי געפעלן.

— אַז די האַנט זאָל דיר אָפּדאַרן, — שפּרינגט צו די יידענע, וואָס דער אַלטער תּרח האָט זי פריער גערופן „מכשפה", און דערלאַנגט אַ זעץ מיט דער האַנט דעם גרויסן יונג. — קומט צוגיין צו זיי אַ יתום, האָט ניט קיין טאַטן, ניט קיין מאַמע, שלאָגן זיי אים. אַז אויסגעריסן זאָלט איר ווערן. הער זיי ניט. די אַלטע תּרחס, זיי קענען דען אַרבעטן? די גראָבע בייכער. פרעסן קענען זיי. איך נעם דיך צו, איך וועל דיך האלטן. הער זיי ניט, בלייב מיט אונז.

— שאַט ניט, אַלטע מכשפה, שאַט ניט. אַז ער וויל ווערן אַ קאַטערינשטשיק, מוז ער קענען אויסהאַלטן אַ קלאַפּ.

— קום נאָר אַהער, קליינער יאַט, — רופט אים דער אַלטער תּרח, — ווי רופט מען דיך?

—מאָטקע.

— ביי אונז וועסטו הייסן קליינער שמדניק. ווילסטו?

— איך וויל.

— ווילסט זיין אַ קאַטערינשטשיק?

— יאָ.

— ציִ מיר אַראָפּ די שטיוול.

מאָטקע האָט זיך גענומען די שטיוול אַראָפּציִען. עס האָט לאַנג געדויערט ביז מאָטקע, מיטן גאַנצן כּח, וואָס ער האָט געהאַט, און וואָס ער האָט געוואָלט זיך ווייזן פאַר דעם מיידל, האָט אַראָפּגעצויגן די שטיוול פון אַלטן תּרחס פיס אַראָפּ, — אַזוי שווער איז געווען די לאַנגע כאַליעוועס אַראָפּציִען פון די פיל אָניטשעס, אין וועלכע דער אַלטער האָט זיך די פיס איינגעוויקלט. מאָטקע האָט געוויזן וואָס ער קאָן. ער האָט פלינקער די שטיוול אַראָפּגעצויגן ווי דער גרויסער יונג טוט דאָס איטלעכן אָוונט. דער אַלטער תּרח האָט געוואונקען צו דעם מיידל, אויף מאָטקען געוויזן, אַז ער האָט כּוח, און געפרעגט:

— נו, ווי געפעלט דיר דער נייער אורח?

— ער געפעלט מיר בעסער פאַר איך ביידע, אַלטע הינער־פרעסערס, — האָט דאָס מיידל אָפּגעענטפערט און איז פאַרשוואונדן הינטער דעם פאַר־הענגל...

# 4

צומאָרגנס, פאַרטאָג, האָט מען זיך אויסגעריכט ווייטער אין וועג אַריין. מאָטקע, וואָס האָט מיט די פערד איינדרויסן געגעבטיקט, האָט געקוקט אויף דעם אַלטן תּרח, און בקשה און פּחד זיינען געלעגן אין זיין בליק, ווי ביי אַ הונט,

אַז זיי זאָלן אים מיטנעמען. דער אַלטער תּרח, אָנגעטאָן אין „פּולער פּאָרם״, מיטן גראָבן געפלאָכטענעם באַטעק אין האַנט, מיט דער פּיפּקע אין מויל און מיט דעם קאַטערינאַרסקן היטל, וואָס האָט אַ גלאַנצעדיקן דאַשעק, פאַרוואָרפן אויף זיין גרזשיבע, האָט געגעבן אַ מאַך מיטן באַטעק אויף מאָטקען און געגעבן אַ געשריי:

— העי, ממזר, נעם צונויף דאָס היי, וואָס די חיות האָבן אָנגעוואָרפן און לייג עס אַרויף אויף דער בויד.

מאָטקע האָט אויף דעם געוואַרט, אַז מען זאָל אים הייסן עפּעס טאָן. פלינק און מיט חשק האָט ער צוזאַמענגעגראַביעט דאָס היי און עס אַרויפגעלייגט אויף דער פור. דער הויכער יונג, וואָס דער אַלטער תּרח האָט אים גערופן „קאַנאַריק״ (און מיר וועלן אים ווייטער אויך אַזוי רופן), האָט זיך גענומען די פערד צו שפּאַנען.

ווידער האָט מאָטקע געקוקט מיט זשעדנע און פרעגנדיקע אויגן, אויב ער קען דאָ ניט מיטהעלפן.

— העי, ממזר, צי איין דעם רויטן „קל־וחומר״ אין שפּאַן: וואָס שטייסטו מיט פאַרלייגטע הענט? — און אַ פלעם פון באַטעק האָט געגעבן אַ ברי איבער זיינע פּלייצעס.

נאָך קיינמאָל איז מאָטקע ניט געווען אַזוי גליקלעך פון אַ קלאַפּ ווי דאָס מאָל, וואָרים דער קלאַפּ איז געקומען פון אַלטן תּרח אַליין. ער האָט אים די האַנט געוואָלט קושן דערפאַר, און פלינק זיך געכאַפּט צום רויטן „קל־וחומר״.

באַלד זענען געווען די „חיות״ געשפּאַנט. פון דער בויד האָט זיך אויפגעעפנט אַ לעדל און עס האָט זיך געוויזן דאָס מיידל אין רויטן טיולענעם קאָפּטענדל, וואָס ער האָט נעכטן געזען אין דער בויד.

זי האָט זיך געקעמט די האָר און געזונגען אַ ליד אויף רוסיש.

טויזנט האָב איך געליבט,
טויזנט האָב איך אויפגעהערט,
נאָר אָן איינעם
קען איך ניט פאַרגעסן.

מאָטקע איז אַזוי פאַרכאַפּט געווען פון ליד, אַז ער האָט ניט געוואוסט וואוהין די אויגן אַהינצוטאָן, ער האָט נאָך ניט געגלויבט אַז מען נעמט אים מיט. זיין באַשיצערין. די דיקע אַלטע פּרוי, די „מכשפה״, וואָס מען האָט אים נעכטן צוגענומען אויף איר „גוט זאָגן״, האָט זיך ניט געוויזן אין פענצטערל, מען האָט אָבער אָן דעם רויך, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון קוימען, אָנגעזען, אַז זי געפינט זיך אין בויד. און טאַקע האָט זיך באַלד געוויזן איר פּנים פון אַ פענצטערל. זי האָט געהאַט פאַרבונדן דאָס פּנים מיט אַ טוך און די שוואַרצע קודלעס אירע זיינען ניט געווען פאַרקעמט, האָט זי טאַקע אויסגעזען ווי אַ מכשפה. זי האָט געגעבן אַ מאַך מיט די בלויזע אָרעמס צום אַלטן תּרח און אַ חנדל האָט זיך צעגאָסן אויף איר פעט, אַלט, פלייש׳יק געזיכט.

— וואָס, דו פאָרסט אַוועק מיטן טרוקענעם, אַלטער תּרח? וואָס וועל איך צושטעלן אויף מיטיק?

— האָסט דאָך עפּעס צוגענומען אַ נייעם מאַכער, לאָמיר זען וואָס ער קען — ווייזט ער מיטן באַטעק אויף מאָטקען.

— העי, אורח, אַנו לאָמיר זען וואָס דו וועסט ברענגען אויף אָנבייסן פון דאָרף! — ווינקט צו אים קאַנאַריק מיט זיינע רויטע אויגן און מיט די רויטע האָר, וואָס האָבן זיך אים געקלעפּט אויפן פאַרשוויצטן שטערן.

— אויף מיטיק אויך און אויף אָוונט־עסן אויך — ווינקט אים צו דער אַלטער תּרח. — גיי, לאָז דיך אַוועק הינטער די הייזלעך פון דאָרף. מיר וועלן וואַרטן אויף דיר אויף יענער זייט וועלדל.

מיט חשק האָט מאָטקע זיך געלאָזט אין דאָרף אַריין. ער האָט מורא געהאַט, אַז די בויד זאָל אים ניט איבערלאָזן און אַוועקפאָרן אָן אים. אפשר איז עס אַ שפּיצל, וואָס מען טוט אים אָפּ, פּטור צו ווערן פון אים. ער האָט געוואָרפן אַ בעטנדיקן בליק צו דער „מכשפה" מיטן פאַרבונדענעם פּנים, אַז זי זאָל אַ מליץ יושר זיין און וואַרטן אויף אים, — צום פענצטערל, וואו דאָס מיידל איז געזעסן, האָט ער מורא געהאַט צו קוקן, — און געלאָזט זיך אויף גאָטס חסד אין דאָרף אַריין.

ווי עס זאָל ניט זיין, ער האָט געוואָלט זיך אויספּיינען פאַר דער חברה, ווייזן וואָס מאָטקע קען. ווי אַ קאַץ איז ער געקראָכן הינטער די הייזלעך פון דערפל. און ערשט ווען די פויערטעס מיט די קינדער זענען אַרויס פון געסל פון דערפל באַוואונדערן די קאַטערינשטשיקעס מיט די פייגל, וואָס זיינען פאַרבייגעפאָרן דאָס דערפל מיט אַ געקלימפּעריי, האָט מאָטקע זיך אַריינגעלאָזט אין די הויפן פון די פויערים. אין אַ זאַק אַריין האָט ער אַריינגעוואָרפן הינער, קאַטשקעס, זיי צוגעדושעט, אַז זיי זאָלן ניט שרייען, נאָר געזוכט האָט ער יונגע גענדזלעך, דער־טאַפּט, אָנגעכאַפּטביים העלדזל, און אַריין אין זאַק אַריין. באַלד איז דער זאַק פול געוואָרן מיט עופות, שווער צו טראָגן, און ער איז געקראָכן אין זומפּן, איבער פּלויטן און צווישן קוסטעס, אַז מען זאָל אים ניט זען. די בויד האָט טאַקע גע־וואַרט אויף אים אויפן וועג, ביים וועלדל. ער האָט זי דערזען. איז צוגעלאָפן מיט פרייד און אַרויסגעשאָטן פון זאַק די עופות.

די אַלטע „מכשפה" האָט געטאַנצט פאַר פרייד און געמאַכט מיט שפּאָט צו קאַנאַריקן.

— נו, דו וואָלסט עס אויך געקענט, האַ? פרעסער זענט איר, גראָבע בייכער.

דער אַלטער תרח האָט גאָרניט געזאָגט, דער יונג זאָל ניט גרויס ווערן ביי זיך, נאָר עפּעס טיף אַריינגעקלערט אין זיינע דיקע וואָנצעס אַריין, זעט אויס, געהאַט אַ פּלאַן עפּעס וועגן יונג. קאַנאַריק האָט מאָטקען געגעבן אַ וואונק. ער זאָל זיך אַרויפכאַפּן אויף דער בויד, און מען איז ווייטער געפאָרן.

די בויד איז געפאָרן איבערן וועג. די גלעקלעך האָבן געקלונגען, און אין

איטלעכן דאָרף איז מען אַרויסגעלאָפן פון די הייזלעך אויף בייז־וואונדער. מאַטקע האָט זיך געפילט גליקלעך. ער איז מיט די קאַטערינשטשיקעס איבערן גאַנצן וועג האָט ער געהערט דאָס מיידל זינגען:

טויזנט האָב איך געליבט,
טויזנט האָב איך אויפגעהערט,
נאָר אָן איינעם
קען איך ניט פאַרגעסן.

ער האָט זיך פאַרגעשטעלט „דעם איינעם", ווער קאָן דאָס זיין דער איינער, וואָס זי קען ניט פאַרגעסן? ניט אַנדערש, נאָר אָן אָפיצער פון דער קאַוואַלעריע, וואָס האָט אַ פערד און טראָגט שטיוול מיט שפּאָרן, — דאָס מוז זיין „דער איינער", וואָס זי קען ניט פאַרגעסן. און מאַטקע האָט אים מקנא געווען. און ער האָט אים געזען איצט, ווי ער זיצט ערגעץ־וואו אין אַ שענק און טרינקט ביר און שפּילט אין קאָרטן און ווייסט גאָרניט, אַז זי, זיין געליבטע, זיצט איצט אין פענצטערל און זינגט צו אים אַ טרויעריק ליד.

דער אַלטער קאַטערינשטשיק איז ווידער געלעגן אויסגעצויגן אויף די ציגיינערשע קאָלדרעס, געגעסן די לולקע און איינגעהערט זיך צום געזאַנג. און די „מכשפה" איז געשטאַנען ביי דער קיך און האָט געקאָכט די הינער און די געבנדז־לעך, וואָס מאַטקע האָט פון דאָרף צוגעגנבעט, דער רויטער קאַנאַריק איז איינ־געשלאָפן און מאַטקע האָט גענומען די לייצעס און האָט געפירט די בויד.

אין מיטן טאָג האָבן זיי זיך ווידער אָפּגעשטעלט הינטער אַ דאָרף ביי אַ וואַסערל, אויסגעשפּאַנט די „חיות", און זיי געגעבן פּאַשע, און אַליין אויך גע־נומען עסן. מאַטקען האָט מען נאָך ניט אַריינגעבעטן אין בויד אַריין, נאָר די אַלטע האָט אים אַרויסדערלאַנגט אויף אַ שטיק ברויט אַ שטיק הינדל, און ער האָט געגעסן מיט אַפּעטיט.

נאָכן עסן האָט מען מאַטקען געגעבן די ערשטע „פּראָבע", אים געלערנט „אַרבעטן". קודם־כל האָט אים דער אַלטער גענומען און געהייסן זיך אַוועק־שטעלן אויפן קאָפּ. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפן קאָפּ. ער האָט עס אָבער לאַנג ניט געקענט אויסהאַלטן. דאָס בלוט איז אים געקומען אין פּנים אַריין און די פיס זיינען שוואַך געוואָרן. ער האָט די פיס אַראָפּגעלאָזט. אָבער פון ביידע זייטן זיינען געשטאַנען דער אַלטער קאַטערינשטשיק מיטן רויטן קאַנאַריק און געשלאָגן מיט די באַטעקעס מאַטקען איטלעכן מאָל, ווען ער האָט געפּרוואווט די פיס אַראָפּלאָזן. אָבער ניט דערפאַר האָט ער אויסגעהאַלטן און געשטאַרקט זיך די פיס אין דער הייך צו האַלטן. מיטן קאָפּ אויף דער ערד, האָט ער באַ־מערקט ווי דאָס מיידל שטייט אין פענצטערל און קוקט זיך צו ווי מען לערנט אים אויפן קאָפּ שטיין, און לאַכט איטלעך מאָל, ווען ער כאַפּט אַ קלאַפּ פון באַטעק. ער האָט געוואָלט ווייזן, אַז ער קען אויך די „קונצן", און איז געשטאַנען אויפן קאָפּ, כאָטש דאָס פּנים איז שוין פול געווען מיט בלוט, און די אויגן האָבן אים געשווינדלט און דער רוקן האָט געבראָכן. ער איז געשטאַנען נאָך אַ מינוט,

נאָך אַ מינוט, און אויסגעהאַלטן ביז דער אַלטער קאַטערינשטשיק האָט אָפּגעצײלט הונדערט.

די צווייטע פּראָבע איז געווען, אַז מאָטקע זאָל עפּעס מאַכן אַ קונץ אויפן פערד, — אויפן „רויטן קל־וחומר". וואָרים אַלץ, וואָס איז געווען ביי די קאַטערינשטשיקעס, האָט געמוזט קענען מאַכן קונצן און פאַרדינען זיך זיין שטיקל ברויט מיט „אַרבעטן". און די „חיות", וואָס זענען געשפּאַנט צו דער בויד האָבן ניט נאָר געדאַרפט די בויד שלעפּן, נאָר האָבן אויך געמוזט זיין „קונצן־מאַכערס", ווייזן שטיק פאַרן עולם. דער „רויטער קל־וחומר" האָט, למשל, געקענט ניסן ווי אַ מענטש, להבדיל. און אַז דער אַלטער תּרח האָט אים ביים עק אָנגענומען, האָט ער געקענט שאָקלען מיט די אויערן, און דאָס איז זייער געפעלן דעם עולם. איצט האָט מען געקלערט צו מאַכן עפּעס אַ קונץ מיט מאָטקען אויפן פערד. מאָטקע זאָל אַריינרייטן אויף אים, אָנגעטאָן ווי אַ ליץ, מיטן קאָפּ אויפן פערד. און דאָס פערד, פאַרשטעלט, זאָל שאָקלען מיט די אויערן און ניסן.

דער „רויטער קל־וחומר" איז אַרויסגעקומען פון יחוס. דער אַלטער תּרח האָט געמאַכט אַ טויש אויף אים מיט צוויי קליינע הינטלעך, וואָס האָבן געקענט גיין אויף אַ דראָט פון אַ צירק־מייסטער, און אַמאָל איז דער „רויטער קל־וחומר" געווען אויסגעפּוצט מיט אַ בענדעלע אין עק און מיט שלייפעלעך אין די אויערן און מיט אַ גלעקעלע אויפן האלדז, און אויף אים איז געקומען אַריינצורייטן אין צירק די וועלט־באַרימטע פערד־טענצערין סאַווינאַ, די שפּאַניערין. געטראָגן האָט ער דענסמאָל דעם שטאָלצן נאָמען „נעראָ". הייַנט, אויף דער עלטער, איז ער אַריינגעפאַלן צום אַלטן תּרח און ער האָט אים געקרוינט מיטן יידישן נאָמען „דער רויטער קל־וחומר", ווייל ער האָט געהאַט צוויי רויטע פלעקן אויפן בויך, וואָס דאָס האָט אים אַמאָל אַזוי באַרימט געמאַכט, און מען האָט אים אויסגעלערנט די קונץ פון ניסן און שאָקלען מיט די אויערן.

שטייט ער איצט, אַן אַלטער, אַ פאַרלאָזטער, און לאָזט זיך אָנטאָן דעם ווייבערישן רויטן צירק־קאַפּטן אויף די פאָדערשטע צוויי פיס, און אַ יונגער שנעק שטייט אויף אים מיטן קאָפּ אַראָפּ, און ער מוז, נעבעך, צומאַכן מיט די אויערן און צוניסן.

נאָר די עיקר־פּראָבע מיט מאָטקען איז געווען דאָס ראַנגלען־זיך מיט קאַנאַריקן אויף „שפּאַנישע" פאַסקעס. מאָטקע וועט לייגן קאַנאַריקן, דאָס הייסט, קאַנאַריק וועט זיך לאָזן לייגן פון אים, כדי עס זאָל שענער אויסזען און מער אויפזען מאַכן, אַז דער „קליינער" האָט געלייגט דעם „גרויסן". און מאָטקע וועט זיין דער וועלט־באַרימטער שפּאַנישער טשעמפּיאָן, סעווערין סערוועראָס. און ער וועט טראָגן אויף דער ברוסט מעדאַלן, וואָס ער האָט געקראָגן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

צוליב דעם האָט מען מאָטקעס גאַנץ לייב אויסגעשמירט מיט אַזאַ מין חזיר־שמאַלץ און אים אַרומגעבונדן הענט און פיס פעסט מיט האַנטיכער,

כּדי דאָס גראָבע פלייש זאָל ווערן אָנגעלאָפן און עס זאָל אויסזען, אַז ער האָט שטאַרקע מוסקולן.

די האַנטיכער האָבן אים געשניטן די הענט און די פיס. ער האָט אָבער מיט פאַרגעניגן איבערגעטראָגן די יסורים, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען ביים לערנען צו ווערן אַ קאָטערינשטשיק, וואָרים אין פענצטערל פון דער בויד איז געזעסן דאָס מיידל מיט די גאָלדענע לאָקן, האָט זיך געהאַלטן אין איין קעמען די האָר און זינגען דאָס טרויעריק־זיסע ליד:

טויזנט האָב איך געליבט,
טויזנט האָב איך אויפגעהערט,
נאָר אָן איינעם
קען איך ניט פאַרגעסן.

און מאָטקע האָט געהאַלטן אין איין קלערן: ווער קען זיין און וואו קען זיין „דער איינער", אָן וועלכן זי קען ניט פאַרגעסן?

## 5

עס איז אַדורכגעגאַנגען אַ שטיק צייט, מאָטקע האָט זיך געפונען ביי די קונצן־מאַכערס, אויסגעשטאַנען אַלע מדורי־גיהנום פון דער בראָך־קונסט. דער אַלטער תּרח האָט אַזוי לאַנג געשלאָגן מיטן באַטעק ביז מאָטקע איז געוואָרן אַ גאַנצער קונצן־מאַכער און איז שוין אַרויסגעטראָטן מיט דער „טרופּע".

פון פרימאָרגן אָן האָט זיך געקאָכט אין מאַרק ווי אין אַ קעסל. פון אַלע דערפער אַרום זענען די פּויערים אָנגעקומען אויף זייערע וואָכעדיקע וועגן און אָפּגעאַרבעטע פערד, די שררות אויף זייערע קאָטשן און בולאַנען, — צו זען דעם גרויסן וואונדער ווי די דראָטן־גייערין טאַנצט אויף אַ דראָט. מען זאָגט, אַז אַפילו פון די נאָענטע שטעטלעך זענען זיך פיל צוזאַמענגעפאָרן אין דער קרייז־שטאָט ק., וואו די באַרימטע קונצנמאַכערס האָבן זיך אָפּגעשטעלט, — חתן־כּלה פּאָר, גלאַט אַזוי יונגע ווייבלעך און פראַנטן, וואָס האָבן ניט בעסערס צו טאָן. אַ דראָט האָט מען געצויגן איבערן מאַרק פונם קיילערס הויז אַרויס ביז צו דער קירך. און פון ברעטער האָט מען אַ בינע אויפגעקלאַפּט, אויף וועלכער די באַרימטע אַטלעטן, „קאַנאַריק" און דער יונגער שפּאַניער טשעמפּיאָן „סער־ווערוס", וואָס מיט דעם מיינט מען אונדזער מאָטקע גנב, וועלן זיך ראַנגלען און קונצן מאַכן. נאָר דערווייל גייט מאָטקע אַרום פון פרימאָרגן אָן אין אַ פּאָר מאָדנע ווייסע הויזן, וואָס דערגרייכן ווי ביי אַ יידענע פון האַלדז ביז צו די קני. און אויפן סאַמע מיטן הינטן האָט ער אַ זייגער זיך אויפגעמאָלט, די גאַנצע וועלט לאַכט דערפון איטלעך מאָל, ווען ער דרייט זיך אויס מיטן הינטן צום

עולם און ווייזט ווי שפּעט עס איז... און ניט ער אַליין גייט אַזוי אַנגעטאָן, נאָר אויך קאַנאַריק. קאַנאַריק האָט נאָך אָנגעמאָלט זיין געזיכט מיט שוואַרצע צייכנס פון סאַזשע, און די רויטע האָר קלעפּן זיך אים אויף די ברעמען, זעט ער אויס ווי אַ טייוול. נאָר דער אַלטער תּרח איז אָנגעטאָן ווי אַן אמתער קונצנמאַכער; אין אַ רויטן טריקאָ, מיט נאַקעטע אָרעמס און פיס, מיט אַ ברייטן סאַמעטענעם באַנד אַרום בויך, אויף וועלכן עס קלימפּערן מעדאַלן און אָרדנס פון אַלע לענדער און פעלקער, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט פון אַלטע אינוואַלידישע סאָלדאַטן. אַ טייל פון זיי זענען אַזוי גרויס, אַז זיי זעען אויס ווי בלעכענע שיסלען. אָט אין אַזאַ הילוך שטייען די קאַטערינשטשיקעס און קלאַפּן צונויף די ברעטער פון דער בינע, ציען שטאַרק אָן די דראָטן איבערן מאַרק, און די גאַנצע וועלט שטייט אַרום און באַוואונדערט זיי.

פיר נאָכמיטיק, ווען די זון האָט זיך אַביסל געזעצט, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שפּיל. אָנגעהויבן האָט עס זיך דערמיט, וואָס דער אַלטער תּרח, קאַנאַריק אין דער „שפּאַניער" מיט באַטעקעס אין די הענט זענען אַרומגעגאַנגען צווישן עולם, געקלאַפּט איבער די קעפּ און אַזוי אַרום געמאַכט אַ ראָד אַרום דער בינע, אַז אַלע זאָלע קענען זען וואָס עס טוט זיך אויף איר. שוין דער ערשטער נומער האָט אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג צווישן עולם. דאָס איז געווען אונדזער באַקאַנטע „אַלטע מכשפה". איצט איז זי גאָרניט געווען צו דערקענען. אָנגעטאָן אין אַ קורצן רויטן טריקאָ מיט אַ פּעטן אויסגעבעטן פּאַרנט און הינטן, דאָס פּנים, אָרעמס און פיס אַזוי דיק אָנגעפּודערט מיט אַזאַ מין ווייס מעל, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז די יידענע איז ערשט פון אַ מיל אַרויסגעקומען, וואָרים דאָס מעל איז געווען דיק אָנגעשאָטן אויף איר רויטן קאָרסעט. זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט דעם בלויען פּאָפּוגיי, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין שרייען „אַלטער תּרח". אָט דער בלויער פּאָפּוגיי איז איצט געווען אין די הענט פון דער דיקער יידענע, און ער האָט אויף רוסיש אַרויסגעקוויטשעט די ווערטער: „יאַ טעביאַ לובליו", פּאַר וועלכן די „אַלטע תּרחטע" האָט אים געקושט אין זיין געגילטן שנאָבל. דערנאָך האָט זי דעם פויגל געזעצט אויף איר אַקסל און אים דערלאַנגט אַ קעסטעלע. אין דעם קעסטעלע זענען געלעגן די „גורלות" פון דעם גאַנצן געשעצטן „פּובליקום", און פאַר פינף קאָפּיקעס האָט דער פויגל אַרויס־געצויגן פון קעסטעלע אַ בלוי קוויטל, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אויסגע־רעכנט דאָס גאַנצע גליק פון אַ מענטשן ביז זיינע לעצטע טעג: וויפיל מאָל ער וועט חתונה האָבן, וויפיל נדן און ירושה ער וועט נעמען, אַז ער וועט ניט שטאַרבן אויף זיין אייגן בעט, אַז אַ בריף איז פאַר אים אין וועג, וואָס טראָגט וויכטיקע נייס און נאָך אַנדערע אַזעלכע גליקן.

נאָכדעם ווי די „אַלטע מכשפה" איז אַראָפּ פון דער בינע, איז אַרויף דער אַלטער תּרח מיט אַלע מעדאַלן אויף דעם בויך. ער האָט צו וויסן געגעבן דעם פּובליקום אין אַ שפּראַך וואָס איז באַשטאַנען פון רוסישע, פּוילישע און יידישע ווערטער, געמישט מיט ווערטער פון נאָך עפּעס אַן אַנדער לשון, וואָס קיינער

האָט שוין ניט פאַרשטאַנען, און עס האָט געקלונגען ווי אונגאַריש אָדער טערקיש, נאָר עס איז געווען גנביש־קאַטערינשטשיק לשון. ער האָט צו וויסן געגעבן, אַז באַלד וועט דאָס פּובליקום זען דעם באַרימטן שפּאַנישן טשעמפּיאָן־אַטלעט, וואָס איז נאָך ניט אַלט קיין צוועלף יאָר און איז שוין וועלט־באַרימט און האָט געלייגט טויזנטער גבורים. ער וועט זיך ראַנגלען מיט דעם באַרימטן, וועלט־באַרימטן אונגאַרישן טשעמפּיאָן „קאַנאַריק־קאַנאַריקיודאָ״. נאָר איידער עס וועט זיך אָנהויבן דער פּאַרמעסט, וועט דער באַרימטער טשעמפּיאָן, וואָס איז נאָך אַ קינד, ווייזן פאַרן פּובליקום קונצן.

און דער אַלטער תּרח האָט געגעבן אַ וואונק, — און קאַנאַריק האָט אַרויס־גערוקט מאָטקע גנב.

מאָטקע האָט זיך פאַרשעמט און איז געבליבן דערשראָקן, דערזעענדיק דאָס פּובליקום פאַר זיך. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. דערווייל האָט אים דאָס פּובליקום באַטראַכט מיט נייגעריקייט. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פּאָר קורצע שוואַרצע מייטקעס, כדי ער זאָל אויסזען יונג. די אַלטע מכשפה האָט אים שוין פריער די האָר שיין פאַרקעמט מיט אַ ש׳רונט, און מאָטקעס קודלעס, וואָס האָבן קיינמאָל קיין קאַם ניט געזען, האָבן נאָכן אויסשמירן זיי מיט חזיר־חלב, געגלאַנצט און שוואַרץ געווען ווי ראָבן. אויך איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ סאַמעטענעם רעקל, וואָס קאַנאַריק האָט אַמאָל געטראָגן. האָט ער טאַקע אויסגעזען ווי אַ יונג ייִנגל. געשטאַנען איז ער אויך פאַרשעמט, דערשראָקן, און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

דער אַלטער תּרח האָט אים ביי דער האַנט אָנגענומען, און ווייזנדיק אויף אים, האָט ער זיך געווענדט צום פּובליקום:

— איר זעט דאָס ייִנגל, אַ קינד איז ער נאָך, נאָך ניט קיין צוועלף יאָר אַלט, און דאָס קינד וועט מיט זיינע ציין אויפהויבן אַ הונדערט פונט שטיק. אויף איין האַנט וועט ער האַלטן צוויי מענטשן. און עס איז ניטאָ אין דער וועלט נאָך איינער, וואָס זאָל זיין אַזוי שטאַרק ווי ער. צוואַנציק אַטלעטן האָט ער שוין געלייגט און פון דעם קיניג פון שפּאַניע דעם מעדאַל געקראָגן דערפאַר, — ווייזט ער אויפן בלעכל, וואָס מאָטקע האָט געטראָגן. — זיין פאָטער איז געווען דער וועלט־באַרימטער טשעמפּיאָן סערוועראָס, און זיין מוטער האָט געוואויגן צען פּוד, — די דיקסטע פרוי אין דער וועלט. דורך דעם איז ער אַזוי שטאַרק, קוקט אָן די האַנט, — ווייזט ער אויף מאָטקעס אָנגעלאָפענער האַנט, וואָס איז געווען צוויי וואָכן פריער אונטערגעבונדן, אַז זי זאָל האָבן געשוואָלענע מוסקולן, — איר זעט מוסקולן? איך האָב מורא פאַר אים! — איז דער אַלטער תּרח אָפּגעשפּרונגען פון אים מיט שרעק, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופן אַ געלעכטער ביים עולם.

מאָטקע האָט נאָך ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער איז פאַרשעמט און דער־שראָקן געווען פאַרן פּובליקום. נאָר דעם אַלטן תּרחס רייד און דאָס פּובליקום האָבן אים גערייצט צו לאַכן, און ער האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל ניט אויס־פּלאַצן אין אַ געלעכטער.

— נייג זיך פאַר דעם פּובליקום, ממזר. שמייכל, ממזר, אַ כאָלערע זאָל דיך פּאַקן, ווי ער שטייט! — האָט דער אַלטער תּרח געקריצט מיט די ציין אויף אים, און בעת מעשה האָט ער אים פאַרן פּובליקום געגלעט איבער די שוואַרצע גלאַנצעדיקע האָר:

— ער איז דאָך אַ קינד, די מוטער האָט מיר אים אָנגעטרויט. גראַטאַנאַ, גראַטאַנאַ, שאָקאָלאַדאַנאַ, — האָט פּלוצלינג דער אַלטער תּרח אָנגעהויבן ריידן צו אים פאַרן פּובליקום אויף אַן אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך. — איך פרעג אים, אויב ער וויל שאָקאָלאַד, — זאָגט דער אַלטער תּרח צום פּובליקום, — ער פאַרשטייט דאָך ניט אונזער שפּראַך, רעד איך צו אים שפּאַניש: גראַטאַנאַ, גראַטאַנאַ, שאָקאָלאַדאַנאַ. אָט דאָ האָסטו! — גיט אים דער אַלטער קאַטעריג־שטשיק אַ שטיקל צוקער אין מויל אַריין, ווי מען גיט אַ פויגל, און זאָגט צו אים ווידער:

— ווועסט דיך ניט נייגן, ממזר? וועסט ניט שמייכלען, איך וועל דיר די באַקעס אונטערהאַקן, נייג דיך, נייג דיך.

מאַטקע האָט שוין ניט געקענט אויסהאַלטן. דאָס געלעכטער האָט אים געשטיקט אין דער קעל, וואָס צוליב דעם האָט ער מורא געהאַט זיך צו בייגן, צו שמייכלען, בכלל צו בייטן די פּאָזע, אין וועלכער ער איז געווען פאַרגליווערט. איצט האָט ער זיך שוין מער ניט געקענט איינהאַלטן און איז אַרויס מיט אַ גרויס געלעכטער.

דער עולם האָט עס אונטערגעכאַפּט און איז אויך אַרויס אין אַ געלעכטער.

דער אַלטער תּרח איז געשטאַנען אַ מינוט פאַרווירט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. באַלד איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה.

— ער וויל, אַז איר זאָלט אים פּאַטשן בראַוואָ. אָט אַזוי, — קלאַטשט מיט די הענט, ווענדענדיק זיך צום פּובליקום. — אין שפּאַניע, אַז מען וויל, מען זאָל פּאַטשן בראַוואָ, לאַכט מען.

דער עולם האָט מאַטקען געפּאַטשט בראַוואָ, און דער אַלטער תּרח האָט געזאָגט צו אים:

— ס'וועט דיך שוין אַ כאָלערע אַוועקלייגן שפּעטער, דו ממזרוק, איך וועל דיר שוין געבן אַ לאַכן.

— אַנו, הייב אויף דאָס הונדערט־פונטיקע שטיק מיט די ציין, — מאַכט ער צו אים פריינטלעך פאַרן עולם.

מאַטקע האָט אויפגעהויבן דאָס געוויכט מיט די ציין. דער אַלטער ווייזט דעם עולם ווי שווער עס איז, און דער עולם פּאַטשט בראַוואָ.

באַלד האָט געגעבן אַ שפּרונג אַרויס — קאַנאַריק, אויך אין שוואַרצע מייט־קעס מיט אַ סאַמעטענעם רעקל, און אויך אין מעדאַלן אָנגעטאָן. ער האָט זיך שוין געגעבן אַ פאַרנייג פאַרן עולם, אַ שמייכל און אַ טרייסל מיט זיינע רויטע האָר, און אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש: „איגראַ, איגראַ, איגראַ!" —וואָס עס האָט גע־זאָלט זיין אונגאַריש, און געגעבן אַ מאַך צו מאַטקען הינטן־אַרום:

— זעסט, ממזרוק, ווי אַזוי מען דאַרף פאַר אַ פּובליקום אַרויסקומען. דו זעסט?

זיי האָבן זיך ביידע אָנגעטאָן די פּאַסעקעס און זיך אָנגעהויבן ראַנגלען.

נאָר איידער דער „פאַרמעסט" איז פאַרגעקומען, האָט דער אַלטער תּרח פאַר־בעטן אויף דער בינע עטלעכע מענטשן פון פּובליקום, אַז זיי זאָלן זען, אַז דאָ איז ניטאָ קיין גענאַרעריי. עס האָט אָבער קיינער פון פּובליקום ניט געוואָלט אַרויפגיין, געשעמט זיך. צום סוף האָבן זיך דאָך געפונען צוויי בעלנים. דאָס איז געווען חיימל דער פעלדשער־יונג, וואָס איז אַן אַמאַטאָר אויף אַזעלכע זאַכן (ער איז אויך אַ פייערלעשער) און קאָזלאָווסקי, דער פּוילישער שוסטער. זיי ביידע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער בינע צו זיין די מבינים, ווער עס וועט געווינען, און דורך דעם האָט מען ביידע אַ נאָמען געגעבן אין דעם שטעטל „די נייע קונצנמאַכערס". און דער נאָמען איז זיי געבליבן ביז אויף דעם הייַנטיקן טאָג.

קאַנאַריק האָט אָנגענומען מאָטקען און געוואָלט אים ווייזן, אַז כאָטש, ווי עס איז אָפּגערעדט געוואָרן, ער וועט זיך לאָזן לייגן פון אים, כּדי עס זאָל מער עפעקט מאַכן, אַז דער יינגערער לייגט דעם אַלטן, דאָך זאָל ער וויסן אַז דער שטאַרקערער איז ער, קאַנאַריק, און ער קען געבן קלעפּ, אַז מען וועט דאַרפן. קאַנאַריק האָט אָבער באַלד דערזען, אַז מאָטקע וועט זיך ניט לאָזן לייגן פון אים וואָרים מאָטקע איז שוין אויך אַליין צעהיצט געוואָרן פון פּובליקום און געוואָלט ווייזן וואָס ער קען. און ווידער האָט ער אויך געוואוסט ביי זיך, אַז מיט דעם, וואָס ער וועט לייגן קאַנאַריקן, וועט ער ווערן מער מאַכער ביי דעם אַלטן תּרח און ער וועט אויך האָבן אַ רעכט אויף דער דראָטן־גייערין, ווי קאַנאַריק. קאַנאַריק האָט געוואוסט דערפון, און צווישן זיי איז אָנגעגאַנגען אַ שטילע מלחמה. מאָטקע האָט זיך צוזאַמענגענומען, און איידער קאַנאַריק האָט נאָך געוואָלט, און אַזוי פלינק, אַז ער האָט זיך גאָר ניט געריכט, האָט אים מאָטקע געלייגט... דער עולם וועלכער איז צעוואַרעמט געוואָרן פון דעם ראַנגלען זיך, האָט אויסגעבראָכן אין אַ גרויס ענטוזיאַזם פאַר מאָטקען. וואָרים דורך דער גאַנצער צייט פון פאַר־מעסט איז די סימפּאַטיע פון עולם, ווי געווייינטלעך, געווען אויף דער זייט פון יינגערן. מען האָט געפייפט, געקלאַטשט מיט די הענט און אַרויסגערופן דעם „שפּאַניער". נאָר געוויזן האָט זיך קאַנאַריק. דער עולם האָט אים אויסגעפייפט, גערופן דעם „שפּאַניער", און קאַנאַריק האָט אויף אים גאָר ניט געקוקט, ווייטער אַרויסגעקומען, זיך פאַרנייגט, און מאָטקע איז געווען ערגעץ־וואו פאַרשטעקט, ער האָט זיך געשעמט פאַרן עולם. דער עולם האָט זיך אָבער ניט געוואָלט באַ־רואיקן, ביז דער אַלטער תּרח איז אַליין ניט אַרויסגעקומען און אַרויסגעפירט מאָטקען ביי דער האַנט, און גענייגט זיך פאַרן פּובליקום און געוויזן אויף זיך און אויף מאָטקען, כאָטש קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט מיט דעם, וואָס ער ווייזט אויף זיך.

נאָר סיי־ווי־סיי, פון דענסמאָל אָן איז מאָטקע געוואָרן אַן עכטער קאָטע־

רינשטשיק, וואָס קען „אַרבעטן", און דאָס פּובליקום האָט אים גערן. דאָס האָט איינגעזען דער אַלטער תּרח און אָנגעהויבן מיט אים זיך אַנדערש באַגיין, און קאַאַנריק האָט געקראָגן אַ קאָנקורענט.

אויף אַ ווייל איז אַלץ שטיל געוואָרן. די קאַטערינקעס האָבן אויפגעהערט שפּילן. עס איז אָנגעקומען דער סאַמע ערנסטער און וויכטיקסטער טייל פון קונצנמאַכן. די וועלט־באַרימטע שפּאַנישע (אַלדאָס וועלט־באַרימטע ביי די קאַטערינשטשיקעס קומט פון שפּאַניע) דראָטן־גייערין „מאַרי", וועט גיין אויפן דראָט. דעם עולם האָט דער אָטעם פאַרכאַפּט. מאַרי איז טאַקע געווען באַרימט אין דער גאַנצער געגנט, און מען האָט געזאָגט, אַז פּריצים פאָרן איר נאָך פון איין שטאָט אין דער צווייטער זען אירע גבורות; אַז פיל רייכע לייט האָבן די ווייבער און די פאַמיליעס פאַרלאָזט און איינגעליבט זיך אין איר, גליקלעך זי געוואָלט מאַכן, און זי וויל ניט אַנדערש נאָר זיין מיט די קאַטערינשטשיקעס. באַלד איז זי פאָרגעקומען פאַרן פּובליקום. דער אַלטער תּרח האָט זי אַרויסגע־פירט, ווי מאָטקען, ביי דער האַנט. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שפּאַניש־רויט שאַנסאָנעטן־קלייד, מיט פליטערלעך און קרעלן באַנייט. אירע נאַקעטע אָרעמס, האַלדז און פיס זענען געווען אָנגעפּודערט מיט ראָזעווען פּודער, אירע באַקן און ליפּן אָנגערויטלט, די האָר געקרייזלט אין גאָלדענע לאָקן, צעוואָרפן אַרום איר נאַקן און בריסט. זי האָט זיך פאַרבויגן פאַרן פּובליקום. געכאַפּט אין דער האַנט דאָס קליינע זיידענע שירעמל, האָט זי זיך געשטעלט אויפן רוקן פון דעם אַלטן קאַ־טערינשטשיק, וואָס האָט אַנידערגעקניט פאַר איר, און מיט דער האַנט אָנגע־כאַפּט זיך אָן דער שנור וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען פון דער דראָט־לאָם. אין אַ מינוט האָט זי, לייכט ווי אַ פויגל, זיך אַרויפגעלאָזט אויף דער שנור, זיך אָנגע־כאַפּט מיט איין האַנט אין דער לאָם, און באַלד איז זי געשטאַנען אויפן דראָט, און פון דאָרט צום עולם קושן אַראָפּגעשיקט מיט ביידע הענט. נאָר קיינער האָט ניט געשמייכלט. אַלע זענען געווען פאַרכאַפּט און געשטאַנען אָן אָטעם, וואַרטנדיק וואָס זי וועט טאָן. זי האָט אויפגעעפנט דאָס זיידענע שירעמל און אָנגעהויבן זיך גליטשן מיט אירע פיס איבערן דראָט אַזוי לייכט, ווי אַ ווינט וואָלט געבלאָזן. מיט איר שירעמל קאָנטראָלירט זי די גלייכוואָג פון איר לייכטער פיגור, און זי זעט אויס אויבן אויפן דראָט, אין דער זון, ניט ווי אַ מענטש, נאָר ווי אַ רויטער שיינער פויגל מיט אַ מענטשן־געזיכט וואָס שוועבט אין דער לופטן איבער די קעפּ פון די מענטשן, און פון הינטן, נאָך דעם דראָט, זיינען מיט איר מיטגעגאַנגען דער אַלטער, קאַנאַריק און מאָטקע מיט אויסגעשפּרייטע הענט און פאַרזאָרגטע פּנימער, געקוקט מיט שרעק אויבן אַרויף, גרייט זי אונטערצוכאַפּן, אויב עס זאָל זיך מאַכן, חלילה, אַן אומגליק.

נאָר דאָס מיידל האָט ניט געזאָרגט דעריבער. זי האָט זיך געפילט אויפן דראָט ווי אויף טרוקענעם לאַנד. זי האָט געהאָפּסעט אויף איין פוס, געצויגן אַרום זיך אַ ראָד, געוואָרפן דאָס שירעמל פון איין האַנט אין דער צווייטער, און געוויזן דעם עולם אירע הערלעכע לייכטע באַוועגונגען, איר בייגיקן קערפּער, אירע

שיינע הענט און שיינע פיס, און דער גאַנצער עולם איז געווען פאַרליבט אין איר, יונג און אַלט, אַפילו ווייבער האָבן זיך איינגעליבט אין דער דראָטן־גייערין און האָבן מורא געהאַט אַ וואָרט אַרויסצורײדן, הויך צו אָטעמען, אַז דאָס מיידל זאָל, חלילה, זיך ניט דערשרעקן און אַראָפּפאַלן.

מאָטקע האָט זיך אין איר איינגעליבט טויזנט מאָל מער ווי פריער, און איז טויזנט מאָל גרייט געווען די כפרה צו ווערן פאַר איר, און זיין האַרץ האָט אים געשראָקן, אַז עס זאָל איר, חלילה, קיין שלעכטס ניט געשען, אַזש טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. און אַז זי איז בשלום אַראָפּגעקומען, און דאָס פּובליקום, וואָס האָט איינגעהאַלטן די באַגייסטערונג, האָט מיטאַמאָל געגעבן אַ בראַך־אויס אין אַפּלאָדיסמענטן, אין פייפן און געשרייען, — איז מאָטקע שיר־ניט משוגע געוואָרן פון גליק. ער האָט געטאַנצט אויף איין פוס, געוויינט פאַר גליק און איז נאָכגעלאָפן נאָכן אַלטן, ווען דער אַלטער האָט זי געכאַפּט אויף זיינע פּלייצעס און האָט זי אַרומגעטראָגן אַרום דעם פּובליקום. זי האָט אויפגע־עפנט דעם שירעם און דאָס פּובליקום האָט אָנגעהויבן אַריינוואַרפן געלט אין שירעם, וויפיל איינער האָט געקענט, און מער ווי מען האָט געקענט. די שררות מיט די דאַמען, וועלכע זענען געשטאַנען אויף זייערע קאָטשן און צוגעקוקט זיך, האָבן זילבערנע גילדן געוואָרפן, און די פּריצים, וואָס „האָבן ווייב און קינד פאַרלאָזט און פאָרן נאָך דער שיינער דראָטן־גייערין" — האָבן גאַנצע זילבערנע רובלס געוואָרפן. דאָס מיידל אויף דעם אַלטן קאָטערינשטשיקס פּלייצעס האָט דאָס געלט אויפגעכאַפּט אין איר שירעמל, און דאָס, וואָס איז אויף דער ערד געפאַלן, איז דאָס מאָל מאָטקע, ניט קאַנאַריק, נאָכגעגאַנגען, — ווייל דער עולם האָט אים געדנער געהאַט, און אים וועלן זיי מער געבן, — און אויפגעקליבן. און מאָטקע איז גליקלעך און פאַרליבט געווען.

# 6

אין אַ צייט אַרום איז מאָטקע געזעסן ביים ברענענדיקן פייערל אויפן נאַקעטן פעלד און האָט געפּאַשעט די פערד פון די קאָטערינשטשיקעס. לעבן אים איז געלעגן קאַנאַריק, איינגעוויקלט אין אַ וואַרעמער קאָלדרע, און איז שטאַרק געשלאָפן, און מאָטקע האָט געציילט זיין שנאָרכן. דער וואַלד האָט זיך געשוואַרצט, און די נאַכט און די פעלדער זענען פייכט געווען. מאָטקע האָט ניט געקענט שלאָפן. ער האָט געקוקט אויף דער בויד, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון פייערל, און האָט אויסגעזען אין דער נאַכט ווי אַן איינגעשלאָפן אַלט איינגעפאַלן הייזל מיט פאַרהאַקטע לאָדן. ער האָט געקוקט אויף די פאַרמאַכטע לעדלעך, וואָס עס האָט זיך דורך זייערע שפּאַלטן געזען אַ ליכט, און עס האָט זיך אים

געדאַכט, אַז ער הערט דורך די לאָדן ווי אַ קינד וויינט אין דער בויד. ער איז צוגעקראָכן אין דער שטיל אויף אַלע פיר צו דער בויד און איינגעהערט זיך דורך די לעדלעך, און געפּרואווט כאַפּן אַ קוק דורך אַ שפּאַרע. עס האָט זיך אָבער קיינער ניט געוויזן און פון אינעווייניק האָט זיך גאָרניט געהערט. מאָטקע איז געלעגן און האָט זיך איינגעקוקט און זיך איינגעהערט אין דער נאַכט אַריין. אַלץ איז אים ווילד־פרעמד פאַרגעקומען, און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס איז שוין אַזוי ווייט פון דער היים, פון זיין שטעטל, אַז ער וועט קיינמאָל שוין ניט קומען אַהיים. עס זענען אים אינטערעסאַנט געווען די פרעמדע מענטשן, ביי וועלכע ער געפינט זיך איצט, נאָר ער האָט מורא געהאַט פאַר זיי, — און עס האָט אים געצויגן צו זיי. ער האָט געטראַכט וועגן דעם מיידל, וואָס ער האָט געזען אַפּירקומען פון הינטערן פאַרהענגל. זי איז אַזוי שיין געווען, און עפּעס אַזוי געווען, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן ניט געזען אַזעלכעס, ער וואָלט אַלץ געטאָן, אַז ער זאָל זי קענען איצט נאָכאַמאָל זען. נאָר עס איז סיי־ווי־סיי גליקלעך געווען, וואָס ער געפינט זיך אַזוי נאָענט פון איר.

ער האָט געקוקט אויף דער בויד און נאָכאַמאָל זיך אונטערגעגנבעט אונטער די לעדלעך און געפּרואווט אַריינקוקן דורך אַ שפּאַרע. ער האָט גאָרנישט געזען, דאָך איז ער צופרידן געווען און פאַר שמחה געוואָלט אויסשרייען. ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן. ער איז צוגעגאַנגען צום פייערל, אונטערגעוואָרפן אַ פּאָר צווייגלעך און זיך ווידער אַוועקגעזעצט.

עס איז אים קאַלט געוואָרן און עפּעס באַנג געוואָרן. ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן דער מאַמען, זי געזען ווי זי זיצט און נייט אים די הויזן און קוקט אויף אים. ער האָט זיך דערמאָנט ווי די מאַמע איז געקומען צו לויפן צו דער וואַך, וואו די „בלינדע פערל" האָט אים געשלאָגן, און געטראַכט ביי זיך, אַז ניט אַנדערש, נאָר אַז ער וועט האָבן אַ סך געלט, וועט ער קומען צו פאָרן אין שטעטל אַריין אין אַ קאָטש מיט צוויי פערד, וועט בלייבן שטיין פאַרן קעלער, וואו די מאַמע וואוינט, און וועט די מאַמע אַרויפנעמען אויף דער קאָטש און מיט איר פאָרן איבער דער שטאָט און אַלעמען ווייזן, אַז דאָס איז זיין מאַמע. ער וועט איר ברענגען מתנות, טייערע קליידער, אין וועלכע ער וועט זי אויספּוצן. דאָס אַלץ וועט ער טאָן מיט דער מאַמען, אָבער דעם טאַטן וועט ער גאָרניט ברענגען, וועט אים ניט אַרויפנעמען אויף דער קאָטש, אַפילו ניט ריידן מיט אים.

און אַז ער וועט אַמאָל רייך ווערן און קומען צופאָרן אַהיים צו דער מאַמען, — אין דעם האָט ער געגלויבט, אין דעם איז ער געווען זיכער. און דאָס, וואָס ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט די קאַטערינשטשיקעס און זיי האָבן אים אויס־געלערנט „אַרבעטן", — דאָס האָט אים נאָך מער געשטאַרקט אין זיינע האָפענונגען.

נאָר אין די אַלע האָפענונגען האָט זיך מער פון אַלץ אָפּגעגלאַנצט די גע־שטאַלט פון דעם מיידל, וואָס ער האָט געזען. עפּעס מיט איר האָט ער פאַרבונדן

זיין גלויבן אין זיין צוקונפט. פאַרוואָס און ווי אַזוי, האָט ער ניט געוואוסט און ניט געוואָלט קלערן.

און פלוצלינג עפנט זיך אַ לאָדן פון אַ פענצטערל אין דער בויד און דאָס מיידל שטעקט אַרויס דעם קאָפּ. אָט זעט ער דאָך קלאָר ביי דעם ליכט פון פייערל, וואָס פאַלט אויף איר, דעם גלאַנץ פון אירע האָר און דאָס בלייכקייט פון איר פּנים. זיין האַרץ הייבט־אָן ציטערן, און מאָטקע שפּרינגט־אויף פאַר גדולה, שפּרינגט־אויף און זעצט זיך צוריק אַוועק ביים פייערל. ער האָט מורא אַהין צו קוקן, נאָר ער הערט: סס־ס! סס־ס! ער קריכט אַוועק פון פייערל און לאָזט זיך אויף אַלע פיר צום פענצטערל.

— קאַנאַריק שלאָפט?

מאָטקע שאָקלט מיטן קאָפּ.

— סס־ס, שווייג, בויג דיך איין.

מאָטקע האָט זיך איינגעבויגן און אַ פּאָר לייכטע פיס האָבן געגעבן אַ שפּרונג אַרויף אויף אים, ווי אַ זומער־פייגעלע וואָלט זיך געשטעלט אויף אים.

— קום אַוועק פון דאַנען, זיי וועלן אונדז הערן, — פליסטערט זי אים אין אויער אַריין ווי אַ לייכט ווינטל, און כאַפּט מאָטקען פאַר אַ האַנט.

זיי זענען אָפּגעשפּרונגען עטלעכע טריט צום וועלדל צו. אין פייכטן גראָז האָט מען זייערע טריט ניט געהערט. זיי האָבן זיך געזעצט אויפן ראַנד פון וואַלד.

— שווייג. אַז זיי וועלן אונדז כאַפּן, וועלן זיי אונדז ביידן אַ טויט מאַכן, — פליסטערט דאָס מיידל אין אויער אַריין און פאַרשטעלט אים מיט דער האַנט דאָס מויל, אין מורא, אַז דער יונג זאָל פאַר גליק ניט אַרויסקוויטשען. וואָרים זי האָט עס געפילט אין אים, אַז ער איז עס בכוח צו טאָן.

מאָטקע ווינקט מיט די אויגן, אַז ער פאַרשטייט, ער וועט קיין פּיפּס ניט געבן. עס איז אָבער אַ פינצטערע נאַכט און זי זעט ניט זיין ווינקען.

זיי זענען געזעסן ביידע אַ שטיקל צייט און האָבן קיין וואָרט ניט אַרויס־גערעדט. ביי מאָטקען האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט. ער האָט ניט געוואוסט, צי ער חלומט אָדער עס קומט־פאָר אויף דער וואָר. ער האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן זיך שעמען. געשעמט זיך צו קוקן דעם מיידל אין פּנים אַריין, נאָר געזעסן און גע־קוקט אין דער טונקעלער נאַכט אַריין און געלאָזט זיך פון דעם מיידל טאָן וואָס זי האָט געוואָלט.

און זי האָט אָנגעהויבן זיך שפּילן מיט אים ווי מיט אַ הינטל. זי האָט גענומ־מען זיין פּנים אין אירע הענט, און אויסגעדרייט צו דעם פייערל און גוט איינ־געקוקט זיך דערינען, אָפּגעלאָזט אים און געהייסן אים קוקן אין אַ זייט. מאָטקע האָט געפּאָלגט. דאַן האָט זי פלוצלינג אים געפרעגט:

— ביסט אַ גנב? ביסט אַנטלאָפן פון אָסטראָג, יאָ?

מאָטקע האָט קיין איין מינוט ניט געקלערט, און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— פאַרוואָס האָט מען דיך איינגעזעצט, פאַרוואָס? האָסט געגנבעט?

— נישט נאָר געגנבעט, איך האָב געהרגעט. איך האָב זיך געשלאָגן מיט יונגען, האָב איך אַ יונג דערשטאָכן מיט אַ מעסער, אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט. אָ, איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא נישט.

מאָטקע האָט זיך געוואָלט נאָך גרעסער מאַכן:

— און ניט נאָר פאַר אַ ציווילנעם האָב איך קיין מורא ניט. האָב שוין אַ סטראַזשניק אויך משלח געווען, אונטער אַ ריפּ אים אַ מעסער אַריינגעשטאָכן. איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא ניט.

— פאַר קיינעם ניט? — קוקט אים אָן דאָס מיידל.

— פאַר קיינעם ניט, — ענטפערט־אָפּ מאָטקע מיט זיכערקייט.

— און פאַרן אַלטן?

— פאַר וועלכן אַלטן?

— פאַרן תּרח? — ווייזט זי אויף דער בויד.

— אָ, לאָז ער זיך נאָר טשעפּען מיט מיר, וועל איך אים ווייזן וואָס איך קען.

— פאַר אים האָבן אַלע מורא, אַפילו קאַנאַריק ציטערט פאַר אים.

דאָס מיידל האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל ביי אים פון קאָפּ און האָט אים געגלעט די האָר לייכט מיט די הענט.

— דו האָסט געדיכטע האָר און שטאַרקע, — רייסט זי אים ביי די קודלעס. מאָטקע לאַכט.

— שוויג, זיי וועלן הערן, — ציטערט דאָס מיידל.

— האָב קיין מורא ניט, זאָלן זיי הערן.

— זיי וועלן אונדז שלאָגן.

— וועמען?

— מיך מיט דיך.

— לאָמיך זען.

— און וואָס וועט זיין?

— איך וועל מיט אַ מעסער שטעכן.

דאָס מיידל גלעט אים איבער דער באַק.

פּויזע. אַ מינוט שווייגן זיי ביידע, און מאָטקע הערט זיך צו צום קלאַפּן פון זיין האַרץ.

— וועסט דיך פאַר מיר אָננעמען?

— זיי שלאָגן דיך?

— טיילמאָל, אַז איך וויל זיי ניט פאָלגן.

— פאַרוואָס ווילסטו זיי ניט פאָלגן?

— דערפאַר וואָס איך האָב זיי ניט ליב. ביידע ניט.

— שלאָגן זיי דיך?

— יאָ. קאַנאַריק מער נאָך פאַרן אַלטן. ער וויל, אַז איך זאָל אים ליב האָבן. און איך וויל ניט.

— פאַרוואָס ווילסטו ניט ?

— ווייל איך האָב אים פיינט. ער פייפט מיט דער נאָז ווי אַ קאַנאַריק, ווען ער שלאָפט, און ער האָט רויטע האָר און שטענדיק שוויצט ער. האָב איך אים פיינט.

— און ער שלאָגט דיך ?

דאָס מיידל שאָקלט מיטן קאָפּ.

— און דער אַלטער לאָזט ?

— טיילמאָל שלאָגט ער אויך. נאָר דעם אַלטן האָב איך ליב. ער מעג מיך שלאָגן.

— וואָס, ער איז אַ טאַטע ?

— ניין. ער זאָגט, אַז ער האָט מיך געקויפט, ווען איך בין קליין געווען. און איך בין שוין ביי אים זייער לאַנג און ער האָט מיך אויפגעצויגן און אויס־געלערנט גיין אויף אַ דראָט און ברעכן זיך אין אַ ראָד. ער האָט מיך אויסגע־לערנט אַרבעטן. איך האָב אים ליב.

— שלאָגט ער דיך ?

— יאָ. נאָר ער מעג. איך האָב אים ליב, און איך האָב ליב ווען ער שלאָגט מיך.

— פאַרוואָס ?

— ווייל איך וויל אַזוי.

פויזע. דאָס פייערל גייט אויס, אַלץ איז שטיל אַרום. מען הערט נאָר די „חיות" גריזשען גראָז און קאָפּיען טיילמאָל מיט די פּאָדקאָוועס אָן דער פייכ־טער ערד.

— און דו האָסט ליב, אַז מען שלאָגט דיך ? — פרעגט פלוצלינג דאָס מיידל.

— איך וואָלט צוריק געשטאָכן מיט אַ מעסער.

— אַ מענטש, וואָס איך האָב ליב, מעג מיך שלאָגן. דו וועסט מיך אויך מעגן שלאָגן, אַז איך וועל וועלן... נאָר קאַנאַריקן האָב איך פיינט. וועסט זיך אָננעמען פאַר מיר ?

— יאָ.

— און אַז איך וועל דיך בעטן, וועסטו אים שטעכן ?

— יאָ.

— דו קענסט צוגיין צו אים אַזוי ווי ער ליגט אַצינד ביים פייער און שטעכן אים ?

מאָטקע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און וועסט קיין מורא ניט האָבן ?

— ניין.

— לאָמיך זען.

— גוט.

מאָטקע האָט געגעבן אַ שאַרפן בליק אויף דעם מיידל, זיינע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געגעבן, און ניט צו ריידן קיין וואָרט, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו קאַנאַריקן.

דאָס מיידל האָט אים אַ מינוט נאָכגעקוקט נייגעריק. נאָר קוים איז ער אַוועק פון איר דריי־פיר טריט, האָט זי זיך אַרונטערגעשאַרט און אָנגעכאַפּט אים ביי די פּיס. ער האָט ניט געהערט אירע טריט און ניט געוואוסט ווי אַזוי זי איז אונטערגעקומען.

— גיי ניט. נאָך ניט איצט.

—לאָז מיך. ביי מיר איז איינמאָל געזאָגט, — איז געזאָגט. מיין ניט, אַז איך האָב מורא.

— איך ווייס. נאָר נאָך ניט איצט. וועסט מוזן אַנטלויפן פון דאַנען, און איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט איצט אַנטלויפן פון דאַנען.

מאָטקע איז געבליבן שטיין און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

— קום מיט מיר טיפער אין וואַלד אַריין, וועל איך דיר דאָרט עפּעס זאָגן.

— רוימט אים דאָס מיידל איין.

זיי זיינען ביידע געקראָכן אויף אַלע פיר אין וואַלד אַריין, ביז מען האָט שוין ניט דאָס פייערל און ניט די בויד געזען.

— בלייב דאָ מיט אונדז אין דער בויד. איך וועל צו דיר אַלע נאַכט אַרויס־קומען. ווילסטו ?

מאָטקע שווייגט.

— און אַז דו וועסט דעם קאַנאַריק שטעכן, וועל איך ווערן דיין ליובאָווּ־ניצע. ווילסטו ?

מאָטקע שווייגט.

דאָס מיידל האָט אַראָפּגענומען פון זיך דעם טוך, אין וועלכן זי איז געווען איינגעהילט. זי איז אַ מינוט געבליבן שטיין אין איר ראָזעווען באַטיסטענעם אונטער־קליידל. מאָטקע האָט דערזען אירע נאַקעטע בריסט, אירע נאַקעטע אָרעמס, דאָס בלייכקייט פון איר קערפּער, וואָס האָט אָפּגעשימערט אינם ליכט פון די שטערן. עס האָט אָבער קוים געדויערט אַ פּאָר סעקונדן, וואָרים דאָס מיידל האָט זיך באַלד צוריק פאַרהילט מיט דעם טוך.

מאָטקע איז אַ ווייל געבליבן שטיין, אַ פאַרכאַפּטער, נאָר באַלד האָט ער זיך צוגערוקט צו דעם מיידל און געוואָלט זי אַרומנעמען מיט ביידע הענט.

אַ פּלעם פון אַ באַטעק האָט געגעבן אַ ברען איבער זיין פּנים. ער האָט זיך נאָר אויף איין מינוט אָפּגעשטעלט און ווידער געפּרוּווט צולויפן צו דעם מיידל. ווידער האָט געבריט אַ פּלעם פון באַטעק אויף דער צווייטער באַק. ער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען עס קומט צו פליען, און דאָס מיידל האָט זיך אַרויסגעדרייט פון אים ווי אַ ווינט און צוגעפליסטערט אין דער שטיל:

— נאָך ניט איצט. אַז דו וועסט קאַנאַריקן דעם האַלדז איבערשניידן, וועל איך דיין ליובאָוויצע ווערן.

מאָטקע האָט געהאַלטן דאָס מעסער אין דער האַנט, וואָס זי האָט אים גע־געבן, און געאײלט זיך מיט פלינקע טריט צום יונג.

— שטיי, איך וועל שרייען, — האָט זי אים נאָכגעשריגן.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

זי איז ווי אַ ווינט אַוועקגעפלויגן און פאַרשוואונדן אין דער נאַכט. מאָטקע איז איר נאָכגעגאַנגען. אַז זי איז שוין געווען אין בויד, געשטאַנען ביים פענצ־טערל, איידער זי האָט דאָס לעדל פאַרמאַכט, האָט זי ווידער געלאָזט פאַלן פון זיך דאָס טוך, און מאָטקע האָט ווידער געזען איר לייב, וואָס האָט געשימערט אין דער נאַכט פון דעם שטערן־ליכט.

ער האָט באַהאַלטן דאָס מעסער אין אַ כאַליעווע פון שטיוול און איז געפאַלן אויף דער ערד, אויסגעצויגן זיך און געקוקט אין דער נאַכט אַריין, און האָט ניט געוואוסט, צי דאָס אַלץ, וואָס איז פאַרגעקומען מיט אים די נאַכט, איז געשען אין חלום אָדער אויף דער וואָר.

# 7

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום זענען די קונצנמאַכער אַריינגעקומען אין אַ שטעטל אַריין „אַרבעטן". די קונצנמאַכער האָבן אין שטאָט געוואוינט ניט אין דער בויד, נאָר זענען איינגעשטאַנען אין אַ „האָטעל", וועלכער האָט געטראָגן דעם שטאָלצן נאָמען „קרולעווסקי", קיניגלעכער. די בעלי־בתּים פון „קרולעווסקי" זיינען חיים שפּאַספּויגל און זיין טאָכטער, די שיינע דבורהלע, אַ יונג פעט ווייבל, וואָס קיינער ווייסט ניט, צי זי איז אַן אלמנה, אַ גרושה אָדער אַן עגונה. מען ווייסט נאָר, אַז זי איז אַ ווייבל און האָט ניט קיין מאַן, און סוחרים און רייזע־אַגענטן האָבן ליב דאָרט איינצושטיין, ווען זיי פאָרן דורך די שטאָט. און ניט נאָר פרעמדע. אין די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט זיצן דאָרטן די שטאָט־פּאַצעטן און שפּילן אין קאָרטן. און טיילמאָל כאַפּט זיך אויף דאָס שטעטל מיט אַ נייס, אַז אַ לייטישער יונגערמאַן האָט דעם נדן פאַרשפּילט ביי דבורהלען אין האָטעל, און די ווייבער רוימען זיך אויפן אויער: דבורהלע האָט שוין ווידער איינעם אין די הענט אַריינגעכאַפּט. ביי דער דבורהלע אין „קיניגלעכן" האָטעל זיינען איינגע־שטאַנען — דער אַלטער תּרח, די מכשפה, קאַנאַריק און די דראָטן־גייערין. מאָטקע איז געשלאָפן אין דרויסן אויף דער בויד צו היטן די פערד.

נאָכן „אַרבעטן" זיינען געזעסן די קונצנמאַכערס ביי זיך אין חדר. די פענצטער פון חדר זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף אַ הויף אין אַ הינטער־סעדל

און זיינען תּמיד געווען פאַרהאַנגען. אין האָטעל האָט מען דאָס גערופן „דאָס פינצטערע שטיבל״. און דאָרט, אין דעם פינצטערן שטיבל, פלעגן דאָס פאַר־קומען די „שרעקלעכע זאַכן״, וואָס מען האָט גערעדט אויף דבורהלען. דער אַלטער תּרח איז געווען צופרידן פון דער היינטיקער פאַרשטעלונג. געווען אַ שיינע איינגאַמע. און תּמיד, ווען דער אַלטער תּרח איז צופרידן נאָך אַן אַרבעטן, טרינקט ער אַ סך טיי פון רוסישן סאַמאָוואַר, וואָס ער פירט מיט זיך אין דער בויד. אויסגעטאָן די שטיוול, ליגט ער האַלב און זיצט האַלב אויף אַ בעט, מיטן טיש צוגערוקט צום בעט, און איז איינגעהילט אינגאַנצן אין דער פאַרע וואָס שלאָגט פון דעם הייסן טיי אין דער „טשאַשקע״ פאַר אים. הייסע אַנגסטן שלאָגן אים אַרויס אויפן שטערן, ער רויכערט די ליולקע מיט הנאה און קיצלט מיטן ציבעק די אַלטע מכשפה אונטער די אָרעמס, ווינקענ־דיק מיט די אויגן אויפן מיידל, וואָס זיצט און שמירט זיך אויס די פיס מיט אַזאַ מין אייל נאָכן גיין אויפן דראָט, און אויף מאַטקען, וועלכער שטייט און דערלאַנגט מאַרין די פלאַש צום שמירן.

— אַ שיין פּאָר, מיר וועלן מיט זיי שיינע געשעפטן מאַכן — זאָגט דער אַלטער.

— שוויַיג, זיי וועלן הערן.

דערווייל איז קאַנאַריק אַריינגעקומען און האָט געשריגן אויף מאַטקען, וואָס ער גייט ניט אַרויס צו די פערד, מען וועט די פערד אַוועקגנבענען. די אַלטע און דער אַלטער האָבן זיך אָנגענומען פאַר אים, אַז ער זאָל אים לאָזן אין שטוב זיין, די פערד וועט קיינער ניט גנבענען, זיי שטייען אין שטאַל.

— דו ווייסט, מאַרי, דער פּריץ וואָס האָט זיך געשדכנט צו דיר אין פלאַצק איז דאָך דיר נאָכגעפאָרן. ער איז דאָ, — זאָגט קאַנאַריק.

מאַרי איז רויט געוואָרן.

— פון וואַנען ווייסטו, האָסט אים געזען? — פרעגט דער אַלטער תּרח פאַראינטערעסירט.

— איך האָב אים געזען אויפן מאַרק, און ער שטייט דאָך דאָ איין אין דעם האָטעל.

— וואָס דו זאָגסט!

— יאָ, — ווינקט קאַנאַריק צום אַלטן תּרח און ווייזט מיט די הענט אויף מאַטקען, אַז ער קען ניט ריידן, וויל מאַטקע איז דאָ.

— גיי, ממזרוק, גיי אַרויס צו די פערד, — זאָגט ווייך דער אַלטער תּרח.

— פאַרוואָס עפּעס אין שטאַל אַריין? זאָל ער גיין אין שענק זיך נע־מען אַ גלאָז ביר. אפשר זיינען דאָרט דאָ געסט, קען זיך מאַכן עפּעס צו פאַרדינען אויך, — זאָגט די מכשפה.

— יאָ, מאַטקע, נעם טאַקע מיט דעם „בעמבע״, אפשר וועט זיך מאַכן

עפּעס צו פאַרדינען. פאַר דיר, פאַר דיר, קענסט דאָס האַלטן פאַר דיר, — זאָגט דער אַלטער תּרח.

מאָטקע האָט זיך אומגעקוקט, געוואָרפן אַ בליק אויף מאַרין, געכאַפּט דאָס היטל און איז אַרויס פון שטוב. ער איז אָבער ניט אַריינגעגאַנגען אין שענק. ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט הינטערן הויז, איז אַריין אין סעדל און אויס־געזוכט דאָס פענצטער פון דעם „טונקעלן חדר". ער האָט עס באַלד דער־קענט אָן דעם גראָען פאַרהאַנג. ער האָט זיך אונטערגערוקט אין דער שטיל, און ווי אַ קאַץ געקראָכן אויף דעם מויער, אויסגעזוכט אַ שפּאַלט אין לאָדן, און אָנגעהאַלטן זיך אָן די הוקן פון לאָדן, האָט ער דורכן שפּאַלט אַריינגע־קוקט און געזען וואָס דאָרטן טוט זיך, צוגעלייגט דעם אויער און געכאַפּט איינצלנע ווערטער.

אין וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער ניט געוואוסט, כאָטש ער האָט דאָס דער־פילט, — דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט... ער האָט נאָר געזען, ווי קאַנאַריק שרייט אויף מאַרין און שרעקט זי מיט דער האַנט, אַז ער וועט זי שלאָגן. און דער אַלטער און די אַלטע ריידן מיט איר און טענהן מיט איר עפּעס מיט גוטן איין, ווייזן איר געלט, און דאָס מיידל טופּעט מיט די פיס און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

דערנאָך איז אַריינגעקומען אין שטוב דבורהלע, די בעל־הביתטע פון האָטעל, מיט נאָך אַ יידל, וואָס גייט קורץ אָנגעטאָן און האַלט אַ שטעקעלע אין דער האַנט. דבורהלע מיטן יידל האָבן זיך געסודעט מיטן אַלטן תּרח און קאַנאַריקן אין אַ ווינקל שטוב. דערנאָך איז דבורהלע צוגעגאַנגען צו מאַרין, האָט זיך געשפּילט מיט אירע האָר, געשמייכלט צו איר, געקושט זי און דערביי עפּעס גערעדט. דערווייל האָט איר די אַלטע מכשפה די האָר גלייך געמאַכט, אַן אַנדער קאַפּטנדל אַרויפגעוואָרפן אויף איר. מאַרי האָט זיך גע־לאָזט, און איר פּנים האָט געפלאַמט. קאַנאַריק האָט דאָס שטיבל צוגערוימט, אַוועקגענומען די פלאַש אייל און באַהאַלטן אין אַ ווינקל. דאָס יידל מיטן שטעקעלע אין דער האַנט האָט גוטמוטיק געשמייכלט און איז ערגעץ־וואו פאַרשוואונדן. מאָטקע האָט זיך אָנגעשטויסן אין וואָס דאָ האַנדלט זיך... דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן קלאַפּן, הענט און פיס האָבן אים געציטערט, און עפּעס האָט אים גענאָגט ביים האַלדז און איבערווייניק אין האַרץ. אַלץ איז אים געוואָרן מיטאַמאָל אַלצאיינס, — מעג דאָס גאַנצע הויז מיט אַלע מענטשן, וואָס זיינען דערינען, איינגעזונקען ווערן, און ער מיט זיי. נאָר ער איז ניי־געריק געוואָרן וואָס דאָ וועט ווייטער פאָרקומען.

דערווייל איז דאָס יידל מיטן שטעקעלע און גוטן שמייכעלע צוריקגע־קומען און מיטגעבראַכט מיט זיך אַ הויכן גוי מיט אַ פּאָר גרויסע וואָנצעס, וועלכער איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ שררה. דער גוי האָט זיך אַביסל געשעמט. געבויגן זיך און אַלעמען געגריסט. דבורהלע מיט איין רינגעלע אין אויער האָט דעם גוי פאַרבעטן צום טיש. דער אַלטער תּרח האָט צוליב דעם גוי

אַ ראָק אָנגעטאָן, און קאַנאַריק האָט אויך געשמייכלט. נאָר מאַרי האָט זיך ניט געוויזן. זי האָט זיך באַהאַלטן ערגעץ־וואו. דבורהלע פירט מאַרין אַרויס פון ווינקעלע, כאַטש מאַרי ווערט זיך, און פירט זי צו צום טיש, צום גוי. דער גוי בייגט זיך פאַר איר, גיט איר די האַנט, און דבורהלע זעצט זיך אַוועק מיט מאַרין ביים טיש. באַלד ברענגט מען אַריין ביר. מען גיסט אָן גלעזער. אימיצער נעמט אַרויס אַ טאַליע קאָרטן און מען הייבט אָן קאָרטן שפּילן.

מאָטקע האָט זיך שוין מער ניט געקענט איינהאַלטן. ער האָט געוואָלט אַריינשפּרינגען דורכן פענצטער, ער האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטן. ער איז אַראָפּ, און איז אַריין אין שטוב צו די קונצנמאַכערס. די שטוב איז אָבער געווען פאַרשלאָסן, האָט ער אָנגעקלאַפּט, געטראַכט זיך, זאָל געשען וואָס עס וויל.

פון אינעווייניק האָט מען געפרעגט:

— ווער איז דאָרט?

ער האָט געענטפערט אויף אַ הויך קול:

— איך, מאָטקע!

אינעווייניק האָט מען עפּעס גערעדט. צום סוף האָט מען אים גע־עפנט. געעפנט האָט אים קאַנאַריק, צוהאַלטנדיק די טיר, און געפרעגט אים:

— וואָס ווילסטו?

— וועסט שפּעטער געוואויר ווערן, — האָט מאָטקע אויפגעריסן די טיר און איז אַריין.

— אַ, דאָס איז דער יונגער שפּאַניער, דער, וואָס האָט היינט דעם ווער געוואונען. זייער שיין, זייער שיין, — האָט אים דער פּאָליאַק מיט די גרויסע וואָנצעס געפּאַטשט בראַוואָ מיט די הענט.

— איך וועל אים באַלד קיין וואַרשע נעמען, ער זאָל זיך ראַנגלען מיט בישקען, — זאָגט דער אַלטער תּרח, ווייזנדיק אויף מאָטקען.

— צו וואָס ביסטו אַריינגעקומען? וואָס זוכסטו? מען וועט דאָך די פערד אַרויסגנבענען, — זאָגט ער הינטן אַרום צו מאָטקען.

— זאָל ער גיין, — ווייזט מאָטקע אויף קאַנאַריקן, — איך וויל דאָ זיין.

— לאָז אים זיין, — מאַכט די אַלטע מכשפה.

— דער שפּאַניער וועט אפשר אַ גלאָז ביר טרינקען מיט אונדז? פרעגט אים דער פּאָליאַק. פּראָשע,

— גיסט אים אָן דער פּאָליאַק אַ גלאָז ביר.

מאָטקע האָט זיך פאַרשעמט און געמאַכט מיט דער האַנט אויף ניט, דאָך האָט ער אויסגעטרונקען.

— דאָס איז דאָך דאָס קינד. קוקט אָן די הענטעלעך, — רירט אים אָן זאָנפט ביי דער האַנט דבורהלע און גיט אים אַ גנבישן וואונק.

מאָטקען איז געוואָרן ווי מען וואָלט אים מיט אייל באַשמירט, ער איז רויט־פאַרשעמט געוואָרן און גנביש צוריק געוואונקען צו איר.

דערווייל איז דאָס שפּיל אין קאָרטן ווייטער געגאַנגען. אָן מאָטקען האָט מען פאַרגעסן. דער וואונק פון דבורהלען האָט אים ווי באַרוישט און געמאַכט אים פאַרגעסן אָן דעם גוי און אָן מאַרין, וועלכע איז געזעסן ווי אַ פרעמדעביים טיש און צוגעקוקט זיך צום שפּיל. מאָטקע האָט געקוקט אויף דבורה־לען, געוואָלט כאַפּן אירס אַ בליק, נאָר דאָס ווייבל האָט ווי פאַרגעסן אָן מאָטקען, און טיף זיך אַריינגעלאָזט אין די קאָרטן.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מאַרין. מאַרי איז בייז געווען, זי האָט ניט געוואָלט קוקן אויף אים. דער יונג האָט דערפילט, אַז דאָס מיידל האָט געזען ווי ער האָט זיך איבערגעוואָרפן מיט בליקן מיט דעם שיינעם ווייבעלע, און זי וויל אים ניט קענען. ער האָט געזען ווי מאַרי האָט מיטאַמאָל זיך אונ־טערגערוקט צום פּאַן מיט די גרויסע וואָנצעס און אים אונטערגעשטעקט קאָרטן, און זי האָט עס אַזוי געמאַכט, ווי זי וואָלט זיך צוגעלאָסטשעט צו דעם פּאַן ווי אַ הינטל. זי האָט אים געגלעט די האַנט. מאָטקען האָט דער טייוול געכאַפּט, ער האָט געוואָלט זיך וואַרפן אויף דעם פּאַן און אים נע־מען שטיקן ביים האַלדז. ער האָט געקוקט אויפן מיידל. מאַרי האָט אים גאָר ניט געזען. ער האָט זי געצופּט ביים אַרבל. דאָס מיידל האָט זיך אומגע־קוקט, געוואָרפן אויף אים אַ בייזן בליק און ווידער אַריינגעקוקט אין דעם גויס קאָרטן און געלערנט אים וואָסערע קאָרט צו וואַרפן. און דער יונג האָט געמיינט, אַז עס לייגט אים אַוועק אַ טויטן אויפן אָרט.

אין מיטן בעסטן שפּילן האָט דבורהלע זיך אויפגעכאַפּט און געזאָגט, ווי זי וואָלט זיך פּלוצלינג אָן עפּעס דערמאָנט, אַז דאָרטן, אין דער גאַסט־שטוב, וואַרטן פיל געסט אויף די קונצנמאַכערס, און זיי קענען פיל געלט פאַרדינען. די געסט ווילן זיי זען, און מען האָט זי אַריינגעשיקט נאָך זיי, און זי האָט זיך גאָר פאַרגעסן און אין די קאָרטן זיך פאַרשפּילט. דער אַל־טער תרח האָט זיך אויפגעכאַפּט, גענומען אַ בעמבעלע אין דער האַנט אַריין און געוואונקען צו קאַנאַריקן:

— קום געלט פאַרדינען. קום, מאָטקע, מיט.

די אַלטע גייט אויך מיט. נאָר „דאָס קינד", מאַרין, וועט זי ניט לאָזן מיטגיין, — ווייל זי איז מיד. דאָס קינד האָט היינט שווער געאַרבעט, — זאָגט זי, און זי נעמט אַ טוך און גייט מיט. אַלע גייען. עס בלייבען נאָר איבער מאַרי און דער גוי, וועלכע שפּילן אין קאָרטן ווייטער. מאָטקע שטעלט זיך אַוועק ביי דער טיר און וויל ניט גיין.

— קום, ממזרוק, קום געלט פאַרדינען — שלעפּט אים דער אַלטער תרח ביי דער פּלייצע.

מאָטקע מאַכט זיך אַרויס און בלייבט איבער.

— וואָס איז?

— גאָרניט, — ענטפערט מאַטקע אַפּ קורץ.
קאַנאַריק ווינקט צו אים מיט די אויגן:
— גיי, ממזר, דו זעסט דאָך, זיי דאַרפן זיין אַליין.
— איך וויל ניט, — זאָגט מאַטקע.
— וואָס?

דער אַלטער תּרח איז אויך צוגעקומען. זיי האָבן ניט געוואָלט קיין סקאַנדאַל מאַכן, האָט אים דבורהלע אָנגענומען אונטערן אָרעם, און געגלעט אים מיטן הענטל אויפן בעקל, געקוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין, און געזאָגט מיט דעם גנבישן שמייכעלע:

— מיט וועמען ער וועט ניט גיין, מיט מיר וועט ער גיין. וואָס קען ער פון אייך האָבן. אָבער פון מיר, ווייסט ער, קען יאָ עפּעס האָבן, — האָט זי געזאָגט אין אַזאַ טאָן, מיט אַזאַ בליק, אַז מאַטקע האָט געמיינט, אַז זי נעמט אים באַלד מיט זיך מיט... און ער האָט ניט געקענטביישטיין דעם יצר־הרע.

מאַטקע האָט צוריקגעשמייכלט וואוילעריש דעם ווייבל אין די אויגן אַריין, און איז אַרויס מיט איר.

הינטער זיך האָט ער געהערט, מען שליסט די טיר אויף זיי ביידן, אויפן גוי מיט מאַרין. עס האָט אים עפּעס באַנג געטאָן, נאָר ער האָט גע־פילט לעבן זיך דאָס יונגע ווייבל, און דאָס האָט אים געמאַכט פאַרגעסן.

נאָר קוים איז דבורהלע מיטן יונג אין שענק אַריין, האָט זי פאַרגעסן אָן אים. זי איז באַלד צעשוואומען געוואָרן צווישן די פיל געסט, בעלי־עגלות, קצבים און פרעמדע סוחרים, וואָס האָבן געוואַרט אויף איר. דאָ האָט זי דערלאַנגט איינעם אַ קופל ביר מיט אַ שמייכל אין פּנים אַריין, אַ צווייטן אַ האַלב גענדזל מיט אַ גלעט, אַז עס זאָל זיין באַטעמטער צו עסן, דאָרט איינעם אַ געהיים גלעזל בראָנפן, וואָס יענער האָט אויסגעטרונקען און פאַר־ביסן מיט אַ קניפּ. מאַטקע איז פון דער ווייטנס געשטאַנען, צוגעקוקט זיך און צעמישט געוואָרן, ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט אים. ער האָט זיך דערמאָנט מאַרין מיט דעם פּאָליאַק, וואָס זיינען ביידע אין פינצטערן שטיבל איינגעשלאָסן. ער האָט זיך אַרויסגעמאַכט פון שענק און אַוועק צו דער שטוב. די טיר איז פאַרשלאָסן. דורך דעם שליסל־לאָך זעט מען גאָרניט. דער שליסל שטעקט דאָרט. ער איז אַריין אין סעדל, אַרויפגעכאַפּט זיך אויף דעם מויער און אויסגעזוכט דאָרט די שפּאַרע אין לאָדן. די שפּאַרע איז אָבער געווען פאַר־שטעלט מיט דעם פאָרהענגל. ער איז אַראָפּ, אויסגעזוכט אַ שטיקל האָלץ, אָפּגעשאַרט מיטן העלצל דעם פאָרהאַנג און דערזען וואָס אינעווייניק טוט זיך. דאָס בלוט האָט געקאָכט אין אים, און עס איז אים געווען אַזוי ווי קיין מאָל ניט. ער האָט מיטן גאַנצן קערפּער אונטערגעשפּאַרט אונטערן לאָדן, און דעם לאָדן אויפגעהויבן, אָבער אַזוי שטיל, אַז מען זאָל אינעווייניק גאָרניט הערן. דערנאָך האָט ער די קייטעלעך פון די פענצטער אונטערגעבראָכן. מיט

זיי האָט ער ניט געהאַט קיין שווערע אַרבעט, זיי זיינען געווען פאַראָסט פון אַלטקייט און באַלד נאָכגעגעבן. און מאָטקע האָט מיטאַמאָל געגעבן אַ שפרונג אַריין אין שטוב.

מאַרי, האַלב אויסגעטאָן, מיט צעפלאָשעטע האָר, האָט פאַר שרעק געגעבן אַ שפרונג־אויף פון דעם בעט, אויף וועלכן זי איז האַלב־געלעגן, האַלב־גע־זעסן. דער גוי איז אָבער געווען אַ האַלב נאַקעטער און פאַר מאָטקען זיך פאַר־שעמט מיט זיינע נאַקעטע, האָריקע פיס. אויף זיין פּנים איז געלעגן אויסגע־גאָסן אַ גוטמוטיקער שמייכל, האַלב פון הנאה, האַלב פון שעמעוודיקייט. מאָטקע האָט אויף אים רחמנות געהאַט. ער איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, אַ דער־שראָקענער, און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. דער גוי האָט געזוכט די הויזן, אַ ראַק צו פאַרשטעלן זיין נאַקעטקייט.

און מאַרי האָט זיך דערווייל אונטערגעשלייכט הינטער דעם יונג. ער האָט געזען איר ברוין נאַקעט לייב. וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון דעם זיידענעם צעריסענעם קאַפּטנדל, — האָט ער איר געגעבן אַ קלאַפּ אין קאָפּ. דאָס מיידל האָט ניט געשריגן, ניט אַוועקגערוקט זיך, נאָר עפּעס געשפּאַרט אים אין האַנט אַריין. ער האָט דערפילט אין דער האַנט עפּעס ווייכס. ביים פאַרטונקלטן ליכט פון לאָמפּ האָט ער דערזען לעדער. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַ לעדערנער טאַש מיט געלט, און ער האָט עס אינסטינקטיוו געשווינד באַהאַלטן.

— באַהאַלט, גיי אַוועק, מען וועט דיך כאַפּן... דער גוי וועט שרייען.

מאָטקע האָט געהערט הינטער זיך די איינגערוימטע ווערטער און נאָך ניט גוט פאַרשטאַנען אין וואָס עס האַנדלט זיך. ער איז נאָך געשטאַנען און ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן. דער גוי מיט זיינע נאַקעטע פיס האָט אויסגעזען זייער אָרים. און ער האָט געהאַלטן אין איין זוכן די הויזן, וואָס ער האָט זיי ניט געקענט געפינען. דאָס מיידל האָט אים באַרואיקט:

— בלייב דאָ, בלייב, ער גייט באַלד אַוועק, — זאָגט זי צום פּאָליאַק, און מאָטקען רוימט זי איין אין דער שטיל:

— אַנטלויף און באַהאַלט. עס איז דעם גויס, ער וועט שרייען.

מאָטקע האָט אינסטינקטיוו געפאָלגט. און אַזוי ווי ער איז אַריין, אַזוי איז ער אויך אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער.

ער האָט געהערט הינטער זיך, ווי דאָס מיידל האַקט דעם לאָדן צו.

# 8

ער איז אַריין אין שטאַל און ביים שיין פון דער ברענענדיקער לאָמ־טערנע האָט ער באַטראַכט דעם לעדערנעם טאַש, וואָס מאַרי האָט אים אין האַנט געשטעקט. ער האָט אים אויפגעעפנט. אַ שרעק האָט אים אָנגעכאַפּט:

אַ פּאַק פּאַפּיר־געלט איז אין אים געווען. ער האָט ניט געוואוסט וואָס מיט דעם צו טאָן. באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, וואָס נתן גנב האָט אַמאָל געטאָן. האָט ער אויך, ווי נתן, געכאַפּט דעם כאָמוט פון פערד, אויסגעזוכט אַ לאָך, טיף אין שטרוי פון כאָמוט, אַריינגעשטעקט דעם טאַש און צוריק אויפגע־האָנגען דעם כאָמוט אויף זיין אָרט.

אַז ער האָט דאָס אָפּגעטאָן, האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויף זיין געלע־גער אין שטאַל און אָנגעהויבן טראַכטן. עפּעס איז ער געווען בייז, און ער האָט זיך געוואָלט שלאָגן. אויף וועמען איז ער געווען בייז? אויף אַלעמען, נאָר מער אויף זיך. און נאָך מער איז אים אַלץ גלייכגילטיק געוואָרן, און עס איז אים גאָרניט אָנגעגאַנגען וואָס דאָ וועט געשען. ער איז גרייט געווען אויף אַלץ. אין מיטן דערינען איז אים גאָר איינגעפאַלן אַרויסצונעמען דעם טאַש מיטן געלט פון כאָמוט, אַריינקריכן אין טונקעלן שטיבל דורך דעם פענצטער און דאָס וואַרפן איר אין פּנים אַריין. אָדער אַוועקגעבן עס דעם שיינעם ווייבל דבורהלע, דער בעל־הביתטע פון האָטעל, אַז מאַרי זאָל זען. נאָר באַלד האָט ער זיך געזאָגט: אַ שאָד דאָס געלט, זאָל דאָס געלט בלייבן פאַרשטעקט. און מאַרי, די דראָטן־גייערין, איז אים שוין ניט אָנגעגאַנגען, און קאַנאַריק איז אים מער ניט אָנגעגאַנגען. עס איז אים פּלוצלינג אַלץ לאַנגווייליק געוואָרן ביי די קאָטערינשטשיקעס, און ער האָט געקלערט פון אַנטלויפן.

נאָר דאָס בלוט האָט אין אים געקאָכט און ער איז בייז געווען אויף זיך. זאָל ער זי שלאָגן, איר גוט צעהאַקן דאָס פּנים און אַוועקגיין? עס לוינט זיך ניט. זי איז אים שוין ניט אָנגעגאַנגען. נאָר געלט איז גוט. עס איז גוט, אַז מען האָט געלט, טראַכט ער זיך. אַז מען האָט געלט, קען מען פאָרן וואוהין מען וויל און מען קען זיך קויפן, וואָס מען וויל.

און דאָס געלט, וואָס איז געלעגן אין כאָמוט, איז אים מיטאַמאָל טייער געוואָרן. ער האָט געוואָלט דאָס געלט אַרויסנעמען און נאָך אַמאָל זיך איינקוקן אין דעם, דאָס איבערציילן. ער האָט אָבער מורא געהאַט, אַז מען זאָל ניט אָנקומען. האָט ער זיך איינגעהאַלטן. און מיטאַמאָל איז אים טייער גע־וואָרן די דראָטן־גייערין. „סיי־ווי־סיי אַ גוטע, האָט עס מיר אַוועקגעגעבן". ער וועט ניט לאָזן, אַז זי זאָל קאַנאַריקן דאָס געלט אַוועקגעבן, ער וועט עס צו־נעמען, און מיט קאַנאַריקן וועט ער זיך שלאָגן.

און ער האָט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, ווי קאַנאַריק גייט אָנגעטאָן און ווי ער גייט אָנגעטאָן. קאַנאַריק גייט אָנגעטאָן אין אַ פּאָר שיינע שטיוול מיט אָפּגע־לאַקירטע כאָלעוועקעס און אַ סאַמעט וועסטעלע, און ער גייט אָנגעטאָן אין אַ פּאָר צעריסענע קאַמאַשן, וואָס די אַלטע מכשפה האָט אַמאָל געטראָגן, מיט אַ פּאָר הויזן, וואָס פּלאַצן אים פון הינטן. און קאַנאַריק, ווען ער וויל, טרינקט ער ביר, עסט ער צוקער־אייז. און ער האָט קיין גראָשן ניט, נאָר וואָס ער גנבעט אין קאַמאַש אַריין אַ זעקסער, ווען מען וואַרפט אים צו, ווען ער שפּילט מיט דער קאַטע־רינקע, אָדער וואָס די אַלטע גיט אים אַמאָל אין געהיים, ווייל ער קראַצט

איר דעם רוקן איידער זי גייט שלאָפן. און עס איז אים אַ חידוש געווען, וואָס ער האָט דאָס ניט געזען ביז איצט, און ווי האָט ער זיך ניט געשעמט אַזוי אַרומצוגיין מיט ווייבערשע קאַמאַשן און צעריסענע הויזן ביז איצט.

„דאָס ערשטע, וועל איך מיר קויפן אַ פּאָר שטיוול מיט לאַקירטע כאָלעוועס, אַז זיי זאָלן קוויטשען, ווען איך וועל גיין, און אַ פּאָר שוואַרצע הויזן ווי דער אַלטער קאַטערינשטשיק האָט, מיט אַ גרויסן באַטעק אין האַנט, און זיך לאָזן וואַקסן אַ טשופּרינע פון פאָרנט. איך וועל זיי ווייזן ווי אַ קאַטערינשטשיק זעט אויס".

און וואָס אַמאָל איז אים מאַרי טייערער געוואָרן פאַר דעם, וואָס זי האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט דאָס אַלץ צו האָבן, און פאַר דעם, וואָס זי וועט אים נאָך געלט געבן, ווען עס וועט זיך מאַכן. און ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז זי איז זיינע. זי געהערט אים פּונקט אַזוי ווי ער וואָלט אַ פור און וואָגן געהאַט. אַוודאי געהערט זי אים. און עס האָט אים געוואונדערט, וואָס ער האָט ניט געוואוסט דערפון ביז איצט און איר געלאָזט דאָס גאַנצע געלט, וואָס זי האָט געהאַט, קאַנאַריקן אַוועקגעבן. ער וועט מער ניט לאָזן, ניט ריידן און ניט קוקן אויף איר, נאָר ער וועט זיך שלאָגן מיט קאַנאַריקן. אוי, וועט ער אים געבן! ער האָט געמאַכט פויסטן.

דערווייל האָט אין דרויסן זיך געהערט אַ גערודער. מען רופט, מען רעדט הויך, און ער הערט שטאַרקע טריט קומען צו דער שטאַל. אַ שטראַל ליכט שיינט אַריין דורך אַ שפּאַרינע. אים איז געווען אַלץ איינס. ער האָט איצט נאָר געוואָלט זיך שלאָגן. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און געוואַרט. באַלד האָט זיך געהערט אַ קלאַפּן אין דער טיר:

— עפן, ממזרוק, עפן, עפן!

ער איז זיך געלעגן גלייכגילטיק.

— עפן, ממזרוק, עפן, עפן! — האָט מאָטקע דערהערט דעם אַלטן קונצענמאַכערס קול. דעם אַלטן קונצנמאַכער האָט מאָטקע גערן געהאַט, ער איז אים דאַנקבאַר געווען, וואָס ער האָט אים צוגענומען אין דער קאָמפּאַניע און אים אויסגעלערנט „אַרבעטן". ער האָט געהאַט דרך־ארץ פאַר אים. איז ער אַראָפּגעקראָכן פונם געלעגער און אויפגעעפנט.

— וואוהין האָסטו אַהינגעטאָן דעם טאַש, וואָס די מויד האָט דיר אונטערגעשטעקט? — שרייט קאַנאַריק מיט כעס.

— שריי ניט, לאָז מיך ריידן, — זאָגט דער אַלטער. — ממזרוק, — הייבט ער אָן מיט גוטן, — גיב אָפּ דעם טאַש. דער גוי מאַכט געוואַלדן, לויפט נאָכן סטאַרשע סטראַזשניק, און מיר אַלע וועלן זיך אַ שוואַרץ יאָר אויסריכטן.

— אַ טאַש מיט געלט? וואָס פאַר אַ טאַש? — פרעגט מאָטקע.

— דעם טאַש, וואָס מאַרי האָט אַרויסגעגנבעט פון פאַליאַקס קעשענע און האָט דיר אונטערגעשטעקט, — זאָגט קאַנאַריק.

— זי האָט מיר קיין טאָש ניט אונטערגעשטעקט, און איך ווייס ניט, — האָט מאַטקע אָפּגעענטפערט.

— קום נאָר אין שטוב אַריין! — שרייען זיי אויס, און נעמען מאַטקען מיט זיך.

אין פינצטערן שטיבל איז געשטאַנען דבורהלע און האָט זיך די הענט געבראָכן, אַז די קאַטערינשטשיקעס וועלן זי אומגליקלעך מאַכן. דער סטאַרשע סטראַזשניק וועט קומען, וועט מען איר דעם שענק צוחתמענען. מאַרי איז געשטאַנען מיט צעפּאַטלטע האָר, אין אַ דין קליידל. אירע נאַקעטע אָרעמס און האַלדז און בריסט האָבן זיך אַרויסגעוויזן פון איר העמד, אויף וועלכן זי האָט נאָך ניט צייט געהאַט קיין קאַפּטנדל אַרויפצוואַרפן. זי האָט אויסגע־קוקט גלייכגילטיק און געלאָזט זיך באַטראַכטן און זיך אויפעסן פון די בליקן פון די בעלי־עגלות, פישערס און קצבים, וואָס זיינען געקומען אַהער צו לויפן אויף דעם פּאָליאַקס געוואַלדן, אַז מען האָט ביי אים דעם טאָש מיט פינף־און־אַכציק רובל אַרויסגעצויגן, און זיך געשפּאַרט אין דער אָפענער טיר. דער פּאָליאַק אַליין איז שוין ניט געווען. ער איז אַוועקגעלאָפן אין דער פּאָליציי נאָכן סטאַרשע סטראַזשניק.

— זי איז ווערט דאָס געלט, זאָל איך שוין אַזאַ יאָר האָבן, — זאָגט איי־נער פון די קצבים, באַטראַכטנדיק גוט דאָס מיידל, ווי אַ געניטער מבין אויף די זאַכן.

— פאַר דעם געלט וואָלט איך מיר ליבער אַ נייע קאָבילע געקויפט. נאָר אַ שבת־מאַכן וואָלט איך איר אויך געגעבן, — זאָגט לייבעלע דער פורמאַן.

— וויפל טרעפט אָן דיין שבת? ניין, ברודער, ניט פאַר דעם געלט קריגט מען אַזאַ סחורה. סטופּאַי צו דיין טויבע חיה, מיט די פאַרבונדענע ציין, וועט זי דיר נאָך דערפאַר געהאַקטע פיש מאַכן...

דער עולם לאַכט.

דער אַלטער קאַטערינשטשיק איז אַריין אין שטוב מיט קאַנאַריקן. זיי האָבן ביידע געפירט מאַטקען.

— אָט גייט ער, דער ריכטיקער בחור.

דער אַלטער קאַטערינשטשיק האָט געשטופּט פון טיר דעם עולם, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן אין שטוב זיך שפּאַרן, צוגעהאַקט די טיר נאָך זיי און צוגעשלאָסן.

— הער נאָר, ממזרוק, גיב אָפּ דאָס געלט, אַניט גיב איך דיך אַרויס דער פּאָליציי, אַזוי ווי איך בין אַ ייד. איך גיב דיך אַרויס דער פּאָליציי, אַז דו ביסט אַן אַנטלאָפענער פונם אָסטראָג. קיין פּאַס ביי מיר האָסטו דאָך ניט, און ווער דיין טאַטע איז, ווייס איך דאָך אויך ניט. גיב אָפּ דאָס געלט און זאָל זיין שאַ־שטיל, אַניט וועט שלעכט זיין.

— גיט מיך אַרויס דער פּאָליציי, האָב איך אַ זאָרג. וועל איך דערציילן, אַז איר האָט די מויד געגנבעט, אַז איר פאַרקויפט זי צו שכורים פאַר געלט, און

טאָמער וויל זי ניט, שלאָגט איר זי, און אַז איר האַנדלט מיט גנבישע זאַכן, און אַז איר האָט דבורהלען אָפּגעשטעקט די זילבערנע לייכטער, וואָס מען האָט אונדז אין זשאָכלין געגעבן, און אַז מיר זיינען דאָ, ווייל מיר וואַרטן אויף אַ סוחר פון וואַרשע, וואָס וועט אָנקומען נאָך אַ סחורה, וואָס גייט אויף צוויי פּיס, און נאָך, — וועלן מיר אַלע גיין, וועלן מיר אַלע זיצן, אינאיינעם, וועט אונדז היימלעכער זיין.

— וואָס זאָגסטו? וואָס דערציילסטו פאַר מעשות? ווער וועט דיר גלויבן?

— איז דער קאַטערינטשטשיק געוואָרן אַ פאַרציטערטער פון די אַלע מעשות. ער איז נשתומם געוואָרן, פון וואַנען ווייסט מאָטקע פון דעם אַלעם, מען האָט זיך דאָך געהיט פאַר אים און געמיינט, אַז ער האָט גאָרניט געהערט און גאָר־ניט געזען.

— וואָס פאַר זילבערנע לייכטער? — ווערט דבורהלע בלייך, — ווער האָט דיר דאָס דערציילט? מיין ברודער האָט דאָך מיר גאָר געשיקט פיש פון זשאָכלין דורך זיי. קום אַריין, וועסטו זען, — עס שטייט דאָך נאָך דער קאַסטן.

— פיש, איך ווייס וואָס פאַראַ פיש!

— מאָטקעלע, וואָס רעדסטו, וואָס? וואָס הער איך פון דיר, ווער האָט דיר דאָס דערציילט? — ברעכט זיך די אַלטע מכשפה אויף אים די הענט.

מאָטקע האָט איר אין פּנים אַריינגעקוקט, און עס איז אים אַ געלעכטער אָנגעקומען.

— און אָט די כאַליערע, אָט דעם קליינעם שמדניק, וואָס דרייט די הינער דעם קאָפּ אַראָפּ, האָסטו צו זיך אַריינגעלאָזט. דו, דראַטן־גייערין, קונצנ־מאַכערין, הע! שטעקסט אים הינטן אַרום געלט אַריין, גנבסט און שטעקסט אים אָפּ. וואָס? — גייט צו קאַנאַריק צו מאַרין, קוקט אויף איר מיט בייזע אויגן און הייבט אויף די האַנט. דאָס מיידל האָט זיך אַוועקגעשטעלט און געפּינטלט מיט די אויגן, מורא האָבנדיק פאַר אַ קלאַפּ.

— ריר זי אָן, ריר זי אָן, לאָמיך זען, אַ טויטער וועסטו ביי מיר ווערן!

— ווייזט מאָטקע קאַנאַריקן אַ פויסט.

— וואָס, וועסט מיך ניט לאָזן? נאַ, דאָ האָסטו פאַר אים איינעם, — פּאַטשט ער מאַרין, — און דאָ האָסטו דעם צווייטן.

נאָר איידער קאַנאַריק האָט נאָך צייט געהאַט אַראָפּצולאָזן די האַנט אויף מאָטקען, איז שוין מאָטקע געווען אויף אים. מיט איין שפּרונג, ווי אַ ווילדער הונט, האָט ער אים אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט ביים האַלדז און געוואָרגן אים. ער האָט זיך געגעבן אַ בייס אַריין מיט זיינע שטאַרקע ציינער אין דעם גאָרגל, און די אָדערן פונעם האַלדז האָבן זיך אָנגעצויגן און זיינען געשוואָלן געוואָרן, אַז עס האָט אויסגעוויזן, אַז זיי פּלאַצן אַרויס פון דער הויט. קאַנאַריק האָט זיך געריסן אונטער אים, אָבער פאַר ווייטיק האָבן זיך ביי אים די קני געבויגן, און ער האָט זיך געוואָרפן אויף דער ערד. מאָטקע איז אַרויף אויף אים און געהאַלטן אים, ווי אַ הונט, מיט די ציינער ביים האַלדז און מיט די פויסטן

אין פּנים געשלאָגן. די ווייבער האָבן געשריגן, געוואָלט זיי פונאַנדעררייסן. נאָר געקראָגן מיט די פיס אין בויך אַריין, האָבן זיי זיך אָפּגעטראָגן. דער אַלטער קונצנמאַכער האָט געכאַפּט דעם באַטעק און געשמיסן מאַטקען איבערן קאָפּ, איבערן פּנים, איבער די הענט. דאָס פּנים מיט די הענט זיינען מאַטקען אָנגע־לאָפן געוואָרן פון באַטעק, נאָר ער האָט גאָרניט געפילט, וואָס מען טוט אים. ער האָט זיך אַריינגעקנאָטן אין קאַנאַריקן, אוןביידע יונגען זיינען געווען ווי איין קנויל, און מיט די ציינער געביסן און מיט די הענט געשלאָגן. עס האָט זיך געהערט קאַנאַריקס כאָרכלען און דאָס שווערע אָטעמען פון אונטער מאַט־קעס לייב. דבורהלע, די בעל־הביתטע פון האָטעל, האָט די הענט געבראָכן, און עפּענענדיק די טיר, האָט זי אַריינגערופן אירע פריינט, די בעלי־עגלות:

— געוואַלד, זיי וועלן מיך אומגליקלעך מאַכן, דער סטאַרשע קומט.

די בעלי־עגלות האָבן זיי מיט גראָבע שטעקלעך פונאַנדערגעריסן. קאַנאַ־ריק האָט געבלוטיקט אינגאַנצן און מאַטקע האָט געהאַט אַ בלויען פּנים.

דורך דער גאַנצער צייט פון געשלעג איז מאַרי געשטאַנען און האָט זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט. קיין באַוועגונג איז ניט געווען צו באַמערקן אויף איר פּנים. נאָר ווען מאַטקע האָט געלייגט קאַנאַריקן און אים געשלאָגן אין פּנים, האָט אַ שמייכל, קוים צו באַמערקן, געשוועבט אויף אירע ליפּן. זי האָט גע־וואוסט, אַז מיט דעם שלאָגן גייט זי איבער פון איין האַנט אין דער צווייטער, און זי איז געווען צופרידן מיט דעם.

דערווייל האָבן די ווייבער פלינק אָפּגעווישט דאָס בלוט פון דער פּאָדלאָגע. מען האָט זיך געריכט אויפן סטאַרשע סטראַזשניק. קאַנאַריקן האָט מען געמוזט נעמען אין קיך אַריין. דאָרט האָט מען אים דאָס פּנים באַלייגט מיט קאַלטע האַנטיכער. מאַטקע איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און איז בייז געווען. און דער אַלטער קאַטערינשטשיק איז צוגעגאַנגען צו מאַרין און האָט איר געוויזן דעם רימען, וואָס ער טראָגט אויף זיינע הויזן:

— דיר וועל איך שוין שפּעטער באַצאָלן, אַז מיר וועלן פון שטאָט אַרויס־קומען. אַלץ איז איבער דיר.

נאָר דעם אַלטן קאַטערינשטשיק האָט מאַטקע גאָרניט געזאָגט. ער מעג שלאָגן, ער האָט זי געקויפט, ער האָט זי אויסגעלערנט „אַרבעטן“, ער האָט אַ רעכט אויף איר.

## 9

עס איז אָנגעקומען דער סטאַרשע סטראַזשניק מיט דעם פּאָליאַק, דעם גוי, ביי וועלכן מען האָט דעם טאַש מיט געלט אַרויסגענומען. דער גוי, אָן אַ הוט, אָן אַ קראַוואַט, מיט טרערן אין די אויגן, האָט דערציילט דעם סטאַרשע

סטראַזשניק פון דעם אומגליק, וואָס אים האָט געטראָפן, ווי אַזוי מען האָט ביי אים דעם טאַש מיט פינף־און־אַכציק רובל אַרויסגענומען, און ער האָט אָנגעוויזן אויף מאַרין און אויף מאַטקען. דער סטאַרשע סטראַזשניק, שוין אַן עלטערער גוי פון עטלעכע און זעכציק יאָר, אַ דיקער, מיט אַ רויטן ברייטן קאַרק, מיט אַ דיקן בויך און אַ בלאָנדער לאַנגער באָרד, וועלכע איז זיך צע־פאַלן אין צוויי שפּיצן, האָט אויסגעהערט בנעימות, מיט רואיקייט, גלייכגיל־טיק, און געשמייכלט צו דבורהלען:

— נו, וואָס האָט שוין ווידער געטראָפן ביי דיר, פּאַני שפּאַספּויגל? אַלץ טרעפט ביי דיר, פּאַני שפּאַספּויגל, אין האָטעל קרולעווסקי.

— ביי מיר, פּאַני נאַטשאַלניק? — וואונדערט זיך דבורהלע מיט אַ לאַך און אַ חנדל — דער פּאַן נאַטשאַלניק האָט ליב צו שפּאַסן מיט אַ יידענע. אוי, ווי איך זע אויס! — מאַכט זי אַ חנדל, פאַרקעמנדיק זיך די האָר — וואָס בין איך שולדיק, אַז דער פּאַן קומט (ווייזט אָן אויפן פּאַליאַק) און וויל אַ נקבה נעמען ביי די קאַטערינשטשיקעס? ביי מיר איז אַן אָפענער האָטעל. איך קען דעם פּאַן ניט אָפּזאָגן. וואָס בין איך שולדיק?

— מיר וועלן שוין שפּעטער זען. נאָר ערשטנס, וויל איך זען די פּעסער. אָ, פּאַני עלטסטער קאַטערינאַרזש, שטעל מיר צו די פּעסער פון דיר מיט דיין קאָמפּאַניע.

— אָט באַלד, פּאַני נאַטשאַלניקו, אָט באַלד, — זאָגט דער אַלטער.

— וואָס וועט דער פּאַן נאַטשאַלניק דאָ זיך אַנידערזעצן? דאָ איז ניט באַקוועם. דאָ איז ניט אַנגענעם. זאָל זיין דער ווילן פון פּאַן נאַטשאַלניק מיט מיר צו גיין אין מײַן וואוינונג. דאָרט וועט דער פּאַן נאַטשאַלניק אויס־הערן וואָס ס׳איז געווען, — זאָגט דבורהלע און נעמט דעם פּאַן נאַטשאַלניק אונטערן אָרעם.

— עך, מען קען דאָ אויך אויספירן דאָס געזעץ, — זאָגט דער „פּאַן נאַטשאַלניק" און הייבט זיך אויף און גיט אַ וואונק צום אַלטן קונצן־מאַכער: „קינדער, נאָך מיר!"

אין פינצטערן קאָרידאָר, דורך וועלכן דבורהלע האָט געפירט דעם „פּאַן נאַטשאַלניק", איז צווישן זיי ביידן אָנגעגאַנגען אַ שטילער שמועס, וואָס איז באַשטאַנען נאָר פון איינצלנע ווערטער:

— מאַדאַם דבורהלע, עס גייט ניט, איך קען ניט. געזעץ! דער פּאַן איז אַ וואַזשנער מענטש, וועט זיך קלאָגן אויף מיר, דאַן זעצט מען מיך פון מײַן אַמט אַראָפּ.

דערויף האָט דבורהלע אויך אָפּגעענטפערט אין קורצע ווערטער:

— דו ביסט, פּאַן נאַטשאַלניק, דער עלצטער פון שטאָט, דו קענסט אַלץ. מען דאַרף דיך ניט לערנען. איך פאַרלאָז זיך שוין אויף דיר.

דערווייל האָט עפּעס געגעבן אַ בלישטש אין דעם פּאַן נאַטשאַלניקס האַנט, און דער פּאַן נאַטשאַלניק האָט געפּרוּווט טרעפן אין דער פינצטער,

טאַפּנדיק מיט די פינגער, וויפיל עס איז. פאַרזיכערט, אַז די מטבע איז אַזעלכע, וועלכע איז ווערט זיין ערע, האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט, אַז ער קען ניט, און זי אַריינגעשטעקט אין דער הויזן־קעשענע.

אַריינגעקומען צו דבורהלען אין איר שטיבל, וואָס איז געווען שיין אויפגערוימט, מיט צוויי פולע געבעטע בעטן, מיט אַ רויטן הילצערנעם טיש און מיט אַ שענקל זילבערוואַרג, האָט דער פאַן נאַטשאַלניק זיך גאָר אַנדערש געפילט. אַוועקגעזעצט זיך ביים טיש, האָט אים דבורהלע פאָרגעשלאָגן, צי ער וועט פאַרזוכן פון די פרישע אָפּגעקאָכטע פיש. דער פאַן נאַטשאַלניק האָט זיך אָפּגעזאָגט:

— דאָס געזעץ וואַרט אויף מיר, צו אַלעם ערשטן דאָס געזעץ.

דבורהלע האָט אַריינגערופן דורך דער טיר דעם פאָטער:

— טאַטע, דערלאַנג נאָר דעם פאַן נאַטשאַלניק אַ פריש שטיקל געקאָכטע פיש. — און באַלד האָט חיים שפּאַספויגל געמאַכט זיך אַ וועג צווישן דעם עולם, טראָגנדיק אויף אַ טעלערל עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פון זיך אַ פּאַרע.

— אַ, פאַן שפּאַספויגל, וואָס מאַכסטו עפּעס? דיך לאַנג שוין ניט געזען, — זאָגט דער נאַטשאַלניק.

— פאַני נאַטשאַלניק, איך הייס דיר פאַרזוכן פון די פיש. אַזעלכע האָסטו נאָך אין דיין לעבן ניט געגעסן. געשמאַק! — מאַכט חיים שפּאַספויגל צו מיטן קאָפּ.

— פאַרזוכן, פאַני שפּאַספויגל, פאַרזוכן, — טוט אים דער פאַן נאַטשאַלניק צוליב און רוקט זיך צו דעם טעלער פיש. — טאַקע גוט, טאַקע גוט, — קלאַפּט ער מיט די ציין.

און דערווייל שטייען אַרום די קונצנמאַכערס, אַלע מיט די היטלען אין די הענט, און דער אַלטער תּרח האַלט גרייט אַלע פּאַפּירן... און פון דער צווייטער זייט, דער פאַן פאַליאַק מיט די וואָנצעס. און זיי קוקן אַלע צו ווי דער פאַן נאַטשאַלניק עסט די פיש, און דאָס שפּייעכץ קומט זיי אין מויל אַריין.

נאָך די פיש האָט דבורהלע פאָרגעלייגט אַ געבראָטן פופּיקל, אַ לעבערל, און חיים שפּאַספויגל האָט אָנגעהויבן טראָגן אויף טעלערלעך די לעקער־ביסנס, און אַלע מענטשן איז דאָס שפּייעכץ געקומען אין מויל אַריין; און די בעלי־עגלות האָבן מקנא געווען דעם פאַן נאַטשאַלניק און געשאָלטן אים וויפיל עס האָט נאָר געקענט אין אים אַריין...

— אַנו, לאָמיר זען דיינע פּאַפּירן, — זאָגט דער פאַן נאַטשאַלניק, נאָך דעם ווי ער האָט אויפגעגעסן די פיש און צוגערוקט דאָס טעלערל מיט די לע־בערלעך צו זיך.

— דאָס איז דער פּאַס פאַר מיר מיט מיין ווייב מיט מיינע צוויי קינדער: גדליה שאַבאַסניק און מיין ווייב, חיה שאַבאַסניק, און מיין טאָכטער חנה שאַ־

באַסניק, 19 יאָר אַלט, — ווייזט ער אויף מאַרין, — און דאָס איז מיין יינגסטער זון, נאָטע שאַבאַסניק, — ווייזט ער אָן אויף מאָטקען, — און דאָס איז דער פּאַס פון מיין עלצטן קונצנמאַכער, מאיר אַהרן קאַנאַריק.

— מאיר אַהרן קאַנאַריק, גוט, גוט — זאָגט דער פּאַן נאַטשאַלניק עסנ־דיק דאָס פּעטע, שמאַלצעדיקע לעבערל און קלאַפּנדיק מיט די ליפּן, — גוט, גוט, מאיר אַהרן קאַנאַריק, אַלץ אין אָרדענונג. און וואָס האָסטו נאָך?

— דאָס איז אַ דערלויבעניש, אַז איך מעג מאַכן קונצן אין דער גאַס. פון דעם גובערנסקען שרייבער, פון סאַמע וואַרשע, — ווייזט דער אַלטער קאַ־טערינאַרזש. — עס קאָסט מיר אַ סך געלט, נאָר איך האָב עס געקראָגן פון גובערנסקי שרייבער אַליין.

— גוט, זייער גוט, — זאָגט דער פּאַן נאַטשאַלניק, באַקוקנדיק דאָס פּאַ־פּיר און עסנדיק ווייטער די לעבערלעך. — און וואָס האָסטו נאָך?

— און דאָס איז אַ בריוו פון אַ פּאָלקאָווניק. ער שרייבט זיך אונטער „טשין פּאָלקאָווניק”. צו מיין טאָכטער שרייבט ער. „מילאַיאַ מאַרי”, רופט ער זי. אַז ער איז פאַרליבט אין איר אַרבעט און איז פאַרליבט אין איר, און וועט זען אין דער פּאַלאַטע, אַז זי זאָל קריגן אַ מעדאַל, שרייבט ער. — און דער אַלטער תּרח ווייזט דעם פּאַן נאַטשאַלניק דעם בריוו מיט אַ טריאומ־פירנדיקער מינע.

— פון אַ פּאָלקאָווניק־טשין? אַ וואַזשנע זאַך! — דער פּאַן נאַטשאַלניק רוקט אַוועק די לעבערלעך און נעמט דעם בריוו צום לאָמפּ — וויערנאָ! ריכטיק, פּאָלקאָווניק־טשין. באַהאַלט דאָס, עס איז אַ וויכטיקער דאָקומענט, — זאָגט דער פּאַן נאַטשאַלניק און גיט איבער דעם בריוו דעם אַלטן קאַטע־רינאַרזש. — דאָס האָט ער איר געשריבן וועגן אַ מעדאַל? — ווייזט ער אויף מאַרין, — פּאַרדינעט, ריכטיק! אַלץ אין אָרדענונג. נו, וואָס האָסטו קעגען זיי, פּאַן? — ווענדט ער זיך צום פּאָליאַק, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ ווינקעלע, געוואָלט ווייזן, אַז ער איז ניט קיין חזיר, רעדט ניט אַריין, ווען אַנדערע ריידן, אָדער ווען אַנדערע עסן, — וואָס האָסטו צו זיי, זיי זיינען אָרנטלעכע מענטשן. האָסטו געזען וואָס פאַר אַ בריוו זיי האָבן געקראָגן פון אַ פּאָלקאָוו־ניק־טשין?

— זיי האָבן דאָך מיך באַגנבעט, באַרויבט. צוגענומען מיינע פינף־און־אַכציק רובל. אָט די, — ווייזט ער אָן אויף מאַרין און אויף מאָטקען.

— דאָס ערשטע, ווי קומסטו צו זיי? — שטעלט זיך אויף דער פּאַן נאַטשאַלניק צום פּאָליאַק, — ווי האָסטו זיך דערוועגט צו גיין צו אַ דאַמע, וואָס אַ פּאָלקאָווניק־טשין שרייבט איר ליבע־בריוו? אַ דערלויבעניש האָסטו געהאַט פאַר דעם פון דעם פּאָלקאָווניק־טשין, פון מיר? דאָס צווייטע, דו גייסט און באַאומרואיקסט אַ דאַמע, אַ קונצנמאַכערין, וואָס האָט אָרדנס, וואָס קריגט ליבע־בריוו פון אַ פּאָלקאָווניק־טשין. דו ווייסט, אַז זי קען אָנגעבן אויף דיר אין סוד אַריין דערפאַר. און דאָס דריטע, דו זאָגסט, מען האָט ביי דיר אַרויס־

גענומען דאָס געלט. ווער האָט עס אַרויסגענומען? די דאַמע? ניין! איך וועל ניט גלויבן, אַז אַ דאַמע, וועלכע קריגט בריוו פון אַ פּאָלקאָווניק, זאָל ביי אַ פרעמדן מאַנספּאַרשוין געלט פון קעשענע אַרויסנעמען. דאָס יינגל דאָ? — ווייזט ער אָן אויף מאָטקען, — עס איז דאָך נאָך אַ קינד. האָסט געלעזן דעם פּאַס? זעכצן יאָר אַלט. נו, וועט ער מיט געוואַלד געלט נעמען פון אַזאַ גרויסן ווי דו ביסט? ווּעמען גייסטו דאָס דערציילן? לאָמיר אים באַזוכן. אַנו, קום אַהער צו מיר, יינגל, — ווינקט ער צו מאָטקען.

מאָטקע איז צוגעגאַנגען מיט אַ פעסטן טראָט און מיט אַ שמייכל אויפן פנים.

— אַנו, באַזוך אים, אָט, — האָט ער אָנגעהויבן באַזוכן מאָטקען אין אַלע קעשענעס, אויפן לייב, אין העמדה, אין די הויזן. — נו, וואו האָט ער געלט? ער האָט ביי דיר ניט געגנבעט קיין געלט. דו טשעפּעסט זיך אומזיסט צו אומשולדיקע מענטשן, צו מענטשן, וואָס האָבן אַלע פּאַפּירן אין אָרדענונג. — און דאָס פּערטע, — זאָגט ווייטער דער פּאַן נאַטשאַלניק אין אַ נידעריקן טאָן, — אַז מען גייט צו אַ נקבה, נעמט מען ניט מיט קיין טאַש מיט געלט, איז מען פאַרזיכטיק. און ווידער — לייגט ער צו הויך אויפן קול, מיט אַ שטרענגער מינע, — זיי האָבן זייערע פּאַפּירן אין אָרדענונג. אַנו, ווייז מיר נאָר אָקאָרשט דיינע פּאַפּירן? ווער ביסטו דאָס אַזעלכעס? אַ פּאַספּאָרט האָסטו?

# 10

מאָטקע איז געלעגן אין דער בויד און געהיט די פערד, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן זעלבן הויף אין שטאַל. די נאַכט איז אַ זומערדיקע, אַ שטילע און אָן אויסגעשטערנטע, און עס האָט זיך אים ניט געשלאָפן. אַ טרויער האָט געדריקט זיין געמיט, וואָס ער האָט פריער ניט געוואוסט דעם טעם דערפון. זיין גאַנץ לעבן איז דורכגעגאַנגען פאַר אים אין דער נאַכט אָן שלאָף. ער האָט זיך געזען, אַ קליינעם יונג, ווי מען יאָגט אים פאַר אַ גנבה, ווי ער ליגט צווישן די ברעטער, ווי ער לעבט איינער אַליין, ווי אַ ווילדער, אין פעלד. עס האָט אים ניט באַנג געטאָן פאַר זיין לעבן, ער האָט עס ניט באַד דויערט. געמיינט, אַז אַזוי מוז עס זיין און אַזוי וועט עס ווייטער זיין. נאָר עס האָט זיך אים אָנגעהויבן קלערן וועגן אַ תכלית. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער אָנגעהויבן קלערן וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג, אַז ער זאָל ניט קומען פּלוצלינג, ווי עס ווילט זיך אים, נאָר מיט אויסגערעכנטקייט, אַזוי ווי מאָטקע ווינטשט עס. האָט עס דאָס געלט, וואָס ער האָט געהאַט אין כאָמוט באַגראָבן, אים געבראַכט צו אַזעלכע געדאַנקען? ניין, ניט אַזוי דאָס

געלט. עס איז געווען מער דער „פּאַס", וואָס דער יונג קאַנאַריק האָט געוויזן דעם סטאַרשע סטראַזשניק. גוט איז אים געבליבן איינגעקריצט אין קאָפּ דער פּאַס, וואָס קאַנאַריק האָט געהאַט. „מאיר אַהרון קאַנאַריק" — אַ מענטש פאַר זיך. און ווער איז ער? און וועמעס איז ער?

ער האָט אָנגעהויבן מקנא זיין קאַנאַריקן זיין פּאַס. ווען ער וויל און וואוהין ער וויל, קען ער פֿאָרן. און ער קען וואָס אַ רגע אַוועקגיין פון אַלטן קאַטערינאַרזש. אָבער ער, מאָטקע, איז אָנגעבונדן. זאָל ער נאָר וועלן אַוועקגיין פון די קאַטערינאַרזשעס, טרעפט אים דער ערשטער סטראַזשניק און פרעגט אים אויף אַ פּאַס, און אַרעסטירט אים. דער אַלטער קאַטערינאַרזש האָט אים שטענדיק אין דער האַנט. און ווען ער וויל, קען ער אים אַרויסיאָגן. „קיין פּאַס ביי מיר האָסטו אויך ניט", האָט ער גאַנץ גוט געדענקט דעם אַלטן תּרחס ווערטער. אָדער ער קען אים גאָר לאָזן אַרעסטירן ווי אַן „אומבאַוואוסטן".

„ניין, מען מוז האָבן אַ פּאַס. אָן אַ פּאַס איז מען קיין מענטש ניט", — האָט זיך מאָטקע געזאָגט.

וואו זשע נעמט מען אים? צוריקגיין אין דעם שטעטל, פון וואַנען ער קומט, וועט מען אים אַרעסטירן. אפשר זוכט מען אים יאָ, און אפשר זוכט מען אים ניט. נאָר מאָטקע איז פעסט געווען ביי זיך, אַז קוים קומט ער צוריק אין שטעטל, וועט מען אים אַרעסטירן. אַפילו ווען ער וואָלט גאָר ניט געווען געטאָן און ער וואָלט גאָר ניט געהאַט אויף זיין געוויסן (דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן זיין מילך־שוועסטער רבקהלען, איידער ער האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל, האָט אים גאָר ניט אויסגעקוקט פאַרדעכטיק, אַז צוליב דעם זאָל מען אים אַרעסטירן), וועט מען אים גלאַט אַזוי אַרעסטירן אָן אַ פאַרוואָס, און ער האָט גאָר ניט קעגן דעם געהאַט. אַזוי דאַרף מען...

וואָרים מאָטקע האָט זיך געפונען מיט דער וועלט אין קריג־צושטאַנד. מחמת דעם, איז אַלץ, וואָס ער קען אָפּטאָן דער וועלט, מעג ער און דאַרף אָפּטאָן, און אַלץ, וואָס די וועלט קען אים דערפאַר באַצאָלן, מעג זי און זי דאַרף. און ער האָט גאָר ניט קעגן איר דערפאַר. און ער קלערט גאָר ניט אַמאָל שלום צו מאַכן מיט דער וועלט. אַזוי דאַרף עס זיין, ווייל אַזוי איז עס.

און כדי בעסער קריג צו פירן מיט דער וועלט, באַדאַרף ער האָבן אַ פּאַס. און וואו נעמט מען אים? פּלוצלינג פאַלט אים איין: פאַרוואָס טאַקע ניט קאַנאַריקס פּאַס? ער וועט אים צוגנבענען און וועט זיך אָנגעבן פאַר קאַנאַריקן. ער וועט זאָגן, ער איז עלטער מיט אַ פּאָר יאָר. און וואָס וועט זיין, אַז קאַנאַריק וועט קומען אין פּאָליציי און זאָגן, אַז מ'האָט ביי אים אַרויסגעגנבעט דעם פּאַס און מען וועט אומעטום אָנהייבן זוכן „מאיר אַהרון קאַנאַריק"? דאַרף מען מאַכן אַזוי, אַז קאַנאַריק זאָל ניט קומען אין פּאָליציי, אַז די פּאָליציי זאָל גאָרניט וויסן און קיין מענטש זאָל גאָרניט וויסן, אַז עס איז אַמאָל אויף דער וועלט אַ קאַנאַריק געווען, נאָר ער, מאָטקע, איז קאַנאַריק. קאַנאַריק דאַרף

אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד. אין וואַסער אים דערטרינקען, אַ טיפע גרוב אין וואַלד אויסגראָבן און אים באַגראָבן, אַז קיין האָן זאָל ניט קרייען.

מאָטקע האָט אויף קיין איין מינוט ניט אָפּגעשטעלט זיך און עס איז אים גאָרניט איינגעפאַלן, אַז ער קלערט וועגן אַ שרעקלעכער זאַך, וועגן אַ מענטשן צו הרגענען. עס איז געווען זעלבפאַרשטענדלעך. וואָלט קאַנאַריק אים ניט געהרגעט, ווען ער וואָלט עס באַדאַרפט? אָבער פאַרוואָס פונקט קאַנאַריק? יעדער איינער אין דער וועלט, האָט זיך מאָטקען אויסגעדאַכט, וואָלט אים גע־הרגעט און וויל אים הרגענען, נאָר ער לאָזט זיך ניט, ווייל ער איז שטאַרקער. און עס פעלט אים גאָר ניט איין צו פרעגן ביי זיך, פאַרוואָס עס איז אַזוי, אָדער צו ווינטשן, אַז עס זאָל אַנדערש ווערן. עס איז שוין אַזוי, ווייל עס איז שוין אַזוי.

און אַזוי, האָט ער באַשטימט, דאַרף מען טאָן. מען דאַרף קאַנאַריקן אַוועק־שאַפן, דעם פּאַס צונעמען און אַליין זיך רופן קאַנאַריק. נאָר מען דאַרף עס מאַכן קלוג, שטיל, און מען מוז אָפּוואַרטן אַ גוטע געלעגנהייט.

געקומען צו דעם באַשלוס, איז ער רואיקער געוואָרן. ער האָט זיך אַפילו פאַרנומען צו שלאָפן, נאָר עס האָט אים ניט געשלעפערט. איז ער געלעגן און געקוקט אין די שטערן, צוגעפייפט זיך אַ ליד, און פון צייט צו צייט געלאַכט אַליין פאַר זיך, דערמאָנענדיק זיך עפּעס קאָמישעס, וואָס ער האָט דעם נעכטיקן טאָג דורכגעלעבט.

דערווייל דערהערט מאָטקע ווי אימיצער שלייכט זיך צו דער בויד. אין דעם ווייסן בליאַסק, וואָס עס האָט געגעבן, און אין דעם נאַכטלעכן שטערן־שימער, האָט מאָטקע דערקענט, אַז דאָס איז זי, מאַרי. ער האָט איינגעהאַלטן זיין פּייפן און אָפּגעוואַרט.

אַז דאָס מיידל איז צוגעקומען צו דער בויד, און אָנגעהויבן שטיל שאַרן אין שטרוי, האָט מאָטקע הויך און בייז אויסגערופן:

— ווער איז דאָרט?

—שאַ, שריי ניט, מאָטקע, זיי וועלן הערן. דאָס בין איך, מאַרי.

— וואָס ווילסטו? — פרעגט מאָטקע שטרענג.

— מאָטקע, דו דערקענסט מיך ניט? — בלייבט שטיין מאַרי, אַ פאַר־שעמטע.

— ניין. גיי צום רויטן קאַנאַריק, וועט ער דיך דערקענען. וועסטו ווערן אַזאַ רויטע סוקע ווי ער.

מאַרי איז געבליבן שטיין, ווי אַן אָפּגעגאָסענע מיט קאַלטן וואַסער. זינט זי האָט אים דאָס געלט אַריינגעשטעקט און דאָס געשלעג איז פאָרגעקומען, האָט זי נאָך מיטן יונג ניט גערעדט. מאָטקע האָט זי אויסגעמיטן און ער האָט זי ניט געוואָלט זען. כאָטש ער האָט קאַנאַריקן ניט געלאָזט זיך צו איר טשעפּען, און ער האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט אים שטעכן, אויב ער וועט זי אָנרירן, דאָך האָט מאָטקע אַליין זי ניט געטשעפּעט און ניט גערעדט מיט איר. דאָס

מיידל איז אַרומגעגאַנגען, אַ צערודערטע, און האָט ניט געוואוסט וועמען זי געהערט. קאַנאַריקן האָט ער ניט צוגעלאָזט צו איר, און אַליין רירט ער זי ניט אָן. און פאַרליבט איז זי געוואָרן אין מאָטקען צום שטאַרבן, זינט ער איז בייגעקומען קאַנאַריקן. און איצט איז זי אַליין צום ערשטן מאָל געקומען צו אים, — צום ערשטן מאָל — און אַזאַ ברוך־הבא... זי האָט געוואָלט אַוועקגיין. אַ מינוט האָט זי געקעמפט מיט זיך, נאָר די „היימלאָזיקייט", אין וועלכער זי האָט זיך געפונען זינט מאָטקע האָט זי אָפּגעשלאָגן פון קאַנאַריקן, האָט זי געהאַלטן אָנגעבונדן אָן דעם יונג.

— פאַרוואָס? האָב איך דיר ניט אַוועקגעגעבן דאָס געלט, וואָס איך האָב אַרויסגעשלעפּט פון פאַליאַק? וואָס יאָגסטו מיך?

— און אַז דו האָסט מיר אַוועקגעגעבן, איז וואָס? קומט דיר אַ שיינער דאַנק דערפאַר? האָסט עס באַדאַרפט טראָגן קאַנאַריקן, וואָלט ער דיך ליב געהאַט דערפאַר... און אַז דו ווילסט עס צוריק, אָט, נאַ, עס ליגט אין כאָמוט. נעם עס דיר און טראָג דיך אָפּ צו קאַנאַריקן.

אַ מאָדנע געפיל האָט מאָטקע געקראָגן צו דעם מיידל. זינט ער האָט זי געטראָפן מיטן פאַליאַק, האָט זי אים נאָך מער גערייצט. נאָר דאָס געפיל פון ליבע איז אויסגעלאָשן געוואָרן ביי אים פאַר איר, און עס האָט זיך אויפגעוועקט ביי אים אַ געפיל פון נקמה, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ פאַרשטיקטער באַהאַלטענער ליידנשאַפט... מיט דעם, וואָס זי האָט אים איבערגעגעבן דאָס געלט, וואָס זי האָט געגנבעט ביים גוי, האָט זי זיך איבערגעגעבן אין זיין רשות, און מאָטקע האָט זי שוין באַטראַכט פאַר אַן אייגנטום, וואָס געהערט אים. און זי האָט זיך אויך אַזוי באַטראַכט. דאָס איז געווען אַזוי זעלבפאַרשטענדלעך.

דאָס מיידל האָט געשוויגן אַ ווייל, געקלערט מיט וואָס אים צו נעמען. מאָטקע איז דערווייל געלעגן און ווייטער זיך רואיק צוגעפּייפט. פּלוצלינג רופט זי זיך אָן:

— קאַנאַריק יאָגט מיך נאָך. ער קושט מיר די הענט, אַז איך זאָל אים ליבן. ער וויל מיר אַלץ טאָן, אַלץ מיר אַוועקגעבן, נאָר איך זאָל אים ליבן.

— פּרואוו עס נאָר טאָן, וועל איך דיר מיט אים אינאיינעם די באַקעס אונטערהאַקן.

— ער האָט מיך אָפּגעוואַרט אַ גאַנצע נאַכט, אָפּגעהיט מיך, אַז איך זאָל צו דיר ניט אַרויסגיין. איך האָב שוין לאַנג געוואָלט אַרויסקומען צו דיר, ער האָט מיך ניט געלאָזט. ער האָט מיך געוואָלט שלאָגן.

— וואָס? ער האָט דיך ניט געלאָזט אַרויסגיין? — כאַפּט זיך מאָטקע אויף — ווּעסט זען ווי איך וועל אים מאַרגן די פּיסקעס איינפּאַטשן דערפאַר.

— יאָ, ער האָט מיך אָפּגעהיט. מיט אַ באַטעק האָט ער מיך געהיט. ער רעדט מיך צו, איך זאָל מיט אים אַנטלויפן פון דער קאָמפּאַניע. ער זאָגט, אַז

ער וועט פֿאָרן מיט מיר קיין וואַרשע. דאָרט ווייסט ער אַן אַדרעס וואו מיר וועלן זייער פֿיל געלט פֿאַרדינען.

— אַנטלויפֿן? און וואָס האָסטו געזאָגט?

— זעסט דאָך, אַז איך האָב ניט געוואָלט, איך בין געקומען דיר דאָס זאָגן.

מאָטקע האָט געקלערט אַ מינוט. מיטאַמאָל האָט זיך זיין קול געענדערט, מילדער געוואָרן, שטיל און סודותדיק.

— קום נאָר אַרויף!

מיט איין שפּרונג איז דאָס מיידל געווען אין דער בויד. מאָטקע האָט זי אַרומגענומען, פעסט צוגענומען צו זיך, און ביי דעם ליכט פֿון די שטערן האָט ער געמיט זיך צו קוקן איר אין די אויגן אַריין.

— האָסט מיך ליב? — פֿרעגט מאָטקע, — זאָג.

— יאָ, מאָטקע, טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט, הייס מיר טאָן, וואָס דו ווילסט און איך וועל דיך פֿאָלגן. איך וועל אַלץ טאָן, וואָס דו וועסט מיר הייסן.

— איך קען דאָך דיר אין די אויגן ניט קוקן, זינט איך האָב דיך געזען מיטן גוי, — נעמט מאָטקע און גיט זי אַ וואָרף אָפּ פֿון זיך.

אַ בליאַסק האָט געשטראַלט אין אירע שוואַרצע אויגן. זי איז גליקלעך געווען, וואָס דער יונג האָט דאָס געזאָגט, וואָס דער יונג איז אייפֿערזיכטיק אויף איר. זי האָט געכאַפּט זיין האַנט און פעסט צוגעדריקט צו איר ברוסט. דער יונג האָט די האַנט אַרויסגעריסן. זי האָט אים אָנגעכאַפּט ביי די פֿיס און גע־בעטן זיך:

— שלאָג מיך, שנייד שטיקער פֿון מיר, — און ליב מיך, ליב מיך, — האָט זי זיך געבעטן, איינגראָבנדיק דאָס פּנים צווישן זיינע פֿיס.

דער יונג האָט שוין אויפֿגעהויבן די האַנט צו איר און זי געוואָלט שלאָגן. ס'האָט זיך אים געוואָרפֿן אין די אויגן דער בליאַסק פֿון אירע שוואַרצע האָר, וואָס האָבן געפֿערלט זיך אין דעם שטערן־ליכט. האָט ער מיט די פֿינגער אָנגענומען אירע האָר, און אַ ווייל זיך געשפּילט מיט זיי.

— מאַרי!

דאָס מיידל האָט אַרויפֿגעקוקט צו אים. אין אירע שוואַרצע אויגן איז געלעגן דער פֿונק, וואָס ליגט אין די אויגן פֿון אַ געטרייען הונט.

— באַהאַלט די אויגן, איך קען דיר ניט קוקן אין די שליפֿיעס אַריין, — האָט ער איר פֿאַרמאַכט די אויגן מיט דער האַנט און שטאַרק זיך איינגעגעסן אין אירע ליפּן.

— קום צו מיר, מאַרי, אָט דאָ, — נעמט ער זי און ציט זי אַרויף צו זיך. —קום, זעץ דיך אָט דאָ אַוועק, און שווייג. איך האָב דיר עפּעס צו זאָגן, נאָר הער און שווייג. האָסט מיך ליב? ווילסט מיט מיר זיין? זאָג יאָ, אָדער ניין, גיב איך דיר צוריק דאָס געלט וואָס איך האָב פֿון דיר גענומען. נאַ, דאָ איז עס.

און מאָטקע האָט געכאַפּט דעם כאָמוט, וואָס איז געלעגן לעבן אים אין דער בויד, אויפגעטרענט, אַרויסגענומען דאָס געלט און געגעבן עס מאַרין.

—נאַ, נעם דיר דאָס געלט און גיי דיך געזונטערהייט, איך וועל דיר גאָרניט טאָן. איך וועל דיך ניט שלאָגן. האָב ליב וועמען דו ווילסט.

— מאָטקע, וואָס רעדסטו? דיך אַליין, דיך אַליין נאָר האָב איך ליב. וואָס גיסטו מיר דאָס געלט צוריק? מאָטקע, שלאָג מיך, טו מיט מיר וואָס דו ווילסט. פאַרקויף מיך וועמען דו ווילסט, איך וועל אַלץ טאָן פאַר דיר, נאָר האָב מיך ליב, מאָטקע, האָב מיך ליב! — און דאָס מיידל האָט ווידער איינגעגראָבן דאָס פּנים צווישן זיינע פיס.

— אויב אַזוי, הער מיך אויס, — האָט ער אויפגעהויבן איר פּנים און געקוקט איר אין די אויגן אַריין. — ווילסט אַנטלויפן מיט מיר פון די קאַטערינשטשיקעס? וואָס וועלן מיר דאָ אויסזיצן און אַרבעטן פאַר די אַלטע? דו פאַרדינסט דאָך זיי דאָס גאַנצע געלט, און קיין קליידל האָסטו ניט, זע ווי דו גייסט?

— מאָטקע, מאָטקע־לעבן, מיין איינציקער, — און טרערן האָבן זיך געשטעלט אין דעם מיידלס אויגן, און זי האָט געכאַפּט זיין האַנט און זי צוגעפּרעסט צו אירע הייסע ליפּן און קאַלטער נאָז.

— שווג, הער, איך האָב מיך איבערגעלייגט, איך גיי אַוועק פון זיי. אויב דו ווילסט, קום מיט. איך וועל דיך האַלטן, איך וועל דיר ניט לאָזן קיין שלעכטס טאָן, קיינעם ניט.

— הערך אויס, מאָטקע־לעבן, איך וועל דיר עפּעס זאָגן, — שעפּטשעט דאָס מיידל. — דאָ קומט צו פאָרן אַ ייד, אַ סוחר פון וואַרשע. ער האָט מיר געגעבן אַן אַדרעס. ער האָט מיך שוין לאַנג צוגערעדט, אַז איך זאָל אַנטלויפן און קומען צו אים קיין וואַרשע. ער האָט אַ געשעפט, זאָגט ער, אין וואַרשע, און אַז איך וועל אַהין קומען, וועל איך אַ סך געלט קענען פאַרדינען. אָט דאָ האָב איך דעם אַדרעס, איך טראָג אים אויף מיין האַרץ. — און זי נעמט אַרויס פון צווישן די בריסט אַ צעקנייטשטע וויזיט־קאַרטל און ווייזט עס מאָטקען.

— באַהאַלט עס. מאַרי, באַהאַלט עס, דאָס איז גוט, און הערך מיך אויס. איצט גיי צוריק אַריין, שאַ־שטיל, עס זאָל קיינער ניט וויסן, אַז דו ביסט דאָ געווען ביי מיר, און צו קאַנאַריקן מאַך ווייטער חנדלעך און זאָג אים, אַז דו ווילסט אַנטלויפן מיט אים, אַז דו האָסט מורא פאַר מיר, האָסט מיך פיינט און אים האָסטו ליב, און מיט אים וועסטו אַנטלויפן. און דו זאָלסט אים טאַקע אַוועקנאַרן פון אַלטן. איך באַדאַרף עס.

— מאָטקע! — האָט דאָס מיידל געקוקט מאָטקען אין פּנים אַריין און געוואָלט אויסגעפינען, וואָס ער מיינט מיט דעם. אין אירע אויגן איז געלעגן אַ שרעק. זי האָט מורא געהאַט, טאָמער שיקט ער זי צוריק צו קאַנאַריקן.

— האָב ניט קיין מורא. עס איז אַ סוד. איך קען דיר נאָך ניט זאָגן. איך

וויל זען, אויב דו ביסט אַ געטרייע מויד, וועל איך דיר אַלץ פאַרטרויען. איצט שוויג, און טו ווי איך הייס דיר. זיי גוט צו קאַנאַריקן, מאַך צו אים חנדלעך און זאָג אים, אַז דו וועסט אַנטלויפן מיט אים. איך באַדאַרף דאָס צו עפּעס האָבן. טו ווי איך הייס. וועסט טאָן?

— איך וועל אַלץ טאָן, וואָס דו הייסט מיר. אַלץ. אָבער מאָטקע?

— האָב ניט קיין מורא, מען דאַרף אַזוי.

דאָס מיידל האָט געשוויגן, אויף עפּעס געוואַרט.

— און איצט גיי צוריק אין שטוב אַריין, שאַ־שטיל, עס זאָל קיינער ניט זען און ניט וויסן, אַז דו ביסט דאָ געווען.

דאָס מיידל האָט אים געקוקט מיט אַ בעטנדיקער מינע אין די אויגן אַריין און געוואָרפן זיך צו אים, און אים אַרומגענומען:

— מאָטקע...

— ניין, נאָך ניט היינט, — האָט ער זי זאַנפט אָפּגעשטופּט פון זיך. — עס וועט שוין אַמאָל קומען אַ צייט. היינט דאַרף קיינער ניט וויסן, אַז דו ביסט דאָ געווען. גיי צוריק, גיי אין שטוב אַריין.

— יאָ, מאָטקע.

— אָט אַזוי. — און ער נעמט זי אַרום און קושט זי הייס אויף די ליפּן, דאָס מאָל קוקנדיק איר אין די אויגן אַריין.

— און גיי אַריין שאַ־שטיל און טו, וואָס איך הייס דיר.

— יאָ, מאָטקע לעבן, — האָט מאַריס קול ווי אַ לייכטער ווינט שטיל, מיט אַ סודותדיקן פליסטער געבלאָזן אין דער לופט, און אירע נאַקעטע פיס האָבן געשימערט אין שטערן־ליכט איבער די שטיינער אין הויף.

# 11

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, צו האַרבסט צו, איז דער אַלטער תרח מיט זיין טרופּע אָנגעקומען קיין לאָוויטש צום גרויסן יאַר־מאַרק. אין לאָוויטש צום גרויסן יאַר־מאַרק זיינען זיך אויך צוזאַמענגעפאָרן אַנדערע טרופּן קונצנמאַכערס, און אַלע האָבן זיי געהויזט אין אַ גרויס פעלד הינטער דעם פערד־מאַרק, וואו זיי האָבן זיך אויפגעשלאָגן לייוונטענע ביידלעך. די פערד האָבן זיך געפּאַשעט אינאיינעם אין וועלדל. די פייערלעך האָבן זיך געברענט פאַר די געצעלטן. און אין דעם רויך, וואָס האָט געשלאָגן פון די קוימנס פון די ביידלעך, האָבן זיך געשפּילט האַלב־נאַקעטע קינדער, האָבן זיך געפּיטערט פאַרשיידענע חיות. עס זיינען געזעסן די אַלטע בכבודע קאַטערינאַרזשעס און געהאַנדלט צווישן

זיך, ווער עס האָט מיט דעם אַנדערן געמאַכט אַ בייט אויף פערד, ווער אויף חיות, וואָס שפּילן אין צירקן, און ווער אויף מענטשן, וואָס מאַכן קונצן.

מאָטקע האָט דאָרט דערקענט די גאַנצע קאַטערינאַרסקי וועלט און אַלע האָבן אים נייגעריק באַקוקט, — די נייע קראַפט, וואָס איז צוגעקומען.

אָבער מאָטקע האָט זיך ווייניק מיט זיי אינטערעסירט. ער האָט שוין געהאַט אָפּגעמאַכט ביי זיך אַוועקצוגיין פון זיי. אַנטקעגן אָבער איז דער רויטער קאַנאַריק געווען אויפגעקאָכט מיט דער גאַנצער חברה. ער האָט זיך מיט אַלע געקענט, איינאיינעם געטרונקען ביר מיט די „געזעלן״ פון די טרופּן אין דאָרפישן שענקל.

דעם ערשטן טאָג פון יאַר־מאַרק, באַגינען, איידער דעם אַלטן תּרחס טרופּע איז נאָך אַרויס אין גאַס שפּילן, איז מאָטקע אַהיימגעקומען צו די קאַ־טערינאַרזשעס, אַ באַנייטער. ער האָט זיך געקויפט אַ פּאָר נייע שטיוול, אַ ווייסן טוכענעם גאַרניטער און אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק.

אַלע קאַטערינאַרזשעס זיינען צוגעקומען באַקוקן מאָטקען און געפּראוווט טרעפן וויפיל ער האָט באַצאָלט פאַר די זאַכן. מען האָט זיך געסודעט אויפן אויער, פון וואַנען מאָטקע האָט אַזוי פיל געלט גענומען, און דער אַלטער תּרח האָט הויך געקרעכצט און געזאָגט אין דער קופּע:

— עס איז פאַר מיין גראָשן, מיין שווער אויסגעאַרבעטן גראָשן. דער יונג האָט געגנבעט, און איך האָב געמוזט באַצאָלן.

צווישן דער חברה קאַטערינאַרזשעס איז שוין געווען באַוואוסט, אַז מאָטקע האָט צוגענומען פון קאַנאַריקס „כּלה״ פינף און אַכציק רובל, וואָס זי האָט „פאַרדינט״ פון אַ פּוילישן פּריץ אין זשאָכלין. און אַלע האָבן אים באַטראַכט אינם נייעם גאַרניטער, וואָס ער האָט זיך געקויפט פאַרן געלט. די יונגען האָבן געוואָרפן אויגן אויף קאַנאַריקן און געלאַכט פון אים:

— פאַר דיין געלט, קאַנאַריק, האַ?

— שיין זעסטו אויס, קאַנאַריק, די כּלה דיינע אַרבעט און אַן אַנדערער פאַרדינט.

— שטעל ביר, נייער קאַטערינאַרזש. — האָט זיך אַ יונג געווענדט צו מאָטקען.

מאָטקע האָט געשמייכלט, אַרויסגעמאַכט זיך פון דער חברה און גערופן מאַרין. זי האָט געכאַפּט אַ טוך אויף זיך, און מאָטקע איז מיט איר געגאַנגען אין מאַרק אַריין.

קאַנאַריק איז בלייך געוואָרן. ער האָט געביסן די ליפּן פאַר אומבאַהאָלפנ־קייט. עס האָט אים געשניטן אין גאַרגל ווי מיט שטריק. ער האָט אַרומגע־טראָגן אַ בייז האַרץ אויף מאָטקען, זינט יענער האָט אים די דראָטן־גייערין אָפּגעשלאָגן. ער האָט געהאַלטן אַלץ אין איין קלערן וואָס צו מאַכן אַזעלכעס, אַז מען זאָל דעם „קליינעם יונג״ אַוועקפּטרן.

ער האָט אים אָבער גאָרניט געקאָנט טאָן. דער אַלטער תּרח האָט אין דער

שטיל געהאַלטן פאַר מאַטקען, ווייל פון מאַטקען האָט ער פיל דערוואַרט, און דערצו קאָסט ער אים ניט קיין געלט. ער איז זיינער און ער האָט אים שטענ־דיק אין דער האַנט מיט דעם פּאַס. פאַרקערט, קאַנאַריק האָט גענומען געלט, געקענט אַוועקגיין פון אים און אָפּשלאָגן אים די פּרנסה. און מיט נאָדלען אין האַרצן האָט קאַנאַריק געזען ווי מאַטקע פאַרנעמט זיין פּלאַץ. ווי די מויד קריכט אַרויס צו אים אין שטאָל אַריין איטלעכע נאַכט, און ער קען איר גאָרנישט טאָן דערפאַר, — מאַטקע באַשיצט זי. און ער האָט מורא פאַר מאַטקען.

יאָ, קאַנאַריק האָט עס געמוזט מודה זיין, אַז ער האָט מורא פאַר מאַטקען. און איצט פאַרשעמט ער אים פאַר די קאַטערינאַרזשעס, פאַר אַלע קאָלעגן. זיי קענען אים שוין אַזוי לאַנג פאַר אַ קונצנמאַכער. אַ בעל־מלאָכה, און דאָ קומט אַזאַ יונגער שנעק, אַ גאָרנישט, און נעמט אים אַוועק די מויד פאַר אַלעמען אין די אויגן. ער וואָלט זיך איצט געוועזן געוואָרפן אויף אים. נאָר ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן, ווייל ער האָט געהאַט אין זינען מאַטקען אַ „שפּיצל" אָפּ־צוטאָן.

— ווער איז דער? זע, קאַנאַריק, וואָס טוט זיך מיט דיר?

— דו לאָזט דיך אַזוי טרעטן מיט די פיס פון אַזאַ פּעמפּיק? וואָס שווייגסטו?

— שרייט אויס וועלוול כוואַט, דער יונג, וואָס שלינגט איין שווערדן און ציט דערנאָך פון מויל אַרויס שטיקער פייער, הויפּט־קאָמעדיאַנט פון שלמהלע ממזרס קאַטערינאַרזשעס.

— לאָמיר זען, וואָס דו קענסט. גיי דו און שטעל זיך קעגן אים.

— אַ בראָך נאָך דיינע יאָרן! אָט גיי איך צו און... איז אַ מאַמעס אַ יינגל, און פון זיינעם אַ פּאַטש פאַלסטו אויך אַוועק, — זאָגט מיט שטאָלץ דער אַלטער תרח.

— וואָס, דער פּעמפּיק?

— יאָ, דער פּעמפּיק, — זאָגט געלאַסן, נאָר מיט אַ שטאָלצער מינע, דער אַלטער תרח.

— וואו האָסטו אים געפּאַקט? אַ גוטער בעל־מלאָכה? — פרעגט שלמהלע ממזר, וואָס איז בלינד געוועזן אויף איין אויג און געהאַלטן זיך פאַר אַ גיבור צווישן די קונצנמאַכערס.

— דאָס, ברודער, האָב איך אַליין אויסגעפונען. איך האָב געוואוסט, אַז ביי אַ מאַמען וואַקסט אַ זונדל, וואָס וועט פאַרשטיין אַ וועלט. ברודער. ער לייגט דיך, אויך בישקען, וועט איך זיך מיט דיר. איך פיר אים אַוועק אין וואַרשע און ער לייגט בישקען, — זאָגט דער אַלטער תרח, איבערשמירנדיק זיך מיט איין האַנט די גראָע אָפּגעחלבטע האָר, און מיט דער צווייטער האַנט קלאַפּנדיק אין דער גאָלדענער קייט, וואָס איז געהאָנגען אויף זיין דיקן בויך.

— וואָס דערציילט ער דיר דאָרט מעשיות! געקומען אונדז נאָכצולויפן פאַר

אַ פּאָר יאָר. אַ ממזרוק, אַן אָפּגעריסענער הונט, אַ יתום, אַ גאַרנישט, — זאָגט קאַנאַריק.

— נו, איך וועל אים מאַכן פּאַר אויס קאָפּעלושמאַכער, — זאָגט וועלוול כוואַט.

— האָסט געזען, ווי דער קליינער יאָגט פֿון זיך? מען דאַרף אים געבן אַ שנעל אין נאָז, — זאָגט דער צווייטער קאַטערינאַרזש פֿון שלמה־ממזרס חברה, — דער יונג, וואָס טראָגט די קאַטערינקע אויפֿן בויך, דעם בלאָז־פֿייפֿער אויפֿן רוקן און מיטן פֿוס ציט ער אָן דעם קלימפּער מיט די צימבעלס, וואָס ער טראָגט אויפֿן קאָפּ.

— מען וועט אים שוין געבן, מען וועט אים שוין געבן, — באַרואיקט אים מיט דער האַנט וועלוול כוואַט. ער נעמט קאַנאַריקן אין אַ ווינקל אַריין און סודעט זיך מיט אים.

— לאָמיר זען, וואָס איר קענט. איך האָב מורא, ער וועט זיך קעגן אייך אַלעמען אַן עצה געבן, — זאָגט דער אַלטער תּרח, שטאָלץ אויף זיין מאָטקען.

דערווייל פֿירט מאָטקע מאַרין אַרום איבער דעם יאָרמאַרק, און ער ווייסט גאָר ניט, וואָס דאָ גייט פֿאָר. ער שטעלט זיך אָפּ פֿאַר די קערבּ מיט די קאָלירטע בענדער, וואָס די ווייבער פֿאַרקויפֿן. מאַרי קלייבט זיך אויס עטלעכע שטיקער און באַקוקט זיי. עס געפֿעלט איר.

— קויף דיר, מאַרי, קויף! נאַ, נעם דאָס אויך מיט, — לייגט ער איר אָן אַ האַלבן שירץ. — וואָס קומט אייך, יידענע?

מאָטקע דינגט זיך ניט. ער נעמט אַרויס אַ האַנט זילבער־געלט פֿון די נייע הויזן־קעשענעס און גיט עס דער יידענע. דערנאָך פֿירט ער מאַרין צו צו אַ טישל, וואו מען פֿאַרקויפֿט קאָלירטע זיידענע טיכער.

— נו, מאַרי, זעסט דאָס טוך? נעם. עס וועט דיר שיין זיין, — זאָגט מאָטקע און באַצאָלט פֿאַרן טוך.

מאַרי וויקלט זיך דערמיט אַרום און גייט מיט אים, אַ לאַכנדיקע, פֿון איין טישל צום צווייטן. מאָטקע האָט ווידער דערזען קאָמאָשן מיט רויטע אָפּצאַסן.

— מאַרי, ווילסט אַזאַ פּאָר קאָמאָשן?

באַצאָלט, גענומען. ער האָט זי געפֿירט צו די שטעלן מיט קאָרעלן. אויפֿן לאָוויטשער יאָר־מאַרק פֿאַרקויפֿט מען די שענסטע קאָרעלן. רויטע און בורש־טינענע, און ווענעציאַנער גלאָז־קאָרעלן, וואָס די דאָרטיקע מיידלעך טראָגן.

ער האָט באַהאַנגען די דראָטן־גייערין מיט שנירן קאָרעלן און זי געפֿירט צו די קראָמען מיט פֿיין־געפּאָרבטע וואָלן־שטאָפֿן. פֿאַרנאַכט האָט ער אַהיים געפֿירט מאַרין. ער האָט גערויכערט ציגאַרן און געהאַלטן די הענט אין די הויזן־קעשענעס, און די נייע כאַליעווקעס פֿון די לאַקירטע שטיוועלעך האָבן געגלאַנצט, און מאַרי האָט געגאָגט צוקערלעך און געהאַט פֿיל פּעק מיט נייע

איינגעקויפטע זאַכן. די יונגען האָבן אים אָפּגעוואָרט. דערזען מאָטקען, האָבן זיי אים אַרומגערינגלט.

— ווערסט שטעלן ביר, נייער קאַטערינאַרזש? — פרעגט וועלוול כוואַט.

— מען ווייסט דאָך גאָרנישט, צי דו ביסט אַ קאַטערינאַרזש, צי דו קענסט אַרבעטן, מען הערט דיר דאָך גאָרנישט, מען זעט דאָך דיר גאָרנישט, — לייגט צו שלמהלע ממזר.

מאָטקע שמייכלט גוטמוטיק.

— אַז איר ווילט ביר, קומט אין שענקל אַריין.

— אָט אַזוי איז גערעדט, ביסט אַ כוואַט! — לאָזט אים אַראָפּ דער בלינדער ממזר אַ קלאַפּ מיט דער פּלאַטשיקער האַנט, ווי מיט אַ שפּאַדל איבערן קאָפּ.

מאָטקע האָט אים אָנגעקוקט, ער האָט ניט געוואוסט, צי ער מיינט עס ערנסט. נאָר ווען ער האָט געזען דאָס גלעכטערל אויף דעם ממזרס ליפּן, האָט ער אויך געשמייכלט, כאָטש דער קלאַפּ האָט אים ווי געטאָן.

— ווערט זיך דיר נאָר דער קאָפּ ניט פאַרדרייען פון אַ גלעזל ביר? פרעגט דער כוואַט.

מאָטקע האָט געזען, אַז זיי טשעפּען זיך צו אים, אַז מען וויל אים אַריינקריגן אין דער לאַפּקע. דאָך האָט ער זיך געשעמט צוריקצוכאַפּן און אַרויסווייזן, אַז ער האָט מורא, — האָט ער זיך אָנגערופן:

— לאָז דיר דער קאָפּ ניט דאַרן פאַר מיר, אַז דו ווילסט ביר, קום אין שענק. — און ער האָט אָנגעהויבן פריער צו גיין מיט גרויסע שפּאַן.

— מאָטקע, גיי ניט, גיי ניט. זיי וועלן דיך שלאָגן, מאָטקע! — האָט אים מאַרי נאָכגעשריגן און איז נאָכגעלאָפן מיט אַ געשריי נאָך די דריי.

— גיב נאָר אַ קוק ווי די מויד האָט מורא פאַר זיין נפש. האָב ניט קיין מורא, קעצעלע, ווער וויל אים שלאָגן? — רופט זיך אָפּ דער בלינדער ממזר.

— גיי אַהיים, מאַרי, האָב ניט קיין מורא, האָב ניט קיין מורא, זיי וועלן מיך ניט שלאָגן, — רופט איר נאָך מאָטקע.

ער האָט שוין געזען, אַז ער איז אַריינגעפאַלן, נאָר עס איז שוין געווען פאַרפאַלן. צוריקגיין, אַרויסווייזן אַן אימה, — דאָס האָט ער ניט געטאָרט. ער האָט זיך פאַרגעברייט, געזוכט אין די קעשענעס מיט וואָס צו שלאָגן, ער האָט אָבער גאָרנישט געפונען. עס איז אים טרויעריק געוואָרן, ער האָט אָבער אויף קיין איין מינוט ניט פאַרלאָרן דעם מוט. ער האָט געשריגן אויף מאַרין, וועלכע איז פון הינטן נאָכגעגאַנגען:

— גיי אַהיים, די מינוט גיין אַהיים. אַז ניט צעשלאָג איך דיר דאָס פּרצוף.

— אָט אַזוי איז גוט, אָט אַזוי איז רעכט! וואָס האָט זי זיך צו מישן, וואָס מאַנספאַרשוינען טוען, — האָט וועלוול געזאָגט.

מאַרי איז ניט אַהיימגעגאַנגען.

אַז זיי זיינען אַריינגעקומען אין דעם גוישן שענק אַריין, וואָס איז געווען הינטער דער שטאָט, האָט שלמה אים אַריינגעפירט אין אַ באַזונדער שטיבל. דאָרט האָט מאַטקע דערזען ווי קאַנאַריק זיצט מיט אַ פּאָר יונגען קאַטערי־נאַרזשעס וואָס טרינקען ביר, ריידן הויך און באַלעבט.

ווען חברה האָט אים דערזען, איז שאַ־שטיל געוואָרן. מאַטקע האָט מיט אַ פּריילעכער מינע געהייסן דערלאַנגען דריי גלעזער ביר, און זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַן אַנדער טישל. קיינער האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. נאָר באַלד האָט פון קאַנאַריקס טישל זיך געהערט אַ שטימע:

— דאָס איז דער בחור, וועלכער נעמט אַוועק אַ מיידל פון אַ גוטן ברודער? דאָס איז ער?

— יאָ, דאָס איז ער, — האָבן אַנדערע אָפּגעענטפערט.

מאַטקע האָט עפּעס געזוכט אויפן טיש, וואָס צו נעמען אין האַנט אַריין. אויפן טיש איז גאָרנישט געווען. קיין ביר האָט מען נאָך ניט דערלאַנגט. ער האָט געקלערט צוצולויפן צום בופעט און כאַפּן אַ קופעל אין האַנט, ווי אַ זאַך מאַכט זיך. נאָר איידער ער האָט זיך אויפגעשטעלט, איז אויסגעוואַקסן פאַר אים אַ הויכער מאַן. מיט אַ געשפרינקלט פּנים און אַ פּאָר רויטע אויגן, וואָס ער האָט אים צום ערשטן מאָל געזען:

— הער נאָר, דו, קליינער פּעמפּיק. דו נעמסט אַוועק אַ מיידל פון אַ קאַטערינאַרזש, הע?

— איז וואָס ווילסטו? איז וואָס גייט עס דיר אָן? — פרעגט מאַטקע נאָך געלאַסן, כאָטש ער איז בלייך געוואָרן און די פינגער האָבן אים געציטערט איבער דעם, וואָס ער האָט ניט געהאַט עפּעס אין דער האַנט.

— וואָס איך וויל? אַ פּרעטענזיע וויל איך!

— אַ פּרעטענזיע? וואָס איז עס אַזוינס אַ פּרעטענזיע?

— אָט דאָס איז עס! — און איידער מאַטקע האָט נאָך צייט געהאַט מיט די אויגן צו פינקלען, האָט ער געקראָגן אַזאַ קלאַפּ איבערן קאָפּ, אַז דאָס גאַנצע פּנים האָט זיך אים באַגאָסן מיט בלוט. די אויגן און די אויערן האָבן זיך אים פאַרקלעפּט אין בלוט, און ער האָט ניט געקענט זען און הערן. אומזיסט האָט מאַטקע געפּרוּווט זיך וואַרפן אויפן הויכן יונג. וויפיל יונגען עס זיינען געווען אין שענק, האָבן זיי זיך גענומען צו מאַטקען, און ער האָט דערפילט קלעפּ וואו ער האָט נאָר אַ שטיקל לייב געהאַט. צוערשט האָט ער פאַרשוויגן, געשעמט זיך צו שרייען. נאָר אַז ער האָט געזען, אַז ער קען זיך שוין ניט העלפן, האָט ער גענומען שרייען מיט אַזאַ אוממענטשלעך קול, אַז מען האָט עס דערהערט ווייט אַוועק פון שענק.

— פאַרשטאָפּ אים דאָס מויל, מענטשן וועלן זיך נאָך צוזאַמענלויפן.

זיי האָבן מאַטקען געכאַפּט, און געוואָרפן אים אין אַ ווינקל. ער איז גע־לעגן ווי אַ געהרגעטער, זיך שוין ניט גערירט, נאָר שווער געאָטעמט. שטיקער בלוט זיינען פאַרגליווערט געלעגן איבער זיין פּנים, איבער זיין קאַפּאָטע, אי־

בער דער פּאָדלאָגע. און מען האָט ניט געוואוסט מער, וואָסערס איז מענטש, אָנצוג און וואָסערס איז הילצערנע פּאָדלאָגע.

די יונגען זיינען שוין אָפּגעטראָטן פון אים, נאָר קאַנאַריק איז נאָך געשטאַנען און האָט אַראָפּגעצויגן די נייע שטיוול, וואָס מאָטקע האָט זיך געהאַט געקויפט אויפן מאַרק. ער האָט אים אויך געוואָלט אויסטאָן דעם אָנצוג. דער אָנצוג איז אָבער געווען איינגעשמירט אין בלוט. ער האָט אים באַזוכט און געפונען ביי אים עטלעכע און צוואַנציק רובל פון דעם געלט, און קאַנאַריק האָט דאָס צעטיילט צווישן דער חברה. ער האָט גענומען נקמה פאַר זיינע באַליידיקטע געפילן און געשטילט דעם איבערגעבראָכענעם כּעס, וואָס עס האָט אַזוי לאַנג געקאָכט אין אים.

— לאָז אים שוין, ער וועט שוין געדענקען, — האָט וועלוול כוואַט אים אַוועקגעשלעפּט פון מאָטקען.

אין דרויסן, הינטער דער טיר, איז געשטאַנען מאַרי. זי האָט דערהערט ווי דער יונג שרייט, האָט זי אָנגעהויבן נאָך העכער שרייען.

— געוואַלד, ראַטעוועט, געוואַלד, ראַטעוועט!

— גייט אַרויס נאָך איר, גייט אַרויס, מענטשן וועלן זיך נאָך צוזאַמענלויפן.

אַ פּאָר יונגען האָבן זיך אַרויסגעריסן דורכן פענצטער און זי געכאַפּט, איר דאָס מויל פאַרשטאָפּט און אַריינגעשלעפּט אין שענק אַריין.

די מויד האָט זיך געריסן, זיך ניט געלאָזט. זיי האָבן אָפּגעריסן פון איר דאָס קלייד, צעריסן די בלוזקע און מיט אויסגעפּאַטשטע באַקן האָבן זיי זי אין דעם שענק אַריינגעבראַכט.

שלמה ממזר האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט, געקוקט איר אין די אויגן אַריין און איר געזאָגט אַ פּאָר ווערטער, וואָס מיר קענען דאָ ניט איבערגעבן. דערנאָך האָט ער זי צוגעפירט צו מאָטקען, וועלכער איז געלעגן אין אַ ווינקל, ווי אַ פאַרבלוטיקטע שמאַטע, און זיך ניט געקענט רירן, און געזאָגט צו איר אַזוי:

— זעסט ווי ער ליגט, ווילסט אויך אַזוי ליגן? זאָלסט גיין מיט קאַנאַריקן, זאָלסט אים אַוועקגעבן דאָס געלט וואָס דו פאַרדינסט. ער איז דיין חתן, — ווייזט שלמה אָן אויף קאַנאַריקן. — זיינע ביסטו, און אים זאָלסטו אַוועקגעבן דאָס געלט, וואָס דו פאַרדינסט, אויב דו ווילסט זיך ניט אַזאַ שוואַרץ יאָר אויסריכטן, ווי ער דאָ.

נאָר מאַרי האָט אים ניט געהערט. קוים האָט ער זי נאָר נאָכגעלאָזט, האָט זי זיך געגעבן אַ וואָרף אויף מאָטקען. מיט די שטיקער צעריסענעם טוך, וואָס זי האָט אויף זיך געהאַט, האָט זי אָנגעהויבן אָפּווישן דאָס בלוט פון מאָטקעס פּנים:

— מאָטקע, מיין טייערער מאָטקע, וואָס האָבן זיי דיר געטאָן? — האָט זי געוויינט אויף אים.

— גיי אַוועק... גיי אַוועק... אַ כאָלערע, — האָט דער יונג קוים אַרויסגעשיפּעט פון צווישן די ציין.

נאָר מאַטקע האָט זי ניט געדאַרפט יאָגן. באַלד האָט זי אַ יונג געגעבן אַ כאַפּ אָן ביים צאָפּ, אַ שלעפּ אַוועק פון מאַטקען און מיטן גאַנצן כּוח אַ שטופּ צו צו קאַנאַריקן, וועלכער איז געזעסן אַ ברוגזער. ער האָט פון זיך די מויד אָפּגעוואָרפן, און צוויי פּעטש האָבן אָפּגעפּייערט הינטן אַרום אויף אירע באַקן.

# 12

מען האָט מאַטקען אַהיים געטראָגן, ווי קאַנאַריק האָט געזאָגט, „אין אַ ליילעך", און אים אַוועקגעלייגט אויף דער לאַנקע פאַרן ביידל. דער אַלטער תּרח האָט געשאָלטן און איז בייז געווען, פאַרוואָס מען האָט דעם יונג דאָס „רעכט" געטאָן פאַרן יאַר־מאַרק און מען האָט אים צעשטערט אַ גרויס פאַר־דינסט, וואָס ער וואָלט געקענט מאַכן מיטן יונג. אַזוי אָבער איז אים ניט זייער פיל אָנגעגאַנגען מאַטקע: דער הונט איז ווערט געווען דעם שטעקן, מען האָט מאַטקען באַדאַרפט לערנען ווי צו ערן אַן עלטערן קאַטערינאַרזש און ניט אויסכאַפּן קיין נקבות.

דערווייל איז מאַטקע געלעגן און האָט זיך רירן ניט געקענט. מען האָט נאָר געהערט פון אים אַ שטיל אָטעמען. אַ פעלדשער רופן צו אים האָט מען מורא געהאַט. עס איז ניט געווען אין דער טבע פון די קאַטערינשטשיקעס אַריינצולאָזן אַ מענטשן פון דרויסן אין זייערע געשעפטן, ער זאָל נאָר ניט געוואויר ווערן, וואָס ביי זיי טוט זיך. האָבן אים די ווייבער, מיט דער אַלטער מכשפה אין שפּיץ, אָפּגעוואַשן דאָס בלוט, פאַרקלעפּט אים די לעכער פון קאָפּ מיט אַזאַ מין וואַקס, וואָס היילט, און אויסגעשמירט אים דאָס צעהאַקטע, צעבלוטיקטע לייב מיט אַזאַ מין גנבישן אייל, וואָס זיי אַליין האָבן צוזאַמענ־געשטעלט און געהיילט מיט דעם קראַנקע פערד. מאַטקע איז געלעגן אַ פּאָר טעג אויף איין אָרט, זיך ניט גערירט, די אויגן פאַרקלעפּט, און שטיל געהעשעט. די ווייבער האָבן אים צוגעטראָגן מילך און וואַסער. טיילמאָל האָט ער גע־טרונקען און טיילמאָל האָט ער עס געלאָזט שטיין, און מען האָט ניט געוואוסט, צי ער וועט בלייבן לעבן, צי ער וועט שטאַרבן. דער אַלטער תּרח האָט אָנ־געהויבן סטראַשען, אַז ער וועט גיין ברענגען פּאָליציי, אַז מען האָט אים דעם יונג אַוועקגעהרגעט צוליב קאָנקורענציע, ווייל ער איז אַ גוטער „בעל־מלאָכה". קאַנאַריק האָט אים ניט געהערט און ניט געמאַכט זיך אויס זיינע רייד. וואָרים נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעלערנט מאַטקען, האָט ער ניט נאָר געקראָגן די

ממשלה איבער דער מויד, נאָר ער איז געוואָרן דער „מאַכער" אין דער טרופּע, און דער אַלטער תּרח האָט אין געהיים מורא געקראָגן פאַר קאַנאַריקן, אַז ער זאָל ניט ווערן עלצטער און אויף די עלטערע יאָרן וועט דער אַלטער מוזן אַרבעטן ביי אים.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מאַטקע אַליין זיך אויפגעהויבן פון געלעגער און איז אַליין אַריינגעקראָכן אין דער בויד אַריין. מאַטקע האָט זיך געשמירט די וואונדן, נאָר ער איז געוועזן שוואַך. און אַלץ געהאָרכט און געטאָן וואָס קאַנאַריק האָט אים באַפוילן. ער האָט געזען ווי קאַנאַריק רעגירט איבער דער מויד און ווי מאַרי קושט אים. ער האָט געזען ווי קאַנאַריק שיקט די מויד ערגעץ וואו, וואוהין זי וויל ניט גיין. ער שלאָגט זי, אַז זי זאָל גיין, — און זי גייט. מאַטקע האָט געשוויגן.

ער האָט אָנגעהויבן גוט איינקוקן זיך אין קאַנאַריקס פּנים, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט גוט פאַרגעדענקען ווי אַזוי עס זעט אויס. אַ לאַנגע, לאַנגע צייט דערנאָך. ער האָט אָנגעהויבן איינקוקן זיך אין קאַנאַריקס באַוועגונגען, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אויסלערנען נאָכצומאַכן קאַנאַריקן, ווען קאַנאַריק וועט שוין ניט זיין. ער האָט אים געוואָלט געדענקען.

דערווייל איז דעם יונג בעסער געוואָרן. ער האָט שוין אָנגעהויבן אַליין אַרומגיין און שפּאַצירן פאַר דעם הויז. קאַנאַריק האָט געשריגן אויף אים וואָס ער דרייט זיך אַרום ליידיק.

— נעם די בעמבע און גיי אין גאַס אַריין.

די אַלטע מכשפה האָט אָנגעהויבן זיך בעטן ביי קאַנאַריקן אויף מאַטקען:

— לאָז אים אָפּ, זעסט דאָך, קוים ער רירט זיך.

— די כאָליערע וועט אים ניט פּאַקן. בחינם וועט ער דאָ פרעסן? זאָל ער גיין פאַרדינען.

מאַטקע איז בלייך געוואָרן, איינגעבויגן זיך ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַר קאַנאַריקן, אַז ער זאָל אים ניט שלאָגן, געשוויגן און זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים.

און ביינאַכט, ווען מאַרי איז צוגעקראָכן צו מאַטקען, אים געקושט, גע־האַלדזט און געוויינט אויף זיין צעהרגעטן קאָפּ, האָט דער יונג איר געשושקעט אין אויער אַריין:

— גיי אַוועק, מאַרי. גיי אַוועק. קאַנאַריק וועט זען.

— זאָל ער מיך הרגענען. איך וויל ניט אַוועקגיין.

— געדענקסט, מאַרי, וואָס איך האָב דיר געזאָגט? דו געדענקסט?

— איך געדענק.

— שוויג. און רעד אָן קאַנאַריקן, אַז ער זאָל אַנטלויפן מיט דיר. רעד אים אָן, זאָג אים, אַז דו האָסט אים ליב, אַז נאָר אים אַליין האָסטו ליב, און דו ווילסט אַנטלויפן מיט אים, וועסט אים אָנריידן?

— יאָ, מאַטקע.

— און ווען ער וועט זיין פאַרטיק מיט דיר אָוועקצוגיין, קום און זאָג מיר אָן.

— יאָ, מאָטקע.

— נאָר שווייג, מאַרי, שווייג, אויב דו ווילסט מיך און דיך ראַטעווען, שווייג.

— יאָ, מאָטקע.

— און גיי איצט אַוועק. גיי, און געדענק, וואָס איך זאָג דיר.

— איך געדענק.

---

דער האַרבסט איז פאַרביי. מיט דער בויד אַרומפאָרן האָט מען שוין ניט געקענט, צו קאַלט געווען. און ווי איטלעכן ווינטער, האָט דער אַלטער תּרח פאַרגענומען זיין רייזע אין אַ קליין שטעטל אַריין צו אַ פּריינט, אַ קאַטערי־נאַרזש, וואו מען האָט איבערגעווינטערט. דער גרויסער לאָוויטשער יאָר־מאַרק איז געווען דער לעצטער יאָר־מאַרק פון זומער־סעזאָן, און פון דאָרט איז מען געפאָרן איבערווינטערן. דער היי־יאָריקער יאָר־מאַרק האָט זיך דעם אַלטן קאַטערינאַרזש ניט איינגעגעבן, ווייל מאָטקע איז געלעגן אַ קראַנקער און די מויד האָט אויך שלעכט געאַרבעט. די מויד איז אַ פּאָר מאָל געפאַלן, און זי האָט ניט געוואָלט אַרבעטן. דער אַלטער תּרח איז בייז געווען, האָט געפּאַקט די זאַכן אויף דער בויד און זיך צוגעאיילט אַוועקצופאָרן פון יאָר־מאַרק פריער ווי געווויינטלעך. ער האָט נאָך געוואָלט אַריינכאַפּן אַ פּאָר שטעט־לעך איידער דער ווינטער קומט.

אין אַ קליין שטעטל, וואו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט נאָכן יאָר־מאַרק, איז מאָטקע געוואויר געוואָרן, אַז קאַנאַריק האָט געהייסן מאַרין אַרויסגנבענען איר קאָרב זאַכן פון בויד און אים געבן אַוועקצוטראָגן. מאָטקע האָט זיך דער־פרייט. די לאַנג־אויסגעקוקטע צייט איז אָנגעקומען. ער האָט געהאָלפן מאַרין אַרויסגנבענען דעם קאָרב און געהייסן איר נאָכגיין זען וואו קאַנאַריק שטעלט אים. קאַנאַריק האָט געטראָגן דעם קאָרב אין אַ נאָענטן דאָרף אַריין. צו אַ גוי, ביי וועמען ער האָט געדונגען אַ פורל מיט אַ פערד, און ער האָט באַ־שטעלט זיך מיט מאַרין, אַז ביינאַכט, ווען ער וועט געבן אַ פייף, זאָל זי אַרויסשפּרינגען דורך דעם פענצטערל פון בויד. ער וועט שוין וואַרטן אויף איר אויפן שאָסיי. און ער וועט זי אַוועקפירן אין דאָרף אַריין צו אַ גוי. פון דאָרט וועלן זיי אַרויספאָרן מיט אַ פור צו דער נאָענטער באַן־סטאַנציע.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט מאָטקע געמאַכט אַ שפּאַציר צום דאָרף צו, וואָס קאַנאַריק האָט אַהין אַוועקגעטראָגן מאַריס קאָרב. אויסגעקוקט דעם וועג און אויסגעפונען, אַז לעבן אַ וואַלד, ניט ווייט פון אַ וועג אַראָפּ, געפינט זיך אַ קליין שוואַרץ טייכל, וואָס גיסט זיך צווישן גרין־באַוואַקסענע קוסטעס. ביי דעם טייכל האָט מאָטקע זיך אָפּגעשטעלט און עפּעס געקלערט. ער האָט אויס־

געקליבן אַן אָרט, וואָס איז געווען באַוואָקסן מיט גרינס און גרעזער. געמאַכט זיך אַ סימן ביי אַ בוים, וואָס עס איז ניט ווייט פון אים געלעגן אַ קופּע שטיינער. ער האָט זיך לאַנג איינגעקוקט אין דעם בוים, אין די שטיינער לעבן אים, אין דעם וועג, איז נאָכאַמאָל צוגעגאַנגען צום טייכל און אַריינגעוואָרפן אַ בליק. דער גרונט פון טייכל האָט געמוזט זיין באַדעקט מיט געמויזעכטס און שליים, ווייל שטיקער ווילד וואַסער־גראָז האָבן אַרומגעשוואומען איבערן טייכל. ער האָט דערזען, אַז ביים ברעג טייכל איז דאָס וואַסער באַוואַקסן מיט הויכע גרינסן, קוויטשערס און שטעכערס, און פון עפּעס געקלערט וואָס איז אים ניט אָנגענעם געווען. ער האָט אויסגעפּייפט אַ ליד און איז צוריק־געגאַנגען צו די קאַטערינשטשיקעס, אַן איינגעבויגענער, אַ טרויעריקער און אַ שוואַכער, ווי ער וואָלט נאָך געווען געליטן פון די קלעפּ, וואָס ער האָט געקראָגן. אָנגעקומען צו די קאַטערינשטשיקעס, האָט מאָטקע געקראַצט זיך אין קאָפּ און עפּעס געברומט אונטער דער נאָז.

— וואָס איז דיר, ממזרוק? פרעגט אים דער אַלטער תּרח, וועלכער איז געזעסן אויף אַ קאַסטן פאַר דער בויד און געוואַרעמט זיך אין דער שפּעטער האַרבסט־זון.

— איך גיי אַוועק פון אייך, — זאָגט מאָטקע שטיל.

— וואָס? וואוהין ועסטו גיין?

— סיי ווי סיי קען איך שוין ניט אַרבעטן. די יונגען האָבן מיר געצ־שפּאָלטן דעם קאָפּ. וואָס וועל איך דאָ זיצן און אייך אָפּעסן די ביינער? איך וועל מיר גיין.

— וואוהין וועסטו גיין? ווער וועט דיך צונעמען, אַזאַ הרוג ווי דו ביסט? זעט, וואָס זיי האָבן אויס דעם יונג געמאַכט.

— איך וועל מיר גיין אין שטאָט אַריין. איך וועל מיך אויסלערנען אַ מלאָכה. אַ שוסטער וועל איך ווערן, ווי מיין טאַטע איז. ביי אייך קען איך שוין סיי ווי סיי ניט זיין.

אין אַ מינוט אַרום איז דער גאַנצער לאַגער געוואויר געוואָרן, אַז מאָטקע גייט אַוועק פון דער טרופּע. די אַלטע מכשפה איז אַרויסגעקומען פון דער בויד, אַן איינגעריכטע אין סאַזשע פון דער קיך. דערהערט, אַז דער יונג גייט אַוועק, איז זי אַרויס מיט אַ געוויין, געווישט זיך דאָס פּנים מיט דעם שמוציקן פאַרטוך, מיט וועלכן זי האָט דאָס אויסגעשמירטע פּנים נאָך מער פאַרשמירט, און אָנגעהויבן שעלטן קאַנאַריקן און די יונגען. וואָס זיי האָבן אויס מאָטקען געמאַכט, און באַוויינט אים, ווי מאָטקע וואָלט שוין געווען אַ טויטער.

דער אַלטער תּרח איז טרויעריק געוואָרן. ער האָט געזען זיין סוף, אַז קאַנאַריק וועט געוועלטיקן איבער אים, אָדער ער וועט אים גאָר איבערלאָזן אויף די אַלטע יאָרן און אַוועקגיין פון אים. העלפן האָט ער זיך ניט געקענט. ער האָט ניט געוואָלט איצט צערייסן זיך מיט קאַנאַריקן איבער דעם יונג

און געמיינט, אַז ווען מאָטקע וועט אַוועק, וועט קאַנאַריק זיך באַרואיקן. די מויד וועט בלייבן ביי אים, און עס וועט זיין ווי פריער.

דער אַלטער תּרח האָט זיך אָנגערופן:

— אַז דו ווילסט גיין, וועל איך דיך דאָך ניט איינהאַלטן. נאָר קיין פּאַס פאַר דיר האָב איך ניט. איך דאַרף דעם פּאַס פאַר אַן אַנדערן וואָס איך וועל צונעמען אויף דיין אָרט. קיין געלט קען איך דיר אויך ניט געבן. דו האָסט מיר אָפּגעקאָסט אַ סך געלט. איך האָב באַצאָלט פאַר דיר פינף־און־אַכציק רובל, וואָס די מויד האָט פון גוי געגנבעט. נאָר אַ פּאָר גילדן נאַ דיר דאָך, אַז דו זאָלסט האָבן אויף דער ערשטער שלעכטער צייט, און זע דיר אַליין צו העלפן, — האָט דער אַלטער אַרויסגענומען זילבער־געלט און געגעבן מאָטקען.

מאָטקע האָט צוגענומען דאָס קליין־געלט, איז אַריין אין בויד צוזאַמענ־נעמען זיינע זאַכן.

— אַלטע, גיב אים אַ פּאָר העמדער, — מיינע גיב אים אַוועק! — שרייט דער אַלטער תּרח צו דער וויב אין דער בויד. ער האָט רחמנות געהאַט אויפן יונג.

קאַנאַריק האָט דערהערט, אַז מאָטקע גייט אַוועק, איז ער נאָך מער צו־פרידן געוועזן. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז פאַר זיין פּלאַן צו אַנטלויפן מיט מאַרין איז עס געוואונטשן. ווייל דער אַלטער תּרח וועט ניט וויסן מיט וועמען די מויד איז אַנטלאָפן, וועט ניט וויסן וועמען צו זוכן. האָט ער מיט אַ געוויסער רחמנותדיקער צופרידענער שטימע אַריינגערופן אין דער בויד אַריין:

— מיינס אַ העמד גיט אים אויך מיט, און אַ פּאָר אַלטע הויזן! כאַפּט אים דער שוואַרץ יאָר.

מאָטקע האָט דערווייל די זאַכן זיך איינגעפּאַקט, וואָס די אַלטע האָט אים צוגעוואָרפן, געמאַכט זיך אַ פּעקל, און געוואונקען צו מאַרין, וועלכע איז געלעגן אין אַ פּאַק בעטגעוואַנט און געשפּיגלט זיך און געקעמט זיך די האָר.

— איך ליג אין וואַלד, הערסט אַ פייף, טו מער גאָרניט, נאָר לויף אין וואַלד אַריין. גוט?

— גוט, — האָט די מויד צוריק געוואונקען מיט די אויגן און האָט זיך לוסטיקער געקעמט די האָר, און אָנגעהויבן זינגען מיט אַ פריילעכן טאָן, ווי אַ פויגל, דאָס רוסישע ליד:

„טויזנט האָב איך געליבט,
טויזנט האָב איך אויפגעהערט,
נאָר איין־איינציקן
פאַרגעסן קען איך ניט".

מאָטקע איז אַרויס פון בויד מיט אַ פּעקל אויף די פּלייצעס, געמאַכט זיך שוואַך צו גיין, מיט אַ טרויעריקן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. די אַלטע איז אַרויס אויף די טרעפּלעך פון בויד און אים נאָכגעקוקט מיט געוויין. דער אַל-

טער האָט אויך פֿאַרדריקט אַ טרער צווישן זיינע געדיכטע וויעס און געזאָגט מיט אַ כליפּענדיקער שטימע:

— אַזוי איז עס, מאָטקע, גיי צווישן מענטשן, ווער אַ שוסטער, אפשר וועסטו אויך אַ מענטש ווערן.

קאַנאַריק האָט אים צוגעוואָרפן אַ זילבערנעם האַלבן רובל און געזאָגט פֿון דער הייך:

— נאַ, נעם צו!

מאָטקע האָט געלאָזט פֿאַלן דעם האַלבן רובל און גוט זיך איינגעקוקט צום לעצטן מאָל אין קאַנאַריקס פּנים. און אַן ערנסטקייט איז געלעגן אין זיין בליק, ווי ער וואָלט וועגן עפּעס געקלערט, און ער איז אַוועק אויפֿן וועג צום שטעטל צו.

מאַרי האָט דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט פֿון אַ פֿענצטער פֿון ביידל. און מאָטקע האָט לאַנג געהערט איר שטימע הינטער זיך:

„נאָר איין־איינציקן

פֿאַרגעסן קען איך ניט”.

ער האָט שוין איצט געוואוסט, ווער דער איין־איינציקער איז, און האָט געשמייכלט.

ער האָט זיך פֿאַרקירעוועט אַן אַ זייט און זיך פֿאַרנומען אין וואַלד אַריין.

# 13

מאָטקע איז אַריין אין וואַלד, האָט אויסגעזוכט דעם בוים, וואָס ער האָט זיך דאָרט געמאַכט אַ צייכן, און אַוועקגעלייגט זיך. די זון האָט אָנגעהויבן אונטערגיין, דער וואַלד באַגילט, דאָס וואַסער באַהויכט, און מאָטקע האָט זיך געפֿונען אומהיימיש. פֿיל האָט ער דורכגעקלערט, נאָר אַלץ איבער אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן גאָר קיין שייכות ניט געהאַט מיט דעם, וואָס עס שטייט אים פֿאַר צו טאָן. ער האָט געבענקט נאָך דער מאַמען און געוואָלט וויסן, וואָס זי טוט. דאָס פֿרייע פֿעלד און דער וואַלד און דאָס וואַסער האָבן אים דערמאָנט אָן די יאָרן, ווען ער האָט געלעבט אויפֿן פֿעלד ביי זיך אין שטעטל. און ער איז גליק־לעך געווען, וואָס ער איז פֿריי, און געהערט ניט מער צו די קאָטערינאַרזשעס. וואָס עס שטייט אים פֿאַר, האָט ער גאָר אינגאַנצן פֿאַרגעסן אָן דעם און געפֿילט זיך ווי אַמאָל, אין די יונגע יאָרן. ער האָט געגעסן פֿון דעם ברויט, וואָס די אַלטע מכשפֿה האָט אים מיטגעגעבן אויפֿן וועג. און עס האָט אים גוט גע־שמעקט. ער האָט זיך געוואָלט מאַכן אַ פּייערל אין וואַלד, נאָר דערמאָנט זיך, אַז עס איז ניט גוט, אַז מען וועט אים באַמערקן. ער איז צוגעגאַנגען צום וואַסערל, געוואָלט זיך באָדן, נאָר אַריינגעקוקט אויפֿן גרונט און געזען דאָס

גרינגע געמויזעכטס, וואָס שווימט אַרום אין וואַסער, האָט ער זיך אָן עפּעס דערמאָנט... ער האָט שוין ניט געוואָלט זיך באָדן. איז אַוועק און פאַרשטעקט זיך צווישן די ביימער.

עס איז נאַכט געוואָרן, און מאָטקען איז געווען נאָס און אומבאַקוועם צו ליגן. אין דער טונקל האָט ער מער געקלערט וועגן קאַנאַריקן, וועגן מאַרין, וועגן דער נאַכט, וואָס קומט אָן. ער איז ערנסט געוואָרן. ער האָט אָנגעהויבן קלערן, אַז ער האָט ניט קיין היים, האָט ניט וואוהין צו גיין. און וואָס מען דאַרף טאָן, איז הרגענען היינט אין אָוונט קאַנאַריקן. ער האָט אים שוין ניט פּיינט געהאַט, נאָר באַטראַכט אים פאַר אַ זאַך, וואָס געהערט אים, און דאָס דאַרף מען טאָן, כּדי מאָטקע זאָל האָבן אַ היים, זאָל האָבן וואוהין אַריינצוגיין און ניט דאַרפן בלייבן דאָ, אין פייכטן וואַלד.

איז אים קאַנאַריק געוואָרן אַלץ איינס, אינגאַנצן אַלץ איינס. ער האָט אים קיינמאָל ניט געזען, קיינמאָל ניט געקענט, קיינמאָל זיך ניט געשלאָגן מיט אים. קאַנאַריק איז מער ניט ווי אַ זאַך, וואָס מען באַדאַרף נעמען און אַריינוואַרפן אין וואַסער, און צוואַרפן שטיינער, עס זאָל קיינער ניט וויסן, אַז דאָרט ליגט אַ קאַנאַריק. און כּדי קאַנאַריק זאָל ניט קענען שרייען, אַז מענטשן זאָלן זיך צוזאַמענלויפן, דאַרף מען אים שטעכן אונטערן אָרעם, פּלוצלינג, טיף אין דער ריפּ אַריין, אַז ער זאָל גאָר קיין צייט ניט האָבן צו שרייען. און דאָס דאַרף מען טאָן געשיקט, שטיל, כּדי קיינער זאָל ניט באַמערקן, קיינער זאָל ניט וויסן, און דער אַלטער קאַטערינאַרזש מיט דער אַלטער מכשפה זאָלן מיינען, אַז קאַנאַריק לעבט און איז ערגעץ אַוועק מיט דער מויד. די אַלטע מכשפה וועט שעלטן קאַנאַריקן, און ער, קאַנאַריק, וועט זיך דערווייל ליגן דאָ טיף אין וואַסער, צווישן די גרעזער פאַרשטעקט, און מאָטקע וועט פאָרן מיט דער באַן קיין וואַרשע, וועט האָבן די מויד, וועט האָבן אַ פולע קעשענע מיט געלט, וועט האָבן אַ פּאַס און וועט הייסן „קאַנאַריק".

ער האָט אַרויסגעצויגן פון דער כּאַליעווע דאָס מעסער, וואָס מאַרי האָט אים אַמאָל געגעבן אַ מתּנה, און וואָס ער האָט עס געהאַט באַהאַלטן די גאַנצע צייט אין כאָמוט פון פערד. עס איז געווען אַ קאַווקאַזער קינזשאַל, מיט אַ ביינערנעם הענטל, און עס איז געלעגן אין אַ שיידל. דאָס מעסער איז געווען האַלב פאַרראָסטעט. ניט צו טראַכטן וועגן עפּעס דערביי, האָט מאָטקע אַריינגעשטעקט דאָס מעסער אין דער ערד און גענומען אָפּרייבן די פאַרראָסטעטע שטיקער. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז כּל־זמן דאָס מעסער וועט ניט שיינען אין דעם ליכט פון די שטערן, וועט ער מיט דעם ניט קענען שטעכן קאַנאַריקן. ער האָט ענערגיש געריבן דאָס מעסער אין דער ערד, ווען עס האָט זיך פּלוצלינג געהערט אַ פויגל רופן אין וואַלד. האָט ער אויפגעהערט רייבן דאָס מעסער און איינגעהערט זיך צום פויגל, געוואָלט דערגיין וואָס פאַר אַ פויגל איז דאָס, — איז עס אַ קוקו אָדער אַ פּיקהאָלץ, וואָס פּיקט מיטן שנאָבל אין דער קאָרע פון בוים...

עס איז אים קאַלט געוואָרן און עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז עס איז שוין זייער שפּעט. די נאַכט איז געווען אַ פֿעטע גערדיכטע אלול־נאַכט, און ער האָט געהאַט דאָס געפֿיל, אַז דער וואַלד איז אָנגעשטאָפּט מיט עפּעס אַזעלכע מינים ברואים, וואָס האַלטן זיך נאָר ביינאַכט אין וואַלד. ער האָט ניט מורא געהאַט פֿאַר זיי, און זיי זיינען אים ניט אָנגעקומען אויך, נאָר ער האָט פֿאַר־דראָס געהאַט, וואָס עס ציט זיך אַזוי לאַנג און זיי קומען ניט, איז ביין געוואָרן אויף דער מויד, געמיינט, אַז די מויד איז אין אַלעם שולדיק, וואָס זי פֿאַר־שפּעטיקט זיך אַזוי. אַז קאַנאַריק זאָל זיין די סיבה, האָט ער ניט גערעכנט, קאַנאַריק האָט שוין אויפֿגעהערט עקסיסטירן אין זיין מוח ווי אַ לעבעדיקע זאַך, וואָס קען אפשר ווערן אַ סיבה, און מען קען דערויף בייז זיין. ער איז עטלעכע מאָל אַרויסגעגאַנגען אויפֿן וועג. דער הימל איז געווען פֿאַרוואָלקנט, און טייל־מאָל האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שטיק הימל מיט שטערן, האָט מען געזען אַ שטיק וועג. נאָר ס׳רוב איז דער הימל פֿאַרשטעלט געווען, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע לופֿט איז אָנגעפֿילט מיט אַזאַ שטאָף, וואָס פֿאַרשטעלט אַלץ פֿון די אויגן. אויפֿן וועג האָט ער גאָרניט געזען, קיין מענטש איז דאָרט ניט גע־גאַנגען, קיין פֿור איז ניט געפֿאָרן. עס איז געווען אַ הינטער־וועג, אַ פּויער־שער, מיט צעאַקערט זאַמד, און ווייטער ווי אין דאָרף האָט ער ניט געפֿירט. פֿאַרנאַכט האָט ער יאָ געהערט אַ פֿור דורכפֿאָרן, אַ גויע האָט אַ קו געטריבן אויפֿן וועג, נאָר ווען די זון האָט זיך געזעצט, האָט ער שוין מער גאָרניט געהערט.

פּלוצלינג האָט אים אָנגעהויבן זיין האַרץ קלאַפּן. עס האָט זיך אים גע־דאַכט, אַז ער הערט מענטשן ריידן, גייען האַסטיק און ריידן הויך. ער איז אַריין אין וואַלד, אַוועקגעלייגט זיך אונטערן בוים און געוואַרט. פֿון נעפּל האָבן וואָס אַמאָל דייטלעכער געהערט זיך קולות. באַלד האָט ער דערקענט מאַריס קול. די מויד האָט מיט אַ כּיוון הויך גערעדט, כּדי מאָטקע זאָל דער־הערן, אַז זיי גייען. באַלד האָט ער אויך געהערט קאַנאַריקס קול, ווי ער זאָגט האַסטיק: „רעד ניט הויך, מען קען הערן״, און עס איז מאָטקען אַ וואונדער געווען וואָס קאַנאַריק קען ריידן. מאָטקע איז געלעגן אונטערן בוים אָן אָטעם און די קולות און די טריט האָבן זיך געהערט וואָס אַמאָל נעענטער, באַלד איז עפּעס פֿאַרבייגעפֿלויגן פֿאַר אים ווי אַ שוואַרצער שאָטן, ווי אַ ווינט. מאָטקע האָט לכתּחילה פֿאַרגעסן וואָס ער האָט צו טאָן. ער האָט זיך באַלד דערמאָנט און געגעבן אַ שטילן פֿייף. ער האָט שוין געוואָלט געבן אַ העכערן פֿייף, נאָר ער הערט עפּעס אַ גערודער, און קאַנאַריקס קול, זייער קלאָר, ווי ער וואָלט געשטאַנען פֿאַר אים:

— וואוהין גייסטו, מאַרי? ווער פֿייפֿט?

און מאָטקע האָט פֿאַר זיך געזען אַ שוואַרצן פֿלעק, און דער פֿלעק איז ביי אים געווען אַ טויטע זאַך. דער שוואַרצער פֿלעק האָט אויסגעשריגן:

— אוי, מאַמע!

מאַטקע איז פאַרציטערט געוואָרן פאַר דעם וואָרט „מאַמע". און ער האָט זיך געוואונדערט. וואָס דער שוואַרצער פלעק קען רופן „מאַמע". באַלד האָט אים דער שוואַרצער פלעק געגעבן אַ כאַפּ אָן ביים האַלדז, און דאָס האָט אים געגעבן ענערגיע און מוט, ער זאָל זיך שלאָגן מיט דעם שוואַרצן פלעק.

באַלד האָט ווער אַרומגעוויקלט דאָס פּנים פון שוואַרצן פלעק, און אַ געשריי איז האַלב דערשטיקט געוואָרן צווישן די ביימער אין וואַלד, און האַלב אין אַ טוך. אַז דער שוואַרצער פלעק האָט שוין ניט געקענט אַרויסגעבן פון זיך קיין מענטשלעכע געשרייען „אוי, מאַמע". נאָר עפּעס אַ ווילד כאָרכלען, האָט מאַטקע געקענט אַריינשטעכן אין דעם ווייכן וואַרימען פלעק ווי אין אַ טויטע זאַך. ער האָט זיך געוואונדערט, וואָס פון דעם ווייכן וואַרעמען פלעק שטראָמט אַרויס עפּעס וואַרעמס, פעטס, און דאָס באַגיסט זיין האַנט, און עס איז אָנגענעם, ווען דאָס פעטע און וואַרעמע גיסט זיך אויף דער האַנט. ער האָט קיין צייט ניט געהאַט צו קלערן דערפון, נאָר ס'איז ביי אים דורכגעלאָפן ווי אין אַ חלום. באַלד האָט דער שוואַרצער פלעק שוין ניט אַרויסגעגעבן פון זיך קיין כאָרכלען, און עס איז אומגעפאַלן און איינגעקאָרטשעט זיך, — און עס איז געבליבן ליגן אַ טויטע זאַך.

דענסמאָל איז מאַטקע געקומען צו זיך. ער האָט אויסגעזוכט דאָס פּעקל, וואָס קאַנאַריק האָט געטראָגן אויף די פּלייצעס, ווען מאַטקע איז אים אונטערן אָרעם באַפאַלן, געגעבן עס מאַרין צו האַלטן. דערנאָך האָט ער אָנגענומען קאַנאַריקן ביי אַ פוס און צוגעשלעפּט אים צום טייכל. דאָרט האָט ער אים באַזוכט. ער האָט גאָרנישט געפונען. ער האָט אים אָפּגעבונדן דאָס טוך פון פּנים. — געמאַטערט זיך ניט אַריינצוקוקן אים אין פּנים אַריין, — האָט אים אויפגעריסן דאָס העמד. אויפן לייב אָנגעבונדן האָט קאַנאַריק געהאַט אַ זעקל, אין וועלכן עס איז געלעגן פּאַפּיר־געלט און אַ פּאַס, איינגעוויקלט אין אַ שטיקל פּאַפּיר. אויפן פּאַס האָט מאַטקע זיך מער געפרייט ווי אויפן געלט. ער האָט אויסגעזוכט די שטיינער, וואָס ער האָט אָנגעגרייט נאָך פון פאַרנאַכט, אַרומגעבונדן קאַנאַריקן מיט מאַריס טוך, און אַריינגעשטופּט די שטיינער אין טוך אַריין, האָט ער אים אַריינגעקוילערט אין וואַסער אַריין צווישן געמויזעכטס, — און קאַנאַריק איז פאַרשוואונדן פון דער וועלט.

אָפּגעוואַשן זיך ביים וואַסער, האָט ער באַפוילן דער מויד, זי זאָל זיך אויך גוט אַרומגעוואַשן אין וואַסער. דערנאָך האָט ער אויסגעטאָן זיין צעריסענעם ראָק מיט די שטיוול, געמאַכט דערויס אַ פּעקל, אָנגעלייגט מיט שטיינער און אַריינגעלאָזט אין וואַסער. אין קאַנאַריקס פּאַק האָט ער געפונען זיינע נייע שטיוול מיט די לאַקירטע כאַליעוועס, וואָס קאַנאַריק האָט פון אים אַראָפּגעצויגן אין שענק, און קאַנאַריקס נייעם אָנצוג. ער האָט זיך אויסגעפּוצט אין דעם שפּיגל פון דעם שטערן־באַלויכטענעם וואַסער, וואו קאַנאַריק איז געלעגן. האָט זיך אָנגעטאָן קאַנאַריקס נייעם אָנצוג, די סאַמעט־רויטע אויסגענייטע וועסט, און אָנגעהאָנגען זיך זיין זייגער מיט דער גרויסער זילבער־

נער זעלנערישער קיט. אַז מאָטקע איז שוין געווען אַנגעטאָן, האָט ער גע־נומען נאָך אַ פּאָר שווערע שטיינער און אַריינגעלאָזט אין וואַסער, אויף דעם אָרט, וואו קאַנאַריק איז געלעגן, גענומען קאַנאַריקס פּאַק אויף די פּלייצעס, די מויד ביי דער האַנט און איז געגאַנגען.

— זאָלסט געדענקען, אַז איך הייס מאיר אַהרן קאַנאַריק, און אַזוי זאָלסטו מיך רופן שטענדיק, דו הערסט? זאָלסט ניט פאַרגעסן, — האָט מאָטקע גע־זאָגט דער מויד שטרענג.

— און איך הייס חנה דבורה זילבערשטיין.

— וואָס? פון וועמען?

— קאַנאַריק האָט מיר געקויפט אַ פּאַס פון די קאַטערינאַרזשעס און האָט מיר אים היינט געגעבן, ווען איך בין אַוועק מיט אים. געדענק!

— דאָס איז גוט.

די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע, און מאַרי האָט גאַרניט געהאַט אויף זיך ווי נאָר איר לייכט טיולענעם קאָפטנדל און אַ קליידל אויפן נאַקעטן לייב. עס איז איר קאַלט געווען, זי האָט די גאַנצע צייט געקוקט מיט בענקענדיקע און באַגערנדיקע בליקן אויף מאָטקען. זי האָט געפילט דאָס באַדערפעניש צו ווערן אַרומגענומען, צוגעדריקט פון די שטאַרקע וואַרעמע אָרעמס, וואָס עס האָט אי־בער זיי ערשט גערונען מענטשן־בלוט... צו ווערן באַהויכט פון דעם וואַ־רעמען אָטעם, וואָס האָט ניט לאַנג צוריק געאָטעמט לעבעדיק בלוט... זי האָט זיך צוגעקאָרטשעט צום יונג, איינגעקנאָטן זיך מיט איר ציטערדיק לייב אין זיין ברויזנדיקן קערפּער און געקוקט צו אים מיט קינדישע בעטנדיקע אויגן.

— מאָטקע, מאָטקע לעבן! — האָט זי זיך געטוליעט צו אים.

דער יונג האָט זי אַוועקגעשטופּט פון זיך.

— ניט איצט, קום, מיר דאַרפן אַנטלויפן, עס ווערט שפּעט.

— מאָטקע, מאָטקע איינציקער, שלאָג מיך, טרעט מיך מיט די פיס, און איך וועל דיינע הענט קושן. טו מיט מיר וואָס דו ווילסט.

— ווי הייס איך? — האָט זי מאָטקע געשלאָגן מיטן פויסט אין פּנים אַריין, — ווי הייס איך? האָסט פאַרגעסן?

— קאַ—נאַ—ריק! מיין ליובאָווניק קאַ—נאַ—ריק!

אין דעם וואַסער, וואָס איז געלעגן ניט ווייט פון זיי, האָט זיך עפּעס באַ־וועגט, — דאָס וואַסער האָט אויפגעציטערט און געפּאַטשט אומרואיק צווישן דעם גרינס און די קוויטשערס, ווי עס וואָלט זיך דאָרט ווער אויפגעכאַפּט און אַרויסגעקוקט ביי דעם נאָמען קאַנאַריק, וואָס האָט זיך געהערט אין וואַלד.

מאָטקע און מאַרי האָבן ניט געהערט דאָס ציטערן אין וואַסער. זיי האָבן זיך ביי די הענט אָנגענומען און געגאַנגען מיט פלינקע טריט צו דער נעענט־סטער סטאַנציע, — צו פאָרן קיין וואַרשע, אויף דעם אַדרעס, וואָס מאַרי האָט צווישן די בריסט געהאַט פאַרשטעקט.

# 1

אין אַ ווינקל פון דער גרויסער וואַרשע איז נאָך איבערגעבליבן אַ רעשט פון דער מיטלאַלטערישער שטאָט. די אַלטע וואַרשע באַשטייט פון הויכע שמאָלע אַלטע הייזער, וואָס אונדזערע זיידעס פאַר הונדערטער יאָרן האָבן זיי אויפֿגעשטעלט. איין הויז איז אָנגעמויערט אין צווייטן, און קוים רירט מען איינס, וועלן די אַנדערע צעפֿאַלן. זיי האָבן קיין הויף, קיין פענצטער, קיין ליכט, נאָר יעדער הויז איז ווי אַ לאַבירינט. לאַנגע פינצטערע קאָרידאָרן פירן דורך סודותפולע וועגן אין די שטובן פון די הייזער. און די וועגן ווייסן נאָר די אַלטע איינוואוינער פון די הייזער. וועלכע זיינען אין זיי געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן. אונדזער איינער, אַז ער פאַלט אַריין אין אַזאַ הויז, מיינט ער, אַז ער איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין אַן אַלטן קלויסטער, וואָס פון די ווענט שמעקט די אינקוויזיציע, און אַ שרעק באַפאַלט אים פון די הויכע רונדיקע באַלקנס, וואָס בייגן זיך אַרום זיין קאָפּ, פון די שוואַרצע כמורע ווענט, וואָס רינגלען אים אַרום, און ער בלייבט שטיין אין מיטן וועג פאַר פינצטערניש און שרעק.

און ניט נאָר די הייזער, — דער גאַנצער טייל אַלט־שטאָט מאַכט אַזאַ רושם. אין מיטן מאַרק, אין אַן אַלטן אויסגעטריקנטן ברונעם, וואָס איז אַמאָל געווען דער שטאָלץ פון וואַרשע, שטייט די וואַרשעווער וואַסער־נימפע, האַלב־פרוי, האַלב־פיש, דער סימבאָל פון דער וואַרשעווער שטאָט. אַרום איר, אַרום דער וואַסער־נימפע, וואָס איז גיכער אַ סימבאָל פאַר דער וואַרשעווער הפקר־פרוי, איידער פאַר דער שטאָט, שטייען אין ענגשאַפט די הייזער ווי אַלטע, אַלטע זיידעס, הויכע און שמאָלע ווי סוכאָטניקעס, יעדער הויז אין אַן אַנדער קאָליר אָפּגעפאַרבט, מיט די הערבן פון די אַלטע צעכן אויף זיי. אין מאַרק זיינען אויפגעשטעלט בוידן און שטעלן, און ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַזאַ אַלטן טייל שטאָט, איז דאָ דער מאַרק פון אַלטוואַרג. איר קריגט דאָ צו קויפן פון אַלטע אָפּגעניצעוועטע לעפל ביז אַ פּאָר אַלטע שטיוול. און איינער קומט דאָ אָן, אַן אָפּגעריסענער, און גייט אַרויס אַ באַקליידעטער מיט אַ פּאָר שטיוול, וואָס זיינען געניייט געוואָרן פאַר פינף יאָרן אין פּאַריז, מיט אַ ראָק, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין אַ ניו־יאָרקער שאָפּ, און מיט אַ הוט, וואָס איז געקויפט געוואָרן אין אַ בערלינער קראָם, — און דאָס אַלץ האָט ער געקויפט פאַר קליינגעלט, און עס איז אים נאָך געבליבן אויף מיטיק.

אין איינעם פון די הייזער, וואָס האָט געטראָגן דעם שטאָלצן נאָמען „דער שיף־אַנקער" און איז טאַקע געווען באַצייכנט מיט אַ שיף, גרין אָפּגעפאַרבט אויף אַ רויטן הינטערגרונט, האָט זיך געפונען דאָס טיי־הויז „קאַפּע וואַר־שאַווסקי". בייגאַכט איז די „קאַפּע וואַרשאַווסקי" באַלויכטן מיט צוויי רויטע לאַמטערנעס, וועלכע ברענען אונטער דער שילד מיט דער גרינער שיף, און אויף דריי־פיר שטולן, וואָס שטייען אין דרויסן פאַר דער „קאַפּע וואַרשאַווסקי" זיצן אויסגעזעצט מיידלעך, יונגע און עלטערע, אין אַ מאָדנער נעגליזשע, האַלב אויסגעטאָן, אין ווייסע קאָפּטנדלעך און ווייסע ספּאָדניצעס, אָפּט קורצע, און ווייזן אַרויס די רויטע, בלויע, שוואַרצע זאָקן און די וואַרשעווער געטאָקטע שיכעלעך. ביי אַ טייל האָבן זיך די האָר צעלאָזט, ביי אַ טייל זיינען די האָר אַרומגענומען מיט רויטע בענדער, און ביי די עלטערע און דיקע האָבן זיך די קאָפּטנדלעך אויפגעשפּילעוועט, — און צופעליק ווייזט זיך אַרויס אַ באַ־לייבטע געהויבענע ברוסט. נאָר די עלטערע אַליין זיצן אַזוי שווער און אומ־באַוועגלעך אויף די שטולן פאַר דער „קאַפּע וואַרשאַווסקי". די ייִנגערע און די שענערע לויפן אַרום אויף די טראָטואַרן, לאָזן פליען זייערע צעלאָזטע האָר, לאָזן אַרויסווייזן זיך זייערע נאַקעטע בריסט און זייערע געטאָקטע שטאַרקע פיס, וואָס הויבן זיך פון די קורצע קליידלעך, און כאַפּן אָן די דורכגייערס ביי די אַרעמס.

און די גאַס איז דענסמאָל באַלעבט. פאַר פיל אַזעלכע אַלטע כמורע הייזער ברענען רויטע לאַמטערנעס און באַלייכטן די אַלטע הערבן פון די פאַר־צייטיקע צעכן. פאַר פיל טירן פון אַזעלכע קאַפּייען זיצן אויסגעזעצט מיידלעך אין אַזעלכע מאָדנע שלאָפּשטוב־קאָסטיומען, און פיל יונגעלייטלעך און על־טערע מענטשן, ציווילע און רעגירונגס־לייט אין פאַרשיידענע אוניפאָרמען, יונגע און אַלטע, באַלעבן אין די אָוונטן די טראָטואַרן פון דער אַלטער שטאָט. אָפּטמאָל שפּילט אַ קאָטערינקע פאַר אַ הויז, און קינדער טאַנצן אַרום. אַמאָל הערט זיך אַ האַרמאָניקע. דאָס זיצט דער סטרוזש פאַרן הויז מיט אַ שיקסע אין די אַרעמס, שפּילט זיך מיט הנאה אַ מעלאַנכאָלישע פּוילישע מאַזורקע און היט דאָס הויז, אַז קיין גנבים און קיין אומגעמאָלדענע מענטשן זאָלן ניט אַריינקומען. ער לאָזט אָבער אַריין די מיידלעך מיט די געסט, וואָס זיי פירן פון דער גאַס און פאַרשווינדן אין פינצטערן לאַבירינט פון אַזאַ הויז.

דאָס איז אַלץ אין אָוונט. איצט איז אָבער טאָג, דער מאַרק פון דער אַלטער שטאָט איז פול מיט סוחרים און קונים. אַלץ איז דאָ אַ סחורה, אַלץ פאַרקויפט מען און אַלץ קויפט מען דאָ. עס שטייט אַ זעלנער מיט ראָזעוואַנע ברויט, אַן אַנדערער מיט קאַזיאָנע לייוונט צו פאַרקויפן. אַ ייִד מיט אַלטע שירעמס און אָפּגעניצעוועטע קראַגנס, אַ ייִדענע מיט אַלטע ווייבערישע קליי־דער. דער מאַרק איז פול מיט קונים, און מען קויפט און מען טוט אָן די געקויפטע זאַכן באַלד אויפן אָרט. טייל מאַכן אַן אויסבייט: לאָזן איבער די אָפּגעטראָגענע זאַכן פאַר אַ ברויט, פאַר אַ פעקל פּאַפּיראָסן. און אַמאָל גייט

איינער אַוועק פון דעם מאַרק אינגאַנצן אָן אַ ראָק, — פּאַר אַ טרונק בראָנפן. אַזוי ווייט ווי די פאַרגעשריבענע אַנשטענדיקייט לאָזט צו, גייט אָן דער האַנדל, — ביז צו די הויזן: אָן הויזן קען מען, ווי באַוואוסט, אין מאַרק ניט אַרומ־דרייען זיך. און די נימפע, די וואַרשעווער וואַסער־נימפע, וואָס שטייט אין דעם אויסגעטריקנטן ברונעם, האָט שוין געזען ניט איין נאַקעטן קערפּער. און ווען זי וואָלט ניט געווען געמאַכט אויס קופּער, וואָלט זי זיך געררויטלט פון בושה פאַר די פאַרשיידענע סצענעס, וואָס עס קומט איר אויס צוצוזען.

אין „קאַפע וואַרשאַווסקי” איז איצט שטיל. איינזאַם זידט דער גרויסער סאַמאָוואַר אין אַ ווינקל, און די פליגן עסן זיך רואיק דעם קעז, די קיכעלעך, דאָס אַנדערע געקעכץ, וואָס ליגט אויסגעלייגט אין פענצטער. אין קאַפע אַליין ווייזט זיך קיינער ניט, נאָר אין אַ הינטער־שטיבל, וואָס האָט קיין פענצטער ניט, נאָר אַ קליינעם לופטשיק, וואָס גייט אַרויס אין אַן אַנדער שטוב, — די שטוב האָט יאָ אַ פענצטער, וואָס באַלייכט זי גאַנץ מאָט מיט אַ פאַרנאַכט־לעכן שימער, — ביי אַ ווייסן לאַנגן טיש זיצן אַ פּאָר אַנדערע מיידלעך, צי ווייב־לעך, און טרינקען טיי. טייל פון זיי זיינען נאָך אין נאַכט־קליידער, כאָטש עס איז שוין אַ שטיק נאָך מיטיק, — איינע אין אַ העמד, די צווייטע אין אַ שלאָפ־ראָק. טייל מיט צעלאָזטע האָר, וואָס זיי טריקענען אין דער לופט. אין שטוב פילט זיך אַ ריח פון פודער און שלעכטע פּערפומען. די „לאָוויטשערין” האָט אַראָפּגעבראַכט פון דער הייך פון איר צימערל, וואו זי וואוינט, אַ האַלבן טוץ באַטיסטענע העמדער, מיט זשיראַדאָווער טישטיכער און האַנטיכער, וואָס זי האָט אָנגעזאַמלט אין איר קאַרב, און האָט געוויזן די שיינע דעסנס, אין וועלכע עס איז געווען איר נאָמען אויסגעהאָפטן. די מיידלעך האָבן באַטראַכט די אַרבעט, געפּרוּווט טרעפן וויפל די לאָוויטשערין האָט באַצאָלט פאַר די ליילעכער מיט די טישטיכער, און דאָס ווייסצייג איז אַרומגעגאַנגען פון איין האַנט אין דער צווייטער.

די נייס, אַז די לאָוויטשערין האָט זיך ווידער געקויפט ביי וועש, האָט אַרויסגערייצט די בעל־הביתטע פון דער קיך, וואו זי איז געשטאַנען און האָט געקאָכט מיטיק פאַר די קינדער, וואָס דאַרפן באַלד פון חדר אַהיים קומען. די בעל־הביתטע איז אַרויסגעקומען פון קיך מיט אַ צעפלאַמט פּנים, אַ דיקע, פעטע וואַרשעווער יידענע מיט אַ פעטן האַלדז און פעטע פינגער. זי האָט מיט פרייד אויך גענומען באַטראַכטן די פרישע גלאַנצעדיקע טישטיכער און האַנ־טיכער. ווי אַ טיכטיקע וואַרשעווער, האָט זי ניט געקענט גלייכגילטיק זיין צו וועש.

— וואָס ווילסטו טאָן מיט אַזוי פיל וועש, דאַבריש? — האָט די בעל־הביתטע געפרעגט די לאָוויטשערין מיט אַ באַהאַלטן שמייכעלע אין די פעטע פאַלדן אויף איר גרויס פּנים און מיט אַ וואונק צו די אַנדערע מיידלעך, וואָס האָט אויסגעדריקט אי שפּאַס, אי אַ ביסל קנאה אויף דעם וועש. —

האָסט דאָך שוין אַזוי פיל, אַז דאָס וועש פוילט דאָך ביי דיר אין קאַסטן. דו ניצסט דאָך עס ניט.

— שאַט ניט, זאָל עס פוילן. עס וועט קומען אַמאָל אַ צייט, אַז איך וועל עס ניצן אויך.

— הלוואַי, פון מיינעט וועגן, — האָט די בעל־הביתטע פון „קאַפע וואַר־שאַווסקי" געזאָגט, ווידער מיט דעם זעלבן שמייכל, און געוואָלט אַריינגיין צוריק אין קיך אַריין. עס האָט זי אָבער אָפּגעשטעלט גנענדל דער זשאַכלי־נערינס שטימע:

— גיב נאָר אַ קוק ווי עס אַרט איר, ווען אונדזער איינע קויפט זיך וועש. זיי אַליין מעגן זיך נאָר קויפן אויסשטייערס, בעל־בתישקייט. שאַט ניט, דאָבריש. ניץ עס געזונטערהייט.

די בעל־הביתטע פון קאַפּעהויז איז ניט געווען די בעל־הביתטע פון דעם „הייזל", צו וועלכן די מיידלעך האָבן געקערט. די מיידלעך האָבן געקערט צו אַנדערע בעלי־בתים. אין דעם קאַפע זיינען זיי נאָר אַריינגעקומען, ווייל דאָרט איז געווען זייער „בערזע". זיי פלעגן דאָרט פאַרברענגען בייטאָג, ביז מען טוט זיך אָן פאַר דער נאַכט. און פאַר גנענדל דער זשאַכלינערין האָט די בעל־הביתטע פון קאַפע־הויז מורא געהאַט. ערשטנס, האָט די זשאַכלינערין אַ גרויס מויל, און צווייטנס, האָט אין שכנותדיקן הויז זיך אויפגעעפנט אַן אַנדער קאַפע־הויז, אַ קאָנקורענט. און מיידלעך פון אַנדערע הייזלעך האָבן אָנגעהויבן דאָרט פאַרקערן.

— איך מיין דען עפּעס? פון מיינעט וועגן, וואָס האָט זי זיך אָנגעטשעפעט אָן מיר? זאָל זי זיך דאָס גאַנצע געוועלב אויסקויפן. — און די בעל־הביתטע איז צוריק אַריין אין קיך.

— וואָס וועסטו טאַקע טאָן מיט די טישטיכער און סערוועטן, וועסט דאָס דען אַמאָל ניצן? אַך, איך האָב ליב אַ שיינעם קאַפּעלוש און אַ שיינע פּאַלערינע, דאָס איז פאַר מיר. אָבער אויסגעהאַפטענע טישטיכער, — דאָס איז גוט פאַר אַ בעל־הביתטע, וואָס פירט אַ היים, ניט פאַר אונדזער איינער, — האָט זיך אָנגערופן יענטעלע דער ממזר.

די מיידלעך האָבן אונטערגעשמייכלט. זיי האָבן געוואוסט פון דער לאַ־וויטשערינס שוואַכקייט צו קויפן זיך בעל־הבתישקייט, טייער וועש פאַר דעם אָפּגעשפּאָרטן גראָשן, וואָס זי גיט ניט אויס אויף קיין קלייד, אויף קיין שוך, און ווי זי קען נאָר פון אַ גאַסט ציען אַ גראָשן, גיט זי עס אויס פאַר בעל־הבתישקייט, כאָטש דאָס בעל־הבתישקייט האָט געפוילט ביי איר אין קאַסטן. אפשר האָט זי נאָך געהאַט אַ האָפענונג אַמאָל עס צו באַנוצן, ווען זי וועט חתונה האָבן און פירן אַן אָנשטענדיק לעבן, ווי עס איז די האָפענונג פון די מערסטע אַזעלכע מיידלעך, און אפשר האָט זי די האָפענונג שוין אַליין אויך ניט געהאַט, נאָר עס איז ביי איר געווען אַ מין שפּיל, מחמת ווען קיינער איז ניט געווען בייטאָג, פלעגט זי ליב האָבן אַרויסנעמען די אָנגעקויפטע זאַכן

פון קאַסטן און אויפראַמען איר שטיבל, ווי זי וואָלט געהאַט אַ מאַן און גע־פירט אַ בעל־הבתיש לעבן. זי האָט אויף איר קליינעם טיש אויסגעלייגט אַ ריין טישטוך, אויפגעשטעלט דעם נייעם קופּערנעם סאַמאָוואַר, אָנגעהאָנגען די בילד־לעך אויף דער וואַנט, אויסגעשפּרייט אַן אויסגעהאַפּטענע זיידענע קאָפּע אויפן בעט. און פאַרנאַכט, ווען מען האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן אויף געסט, האָט זי די זאַכן צוריק צוזאַמענגענומען און באַהאַלטן אין קאַסטן אַריין...

נאָר באַלד איז דער שמועס איבערגעהאַקט געוואָרן. אין קאַפע־הויז איז אַריינגעקומען אַ מיידל פון אַ יאָר אַכט, אַרומגעהילט אין אַ גרויסער שאַל, וואָס העלפט דערפון האָט זיך איר נאָכגעשלעפּט אויף דער פּאַדלאָגע און פון דער צווייטער העלפט האָט אַרויסגעשטאַרט ווי אַ קליין חיהלע דאָס קעפּל פון אַ קינד, וואָס דאָס מיידל האָט געהאַלטן אין איין האַנט. אין דער צווייטער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ בלעכענעם טשייניק. מיט אַ הייזעריקער שטימע, וואָס קומט פון אַ פאַרשטאָפּט נעזל מיט אַ באַלייגטן האַלדז, אויף אַן עכט וואַרשעווער לשון, וואָס האָט געקלונגען ווי געזונגען, האָט דאָס מיידל געזאָגט:

— פאַר אַ צווייער געזאָטן וואַסער!

— חנהלע, חנהלע, אַ קונה איז דאָ! — האָט איינע פון די האַלב־נאַקעטע מיידלעך אַריינגערופן אין קיך אַריין, וואו די בעל־הביתטע איז געווען.

פון דער קיך איז אַרויסגעקומען אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן־ניינצן, אָנגעטאָן געוויינטלעך, ווי יעדער אַנדער לעבעדיקער מענטש, נאָר דאָ, צווישן די האַלב־נאַקעטע מיידלעך, וועלכע זיינען געזעסן אין זייערע נאַכט־העמדער און שלאָף־רעק, האָט דאָס מיידל, וואָס מען האָט גערופן חנהלע, אין איר רויט־בלויען קאַרטענעם סטאַניקל מיט די גלאַטע פאַרקעמטע האָר, מיט די צעפּלאָכטענע צעפּ און מיט דעם פרישן, נאַטירלעכן פּנים, אויף וועלכן עס איז ניט גע־לעגן קיין פאַרהאַרטעוועטער, געבראָכענער פּודער, ווי ביי די אַנדערע מיידלעך, זיך אויסגענומען ווי אומנאַטירלעך און מאָדנע. זי האָט אויסגעזען ווי אַן אָנ־געטאָנענע צווישן נאַקעטע. חנהלע האָט גענומען פון דעם קינד, וואָס האָט גע־האַלטן נאָך אַ קלענער קינד אין האַנט, דעם בלעכענעם טשייניק און איז גע־גאַנגען אין קאַפע־הויז אָנגיסן געזאָטן וואַסער פון זודיקן סאַמאָוואַר.

— וואָס מאַכט די מאַמע? — האָט גנענדל די זשאַכלינערין געפרעגט דאָס קליינע מיידל.

— איך ווייס ניט, די מאַמעשי ליגט אין בעט און דער טאַטעשי איז ניטאָ, — האָט דאָס מיידל ווידער געזאָגט אין אַ קינדערשן געזאַנג מיט אַ הייזעריקער שטימע.

— גיב איר, חנהלע, אַ קעז־קיכל. דאָ האָסטו אַ פּירער, — זאָגט די זשאַכלינערין, אַרויסנעמענדיק אַ בייטעלע פון איר זאַק און אַוועקלייגנדיק אַ קופּערנע מטבע אויפן טיש.

חנהלע איז צוגעגאַנגען צום פענצטער. אין פענצטער איז געוואָרן אַ רעש פון די צעפלויגענע פליגן, וואָס חנהלע האָט דערשראָקן מיט איר האַנט. זי

האָט אַרויסגענומען אַ קעז־קיכל און עס דערלאַנגט דעם מיידל. דאָס מיידל האָט עס צוגענומען אָן ווערטער.

— פאַר מיר אויך.

— פאַר מיר אויך, — האָט זיך געלאָזט הערן פון אַלע זייטן, וואו די מיידלעך אין די נאַכט־העמדער זיינען נאָר געזעסן. חנהלע האָט אָנגעלייגט דעם קינד אין טוך אַריין קעז־קיכלעך וויפיל זי האָט נאָר געקענט דערטראָגן.

— זע נאָר, דו זאָלסט ניט פאַלן מיטן קינד, — שרייט איר נאָך די זשאָכלינערין.

— גיי פאַמעלעך, דו הערסט? — זאָגן אַנדערע מיידלעך.

— אַ רחמנות אויף דעם פאַפּיראָסניק. דאָס ווייב קרענקט שוין דעם זיבעטן חודש, און אַ פולע שטוב מיט קינדערלעך. דאָס האָט מען פון חתונה האָבן, — זאָגט די זשאָכלינערין, — און ווישט זיך אָפּ פון פּנים מיט אַ טיכל דעם נעכטיקן פודער.

— ניט אַלע מענער זיינען דאָך אַזעלכע שלים־מזלניקעס ווי דער פּאַ־פּיראָסניק, — רופט זיך אָפּ אין אַ ווינקל די לאָוויטשערין, וועלכע לייגט צונויף איר וועש.

באַלד האָט די טיר פון קאַפע־הויז זיך אויפגעעפנט מיט רעש, און אַ פּאָר יינגלעך, ווי אַ צווילינג, האָבן געגעבן אַ שפּרונג אַריין, געוואָרפן מיט די הענט, מיט די קאַפּאָטעס, מיט די קאַשקעטלעך און מיט די סידורים, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט.

— מאַמע, גיב אונדז עסן! — האָבן די יינגלעך אויסגעשריגן שוין ביי דער טיר.

— שלמהלע, קום נאָר אַהער, — רופט די לאָוויטשערין צו אַ יינגל.

— ניין, שלמהלע, קום צו מיר, אָט האָסטו אַ צווייער, אַז דו וועסט אַהער גיין, — זאָגט די זשאָכלינערין און נעמט אַרויס אַ צווייער פון זאַק.

— שלמהלע, איך וועל דיר קויפן אַ מעסערל, אַז דו וועסט אַהער גיין.

דאָס יינגל איז געשטאַנען אין מיטן, האַלב רויט פון דער וואַרעמקייט, וואָס איז אים געקומען פון לויפן, געקוקט מיט די בלישטשענדיקע אייגעלעך און ניט געוואוסט וואוהין צו גיין, נאָכן צווייער צי נאָכן מעסערל.

— שלמהלע, קום עסן, — האָט אים פּלוצלינג אָנגענומען חנהלע ביי דער האַנט און האַלב מיט געוואַלד אין קיך אַריינגעשלעפּט.

— גיב נאָר אַ קוק, ווי זי האָט מורא, איך וועל אים אַ שטיק אָפּבייסן, — קרימט זיך די זשאָכלינערין.

דאָס יינגל האָט נאָך מיט די בלישטשענדיקע אויגן געקוקט צום צווייער, וואָס די לאָוויטשערין האָט געהאַלטן, און איז אָן ווילן אַרויס פון שטוב.

אין קאַפע־הויז איז ווידער געוואָרן אַ באַוועגונג. עס זיינען אַריין צוויי פרעמדע מענטשן. לויט זייער אָנשטענדיקן אויסזען און אָנשטענדיקער קליי־דונג, זיינען זיי, קענטיק געווען זייער זעלטענע געסט אין קאַפע־הויז. די מייד־

לעך האָבן זיך צוריקגעצויגן אין אַ ווינקל. טייל פון זיי האָבן זיך פאַרריכט די האָר, די קליידער, און געקוקט מיט פינקלדיקע אויגן. די בעל־הביתטע איז אויך אַריינגעקומען פון קיך, זיך גלייך געמאַכט די האָר. זי איז אַנטקעגן געגאַנגען די פרעמדע אומגעוויינטלעכע געסט. די בעל־הביתטע איז בלייך געוואָרן, אַביסל דערשראָקן פאַר די פרעמדע מענטשן. נאָר באַלד האָט זיך געוויזן אַ באַקאַנט פנים. וועלוול דער רויטער האָט מיט זיין הייזעריקער און באַסאָווער שטימע אַריינגערופן אין דער טונקעלער שטוב אַריין:

— קאַנאַריק איז דאָ ניטאָ?

די מיידלעך און די בעל־הביתטע האָבן זיך באַרואיקט, דערהערנדיק די באַקאַנטע שטימע פון וועלוול דעם רויטן, דעם בעל־הבית פון „הייזל", און האָבן אָפּגעענטפערט:

—, דאָ איז ער, ער שלאָפט. — זיי האָבן געוויזן אויף אַ טונקל ווינקל פון קאַפּע־הויז, וואָס איז אינגאַנצן געווען איינגעוויקלט אין פינצטערניש, און אויסגערופן:

— קאַנאַריק! קאַנאַריק! מען רופט דיך!

פון אַ זאָפע איז אַראָפּגעקראָכן אַ הויכער יונג, אַרויסגעקומען פון דער פינצטערניש. די לאַקירטע כאָליעוועס פון זיינע שטיוול האָבן אָפּגעגלאַנצט אין דער טונקלקייט. זיין שוואַרצע גריווע איז געווען צערודערט, און אַ פּנים האָט ער געהאַט אַ זויערס, כאָטש אַן אויסגעשלאָפנס, אַ כיטרע, מיט צוויי קליינע וואָנצעלעך. ער האָט זיך גלייכגילטיק די אויגן אויסגעווישט מיט די הענט, אַרומגעקוקט זיך, אַ פאַרוואונדערטער, ווי ער וואָלט דאָ פּלוצלינג אַריינגעפאַלן, און געפרעגט מיט אַ יונגער קלאָרער שטימע, וועלכע איז געקומען פון אַ שטאַרקער ברוסט:

— ווער רופט מיך?

אין דער שטימע האָט מען אים דערקענט: מאָטקע גנבס שטימע.

## 2

מאָטקע גנב האָט אָנגעקוקט די צוויי מענטשן, וואָס וועלוול האָט אַריינגעבראַכט אין קאַפּע־הויז. איינער פון זיי, דער עלטסטער, איז געווען אַ נידעריקער, אַ דינלעכער, מיט אַ פּאָר שוואַרצע פינקלדיקע אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף אַלע און אַלץ מיט פאַראַכטונג און חשד, ווי איינער וואָס איז זיכער אין זיין וועלט און האָט אַלץ אין דער ערד. אַ גראָבן ציגאַר האָט ער געהאַלטן אין די ציין, וואָס זיינען שוואַרץ געווען פון רויכערן. געהוסט הייזעריק איטלעכע וויל און געשפיגן. דערפאַר האָבן פון אים אַראָפּגעבליצט ברילי‌אַנטן. אַ ברי־ליאַנטענע האַרף אין קראַוואַט, וואָס האָט צו וויסן געגעבן, אַז דער מענטש

שטייט נאָענט צו דער קונסט. גרויסע בריליאַנטענע רינגען אויף די קורצע, דיקע פינגער. נאָר דעם גרעסטן בריליאַנט, אין פּלאַטין איינגעזעצט, האָט ער געטראָגן אויפן קליינעם פינגער, וואָס ער האָט געהאַלטן אויס געוואוינהייט אין אין אייין רייבן אין זיין סאַמעטענער שרייענדיק־רויטער וועסט און איינגעקוקט זיך מיט האַלב־פאַרמאַכטע אייגעלעך אין זיין גלאַנץ.

דער צווייטער איז געווען אַ פיל יינגערער, אַ שיינער הויכער יונגערמאַן, אַנגעטאָן אין אַן עלעגאַנטן אַנצוג, די הענט אויך מיט בריליאַנטן געצירט, נאָר קלענערע. און ער האָט געהאַלטן אין איין קאָקעטירן מיט די שוואַרצע וואָנצע־לעך, וואָס זיינען געווען געשניטן ענגליש־דזשענטלמעניש.

דער יינגערער האָט געקוקט מיט גרויס דרך־ארץ אויפן עלטערן, און ער האָט אים געהאַלטן אין איין טיטולירן: „פּאַן דירעקטאָר".

מאַטקע האָט זיי שוויגנדיק באַטראַכט, אַ ביסל אומרואיק און פאַרוואונדערט, וואָס אַזעלכע וואַזשנע לייט האָבן עפּעס צו אים אַ געשעפט, ער האָט דאָך זיינע געפילן ניט אַרויסגעוויזן. ער האָט נאָר געקוקט מיט אַ ברוגזדיקן בליק אויף וועלוול דעם רויטן, וואָס ער האָט אים גערופן, און געפרעגט שטום: וואָס איז?

— הער אויס, קאַנאַריק: דאָ איז אַ געשעפט פאַר דיר. אַז דו וועסט זיין אַ קלוגער, קענסטו אַ גראָשן כאַפּן, נאָר דו מוזט זיין קלוג און פאַרשטיין אַן עסק.

— וואָס איז עס פאַר אַ געשעפט? לאָמיך הערן, — האָט מאַטקע געזאָגט. געמיינט אַז ער טוט דאָס גאַנץ רואיק, נאָר די אומרואיקייט זיינע און דאָס וועלן וויסן, וואָס עס האָבן די מענטשן צו אים, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פון זיין באַ־וועגונג.

דער עלטערער, דער „פּאַן דירעקטאָר", האָט מאַטקען באַטראַכט פון אַ זייט, אים דורכגענומען מיט זיינע קליינע פינקלדיקע אייגעלעך, וואָס ער האָט זיי צוזאַמענגעקנייטשט, ווי ער וואָלט געוואָלט דערגיין אינגאַנצן, ווער קאַנאַריק איז. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעהוסט, אויסגעשפּיגן, ווי עס וואָלט געווען אַ צייכן, אַז ער ווייסט שוין, און האָט זיך אַנגערופן, אַרומקוקנדיק זיך מיט פאַראַכטונג אויף דעם קאַפע־הויז:

— ניטאָ וואו זיך אַוועקצוזעצן. וואָס קען מען דאָ קריגן?

— חנהלע, חנהלע, קום נאָר אַרויס, — האָט וועלוול אַריינגערופן אין שטוב אַריין.

— חנהלע, חנהלע! — האָט מען געהערט פון אינעווייניק רופן.

באַלד איז אַרויסגעקומען חנהלע מיט אַ האַנטוך אויפן אַקסל. פאַרוואונ־דערט און דערשראָקן, האָט זי אַנגעקוקט די פיינע לייט, און די שרעק האָט גע־רויטלט אירע יונגע, פרישע באַקן און אויפגעגלאָנצט אירע שוואַרצע, יונגע אויגן.

— מאַך אַן אָרט וואו זיך אַוועקצוזעצן. זעסט דאָך ווער עס איז דאָ, — האָט וועלוול געריבן פאַר פרייד זיין פּלאַטשיקע נאָז, ווייזנדיק מיט די אויגן אויף די בכבודע געסט.

חנהלע האָט פלינק מיטן האַנטוך איבערגעריבן דאָס טישל, אַוועקגעשטעלט אַ פּאָר שטולן. אַלע האָבן זיך אַרומגעזעצט. דער דירעקטאָר האָט מיט די זעלבע קליינע אייגעלעך, וואָס ער האָט פריער באַטראַכט מאָטקען, איצט דורכגעלע־כערט דאָס רירעווודיקע מיידל. דערנאָך, אַז דער דירעקטאָר האָט זיך געהאַט אַוועקגעזעצט, אַביסל אָפּגערוקט פון טיש, האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ גוט־מוטיק שמייכעלע:

— אַנו, זאָל זי דערלאַנגען אַ פלאַש שאַמפּאַניער, נאָר אַן עכטע מייסטער־מאַרקע.

— חנהלע, האָסט שאַמפּאַניער? — האָט וועלוול געפרעגט מיט אַ שפּאַסיקן טאָן, וועלנדיק צופרידן שטעלן דעם „פּאַן דירעקטאָר".

חנהלע איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב און האָט ניט געוואוסט, וואָס מען פאַרלאַנגט פון איר.

— וואָס זאָל איך געבן? — האָט זי געפרעגט בייז און רויט ווערנדיק.

— גיב שוין דאָרט דייך טיי מיט די קעז־קיכלעך, וואָס דו האָסט, — האָט דער יונגערמאַן, דעם דירעקטאָרס אַדיוטאַנט, געזאָגט מיט אַ באַפעלערישן טאָן.

— ווער איז דאָס? — האָט דער „דירעקטאָר" געפרעגט, איינקוקנדיק זיך מיט די קורצזיכטיקע אייגעלעך אין זיין גרויסן בריליאַנט פון קליינעם פינגער, ווי ער וואָלט ניט געווען געמיינט חנהלען, נאָר דעם בריליאַנט.

— זי איז דער בעל־הביתטעס טאָכטער. די מוטער אירע האַלט דאָס דאָ דאָס קאַפע־הויז.

— און זי דרייט זיך אַרום אויף גאַטס וועלט און טוט גאָרניט. אַ שאָד, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט ווי פאַר זיך.

— יאָ, זי איז אַ בעל־הבתיש קינד, די מוטער היט זי ווי דאָס אויג אין קאָפּ, — האָט וועלוול ווייטער דערציילט.

— נו, זאָל זי זי היטן. וואָס זיצט מען? — האָט דער דירעקטאָר געפרעגט אומגעדולדיק, מיט אַ קאַפּריז.

— קאַנאַריק, דו ווייסט, ווער דער פּאַן איז? — ווייזט וועלוול דער רויטער אויפן „פּאַן דירעקטאָר".

— ניין, איך ווייס ניט, — האָט מאָטקע אָפּגעענטפערט בייז און צערודערט. די געזעלשאַפט, אין וועלכער ער איז ניט געוואוינט געווען, האָט אים נערוועז געמאַכט.

— דאָס איז דער פּאַן דירעקטאָר פון קאַפעשאַנטאַן „אַקוואַריום". דו ווייסט, וואָס דאָס הייסט?

— ניין, איך ווייס ניט, — האָט ווידער מאָטקע אָפּגעענטפערט בייז.

— צו דעם מענטשן אין שאַנטאַן קומען אַריין אַזעלכע געסט, ווי דער פּאָליצמייסטער. די העכערע נאַטשאַלסטוואָ קומען אַהין אַריין. דו ווייסט, וואָס דאָס הייסט?

— דער פּאָליצמייסטער אַליין? און דער גובערנאַטאָר ניט? אַלע העכערע אָפיצירן מיט די פּאָלקאָווניקעס, דער גאַנצער וואָיענסקי שטאָב קומען אין „אַקוואַריום״ טרינקען שאַמפּאַניער און זען די שאַנסאָנעטקעס אַרבעטן, — האָט געזאָגט מיט שטאָלץ דער שיינער יונגערמאַן.

דער פֿאַן דירעקטאָר, וואָס דער שמועס איז געגאַנגען וועגן אים, האָט גאַנץ גלייכגילטיק אַריינגעקוקט אין דעם ברילִיאַנט פֿון זיין קליינעם פֿינגער.

— ביי דעם פֿאַן דירעקטאָר אַרבעטן די גרעסטע אַקטריסעס, די גרעסטע טענצערינס פֿון דער וועלט. פֿאַרשטייסט? און ביי אים, אַז עס טאַנצט אַ שאַנ־סאָנעטקע, קריגט זי אַ נאָמען איבער דער וועלט און קען קריגן טויזנטער דער־נאָך. די גרעסטע שאַנסאָנעטקעס קומען צו פֿאָרן קיין וואַרשע און בעטן זיך ביים פֿאַן דירעקטאָר, ער זאָל זיי לאָזן טאַנצן אין זיין שאַנטאַן, כּדי זיי זאָלן קריגן אַ נאָמען.

חנהלע האָט דערווייל אַריינגעבראַכט אויף אַ טאַץ טיי מיט קעז־קיכלעך און דאָס אָוועקגעשטעלט פֿאַר די געסט.

— נו, דער שאַמפּאַניער איז דאָ? — האָט דער דירעקטאָר געפֿרעגט און ווידער גענומען באַטראַכטן חנהלען מיט זיינע צוזאַמענגעקנייטשטע אייגעלעך. דאָס מיידל האָט זיך געריוועלט אונטער זיין בליק, אירע הענט האָבן געציטערט און איבערגעגאָסן די גלעזער מיט טיי, וואָס זי האָט אָוועקגעשטעלט.

— דרייט זיך אַרום אַ מיידל אויף גאָטס וועלט און טוט גאָרניט. אַ שאָד, — זאָגט דער דירעקטאָר פֿאַר זיך מיט אַ זיפֿץ, נעמט אַרויס פֿון קעשענע אַ גאָלדענעם פּאַפּיראָסן־טאַשל, באַזעצט מיט ברילִיאַנטן און סואווענירן און טיילט אויס פּאַפּיראָסן אַרום דעם טיש.

— הער אויס, קאַנאַריק, דער פֿאַן דירעקטאָר האָט געהערט פֿון דיין נקבה, דער שפּאַניערין, אַז זי קען גיין אויף אַ דראָט און מאַכן אַקראָבאַטישע קונצן. ער וויל זי זען.

— דאָס מיידל, אָט די, דער בעל־הביתטעס טאָכטער, געפֿעלט מיר, — האָט דער דירעקטאָר זיך פּלוצלינג אָנגערופֿן.

— דער פֿאַן דירעקטאָר האָט נאָך ניט געזען יענע, די שפּאַניערין, פֿאַניע דירעקטאָרזשע. זי איז גוט. אַ שוואַרץ־בלוטיקע ברונעטקע, גאַנץ שפּאַניש, און נאָך גאָר פֿריש. קוים, קוים, — האָט דער יונגערמאַן, וואָס איז געווען דער מבֿין אויף די סחורות, געריימט פֿאַר דעם דירעקטאָר די סחורה.

— איך בין אַן ערלעכער מענטש, — רופֿט זיך אָן וועלוול צו מאָטקען. — זעסט, ווען דער „פֿאַן״ (ווייזנדיק אויפֿן יונגנמאַן) איז געקומען צו מיר און געמאַכט מיט מיר אַ שמועס וועגן דער שפּאַניערין, האָב איך אים באַלד געזאָגט: די שפּאַניערין איז קאַנאַריקס נקבה. ער האָט זי צו מיר אַריינגעבראַכט, ער האָט זיך צוליב איר געשלאָגן מיט שלמה שלאָסן־העקער, ער האָט צוליב איר אין די זייטן געשטאָכן געקראָגן. דאָס איז זיינס. וואָס מיינס איז מיינס, און וואָס זיינס איז זיינס. קיין סקאַנדאַלן און מעסער־שטעך האָב איך ניט ליב. דיין

נקבה, — דאַרף מען מיט דיר ריידן. דער פּאַן דירעקטאָר קען מאַכן פון איר אַ לייט, און דו קענסט כאַפּן אַ שיינעם גראַשן. ווילסטו זי אָפּלאָזן דעם פּאַן דירעקטאָר ?

מאַטקע איז געזעסן די גאַנצע צייט און האָט געשוויגן. עפּעס וואָס טיף אין זיך געקלערט, געצויגן אַ האַלבע וואַנצע אויז געקייט. אויפן דירעקטאָר האָט ער שוין געטראָגן אַ כּעס, אין בעסטן פאַל וואָלט ער אים גאָר געוואָלט די אויגן אונטערהאַקן. פאַר וואָס, ווייסט ער ניט. עס איז אים ניט געפעלן געווען ווי דער דירעקטאָר האָט געקוקט אויף חנהלען. מאַטקע איז טאַקע געווען אַ פּאַטראָן פון נקבות, און אַ נקבה איז ביי אים געווען גערעכנט פאַר אַ סחורה, האָט ער אָבער געוואוסט דעם חילוק פון אַ נקבה ביז צו חנהלען, וועלכע איז אַן אומשולדיק מיידל, און ער האָט ניט ליב געהאַט, וואָס דער דירעקטאָר האָט געזאָגט. ער האָט דערפאַר געשוויגן און גאָרניט געענטפערט.

— כאַפּט ניט, לויפט ניט, לאָמיך זי פריער זען. איך ווייס, וואָס דאָס איז ?

— האָט דער דירעקטאָר געזאָגט גלייכגילטיק.

— דער פּאַן דירעקטאָר קען זי זען. וואו איז זי, קאַנאַריק ?

— זי איז אויבן ביי זיך אין שטוב, — האָט מאַטקע בייז אָפּגעענטפערט.

— טאָ וואָס ווענן מיר באַלעמוטשען, קומט, לאָמיר זען די שפּאַניערין פון באַרדיטשעוו, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט אומגעדולדיק.

— חנהלע, חנהלע, — האָט וועלוול געמפן.

דאָס מיידל איז אַריינגעקומען.

דער דירעקטאָר האָט אַרויסגענומען אַ גרויסן דיקן בוזעם־טייסטער, צו־ערשט דאָרט געזוכט און דווקא געפרעגט, צי זי האָט ניט פון קיין הונדערטער רעשט צו געבן.

אַלע האָבן געלאַכט. דערנאָך האָט ער אַ פרעג געגעבן: „פון אַ פינף־און־צוואַנציקער ?" צום סוף האָט ער געפונען אַ רובל, וואָס ער האָט דעם מיידל אין האַנט אַריינגעגעבן מיט אַ טיפן בליק פון די צוזאַמענגעקנייטשטע אייגעלעך. קיין רעשט האָט ער ניט געוואָלט נעמען.

— דרייט זיך אַרום אַ מיידל אויף גאַטס וועלט און טוט גאָרניט, — האָט דער דירעקטאָר נאָך אַמאָל געזאָגט פאַר זיך. אים איז געפעלן די חכמה, און ווי אַ מענטש, וואָס האָט זיך זייער ליב געהאַט, האָט ער ליב געהאַט אָפּט צו דער־מאָנען זיינע חכמות.

ווען אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן, גרייט צו גיין, איז מאַטקע געבליבן זיצן.

— וואָס זיצסטו, קאַנאַריק ? גייסט ניט מיט ?

— קום נאָר אַהער, וועלוול, — האָט מאַטקע גערופן דעם בעל־הבית פון הייזל אין אַ ווינקל אַריין.

— ווער איז דער ? — פרעגט ער אויפן דירעקטאָר.

— דאָס איז דאָך דער דירעקטאָר פון קאַפע שאַנטאַן „אַקוואַריום".

— כ׳ווייס ניט, יאָ דירעקטאָר אָדער ניט דירעקטאָר, נאָר דער מענטש געפעלט מיר ניט. אַז ער וויל אַרויפגיין זען די שפּאַניערין, זאָל ער גיין. אויבן איז אַן אָפּן הויז, און ווער עס וויל גיין אַרויף, קען גיין. נאָר קוים וועט ער וועלן עפּעס דאָ מאַכן מיט חנהלען, דו הערסט, — גייט ער פון דאַנען קיין לעבעדיקער ניט אַרויס.

— וואָס פאַלט דיר איין? ביסט משוגע געוואָרן?

— גענוג, איך האָב שוין געזען. איצט קען ער גיין. איך וועל דאָ וואַרטן.

— אפשר וויל ער ניט, אַז איך זאָל אַרויפגיין, וועל איך ניט גיין. קרומאַ־שאַטקאַ, קום, — זאָגט דער דירעקטאָר צום שיינעם, הויכן מאַן, וואָס מען האָט אים אין דער אונטערוועלט גערופן „קרומאַשאַטקאַ“. דאָס איז געווען אַ יונג אַ גבור, וואָס דער דירעקטאָר האָט אים מיטגעפירט מיט זיך צום באַשיצן.

דער דירעקטאָר, קרומאַשאַטקאַ און וועלוול זיינען אַרויפגעגאַנגען צו דער שפּאַניערין. זיי זיינען געגאַנגען איבער פינצטערע טרעפּ. דער דירעקטאָר האָט זיך באַלויכטן מיט אַן עלעקטרישן לעמפּל. אויף די טרעפּ האָבן זיי אָנגע־טראָפן קליינע קינדער, וועלכע האָבן זיך געשפּילט אין דער פינצטער. ערגעץ האָט אַ טיר זיך אויפגעעפנט, אַ יידענע האָט דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט, און פון אַ שטוב האָט זיך געהערט אַ געוויין פון אַ קינד.

באַלד זיינען זיי אָנגעקומען פאַר אַ טיר: וועלוול איז אַפריער אַריין. דער־נאָך האָט ער דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט און אַריינגערופן דעם דירעקטאָר מיט קרומאַשאַטקאַן.

זיי זיינען אַריינגעקומען אין אַ קליין שטיבל, וואָס איז געווען פאַרהאַנגען אויף טיר און פענצטער מיט פאַרשטויבטע, רויט־סאַמעטענע פאָרהאַנגען. אויף אַ געבעט סאָפקעלע איז געזעסן אַ מיידל אין אַ לייכט־באַטיסטן נאַכט־קאַפּטנדל, האָט געראַוכערט אַ סיגאַרעטל, און געפּוצט זיך די נעגל און עפּעס געפייפט. האַלב פאַרוואונדערט, האָט זי אָנגעקוקט די אַריינגעקומענע געסט.

דער דירעקטאָר האָט דורכגעעגבערט דאָס שוואַרץ־חנעווודיקע מיידל מיט זיין בליק, געקנייטשט די אייגעלעך און געקוקט מיט איבערלייגונג, ווי ער קוקט אויף דעם ברילאַנט, וואָס ער טראָגט אויף זיין קליינעם פינגער. דאָס מיידל איז אים, קענטיק, געפעלן געווען פאַר זיין זאַך, וואָרים ווי תמיד, אַז דער פאַן דירעקטאָר איז צופרידן געווען פון עפּעס, האָט ער אויך איצט זיך באַלעקט מיט זיין צינגל און די אייגעלעך האָבן זיך אים געקנייטשט. ער האָט ווידער אַרויסגעכאַפּט דעם גאָלדענעם פאָרטסיגאַר און אָנגעהויבן פאַפּי־ראָסן אויסצוטיילן.

— פאַניע דירעקטאָרזשע, אונדזער שוואַרצע שפּאַניערקע, — ווייזט אויף איר אָן וועלוול, דער בעל־הבית, מיט שטאָלץ.

דאָס מיידל האָט זיך אומגעקוקט און דערזען ווי דער דירעקטאָר באַטראַכט זי פון אַ זייט מיט זיינע איינגעקנייטשטע אייגעלעך, האָט זי זיך ווי פאַרשעמט. גערויטלט זיך אַביסל, האָט זי אונטערגעכאַפּט די שוואַרצע שווערע לאָקן האָר,

וואָס זיינען איר איבערן דינעם האַלדז געפאַלן, אויפגעהויבן זיי און פאַרשפּיליעט מיט האָרנאָדלען.

— איך זע, איך זע, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט און געטיילט פּאַפּיראָסן.

— קענסט גיין אויף אַ לאָם, נינאַ? — האָט זי וועלוול געפרעגט.

— יאָ, איך האָב געאַרבעט אין אַ צירק אויף דער פּראָווינץ.

— און טאַנצן שפּאַנישע טענץ קענסטו?

— איך ווייס ניט. מען האָט מיך אַמאָל געלערנט, — האָט דאָס מיידל געשמייכלט.

— זי וועט שוין קענען. מען וועט זי שוין אויסלערנען, זאָל זי זיך נאָר אויפהויבן און גיין איבער דער שטוב.

דאָס מיידל, וואָס איז געוואוינט געווען, אַז די געסט, וואָס קומען צו איר, זאָלן זיך מיט איר אַנדערש באַגיין און אַנדערע זאַכן פאַרלאַנגען, האָט איצט, ביי די מאָדנע פראַגעס און ביי דעם אַנשטענדיקן האַלטן זיך פון די פרעמדע, זיך דערשראָקן און זיך געררויטלט ווי אַן אומשולדיק מיידל. נאָר אויס געוואויב־הייט צו פאָלגן מאַנספּאַרשוינען, האָט זי אויך איצט געפאָלגט, אויפגעהויבן זיך און געגאַנגען איבער דער שטוב.

דער דירעקטאָר מיט קרומאַשאַטקאַן האָבן זיך געשטעלט אין אַ ווינקל און באַטראַכט ביידע דעם מיידלס גאַנג, איר פיגור, דעם ריטם פון אירע טריט, און האָבן וועגן דעם גערעדט צווישן זיך אין דער שטיל ווי פערד־סוחרים ריידן צווישן זיך, באַקוקנדיק אַ פערד וואָס מען האַלט ביים קויפן. זיי האָבן געהייסן דאָס מיידל זיך אָפּשטעלן אין מיטן גאַנג, די הענט אויפהויבן אין דער הייך, באַוועגן זיך. דאָס מיידל האָט געפאָלגט.

— נו, האָב איך דעם פאַן דירעקטאָר גענאַרט? — האָט קרומאַשאַטקאַ געזאָגט אין דער שטיל.

— זי וועט שוין קענען. מען וועט זי שוין לערנען, — האָט דער דירעקטאָר אָפּגעענטפערט צופרידן און ווידער גענומען טיילן פּאַפּיראָסן.

— ווער האָט זי אַהער געבראַכט? — האָט דער דירעקטאָר געפרעגט אין דער שטיל ביי ווערלוולען.

— דאָס איז דער יונג, ער רופט זיך קאַנאַריק. ער האָט זי געבראַכט פון דער פּראָווינץ. ערגעץ־וואו זי דערטאַפּט אין אַ צירק. אַ, געגנוג קלעפּ און מעסער־שטעך האָט ער געקראָגן איידער מען האָט אים אין דער חברה אַריינגענומען. מען האָט זי אים געוואָלט אָפּשלאָגן. ער האָט זיך ניט געלאָזט. ער איז אַ ביטערער יונג. אַ ליאַדע וואָס שטעכט ער באַלד, און חברה האָבן מורא פאַר אים איצט. זי איז זיין נקבה, ער נעמט פאַר איר דאָס געלט אָפּ, מיט אים דאַרף מען זיך דורכריידן. מיט אים איז ניט גוט צו האָבן צו טאָן. ער איז אַ בייזער יונג.

— אויב אַזוי, קומט ריידן מיטן יונג. מיט איר איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט און איז אַרויס.

# 3

מאַטקע איז איבערגעבליבן אין קאַפּע־הויז. ער איז געווען צערודערט. דעם דירעקטאָרס בליקן אויף חנהלען און זיינע רייד אויף איר האָבן אים געמאַכט אומרואיק. ביז איצט איז אים גאָרניט אין זינען אַריינגעקומען חנהלע. אַנדערטהאַלבן יאָר, זינט מאַטקע איז געקומען קיין וואַרשע מיט מאַרין און האָט זי אַריינגעגעבן אין דעם „הייזל״ אין קאַפּע וואַרשאַווסקי, קען ער חנהלען ווי דער בעל־הביתטעס מיידל, וואָס באַדינט די געסט.

צוערשט איז אים אויך אַ וואונדער געווען, וואָס צו חנהלען רעדט מען אַנדערש, צו חנהלען באַציט מען זיך אַנדערש, און אַלע, סיי די יונגען, וואָס האָבן צו זאָגן איבער די גאַסן־מיידלעך, סיי די געסט, וואָס קומען אַהער ביי־נאַכט אַריין, ווייסן צו מאַכן אַ חילוק צווישן חנהלען און די אַנדערע מיידלעך. קיינער וועט זיך ניט דערוועגן זיך טשעפּען צו איר, ריידן צו איר עפּעס אַנ־דערש ווי הייסן איר דערלאַנגען טיי, קאַפּע, געבעקס. כאָטש חנהלע האָט זיך אַרומגעדרייט האַלבע נעכט אין קאַפּע און צוגעזען די אַלע ווילדע סצענעס, וואָס די געסט טוען־אָפּ מיט די מיידלעך, דאָך איז עס עפּעס אַזוי געווען. דערנאָך איז ער שוין געוואוינט געוואָרן דערצו, ווי אַלע אַנדערע, און גע־וואוסט, אַז חנהלע איז אַ בעל־הבתיש מיידל און די אַנדערע, — נקבות. און פּונקט ווי אַלע אַנדערע יונגען, האָט ער עפּעס געהאַט אַ געפיל פון חוב אָפּ־צוהיטן חנהלען, און ווי וואָלט געווען דעם גאַסט, וואָס וואָלט זיך דערוועגט זי אָנצורירן. נאָך מער: אַפילו די מיידלעך, וועלכע האָבן גערעדט צווישן זיך די אויסגעלאַסנסטע רייד, האָבן זיך געהאַלטן פיל אָנשטענדיקער, ווען חנהלע איז געווען אין קאַפּע־הויז. אַלע האָבן געוואָלט געווינען חנהלעס פריינטשאַפט, איינע האָט דער אַנדערער מקנא געווען איר נאָענטקייט און צוגעלאָזנקייט.

אומבאַוואוסט פאַר זיך האָבן די יונגען זיך געפּוצט פאַר חנהלען, גע־וואָלט איר געפעלן. מאַטקע האָט דאָס געטאָן ווי די אַנדערע יונגען, ניט צו קלערן גאָר דערפון. ניט נאָר איז ער געווען אויפגעבראַכט, וואָס דער דירעקטאָר דערוועגט זיך צו קלערן וועגן איר ווי וועגן אַ נקבה, ער, מאַטקע אַליין, האָט עפּעס אָנגעהויבן קלערן וועגן חנהלען, וואָס ער האָט דאָס געהאַלטן ביי זיך ווי אַ וויכטיקע ענדערונג, און ער האָט זיך געוואונדערט, פאַרוואָס ער האָט ביז איצט וועגן דעם גאָרניט געטאָן.

אַזוי פאַרטאָן אין זיינע געדאַנקען, האָט אים וועלוול דער רויטער גע־קלאַפּט איבער דער פּלייצע און אים צוגערופן צום טיש, וואו דער דירעקטאָר מיט דעם הויכן, שיינעם יונגנמאַן האָבן שוין געוואַרט אויף אים.

— הער אויס, מאַטקע, אַז דו וועסט זיין אַ קלוגער יונג, קענסטו דאָ פאַר־דינען אַ שיינעם גראָשן, אַזאַ, וואָס דו האָסט נאָך אין דיין לעבן ניט אָנגעזען, — רופט זיך צו אים אָן וועלוול.

— פאַר וואָס און פאַר וויפיל? — פרעגט מאָטקע קורץ.

— דער פאַן דירעקטאָר וויל פון דיר די שפּאַנקע אָפּקויפן. אָפּקויפן אויף איינמאָל, אַז דו זאָלסט אויף איר מער קיין פּרעטענזיעס ניט האָבן, — האָט זיך אָנגערופן קרומאַשאַטקאַ.

מאָטקע האָט געשוויגן און איז געבליבן זיצן, אַ בלאַסער. ער האָט גע־קלערט נאָך אַ מינוט, כּדי זיך אויפצוכאַפּן און דעם דירעקטאָר מיט דעם שיינעם יונג און וועלוולען, אַלעמען די ציין און די אויגן אויסצוהאַקן. ער האָט שוין פאַרקלעמט אַ פּאָר פויסטן אויף זיי. דער דירעקטאָר רופט זיך אָן:

— און ביי מיר איז באַלד געלט, ביי מיר איז ניט גערעדט. איך האָב ניט קיין מורא, אַז דו וועסט מיר דאָס געלט צונעמען. מיר באַהאַלט מען קיין געלט ניט, — זאָגט דער דירעקטאָר און נעמט אַרויס פון דער בוזעם־קעשענע דעם ברייטן גרויסן טייסטער, כאַפּט אַרויס אַ פינף־און־צוואַנציקער און לייגט עס אויפן טיש פאַר מאָטקען. — דאָ האָסטו דערוויייל פינף־און־צוואַנציק קערבלעך האַנט־געלט, און אַז דו וועסט זי ברענגען אויף דעם אַדרעס, אויף וועלכן מען וועט דיר הייסן, קריגסטו דיינע הונדערט און פופציק קערבלעך.

מאָטקען האָט דאָס בלוט געגעבן אַ שלאָג אין פּנים אַריין, ווען ער האָט דערזען דאָס געלט אויפן טיש. אַ געדאַנק האָט אים געגעבן אַ לייכט־אויף אין די אויגן אַריין, און דער געדאַנק האָט עפּעס געהאַט אַ שייכות מיט חנהלען. פאַרוואָס, האָט ער ניט געוואוסט. ער איז מילדער געוואָרן. דאָס געלט האָט ער ניט צוגענומען, געלאָזט עס ליגן, נאָר געזאָגט מיט אַ ציטער אין קול:

— איכ'ל זיך איבערלייגן.

— וואָס וועסטו זיך איבערלייגן, נעם צו דאָס געלט, נאַר, — ווינקט צו אים וועלוול. — וואָס, עס פעלן דיר מיידן? קענסט דיר אָפּשלאָגן די לאָוויט־שערין און די זשאַבלינעריך, וואָס, האָסט מורא פאַר שלמהלע שלאָסן־העקער? ווי קומט ער צו זיי? דו ביסט אַזאַ גוטער מחותּן צו די נקבות ווי ער.

— מורא האָב איך ניט, —זאָגט מאָטקע רואיק, — נאָר איך וועל זיך איבערלייגן.

—גוט, — זאָגט דער דירעקטאָר, — לייג זיך איבער, און דאָס געלט קענסטו דערוויייל צונעמען. איך האָב ניט מורא, וועסט עס מיר באַהאַלטן. און אַז דו וועסט זי וועלן אַהינפירן, וועט דיר וועלוול געבן דעם אַדרעס. און אויף געלט וועל איך זיך ניט דינגען. וועסט זי ברענגען, קריגסטו די גאַנצע צוויי הונדערט, נאָר איך מוז זי האָבן ביז זונטיק פיר אַזייגער, שפּעטער באַדאַרף איך זי ניט. קום, קרומאַשאַטקאַ, איך מוז שוין גיין, — האָט זיך דער דירעקטאָר אויפגעהויבן און איבערגעלאָזט דאָס געלט ליגן פאַר מאָטקען.

מאָטקע איז געבליבן זיצן, געקוקט אויפן געלט. ער איז רויט געוואָרן, האַלב דערשראָקן, און געשוויגן.

דער דירעקטאָר מיט קרומאַשאַטקאַן האָבן נאָך עפּעס גערעדט ביי דער טיר מיט וועלוולען. פּלוצלינג האָט וועלוול גערופן אין שטוב חנהלען.

מאַטקע האָט זיך אויפגעכאַפּט ביי דעם, ווי אַ געררייצטער הונט, נאָר די בעל־הביתטע האָט פון דער צווייטער שטוב אָפּגעענטפערט, אַז חנהלע איז ניטאָ, און זי איז אַליין אַרויסגעקומען אויף דער שוועל. דער דירעקטאָר האָט געהערט, אַז חנהלע איז ניטאָ, האָט ער פאַרלאָזט מיט קרומאַשאַטקאַן דאָס קאָפּע־הויז.

---

אין שכנות מיט די מיידלעך, וואו עס איז געווען דאָס הייזל, אין דער צווייטער שטוב, האָט געוואוינט אַ ייד אַ פּאַפּיראָסניק, אַן אָרים, מאָגער יידל, וואָס האָט געהאַט אַ סך קינדערלעך. דאָס ווייב זיינס האָט נאָר געבוירן צווי־לינגס, און פון דעם פיל קינדלען איז זי תמיד געווען אַ קראַנקע און תמיד געלעגן אין בעט. דער פּאַפּיראָסניק פלעגט אַ גאַנצן טאָג אַרומלויפן אין די קליינע האָטעלן פאַרקויפן זיינע פּאַפּיראָסן, די מאַמע איז קראַנק געווען, זיינען די קינדער געבליבן אויף גאָטס באַראָט. די אמתע פרנסה פון דעם יידן זיי־נען אָבער ניט געווען די פּאַפּיראָסן, נאָר דאָס ווייב, וועלכע איז אַמאָל געווען אַ נייטערין, האָט נאָך ביז היינטיקן טאָג אויפגעהאַלטן אַ ווערקשטאַט, דאָס הייסט, קליינע מיידלעך אויף דער לער זיינען ביי איר געזעסן און האָבן גע־נייט קינדער־קליידלעך. די שוואַכע קינדלדיקע יידענע האָט די קליידלעך צו־געשניטן, און די מיידלעך האָבן זיי גענייט. מיט דער שניט־סחורה פאַר די קליידלעך פלעגט מען דערווייל די בעטן צודעקן, די טישן גרייטן אָדער די קינדער צודעקן ביינאַכט. צו דער יידענע מיט די קינדערלעך פלעגן די מייד־לעך פון הייזל אָפט אַריינקומען. בייטאָג, ווען זיי האָבן גאָרניט געהאַט צו טאָן, האָבן זיי פאַרבראַכט ביי דער קראַנקער יידענע. איינע האָט געהאָלפן די קינדערלעך וואַשן, אויסקעמען, אַ צווייטע — דאָס געפעס וואַשן; טייל האָבן אַפילו געהאָלפן די קליידלעך נייען. בכלל האָט עס די מיידלעך פון די הייזלעך געצויגן צו די שכנים. זיי האָבן ליב געהאַט געפינען פריינט צווישן די איינ־וואוינער פון הויז. — און די שכנים האָבן קיין באַזונדער געפיל און באַציאונג ניט געהאַט, — ניט צו די מיידלעך, ניט צו זייער פראָפעסיע. יעדער איינער האָט זיך זיין פרנסה, און קיינעמס פרנסה קומט ניט אָן גרינג. האָבן זיי גיכער די מיידלעך באַדויערט איידער פאַראַכט, און אָפטמאָל אויך ניט באַדויערט. זיי זיינען צוגעוואוינט געוואָרן צו זיי און פאַרטראָגן זיך מיט זיי ווי גלייכע מיט גלייכע, צומאָל אַפילו זייער באַפריינדט.

מאַרי די קונצנמאַכערין, מאַטקעס נקבה, האָט זיך באַפריינדט מיט דעם פּאַפּיראָסניקס ווייב. זי האָט געהאָלפן די קינדער אין בעל־הבתישקייט, האָט ליב געהאַט שמועסן מיט דער קראַנקער יידענע, וועלכע פלעגט זיצן אָפט ביים פענצטער און לופט כאַפּן. דאָס לעבן אין דעם הייזל, וואָס מאַטקע האָט זי אַהין אַריינגעבראַכט, איז איר גאָרניט געפעלן. ניט צוליב דער אומאַנשטענדיקייט פון דער פרנסה, נאָר עס איז איר פשוט לאַנגווייליק געוואָרן. צוערשט, ווען זיי

זיינען נאָר אַריינגעקומען קיין וואַרשע, האָט זי אינטערעסירט וואַרשע. איצט האָט זי שוין אַביסל וואַרשע געקענט. געווען שוין אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס, אין זאַקסישן גאָרטן, אין יידישן טעאַטער, — און זי האָט געבענקט נאָך דער בויד, נאָכן אַרומפאָרן מיט די קונצנמאַכערס פון שטאָט צו שטאָט. זי וואָלט שוין לאַנג פון דאַנען אַנטלאָפן, נאָר זי האָט מורא געהאַט פאַר מאָטקען. מאָטקע איז געוואָרן ניט נאָר איר הערשער, נאָר אויך איר באַשיצער. ווי אַלע אַנדערע מיידלעך, האָט זי אויך פאַר מאָטקען געהאַט דאָס געפיל פון ליבע און אונטערטעניקייט. מאָטקע איז פאַר איר געוואָרן אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע איר פאָטער, איר עלטערער ברודער, דער איינציקער מענטש, וואָס זי פאַרמאָגט. און אַלץ, וואָס ער טוט, איז גוט, און מען באַדאַרף אים הערן בלינדערהייט און פאָלגן אַלץ וואָס ער הייסט. דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן קאַנאַריקן אין וואַלד, האָט אים געשטעלט אין אירע אויגן ווי אַ גאָט. און די אימה פאַר אים איז פאַרקערט געוואָרן אין ליבע. זי האָט זיך גאָרניט גע־קענט פאָרשטעלן ווי זי וואָלט געקענט אַ טאָג איבערלעבן אָן מאָטקעס איי־בערהערשאַפט איבער איר. און ווען מאָטקע פלעגט קומען און בייזערן זיך אויף איר, אַוועקנעמען דאָס געלט, דאָס טרינק־געלט, וואָס זי האָט געקראָגן פון די געסט, און זי גוט אויסשעלטן, האָט זי געפילט, אַז זי געהערט צו אים, אַז זי האָט אַ היים, — און אַ פאָטער.

דערפאַר האָט דער וויזיט פון די געסט, וואָס האָבן זיך אַזוי מאָדנע געהאַלטן צו איר, אַרויפגעוואָרפן אויף איר אַ שרעק. זי איז ניט געוואוינט געווען, אַז זי זאָל אַן אַנדערן הערן ווי מאָטקען. ווי פיל פון די מיידלעך, ווען זיי האָבן עפּעס געהאַט אויפן האַרצן, פלעגן זיי אַריינקומען צו דעם פּאַפּיראָס־ניקס יידענע, אַוועקזעצן זיך פאַר איר בעט און זיך איר פאַרטרויען, אַזוי האָט דאָס מאַרי איצט אויך געטאָן.

— אוי, לאה לעבן, געקומען צו מיר אַזעלכע רייכע מענטשן, האָבן מיך עפּעס אַזוי מאָדנע באַקוקט. גאָרנישט געוואָלט פון מיר, נאָר אַזוי מיך באַ־טראַכט, ווי זיי וואָלטן מיך געוואָלט קויפן. אוי, וואו איז קאַנאַריק? דאָס האַרץ שרעקט מיר אַזוי, ועלווול האָט זיי אַריינגעפירט, — האָט זי דערציילט פאַר דער יידענע אין בעט.

— גיי שוין, נאַר איינער, קאַנאַריק ווייסט אַוודאי דערפון, אָן קאַנאַריקן וואָלט וועלוול ניט דערוועגט זיך זיי אַרויפצושיקן. און אַז דו האָסט קאַנאַריקן, האָסטו שוין פאַר קיינעם ניט וואָס מורא צו האָבן, — האָט זי די יידענע געטרייסט.

— פאַר קאַנאַריקן האָבן זיי אַלע מורא. ער איז שטאַרקער פאַר זיי אַלע, הע.

— וואָס דען, ניין? אַז דו האָסט קאַנאַריקן, נאַר! — האָט די יידענע גע־זאָגט. און מאַרי איז שטאַלץ געוועזן און רואיק געוואָרן.

נאָר באַלד האָט זיך קאַנאַריק געוויזן אין טיר:

— נינאַ!

נינאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ דינער.

— אָט שוין, קאַנאַריק! — און איז אַרויס אין קאָרידאָר.

— גיי, טו דיך אָן, איך האָב ערגעץ מיט דיר צו גיין.

— קאַנאַריק!

— וואָס שטייסטו, מאַך עס פלינקער, איך האָב קיין צייט.

אַריינגעקומען אין שטיבל אַריין, האָט דאָס מיידל אים ביי דער האַנט אָנגענומען:

— קאַנאַריק, וואוהין ווילסטו מיך פירן?

— ווערסט שוין זען.

— זי האָט זיך נעענטער צוגערוקט צו אים, און מיט שרעק אים געקוקט אין די אויגן אַריין.

— ווער זיינען עס געווען די פרעמדע לייט?

— וואָס איז דיין עסק?

זי האָט אים אָנגענומען ביי ביידע הענט, צוגעדריקט זיך צו אים און געקוקט אים אין די אויגן אַריין.

— מאַטקע, וואָס ווילסטו טאָן מיט מיר?

דער יונג האָט פאַרביסן די ליפּן, מיט שרעק זיך אומגעקוקט, צי קיינער האָט ניט געהערט זיין נאָמען, פאַרקלעמט אַ פּאָר פויסטן:

— וואָס האָסטו געטאָן, עס האָט דאָך ווער געקענט הערן. איך וועל דיר די ציין אויסהאַקן.

— שלאָג מיך, שלאָג מיך וויפיל דו ווילסט. טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט, נאָר גיב מיך ניט אַוועק צו פרעמדע מענטשן. פאַרקויף מיך ניט, פאַרקויף מיך ניט. מאַטקע, מיין איינציקער טייערער מאַטקע! — און דאָס מיידל האָט זיך אים געוואָרפן צו די פיס, אַרומגענומען זיינע פיס און זיך צוגעקלעמט צו אים. זי האָט שוין ניט גערעדט קיין וואָרט, נאָר געקוקט אויף אים מיט אַזעלכע זשעדנע אויגן, ווי אַ שטומער הונט קוקט אויף זיין בעל־הבית, אַז ער זאָל אים ניט אַוועקטרייבן.

— טו דיך אָן, איך וויל דיך פירן צו אַ גאַסט אין אַ האָטעל אַריין, — האָט מאַטקע געזאָגט, כּדי זי צו באַרואיקן.

— אָט שוין בין איך באַלד פאַרטיק, — איז זי אויפגעשפּרונגען, מיט דאַנק אין די אויגן אַ קוק געטאָן אויף מאַטקען און געכאַפּט זיך פלינק אָנטאָן.

# 4

די „אַלטע שטאָט“ האָט אָנגעצונדן אירע לאָמפּן אויף די גאַסן פֿאַר איר נאַכטלעבן לעבן. באַלד האָבן די ביליקע קינעמאַטאָגראַפֿן אָנגעהויבן אַרויסגיסן זייער געל און גראָ גאַז־ליכט. דאָס ליכט האָט זיך געגליטשט איבער די אַלטע מויערן, בלוילעך־שאָטנדיק באַלויכטן די כמורע אַלטע ווענט פֿון די הייזער. אין די טונקעלע לאַבירינטישע קאָרידאָרן האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן די מיידלעך פֿון די „הייזלעך“, אָנגעטאָן אין פֿאַרפּירעריש־צוציענדיקע באַטיסטענע ווייסע נאַכט־קאַפּטנס, מיט רויטע בענדער באַפּוצט. פֿון דער האַלבשאָטנדיקער טונקלקייט האָבן אַרויסגעבלישטשעט זייערע פֿינקלדיקע אויגן, געקוקט שטיל, ליידנשאַפֿטלעך, ווי בעטנדיק אָנטייל צו נעמען אין דער לאַסט פֿון זייער קרענק, אין וועלכער זיי שטעקן, און מען האָט עס געטאָן...

באַלד האָבן זיך אויך באַוויזן די סטרוזשעס מיט זייערע געליבטע אין די אָרעמס און זייערע האַרמאָניקעס. ווייבער מיט קינדער אויף די הענט האָבן זיך אויסגעזעצט אין די אויסגעטריקנטע רינשטאָקן, געכאַפּט פֿרישע לופֿט, און מיט זייערע אויסגעבלויזטע, אויסגעדאַרטע בריסט געקאָרמעט זייערע קינדער, ווי יעדער לעבעדיק באַשעפֿעניש טוט עס און שעמט זיך ניט. עס איז געווען אַ זומער־נאַכט. לופֿט האָט געפֿעלט אין די ענגע, שמאָלע הייזער פֿון דער אַלטער שטאָט, וואָס האָבן קיין הויפֿן ניט, און דער דאָרשט נאָך לופֿט האָט אַרויסגעוואָרפֿן די מענטשן פֿון די וואוינונגען אויף דער גאַס אַרויס.

און דאָס אינטימע מענטשלעכע לעבן, וואָס שפּילט זיך תּמיד אָפּ אין די סודותדיקע באַהעלטענישן פֿון די וואוינונגען, האָט דאָס מאָל פֿריי און אָפֿן זיך אויסגעלייגט אויף דער גאַס. צו שעמען זיך איז ניט געווען וואָס. איינער האָט דעם צווייטן ניט געקענט. און אַלעמען האָט די נויט געטריבן צו לייגן זיך אויף דער גאַס, אויסגעבעט מיט קישנס, און פֿאַר גאָט און פֿאַרן שימערדיקן הימל האָבן זיי געלאָזט זייער ליבע־לוסט פֿריי, ווי זי האָט געוואָלט...

פֿרייטאָג־צו־נאַכטס איז עס געווען, און יידישע ווייבער האָבן געהאַט אָפּגעקאָכט עסן אויף דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג, און דאָס געשמאַק פֿון די אָפּגעקאָכטע פֿיש און דער ריח פֿון די געדעמפּטע פֿליישן האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון די הייזער אויף דער גאַס אַרויס און פֿאַרכאַפּט אַלעמען מיט זייער פֿעפֿערדיקן טעם.

וואָס אַמאָל זיינען די טראָטואַרן פֿון דער אַלטער שטאָט געדיכטער געוואָרן מיט שפּאַצירער. דאָס זיינען געווען „געסט“ וואָס זיינען אַראָפּגעקומען פֿון די אַנדערע טיילן שטאָט צו די מיידלעך פֿון די „הייזלעך“. פֿאַרשיידענע יונגעלייט און עלטערע, אין פּשוטער מענטשלעכער קליידונג און אין אָפֿיציעלער. זעלנער און אָפֿיצירן, באַאַמטע און ציווילע, אַלע זיינען דאָ געווען גלייך. אַלעמען האָט

די ליבע־לוסט געבראַכט צו שלעפן אין דער „אַלטער שטאָט", און באַלד האָבן זיך אויסגעמישט די מיידלעך פון די „הייזלעך" מיט די געסט, די פאַרבאָטענע ליבע אינאיינעם מיט דער על־פי חופה־וקדושין דערלויבטער ליבע.

צווישן זיי האָבן זיך געדרייט מוטערס מיט זייג־קינדער, סטרוזשעס מיט דינסטן און קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס, און אַלעמען האָט באַלויכטן דאָס האַלב־פאַרפירערישע, האַלב־סודותדיקע גראָע גאַז־ליכט, וואָס האָט זיך געגאָסן איבער די פאַראומערטע בלוילעך־פאַרשאָטנטע ווענט.

און די גרויסע ציווילי־זירטע שטאָט וואַרשע איז מיטאַמאָל געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַן אוראַלטן וואַלד, וואו אוראַלטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך נאָך ניט געשעמט צו ליבן, האָבן געפייערט זייער אוראַלטן נאַטור־יום־טוב.

אין דעם יאַריד פון ליבע פלעגן פון צייט־צו־צייט דורכמאַרשירן אויף די טראָטואַרן די היטער פון אָרדענונג, אַ סטראַזשניק אָדער אַ פּריסטאַוו, און נאָכקוקן, צי אַלץ איז אין אָרדענונג. נאָר אָפטמאָל האָט דאָס מענטשלעכע גובר געווען זיינע ערנסטע פליכטן, און דער „היטער פון געזעץ" איז אַליין פאַרשוואונדן מיט אַ טיולענעם ווייסן פאַרפירערישן פלעק אין דער טונקל פון אַ לאַבירינטישן קאָרידאָר...

דאָס קאַפע־הויז „וואַרשאַווסקי" איז אין אָוונט באַלעבט. אויפן בופעט זיינען אויסגעשטעלט פאַרשיידענע געבעקסן און אַנדערע גוטע זאַכן, וואָס מען האָט בייטאָג באַהאַלטן פון די פליגן, און הינטערן בופעט זידט דער גרויסער סאַמאָוואַר. די טישלעך אין קאַפע־הויז זיינען אויך באַזעצט, און אַ דינער רויך פון פּאַפּיראָסן און ציגאַרן הילט איין, ווי אַ וואָלקן־שלייער, אַלץ און אַלעמען. די מערסטע געסט אין קאַפע־הויז זיינען די „פּאַטראָנען" פון די פאַרשיידענע „הייזלעך" אין דער געגנט. עס געפינט זיך אָבער שטענדיק אויך אַ צאָל גלאַט אַזוי געסט, וואָס קומען אַריין אין אָוונט קאַפע טרינקען און אַ דאָמינאָ שפּילן, אַמאָל אויך אַ פּרעמדער, אַן אַראָפּגעפאַלענער.

אין הינטערגרונט זיצן אַ פּאָר מיידלעך, אָנגעטאָן אין קליידלעך מיט שריי־ענדיקע קאָלירן, מיט נאַסע פאַרשאַרטע, פאַרקעמטע האָר, און אַ ריח פון ביליקן פּערפום און פודער לאָזט זיך הערן פון דאָרטן. דאָס זיינען די מיידלעך, וואָס כאַפּן זיך אַריין פון דער גאַס אָפּרוען זיך אַביסל, צו זען אַ פּאַטראָן אָדער אַ בעל־הבית פון אַ הייזל און מיט אים עפּעס איבערצורייִדן.

הינטער דעם בופעט שטייט ניט היינט, ווי אַלע מאָל, חנהלע, אָדער די בעל־הביתטע פון קאַפע־הויז. עס איז היינט פרייטיק־צו־נאַכטס, און דער בעל־הבית פון קאַפע־הויז, וואָס איז אַ גאַנצע וואָך פאַרנומען ביי זיין געשעפט, איז אַהיימגעקומען, זיצט ער זיך מיט זיין פאַמיליע אין דער קיך און ריכט אָפּ שבת.

פון דער קיך רייסט זיך טאַקע אַרויס דער געשמאַק פון פיש און אַ פאַרשלאָפענער ניגון פון זמירות. הינטער דעם בופעט שטייט אַ גויע, די

סטרוזשקע פון הויז, וואָס מען שטעלט זי אָן איבער שבת, צו נעמען געלט פון די געסט, און לעבן איר שטייט אויף דער וואַך אַ ייִנגל, איינער פון דעם צווילינג, און היט־אָפּ, אַז די גויִע זאָל דאָס קליינגעלט צו זיך אין קעשענע ניט אַראָפּלאָזן. דאָס היטן די גויִע קומט פּאַר אָפּן. די גויִע ווייסט דערפון. די געסט ווייסן אויך דערפון, און אַלע היטן זי, אַז זי זאָל דעם פּירער, אָדער זעקסער, וואָס זי נעמט־אָפּ פאַר אַ גלעזל טיי, גלייך אַריינלייגן אין קאַסע אַריין.

ביי איינעם פון די טישלעך איז געזעסן מאָטקע מיט זיין „שפּאַניערין”, דער דראָטן־גייערין. די דראָטן־גייערין איז ניט געגאַנגען ווי די אַנדערע מיידלעך אויף דער גאַס. מאָטקע האָט זי ניט געלאָזט. זי איז נאָר געווען פאַר בעסערע געסט, אין די האָטעלן צו פירן, אָדער פאַר אָפיצירן, וואָס פלעגן אַראָפּפאַלן אין דער אַלטער שטאָט. דערפאַר איז זי אין אָונט ניט געווען אָנגעטאָן אין באַטיסט ווי די אַנדערע מיידלעך, נאָר אין מער „אַנשטענדיקער” קליידונג, אין אַ זיידן ווייסן בלוזקעלע, מיט אַ טיף־אויסגעשניטענעם האַלדז און אויסגעבלייזטע אָרעמס, און מיט אַ סך שפּאַנישע קעמעלעך אין די האָר.

קאַנאַריק האָט, אַחוץ איר, זיך געהאַט שוין געקראָגן אַנדערע מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר אים. אָבער די אַנדערע מיידלעך זיינען מערסטנס געווען עלטערע שוין, ביליקע סחורות, וואָס זיינען געווען אין גאַס, און מיט יענע איז אים ניט אָנגעשטאַנען צו גיין, אָדער צו זיצן מיט זיי ביי איין טיש.

דאָס גאַנצע קאַפע־הויז און די הייזלעך אין דער געגנט האָבן שוין געוואוסט די פּראָפּאָזיצע, וואָס מען האָט געמאַכט דער „שפּאַנקע”, און אַז דער דירעקטאָר פון „אַקוואַריום” איז זי געקומען אַנגאַזשירן אין זיין קאַפע שאַנטאַן. די „שפּאַנקע” איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ גרויסע מיוחסטע אין דער אונטערוועלט. צו דעם פּאָרל, צו קאַנאַריקן מיט דער „שפּאַנקע”, האָבן זיך געשאַרט די מיידלעך פון די הייזלעך. אַלע האָבן זיי מקנא געווען דער שפּאַנקע, און אַלע האָבן זיי געוואָלט קומען אונטער קאַנאַריקס הערשאַפט. ערשטנס, איז קאַנאַריק געווען אַ פרישער, געזונטער יונג, וואָס אַלע צוהאַלטערס און וואָילע יונגען האָבן מורא געהאַט פאַר אים, און זיינס אַ נקבה דערוועגט זיך קיינער ניט צו טשעפּען, און צווייטנס, האָט קאַנאַריק גוט באַהאַנדלט זיינע נקבות. ער האָט זיי אָפּט אַרויסגעפירט שפּאַצירן, ער פלעגט זיי נעמען אין טעאַטער, אין שטאָטישע גאָרטנס, זיי קויפן שיינע זאַכן צום אָנטאָן.

דערפאַר איז שטענדיק ביי זיין טיש געווען פול מיט מיידלעך. דאָס מאָל זיינען אויך די לאָוויטשערין און די גאָסטינינערין אַריינגעקומען פון גאַס אין קאַפע־הויז. דערזען קאַנאַריקן מיט דער „שפּאַנקע”, זיינען זיי צוגעפאַלן צום טיש און זיך געפרייט מיט זיי.

די לאָוויטשערין און די גאָסטינינערין האָבן אָבער געהערט צו שלמהלע שלאָסנהעקער. שלמהלע שלאָסנהעקער איז געווען אַ יונג, וואָס דער גאַנצער גזשיבאָוו און דער אייזערנער טויער האָבן אַמאָל געציטערט פאַר אים. מען האָט דערציילט פון אים גבורות, אַז ער שלאָגט זיך מיט צען סטראַזשניקעס

און ברעכט אויף שלעסער ווי דורך אַ צויבער־וואָרט. אָבער דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל, היינט לעבט שלמהלע שלאָסנהעקער מער מיט די לאָרבער־קרענץ פון זיין פאַרגאַנגענהייט איידער מיט היינטיקע אויפטוען. ער טרינקט צופיל ביר, און פון דעם האָט ער געקראָגן אַ גרויסן בויך, און גלאַט אַזוי איז ער שוין אַלט געוואָרן. און זינט דער „נייער שנעק, וואָס איז געקומען פון אַלדי־שוואַרץ יאָר", — האָט אים אַזוי די באַקן אונטערגעהאַקט, ווען ער האָט יענעם גע־וואָלט די „שפּאַנקע" אָפּשלאָגן, און דער יונג איז אָפּגעלעגן אַ פּאָר וואָכן אין בעט, — האָט שלמהלע שלאָסנהעקער פאַרלוירן פון זיין אויסטערלישן גלאַנץ, און דער אויפגייענדיקער שטערן איז געוואָרן קאַנאַריק־מאַטקע. נאָר דאָך שרעקט נאָך שלמהלע שלאָסנהעקער מיט זיין פאַרגאַנגענהייט, און חברה ווילן זיך ניט טשעפּען צו אים.

איטלעכער פון די גרויסע שטערן האָט אַרום זיך משרתימלעך, שאַלאַטן־שמשים רופט מען זיי, ווי אַ קיניג זיינע מיניסטאָרן. קאַנאַריק האָט נאָך ניט געהאַט זיינע, ער איז נאָך געווען צו יונג, און ניט פאַרשטאַנען דעם ווערט פון די שאַלאַטן־שמשים, האָט ער זיי געיאָגט פון זיך. אָבער שלמהלע שלאָסנ־העקערס רעכטע האַנט איז געווען יוספל מאַלפּע. דאָס איז געווען אַ קליינער יונג, אַ הויקער, מיט אַ גרויסער קרומער נאָז, וואָס האָט געדינט שלמהלען אַזוי געטריי ווי אַ הונט און איז אינגאַנצן געווען פאַרנומען מיט זיין רבינס גלאָריע און גבורה. שלמהלעס „חסיד" איז אין אָוונט אַרומגעגאַנגען איבער די טראָ־טואַרן פון דער אַלטער שטאָט און האָט אַכטונג געגעבן אויף שלמהלעס מוידן, צי זיי פירן אַהיים די געסט, אָדער זיי דרייען זיך נאָר אַרום אין גאַס. אַז די מיידלעך האָבן אים דערזען, האָבן זיי זיך געשראָקן פאַר אים ווי פאַר אַ שפּיאָן און אָנגעהויבן מיט חוצפּה שלעפּן געסט, ווייזנדיק אַז זיי אַרבעטן גוט.

ווי קאַנאַריק איז געזעסן מיט זיין „שפּאַנקע" ביי אַ טישל אין קאַפּע־הויז, און די לאָוויטשערין מיט דער גאָסטינינערין האָבן זיך אויך צוגעזעצט צו זיי, איז אַריינגעקומען יוספל מאַלפּע. מיט די כיטרע אייגעלעך ווי ביי אַ קאַץ האָט ער זיך אומגעקוקט אין קאַפּע־הויז. דערזען, אַז קאַנאַריק זיצט מיט שלמהלע שלאָסנהעקערס נקבות, איז ער פאַרשוואונדן ווי אַ ווינט. עס איז, אייגנטלעך, געווען קעגן דעם אָנגענומענעם געזעץ פון דער אונטערוועלט, אַז אַ חברהמאַן אַ גוטער ברודער טאָר ניט זיצן מיט נקבות פון אַן אַנדערן, ווײַל דאָס איז שוין געווען אַ סימן, אַז יענער וויל די נקבות אָפּשלאָגן. די מיידלעך האָבן אָבער ניט באַמערקט, אַז יוספל מאַלפּע האָט זיי נאָכגעשפּירט, און זיי זיינען ווייטער געזעסן. באַלד זיינען זיי געקומען אָנזאָגן דערפון אַנדערע מיידלעך, וואָרים איינע האָט די אַנדערע אָפּגעהיט.

— שרהלע, געדענק אין גאָט. די מאַלפּע איז דאָ געווען און האָט אייך געזען זיצן מיט קאַנאַריקן!

— וויי איז מיר, — האָבן די מיידלעך אויסגעשריגן: דערשראָקענע, גע־כאַפּט די טיכער אויפן קאָפּ און געוואָלט פלינק אַרויס.

אין מאָטקען האָט זיך אויפגעוועקט דער ווילן צו הערשן און ווייזן, ווער עס איז שטאַרקער, האָט ער אויסגעשריגן:

— זיצן! איך הייס זיצן!

די מיידלעך זיינען בלאַס געוואָרן, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. געוואָלט האָבן זיי בלייבן און אין האַרצן זיך געפרייט, וואָס קאַנאַריק איז גרייט זיי איי־בערצונעמען אונטער זיין רשות, זיי האָבן אָבער מורא געהאַט פאַר שלמהלע שלאָסנהעקער און פאַרן סקאַנדאַל, וואָס וועט אַרויסקומען. נאָר קאַנאַריק האָט באַפוילן מיט אַזאַ שטרענגן טאָן, אַז זיי זיינען זיצן געבליבן בלאַס, אין טויט־שרעק.

— גיט דאָ אַהער קאַפע, קעז־קיכלעך, — האָט קאַנאַריק באַפוילן.

די געסט אין קאַפע־הויז זיינען נייגעריק געוואָרן וועגן דעם סקאַנדאַל, וואָס דאָ וועט אַרויסקומען. זיי זיינען געבליבן זיצן אויף זייערע ערטער, און פון דרויסן זיינען אַנדערע געקומען זען, וואָס דער סוף וועט זיין.

— עסט, טרינקט! — האָט קאַנאַריק באַפוילן די מיידלעך. די מיידלעך זיינען אָבער געבליבן זיצן מיט האַרץ־קלאַפעניש און אָנגעהויבן זיך בעטן:

— קאַנאַריק לעבן, וואָס ווילסטו האָבן? לאָז אונדז גיין, שלמהלע וועט דאָך אונדז ממיתן.

— האָט ניט קיין מורא, איך בין דאָ. לאָמיך זען, ער זאָל זיך דערוועגן אייך אָנרירן. דעם קאָפּ וועל איך אים שפּאַלטן!

די מיידלעך האָבן זיך אינעווייניק געפרייט אויף קאַנאַריקן.

— עסט, טרינקט, איך הייס, — האָט קאַנאַריק באַפוילן מיט די אויגן.

די מיידלעך האָבן געפּאָלגט מיט אַנגסט און האַרץ־קלאַפּעניש, — און געשוויגן. באַלד איז אַריינגעקומען שלמהלע שלאָסנהעקער. ער איז שוין געווען אַן עלטערער יונג, די געשטאַלט פון אַ יידן אין די פערציקער, אַ ברייט־ביייניקער, מיט אַ בויך, מיט אַ רויטן קאַרק. די גאָלדענע קייט האָט זיך גע־באַמבלט אויף זיין בויך פון זיינע שווערע טריט, נאָר דאָס פּנים, כאָטש שוין פאַרעלטערט, מיד און אויסגעלאָשן, האָט עס נאָך געהאַט אין זיך וואוילייונגישע שפּורן, קורצע וואָנצעלעך און גרויסע ברעמען, מיט אַ פּאָר גרויסע אָפּגעשטאַ־נענע אויערן, און ער האָט געוואָרפן אַ שרעק פון דער ווייטנס. שטיל איז געוואָרן אין קאַפע־הויז ביי זיין אַריינקומען, ווי פאַר אַ שטורם. די מיידלעך, די לאָוויטשעריִן און די גאָסטינינערין, האָבן זיך איינגעקאָרטשעט און באַהאַלטן די פּנימער אין די גלעזער טיי, אַז זיי זאָלן אים ניט זען. שלמהלע שלאָסנ־העקער, מיט איין האַנט אין דער הויזן־קעשענע און די אַנדערע פאַרלייגט אויפן רוקן, האָט גלייך געשפּרייזט צו קאַנאַריקס טישל. צוערשט זיך שטילשווייגנ־דיק אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט, און אַז ער האָט לסוף באַ־מערקט די צוויי נקבות זיינע, האָט ער געפרעגט מיט פאַרוואונדערונג:

— וואָס טוט איר דאָ? וואָס גייט איר ניט אין גאַס אַרויס?

— אַט שוין, נאָר געוואָלט אַ גלעזל טיי טרינקען, — רופט זיך אָן די גאַסטיניניערין און הויבט זיך אויף.

— זיצן בלייבן! — האָט קאַנאַריק געגעבן מיטן פויסט אַ קלאַפּ אין טיש, אַז די מויד און אַפילו שלמהלע זיינען גלייך צוריקגעטראָטן אויף אַ טריט. די מויד האָט זיך צוריקגעזעצט.

— וואָס איז דאָס? בענקאַרט! — האָט זיך שלמהלע געשטעלט אים אין די אויגן אַריין.

קאַנאַריק האָט אָבער ניט געקוקט אויף אים, נאָר געווענדט זיך צו די מיידלעך:

— דעם קאָפּ וועל איך צעשפּאַלטן, ווער עס וועט פון דאַנען אַוועקגיין! דאָ זאָלט איר זיצן, ביי מיר, ביים טיש! איך וויל זען, ווער עס וועט אייך יאָגן פון דאַנען.

— אַזוי? — שרייט אויס שלמהלע, און אין זיינע אויגן איז געלעגן אַ כּעס און אַן אימה, — די מינוט אַרויס אין גאַס! די מינוט, אָדער איך צעשפּאַלט די קעפּ!

די מיידן האָבן זיך מיט שרעק אַרומגעקוקט, ניט געוואוסט וועמען צו פאָלגן. זיי זיינען שוין געשטאַנען, נאָר קאַנאַריקס בליק האָט זיי צוריק אַני־דערגעזעצט.

אַ מינוט האָבן אַלע געשוויגן, נאָר שלמהלע איז בלייך געוואָרן. די נאָז־לעכער האָבן זיך אים געעפנט, די ציין פון מויל אַרויסגעשטעקט און די אויגן האָבן אָנגעהויבן צינדן זיך ביי אים ווי אַ פייערל. ער האָט געפּרואווט כאַפּן קאַנאַריקס בליק.

אָבער קאַנאַריק האָט גאָר ניט געקוקט אויף אים, ווי ער וואָלט גאָר ניט געשטאַנען לעבן אים.

— וואָס טרינקסטו ניט די טיי? — גיט ער אַ שאַר צו אַ גלאָז צו אַ מויד.

— דו ממזר איינער, — האָט שלמהלע זיך געגעבן אַ רוק אויף קאַנאַריקן.

ווי אַ שלאַנג איז קאַנאַריק פּלוצלינג אויפגעשפּרונגען און טיף אַריינ־געקוקט שלמהלען אין די אויגן. אַזוי זיינען זיי ביידע אַ מינוט צוויי געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן און זיך געקוקט אין די אויגן אַריין, ווי צוויי טיגערס, איידער זיי וואַרפן זיך איינער אויפן אַנדערן.

אין קאַפע־הויז איז געוואָרן שטיל, אַז מען האָט געהערט די פליגן זשומען אַרום די קעז־קיכלעך. די יונגען זיינען אַלע געבליבן זיצן אויף זייערע ערטער, מורא געהאַט זיך אַריינצומישן, נאָר די לאָוויטשערין האָט זיך אַרויסגע־כאַפּט פון טישל און געגעבן אַ געשריי צו דער בעל־הביתטע:

— קומט אַריין, זעט וואָס דאָ טוט זיך!

דער בעל־הבית פון קאַפע־הויז, אַ הויך און שמאָל יידל, וואָס האָט ערגעצ־וואו געהאַט נאָך אַ געהיים געשעפטל, די בעל־הביתטע, די וואַרשעווער דיקע

יידענע, און חנהלע, אַלע שבתדיק אָנגעטאָן, זיינען געבליבן שטיין אויף דער שוועל פון קאַפּע־הויז. זיי האָבן געזען ווי די צוויי יונגען שטייען איינער קעגן דעם אַנדערן, קוקן זיך אין די אויגן, און אַן עלעקטרישער שטראָם ציט זיך צווישן זייערע אויגן. קיינער האָט זיך ניט דערוועגט צוצוגיין צו זיי, יעדער איינער האָט זיך אינסטינקטיוו אָפּגערוקט און געוואַרט אויף דעם שטורם, ווען ער וועט אויסברעכן. נאָר פלוצלינג האָט חנהלע, דאָס אַכצן־יעריקע מיידל, מיט דעם גלאַנציקן, שוואַרצן קאָפּ האָר, פריש אָפּגעוואַשן לכבוד שבת, אַריינגעלאָזט זיך צווישן די צוויי. זי איז אויסגעוואַקסן לעבן מאָטקען, אויפגעהויבן די הענט און די אויגן צו אים און געזאָגט מיט איר מיידלשער שטימע, בעטנדיק זיך:

— קאַנאַריק, וואָס טוען זי? מען וועט אונדז דאָס געשעפט שליסן. דער פּריסטאַוו דרייט זיך אויף דער גאַס. קאַנאַריק, איך בעט אײַך!

אין איר שטימע האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פון איר האַרץ. אַלע האָבן מורא געהאַט פאַר איר, אַז זי זאָל ניט פּאַקן אַ קלאַפּ. די מוטער האָט געשריגן:

— חנהלע, גיי אַוועק, געדענק אין גאָט!

חנהלע איז אַלץ געשטאַנען און געבעטן זיך:

— קאַנאַריק, טוט דאָס ניט!

און פלוצלינג האָט קאַנאַריק אַוועקגענומען זיינע בליקן פון שלמהלע שלאָסנהעקער און געווענדט זיי אויף חנהלעס געוואַשענע שבתדיקע האָר. האָט געזען די צוויי שוואַרצע צעפּ, וואָס פלעכטן זיך אַראָפּ איבער איר רוקן און די שרעק און די ריינקייט אין אירע אויגן. לאַנג קוקן אויף איר האָט ער ניט געקענט. ער האָט דעם בליק געבויגן צו דער ערד. אַ גוטער שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער זיין מויל און וואָנצעס, געקראַצט זיך מיט אַ האַנט אונטער אַן אויער און זיך אָנגערופן צו דער דראָטן־גייערין:

—קום, נינאָ.

געגומען די דראָטן־גייערין, געוואָרפן אַ פאַראַכטנדיקן בליק אויף שלמהלען און געברומט אונטער דער נאָז: „כאַפּט אים דער שוואַרציאָר!“ — און איז אַרויס פון קאַפּע־הויז.

## 5

איטלעכן שבת איז מאָטקע, ווי דער מנהג איז געווען, אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן מיט זיינע „נקבות“ איבער דער שטאָט, געפירט זיי אין זאַקסישן גאָרטן, אָדער אין יידישן טעאַטער, ווען דאָס יידישע טעאַטער האָט געשפּילט איינס פון די גוטע שטיקער, וואו קינדער האָבן געזונגען אַ סך לידלעך, און וואו מען

האָט פיל מאָל קדיש געזאָגט. דעם שבת האָבן די מיידלעך, ווי געוויינטלעך, פאַרבאַרייט זיך צום שפּאַציר. שבת בייטאָג איז געווען די פרייליכסטע און פרייסטע צייט פון זייער לעבן, ווען זיי גייען אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט, — ניט געלט צו פאַרדינען, נאָר פאַר פאַרגעניגן, און טוען זיך אָן ניט צוליב פּרנסה, נאָר פאַר זיך און גוטע פריינט.

אין רויטן וועלוולס „הייזל" איז שבת, פון דער פרי אָן, געווען אַ גרויסע באַוועגונג. די מיידלעך האָבן זיך פאַרבאַרייט צום שפּאַציר, זיי האָבן געפּרעסט די בלוזקעס, אויסגעזוכט זיך די שענסטע קליידער און באַראַטן זיך איינע מיט דער אַנדערער וואָס אָנצוטאָן. די מיידלעך האָבן אויך מאַטקען פאַרבאַרייט צום שפּאַציר. איינע האָט איר אַ העמד אויסגעפּרעסט, די צווייטע האָט איר די הויזן אויסגעפּרעסט, אַן אַנדערע די סאַמעטענע וועסט געריייניקט, און נאָך אַן אַנדערע די שטיוול איר אָפּגעפּוצט, וואָרים וואָס שענער און עלעגאַנטער מאַטקע איז געגאַנגען אָנגעטאָן, ווען ער איז מיט זיי אַרויס אויפן שפּאַציר, אַלץ בכבודער איז עס געווען פאַר זיי, אַלץ שטאָלצער האָבן זיי זיך געפילט.

אַז די מיידלעך זיינען שוין געווען אָנגעטאָן, זיינען זיי אַריין צו דעם פּאַפּיראָסניקס יידענע, אַז זי זאָל זיי באַקוקן און מבינות זאָגן. די קראַנקע יידענע איז ווי תּמיד געזעסן ביים פענצטער און דאָס האַרץ זיך דערכאַפּט מיט שאָלעכץ פון אַ פּאָמעראַנץ. די קינדערלעך, מיט די פּנימלעך און נעזלעך פאַרשמוצטע פון דעם שבתדיקן עסן, אין די נייע שבתדיקע קאַשקעטלעך, זיינען געזעסן אויף דער ערד און האָבן זיך געשפּילט איןביינדלעך. מלך פּאַפּיראָסניק, וועלכער איז אַליין געווען אַמאָל אַ חסידישער יונגערמאַן, נאָר היינט פאַריאָגט אַ גאַנצע וואָך אין פּרנסה, האָט שבת זיך אָפּגערוט, געזעסן אין די גאַטקעס און געזאָגט פּרק.

די מיידלעך זיינען אַריינגעקומען אָנגעטאָן אין בלויע קאַרטן־קליידלעך מיט אַטלעסענע אונטערפאַלדן, און געוויזן דער קראַנקער יידענע די היטעלעך מיט די פיל פּעדערן און בלומען, די נייע קאַמאַשן, און געבעטן אויף זיך מבינות זאָגן. די קראַנקע האָט דערפון הנאה געהאַט. אַליין גאָרניט געהאַט וואָס אָנצוטאָן און שוין ניט געווען אינדרויסן זינט יאָרן, האָט זי גרויס הנאה געהאַט צו ריידן פון מאָדעס, אין וועלכע זי איז אַמאָל מיידלוויז געווען אַ גרויסע בריהטע, האָט מבינות געזאָגט, אַז דאָס שטייט ניט גוט און די קאָלירן פּאַסן ניט, און אַליין זיך ניט געשעמט אָנצומעסטן אַ היטעלע אויף איר שבתדיקן שייטל און געל פּנים, און געטראַכט פאַר זיך מיט קנאה: ווען זי האָט אַזוינס אָנצוטאָן, וואָלט זי נאָך היינט געווען אַ שיין ווייבל און וואָלט אין גאַס אַרויס שפּאַצירן אַפילו קראַנקערהייט.

— די פאַלדן זיינען דאָך צו ברייט, רייזעלע, — זאָגט זי איינער אַ מיידל, וועלנדיק כאָטש אַ שטאָך געבן יענער, וואָס זי איז צו דין.

— אָ, היינט טראָגט מען אַזוי. אַלע פּאַניעס אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס טראָגן אַזעלכע.

— מלך פּאַפּיראָסניק איז בייז געווען וואָס די „טמאות", די מיידלעך פון די הייזלעך, פאַרקערן ביי אים אין שטוב און זיין ווייב האַלט זיך אונטער מיט זיי. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפן. ער האָט געוואוינט מיט זיי אין שכנות, הויז ביי הויז, און די מיידלעך האָט עס געצויגן צו אים אין שטוב אַריין, וואָס זיי קענען אַהין אַריינקומען ווי שכנות און פריינט. עס איז ניט געווען פאַר זיי די טיר צו פאַרמאַכן. און אָפטמאָל האָט מען פון זיי אַ טובה געהאַט. אַ חוץ וואָס זיי האָבן די קינדער געטיילט צווייערס אָדער געקויפט גע־בעקס און פלעגן זיין ווייב העלפן אין בעל־הבתישייט, האָבן זיי אויך אונ־טערגעהאַלטן זיין האַנדל מיט די געהיימע פּאַפּיראָסן, פאַרקויפט פּאַפּיראָסן די געסט, וואָס זיינען געקומען צו זיי. די טובות האָבן געפּיר׳ט צו פריינטשאַפט, ניט געקוקט אויף דער פּראָפעסיע, וואָס זיי פּראַקטיצירן. דערצו האָט מען ביים פּאַפּיראָסניק אין שטוב גאָר געהאַט פאַרגעסן מיט וואָס די מיידלעך פאַר־נעמען זיך. זיי האָבן זיך אויפגעפירט ווי גוטע שכנטעס און ווי אַנדערע גע־וויינטלעכע מענטשן. און דער פּאַפּיראָסניק איז מיט דער צייט דערצו אַזוי געוואוינט געוואָרן, אַז ער האָט אויך פאַרגעסן, אַז די מיידלעך זיינען „טמאות". אָפטמאָל האָט ער געטראַכט צו בייטן די דירה, כדי פּטור צו ווערן פון דער שכנישאַפט, נאָר קיין געלט איז ניט געווען אויף איבערצוציען זיך. קיין אַנדער דירה האָט זיך ניט געמאַכט, און מען איז שוין פּשוט געווען צוגעוואוינט צו די טובות.

נאָר שבת האָט עס אים פאַרדראָסן מער ווי אַן אַנדער מאָל. פּונקט ווען ער זאָגט פּרק, קומען זיי, די „טמאות", אַריין. האָט ער זיך פאַרדרייט, איינ־געטונקען זיך אין סידור און געזאָגט מיט אַ זינגענדיקן ניגון:

— על שלשה דברים העולם עומד, אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט...

און די מיידלעך האָבן זיך צוגעהערט צו דעם באַקאַנטן היימישן ניגון און האָבן זיך געפילט אין דער היים.

מער פון אַלע האָט די לאָוויטשערין שבת נאָכמיטאָג ליב געהאַט צו פאַר־ברענגען ביים פּאַפּיראָסניק. זי איז געווען אַ פרומע טאָכטער פון דער היים. איר פאָטער איז נאָך ביז היינט אַ מלמד אין לאָוויטש. זי האָט זיך געהאַט פאַרליבט אין אַ פריזירער, דער פאָטער האָט זי דווקא געוואָלט חתונה מאַכן עפּעס דאָרט פאַר אַ אויסגעווייקטן אָרעם־בחור פון בית־מדרש. פאַרדינט האָט זי געלט פאַר זיך, אַ זאָקן־מאַכערין געווען. האָט זי דער פריזירער געהאַט אָנ־גערעדט און זי איז אַנטלאָפן מיט אים קיין לאָדזש. דאָרט האָט ער זי ערגעץ־וואו אַריינגעגעבן, פון וואַנען זי איז געקומען אַהער אין „הייזל". היינט באַ־דויערט זי שוין דאָס ניט. איטלעכער האָט זיך זיין אומגליק, און קיינעם קומט ניט אָן די פּרנסה גרינג. זי האָט דאָך געהאָפט אַמאָל נאָך פון דאַנען אַרויס־צוקומען און חתונה האָבן מיט אַן אָרנטלעכן מענטשן, און זי האָט געהאַלטן אין איין קלייבן וועש אויף אַן אויסשטייער. זי האָט דאָס געהאַט אַ באַזונדערע ליבע פאַר דעם פּאַפּיראָסניק און זיין פאַמיליע, און אַז עס איז געקומען שבת,

האָט זי ליב געהאַט צו הערן ווי ער לייענט פּרק, עס האָט איר דערמאָנט אָן פאָטער אין דער היים, און אפשר אָן איר אייגענעם לעבן, וואָס האָט איר טיילמאָל אויפגעשיינט פאַר די אויגן ווי אַ חלום...

דערווייל האָבן אַלע מאָטקעס נקבות זיך פאַרזאַמלט, שוין אָנגעטאָנענע, ביי דער „שפּאַניערין" און געוואַרט אויף מאָטקען.

עס זיינען געווען פיר מיידלעך: די שפּאַניערין און נאָך דריי וואָס מאָטקע האָט זיך איינגעשאַפּט און געהאַלטן זיי אין פאַרשיידענע הייזלעך אין דער שכנישאַפט אַרום. זיי זיינען אַלע אַריינגעקומען צו דער שפּאַניערין, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז מאָטקע האַלט די שפּאַניערין פאַר זיין ערשטע נקבה, און זי איז מער מיוחסת פאַר זיי אַלעמען, ווייל זי גייט ניט אויף דער גאַס, נאָר אין האָטעלן, און מאָטקע קויפט איר שענערע זאַכן ווי אַלע אַנדערע.

עס איז שוין געווען שפּעט און מאָטקע איז נאָך ניט געווען. שלמהלע שלאָסנהעקער איז שוין דאָ געווען, און ער האָט צוזאַמענגענומען די מיידלעך: די גאָסטינינערין, די יאַטילע און די בלאָנדע ראָזע (די לאָוויטשערין האָט ניט געוואָלט גיין. זי איז איבערגעבליבן ביים פּאַפּיראָסניק און איינגעהערט זיך ווי ער זאָגט פּרק מיט דעם גמרא־ניגון). די מיידלעך, מאָטקעס כּלות, האָבן אומגעדולדיק אַרויף און אַראָפּ געדרייט זיך, געקוקט פון די פענצטער, פון די שטיגן. זיי האָבן געהאַט אָנגעגרייט אים דאָס העמד, דעם אַנצוג, די שטיוול, דעם קראַוואַט, אָבער מאָטקע גייט ניט. די שפּאַניערין האָט אויסגעטאָן דעם הוט מיט די רויטע רויזן און האָט זיך געשוואוירן, אַז אַפילו ער זאָל צוזעצט ווערן, וועט זי אויך שוין ניט גיין מיט אים שפּאַצירן.

— ווייסט דיך לאָזן איבערבעטן. אַז ער וועט דיך בעטן, וועסטו גיין, — האָבן די אַנדערע מיידלעך געזאָגט, ניט אָן קנאה, וואָס זי איז די „געליבטסטע".

דערווייל איז מאָטקע אַריינגעקומען אין קאַפע־הויז. אין קאַפע־הויז איז קיינער איצט ניט געווען, און איינמאָל פאַר אַ גאַנצע וואָך האָט דער סאַמאָוואַר וואָס איז איינגעמויערט אין אַ קעסל ניט געזאָטן. מאָטקע האָט אַריינגעקוקט אין פינצטערן אַלקעריל און דערזען חנהלען, ווי זי איז געזעסן ביים פענצטער און האָט געלייענט אַ ביכל. זי האָט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט, וואָס קאַנאַריק טוט איצט, אין אַזאַ צייט, אין קאַפע־הויז, ווען קיינער איז ניטאָ, נאָר זי האָט זיך געמאַכט ניט־זעענדיק און ווייטער געלייענט אין איר ביכל. מאָטקע האָט זיך געדרייט אין אַלקעריל, אַריינגעקוקט אין קאַפע־הויז, ווי ער וואָלט וועמען געזוכט. דאָס מיידל האָט אים ניט געפרעגט, וואָס ער וויל. ער איז געווען אַ היימישער, און ער האָט געקענט אַריינקומען, ווען נאָר ער האָט געוואָלט.

מאָטקע האָט זיך אומגעקוקט: די בעל־הביתטע איז ניטאָ. די בעל־הביתטע מיט דעם בעל־הבית זיינען געשלאָפן אין דעם שטיבל, די ברידערלעך זיינען אויך ניט געווען, נאָר חנהלע אַליין איז געזעסן און האָט געלייענט.

דער יונג האָט זיך געמאַכט האַרץ, אויסגעהוסט זיך און געשטעלט אַ טריט

צום מיידל. געשטאַנען זיך פון דער ווייטנס און געזאָגט מיט אַ שעמעוודיקער מינע:

— וואָס לייענען זי, חנהלע? אַ ביכל?

דאָס מיידל איז ניט געוואוינט געווען, אַז ווער פון די יונגען זאָל זיך ווענדן צו איר מיט אַנדערע זאַכן אַחוץ דערלאַנגען טיי אָדער נעמען באַצאָלטס. און געוואוינט איז זי געווען, אַז אַלע, סיי די יונגען, סיי די מיידלעך, זאָלן זיך פאַרהאַלטן צו איר אָנשטענדיק. פאַר דער בעל־הביתטע אין די אויגן האָבן זיי זיך ניט געשעמט צו ריידן די אויסגעלאַסנסטע רייד, ווען חנהלע איז אָבער דערביי אַריינגעקומען, האָבן זיי באַלד איבערגעהאַקט און געזאָגט איינע דער אַנדערער: „שאַ, אַ מיידל איז דאָ...״ זי האָט געוואוסט פון דער פּרנסה, מיט וועלכער די מיידלעך פאַרנעמען זיך, נאָר זי איז שוין אַזוי צוגעוואוינט געוואָרן דערצו, אַז עס האָט אויף איר קיין באַזונדער איינדרוק ניט געמאַכט. עס האָט ניט געוועקט איר מיידלשע פאַנטאַזיע, ניט געבראַכט דערצו, אַז זי זאָל וועגן עפּעס נאָכקלערן. זי האָט ווי די שכנים געהאַלטן די מיידלעך פון די „הייזלעך״ פאַר „אומגליקלעכע״, נאָר וואָס זאָל מען טאָן? קיינעמס פּרנסה קומט ניט אָן גרינג. און זי האָט זיך באַנומען צו זיי פּשוט ווי צו אַלע אַנדערע מענטשן. דערפאַר איז איר אַ וואונדער געווען, וואָס מאָטקע האָט זיך פּלוצלינג אָפּגע־שטעלט און איינגעקוקט זיך אין איר לייענען, וואָס ער האָט עס קיינמאָל ניט געטאָן.

דאָס מיידל האָט אים אָנגעקוקט, אָפּגעענטפערט:

— אַ ביכל, — און האָט ווייטער געלייענט.

מאָטקע איז ווייטער געשטאַנען און געפרעגט:

— וואָס פאַר אַ ביכל, אַ מעשה?

— יאָ, אַ מעשה, דאָ האָבן זי, זעען זי, — האָט אים דאָס מיידל גע־שטעקט דאָס ביכל אין האַנט אַריין.

מאָטקע האָט געהאַלטן דאָס ביכל אין האַנט קאַפּויער, איז רויט געוואָרן ווי אַ חתן־בחור, און געזאָגט מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל:

— איך קען ניט לייענען. עפּעס אַ שיינע מעשה?

— יאָ, אַ שיינע מעשה, „יאָסעלע״ הייסט זי.

— וואָס פאַר אַ מעשה?

— אַ מעשה מיט אַ יתום, ווי ער האָט ניט געהאַט קיין טאַטן, קיין מאַמען, זיך אַרומגעוואַלגערט ביי פרעמדע מענטשן און מען האָט אים געשלאָגן אויך, — האָט דאָס מיידל געזאָגט און אַ טרער האָט געגעבן אַ בליץ אין איר אויג אויף דעם העלד פון דער מעשה, וואָס זי האָט געלייענט.

מאָטקע האָט זיך אַ מינוט פאַרקלערט. דאָס פּנים זיינס איז געוואָרן אומ־שולדיק, ווי ביי אַ קינד, און די אויגן ריין, און ער האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ פאַרלוירן שמייכעלע:

— אוי, איז עס דאָך אַ שיינע מעשה, איך וואָלט זי געוואָלט הערן.

— איך וועל זי אייך אַמאָל פאַרציילן.

— זי וועלן זי מיר פאַרציילן?
— יאָ, — שאָקלט דאָס מיידל מיטן קאָפּ.
— גוט.
— חנהלע, חנהלע, קום נאָר אַריין, — האָט די מאַמע גערופן פון דער וואוין־שטוב, מורא האָבנדיק פאַר מאָטקען.

מאָטקע איז אַוועק צו די מיידלעך. ער איז ניט גוט געווען דעם היינ־טיקן שבת צו זיי. עס איז אים ניט געפעלן דאָס העמד, וואָס זיי האָבן אים אויסגעפּרעסט, דערנאָך האָט ער ניט געוואָלט גיין מיט אַלע מיידלעך שפּאַ־צירן. עס איז ניט שיין, זאָגט ער. מיט פיר, נאָר מיט צוויי און צוויי. אַז ער האָט זיך שוין געהאַט אָנגעטאָן, האָט ער איבערגעקוקט די מיידלעך, און צום ערשטן מאָל איז אים עפּעס ניט געפעלן געווען ווי זיי גייען אָנגעטאָן, געהייסן אַראָפּרייסן די גרויסע פעדערן פון די קאַפּעליושן. די מיידלעך האָבן אים אָנגעקוקט ווי משוגע. נאָר פאַרפאַלן. ער האָט געהייסן. ער האָט זיי גע־פירט, — ניט ווי תּמיד, פיר אין איין שערענגע, נאָר צוויי און צוויי, ווי געענדז, — אין זאַקסישן גאָרטן אַריין. די „אָוויצאָווע אַלייע" אין גאָרטן איז פול געווען מיט שפּאַצירער. יונגען און מיידן פיל אויף אַלע בענק, צווישן די ביימער און אויפן ברייטן וועג. מאָטקע איז פאַרביי מיט זיינע כּלות. די מיידלעך זיי־נען געווען שטאָלץ, גרויס ביי זיך, וואָס מאָטקע פירט זיי.

מאָטקע האָט געהאַלטן די הענט אין די הויזן־קעשענעס, דעם הוט פאַר־וואָרפן אויף אַ זייט און דעם בליק גענידערט צו דער ערד. פון דער אָפענער וועסט האָט זיך אַרויסגעריסן דאָס ווייסע געפּרעסטע העמד, וואָס די מיידן האָבן עס אויסגעפּרעסט אַזוי שטייף ווי אַ ברעטל. קיין קראַגן האָט ער ניט געטראָגן, דערפאַר אַ רויטן, שמאָלן, לאַנגן קראַוואַט, וואָס אַ מויד האָט אים אויסגענייט פון אַ רויטן באַנד, און זיינע גלאַנצעדיקע כאָליעוועס האָבן גע־פינקלט פון דער ווייטנס.

דער עולם האָט אים געקענט, און איין יונג האָט געשטופּט דעם צווייטן:
„זעט, זעט, קאַנאַריק גייט מיט זיינע כּלות!"

די מיידלעך האָבן געוואוסט, אַז מען קוקט זיי נאָך און זיי זיינען שטאָלץ געווען דערויף.

אויפן שפּאַציר האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט שלמהלע שלאָסנהעקער. יע־נער איז אויך געגאַנגען מיט זיינע כּלות, נאָר קאַנאַריקס כּלות זיינען גע־גאַנגען שענער אָנגעטאָן און זיינען געווען שטאָלצער. און יענע מיידלעך האָבן זיי מקנא געווען, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז קאַנאַריק פירט זיינע נקבות אין טעאַטער און שלמהלע שלאָסנהעקער זשאַלעוועט אַ גראָשן, זאַמלט זיך אַ פאַר־מעגנס חתונה צו האָבן.

די יונגען האָבן זיך אָנגעקוקט. מאָטקע האָט אויפגעהויבן די אויגן און געקוקט אויף שלמהלען מיט אַ שפּאָטישן געלעכטערל, און שלמהלע האָט אויס־געמיטן זיין בליק, אים ניט געוואָלט זען.

מאָטקע האָט ניט לאַנג פֿאַרבראַכט אין גאָרטן. ער האָט געפֿירט זיינע כּלות אין יידישן טעאַטער אויף קאַראַווע גאַס. דער יונג, וואָס פֿאַרקויפֿט בי־לעטן אין דער קאַסע, האָט קאַנאַריקן גוט געקענט. בכלל איז מאָטקע געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט אין יידישן טעאַטער. ער האָט געצאָלט מיט רובלס פֿאַר די בילעטן פֿאַר זיך און זיינע כּלות, וואָס מען איז עס גאָרניט געוואוינט געווען אין יידישן טעאַטער. דער וויצע־דירעקטאָר, אַ דיקער יונג, מיט אַ פּאָר שוואַרצע ציין און אַ גאָלדענער האַרפּע אין דעם לאַץ פֿון זיין ראָק, איז אים אַנקעגנ־געלאָפֿן, אַלע אָנגעשטעלטע זיינען אים אַנקעגנגעלאָפֿן. אים אָנגעוויזן די פּלע־צער און געריידט צו אים פּויליש: „פּראָשע פּאַנאַ". אין יידישן טעאַטער האָט מען געשפּילט אַ שטיק, וואו מען האָט אַ סך געזונגען און יינגלעך האָבן קדיש געזאָגט. מאָטקעס כּלות האָבן דערביי געוויינט און געווישט זיך מיט די זיי־דענע טיכלעך די טרערן פֿון די אָנגעפּודערטע באַקן. מאָטקע איז אַרויס אין בופֿעט און געקויפֿט זיינע כּלות שאָקאָלאַד, געהייסן געבן אַ יונג פֿון טעאַטער, אַן אַקטיאָר, אָדער אַ וויצע־דירעקטאָר, אַ טרונק בראָנפֿן ביים בופֿעט, אַוועק־געזעצט זיך ערנסט און צוגעהערט זיך צו די לידלעך, וואָס זיינען אים זייער געפֿעלן.

מער פֿון אַלץ איז אים אָבער געפֿעלן געווען דער קאָמיקער און די יינג־לעך, וואָס האָבן קדיש געזאָגט. ער האָט זיי געהייסן אַרויפֿשיקן אויף דער בינע שאָקאָלאַד.

און די מיידלעך זיינען גליקלעך געווען. אַלץ איז זיי געפֿעלן און זיי האָבן זיך איינגעליבט אין אַלע אַקטיאָרן. אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי געזונגען די ליד־לעך, וואָס זיי האָבן געהערט אין טעאַטער, אויסדערציילט פֿאַר אַנדערע מייד־לעך, פֿאַר דעם פּאַפּיראָסניקס וויַיב, פֿאַר חנהלען, ווי די יינגלעך האָבן קדיש געזאָגט נאָך זייער געשטאָרבענער מוטער. און ווי דאָס קינד האָט די הענט־לעך אויסגעשטרעקט, און זיי האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויפֿן צווייטן שבת, ווען מאָטקע וועט זיי נאָכאַמאָל פֿירן אין טעאַטער.

אָבער מאָטקע איז עפּעס וואָס מיט זיך ניט צופֿרידן געווען, זינט ער האָט זיך שבת באַגעגנט מיט חנהלען.

## 6

מאָטקע האָט ניט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. וואָס אַ טאָג איז אים חנהלע מער געפֿעלן געווען. ער האָט זיך איינגעליבט אין איר, און ער האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי צו ריידן צו איר. דער יונג, וואָס האָט געהערשט אי־בער פֿיר לעבנס אין וואַרשע, וואָס איז געוואוינט געווען צו באַפֿעלן און מען

זאָל אים פאָלגן, און וואָס קיין זאַך האָט ניט עקסיסטירט, וואָס זאָל זיין ווילן צוריקהאַלטן, — ניט קיין גאָט, ניט קיין געזעץ און ניט קיין געוויסן, — דער יונג איז אומבאַהאָלפן געווען און ווי אַ קינד זיך באַנומען, ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט חנהלען. דער יונג איז פאַרשעמט געוואָרן פאַר דעם קליינעם מיידל, וואָס האָט צוויי לאַנגע שוואַרצע צעפּ, אויגן, וואָס קוקן דרייסט, און שרעק אין יענעמס פּנים אַריין. זינט ער האָט גערעדט מיט איר שבת ביים לייענען דאָס ביכל, קען ער איר גלייך אין פּנים ניט קוקן, אַז ער זאָל זיך ניט שעמען... ער האָט זיך פיל מאָל פאָרווארפן געמאַכט, אַז ער איז אַ „פריי־ער", וואָס ווערט פאַרכאַפּט פון אַ ליאַדע מיידל און עס פּאַסט ניט פאַר אַ יונג אַ חברה־מאַן, ער זאָל זיך לאָזן פירן פון אַ נאַרישער „קאַפע־מיידל", פון אַ „פריץ", אַ גאָרניט. און כדי זיך אַליין איינמאָל פאַר אַלע מאָל צו ווייזן, ווער מאָטקע איז, און אַז מיט מאָטקען שפּילט מען זיך ניט, האָט ער באַשטימט זיך אַריינצוזוגנבענען צו איר ביינאַכט אין שטוב און זי „פאַרטיק" מאַכן... פאַר גאָרניט, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל ער וויל אַזוי, און זאָל אים ווער פּרוּוון עפּעס טאָן.

ער האָט שוין גאַנץ גוט אויסגעשפּירט דאָס אָרט וואו זי שלאָפט. היני־טער דעם אַלקער זיינען געווען צוויי פינצטערע שטובן. איינע פון זיי האָט ניט געהאַט קיין פענצטער, נאָר אַן אָפענע טיר. מאָטקע האָט געוואוסט, אַז אין יענער שטוב אָן פענצטער שלאָפט חנהלע, און כדי צו איר זיך אַריינ־צוגנבענען, מוז ער אַדורך די ערשטע שטוב מיטן פענצטער, אין וועלכער עס שלאָפט דער בעל־הבית פון קאַפע־הויז מיט דער יידענע. נאָר ער האָט זיך פאַר דעם אויך ניט געשראָקן. ער האָט זיך פאַרלאָזט אויף זיין געשיקט־קייט און פּראַקטיק.

דעם גאַנצן טאָג און דעם גאַנצן אָוונט אַנקעגן דער נאַכט, אין וועלכער ער האָט באַשטימט דאָס זייניקע אויסצופירן, האָט ער ניט געוואָלט זיך באַגעגענען מיט חנהלען. שפּעט אין דער נאַכט, ווען די מיידלעך זיינען שוין פאַרשוואונדן פון דער גאַס, און נאָר אין דעם קאַפע־הויז האָבן זיך אויפגעהאַלטן די לעצטע געסט, האָט ער זיך געוויזן. אין „קאַפע וואַרשאַווסקי" איז שוין טונקל געווען. דער בעל־הביתטע איז אַ שאָד געווען נייע צוואַנציק קאָפּעקעס אַריינצוואַרפן אין דעם גאַז־מעסטער, האָבן די לאָמפּן זיך טאַקע געברענט מיט זייערע לעצטע כּוחות. אין אַ ווינקל זיינען געזעסן אַ פּאָר מיידלעך, וואָס עס האָט זיי ניט געלונגען צו קריגן קיין געסט אויף אַ גאַנצע נאַכט, — און אויסגערעדט זיך די הערצער. אין הויז זיינען שוין אַלע געשלאָפן. מאָטקע איז אַריין אין קיך. זי איז פאַרשפּאַרט געווען מיט אַ ברעט. ער האָט קונציק דאָס ברעט אונטער־געהויבן, עס זאָל ניט פאַלן און אָנמאַכן אַ גערודער. אויף אַלע פיר, באַלויכטן נאָר מיט דעם קאַרגן נאַכט־לעמפל, וואָס האָט געברענט אין חנהלעס שטוב, איז ער אַדורכגעקראָכן די שטוב, אין וועלכער דער בעל־הבית מיט דער יידענע זיינען געשלאָפן. פון דער טונקלקייט האָט זיך געטראָגן אַ הויך שנאָרכן. שאָטנס

זיינען נאָכגעקראָכן נאָך מאַטקען, ווי ער האָט ווי אַ קאַץ געגליטשט זיך אין חנהלעס שטוב אַריין. אין חנהלעס שטוב האָט אַ לעמפּל געברענט. די ערשטע זאַך האָט ער געקלערט אויסצוגעפינען, אין וועלכן בעט חנהלע ליגט. דערנאָך וועט ער דאָס לעמפּל אויסלעשן, וועט צוקריכן צו חנהלעס בעט, וועט איר דאָס מויל פאַרשטעלן מיט דער האַנט און אַריינקריכן צו איר אין בעט אַריין. אַז ער איז אין שטיבל אַריינגעקומען, האָט אים אַ וואַרימקייט און אַ דומפּיקייט אַרומגענומען פון דעם אָטעמען אין שלאָף, וואָס האָט זיך געהערט אין שטיבל. דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן קלאַפּן. ביי דעם שיין פון לעמפּל האָט ער געזוכט חנהלעס בעט. עס איז געווען אַ שלאָף־באַנק, אַ קאַסטן, וואָס דינט בייטאָג פאַר אַ באַנק, ביינאַכט פאַר אַ בעט. דער קאַסטן איז געווען אויסגעבעט מיט קישנס. אַלע פעדערן פאַר חנהלעס אויסשטייער, געשליסענע און ניט געשליסענע זיינען געלעגן אין קאַסטן. צווישן די קישנס איז געלעגן חנהלע, לעבן איר, איר יונג פינף־יעריק ברודערל, וואָס האָט ווי אַ קינד זיך צוגעפּיעשטשעט צו דער שוועסטערס יונגע בריסט. מאַטקע איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון בילד. ער האָט ניט אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל, נאָר קניענדיק פאַרן בעט, האָט ער זיך איינגעקוקט אין חנהלעס פּנים אין שלאָף. ער האָט געהערט איר אָטעמען, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אירע נאָז־פליגל און אָפענעם מויל, געפילט די וואַרימקייט, וואָס האָט געשלאָגן פון איר צעוואַרימטן קערפּער. די שוואַרצע קודלעס האָר, וועלכע האָבן זיך צעפלאָשעט, באַזייטע מיט פעדערן, זיינען געלעגן אַרום איר פּנים, פאַרשפּרייט איבער אירע נאַקעטע אָרעמס, און זיי האָבן זיך באַוועגט, געהויבן זיך אינאיינעם מיט דעם שלאָגן פון איר האַרץ, די בריסט צוזאַמענגעקנייטשט, ווי זי וואָלט וועמען אַרומגעהאַלדזט. מיט אירע יונגע אָרעמס געהאַלטן אַרומגענומען איר קליין ברודערל. די אויגן האָט זי געהאַט פאַרמאַכטע, נאָר אונטער די פאַר־מאַכטע הייטלעך האָט זיך אַרויסגעזען בולט דאָס אויג, און די שוואַרצע שטייפע וויעס האָבן זיך פאַרשלאָסן, ווי פליגעלעך פון פייגעלעך, און אָפּגעהיט דאָס אויג, און אַרום אירע ליפּן איז געלעגן אויסגעגאָסן דאָס חנעוודיקע שמייכעלע, וואָס האָט מאַטקען „דרך־ארץ" געלערנט, וואָס האָט מאַטקען געמאַכט אומבאַהאָלפן, ווי אַ קינד אים געמאַכט איטלעכס מאָל ווען ער האָט זיך דערוועגט צוצוגיין צו איר און צו ריידן מיט איר. מאַטקע האָט געקניט פאַרן בעט, האָט באַטראַכט חנהלען, געהערט און געפילט איר וואַרימקייט, איר אָטעם און געזונטקייט, וואָס האָבן געשלאָגן פון איר בעט אַרויס, און זיך פאַרגעשטעלט ווי ער וואָלט איר מאַן געווען. ער איז אַהיימגעקומען שפּעט ביינאַכט פון אַ יאַריד, אַ דער־פרוירענער פון דער פייכטער, קאַלטער נאַכט אין וועג, און ער קריכט אַריין צו איר, צו זיין ווייבל אין בעט אַריין, און זי דערוואַרימט אים מיט איר יונגן געזונטן לייב, דאָ אין בעט צווישן די קישנס און פעדערן. אַ גוט שמיי־כעלע איז אים אַדורכגעגאַנגען איבער די ליפּן. עס איז אים גוט געווען אַזוי צו קלערן, און ער האָט גאָר אין גאַנצן פאַרגעסן צו וואָס ער איז אַהער אַריינ־געקומען. ער האָט שוין איצט קיין חשק ניט געהאַט זי צו טשעפּן. עס איז אים

גוט געוועזן צו קניִען פאַר איר בעט, צו קוקן אין איר שלאָגנדיקע, איינגעשלו־מערטע ברוסט, צו פילן איר אָטעם און וואַרימקייט, צו פאַנטאַזירן וועגן דעם, אַז זי זאָל זיין וויב ווערן, זיין אמת־איינציק וויב.

מיט מער אויסגעהיטנקייט. ווי ער איז אַריינגעקראָכן, איז ער פון איר שטיבל אַרויסגעקראָכן, כדי ניט זי און ניט איר פאָטער אויפצוואָוועקן, זיי ניט צו דערשרעקן. די נאַכט איז מאָטקע שוין ניט געשלאָפן רואיק. ניט די נאַכט און ניט די אַנדערע נעכט. ער האָט געקלערט וועגן דעם , ווי אַזוי פון זיין פאַנ־טאַזיע אַ וואָר צו מאַכן. אַז חנהלע זאָל זיין וויב ווערן, ניט ווי איינע פון די מיידלעך, וועלכע זיינען אים שוין איצט גאָר ניט אָנגעגאַנגען, נאָר זיין אמתדיק וויב, וואָס ער זאָל צו איר אין בעט אַריינקריכן אָנצוואַרימען זיך פון דעם קאַלטן, נאַסן נאַכטוועג, ווען ער קומט פון יאַריד אַהיים...

# 7

מאָטקע האָט אָנגעהויבן גאָר אַנדערש זיך פירן. ווי שלמהלע שלאָסנהע־קער, האָט ער אָנגעהויבן באַהאַנדלען זיינע נקבות. ער האָט זיי אָנגעהויבן באַטראַכטן ווי אַ סחורה און קיין פאַמיליאַרע פאַרהעלטעניש מיט זיי מער ניט געהאַט. ער איז שוין מיט זיי ניט געזעסן ביי איין טיש אין קאַפע־הויז „וואַרשאַווסקי", האָט זיי שוין ניט אַזוי אָפט אַרויסגעפירט אויף אַ שפּאַציר שבת נאָכמיטאָג. ער האָט אָנגעהויבן שפּאָרן אַ גראָשן און, גאָר ניט ווי זיין גע־וואוינהייט, גענומען דינגען זיך מיט זיי איבער קליידלעך, שיך און היטעלעך, וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט פון אים. ווי שלמהלע שלאָסנהעקער, פלעגט ער טענהן צו זיי, אַז זיי זיינען געקומען צו פאַרדינען געלט.

— גיב נאָר אַ קוק, יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אַ נייעם הוט. קענסט גיין אין דעם.

קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס עס איז געוואָרן מיט מאָטקען. ער פלעגט שוין אַ גאַנצע נאַכט אָפּזיצן אין קאַפע־הויז, אָדער אַרומדרייען זיך אין דער גאַס און אַכטונג געבן אויף זיין סחורה. און קוים פלעגט אַ מויד אַרויסקומען פון אַ גאַסט, האָט ער זי באַזוכט, אויב זי האָט ניט פאַרשטעקט קיין קליינ־געלט אין זאָק אַריין... ער איז געוואָרן אַ ביטערער יונג. ווען גוטע ברי־דער האָבן צוגעזען ווי ער רייסט אַ וועלט איין, שפּאָרט אַ גראָשן און וואַרפט שוין ניט קיין רובלס, האָבן זיי הינטער אים דאָס געלעכטער געמאַכט, און חיימל ממזר האָט אַפילו זיך דערוועגט אים אין די אויגן צו זאָגן:

— וואָס איז, קאַנאַריק, קלייבסט זיך חתונה האָבן, וואָס דו זשאַלעוועסט אַזוי אַ גראָשן?

— לאָז דיר דער קאָפּ ניט דאַרן פון מיינעט וועגן. אַז דו וועסט לעבן, וועסטו זען, צי די לייז וועלן דיך פריער ניט אויפעסן, — איז געווען דער ענטפער.

און עס איז מאָטקען טאַקע ניט געווען צו פאַרשטיין. מאָטקע האָט זיך געמאַכט אַ פיינעם אַנשטענדיקן אַנצוג, שבת זיך אָנגעטאָן ווי אַ געוויינטלעכער מענטש, און ער דרייט זיך פאַר דער קאָפּע „וואַרשאַווסקי". קיינער ווייסט ניט, וואָס עס איז מיט מאָטקען, און מאָטקע קלערט ווי אַזוי צוצוקומען צו חנהלען, ווי אַזוי צו ריידן מיט איר.

וואָרים אַז מאָטקע האָט זיך עפּעס אונטערגענומען, איז ער געוואוינט געווען עס גלייך אויסצופירן. ער האָט ניט געהאַט קיין צייט צו וואַרטן, און געמיינט האָט ער אויך, אַז אָט באַלד וועט חנהלע פאַר אים אַ כּלה ווערן. ער האָט זיך גאָרניט געקענט פאָרשטעלן, אַז מען זאָל אים אָפּזאָגן. פאַרוואָס? איז ער ניט אַזאַ שיינער ווי אַן אַנדערער? און אַ גראָשן קען ער אויך פאַרדינען. ווי אַזוי אָבער קומט מען צו איר?

ער האָט איר שוין געקויפט אַ זייגערל, און אַ גאָלדן פינגערל אויך מיט אַ בריליאַנט, פינף און פערציק רובל אָפּגעצאָלט דערפאַר, און ער האַלט עס אויפן האַרצן, איינגעבונדן אין אַ שמאַטקע. ווי אַזוי אָבער גיט מען איר דאָס, אַז עס זאָל אויסזען פיין, און זי זאָל וויסן, אַז ער מיינט מיט איר אויף אַן אמת אַ חתן צו ווערן?

ער האָט שוין אַפילו געקלערט ווי אויף יום־טוב וועט ער מיט חנהלען גאָר אַהיים פאָרן צו דער מאַמען. ער האָט זיך מיט אַמאָל דערמאָנט אָן דער מאַמען. איר וועט ער אַ שיינע מתּנה קויפן. אַ שייטל איר קויפן, אַ מאַנטל מיט ברעגן און אַ פאַטשיילע. אויף יום־טוב וועט מאָטקע קומען מיט דער כּלה אַהיים. ער וועט אַרויסגיין מיט חנהלען שפּאַצירן איבער די גאַסן פון שטעטל, עס וועט זיין אַ געיעג צו די פענצטער, ווייבער וועלן זיך סודען אויפן אויער און פרעגן איינע די צווייטע:

— ווער איז דאָס?

— דו דערקענסט אים ניט? דאָס איז דאָך מאָטקע, דער רויטער זלאָט־קעס זון, געקומען מיט דער כּלה צו דער מאַמען צוגאַסט.

— דאָס איז דער קליינער גנב, מאָטקע, וואָס האָט פון די קינדער די זעמל און די בייגל פון די הענט אַרויסגעכאַפּט?

— דאָס איז ער, דער גנב, מען האָט צוליב אים קיין קינד אין גאַס ניט געקענט אַרויסשיקן, דאָס איז ער, דער רויטער זלאָטקעס זון. גיט נאָר אַ קוק, וואָס פאַר אַ יונג עס איז אויסגעוואַקסן, אוי, מאַמעלע קרוין, וואָס אַ גרויסע שטאָט מאַכט פון אַ מענטשן!

— און ווי שיין איז דאָס, אַ יונג האָט זיך אָן דער מאַמען דערמאָנט, שיינע מתּנות איר געבראַכט.

— לאָז אַן אָרעמאַן אויך אַמאָל נחת האָבן. זי האָט עס, נעבעך, כּשר פאַרדינט, וויפיל צרות מען שטייט אויס איידער מען ציט אויף אַזאַ יונג.

אַזוי וועלן די ווייבער ריידן, זיצנדיק פאַר דער טיר שבת פאַרנאַכט, ווען ער וועט מיט דער כּלה שפּאַצירן. און ער וועט זיך גאָרניט מאַכן דערפון. ער וועט נאָר אויפהייבן דעם ראָק און ווייזן די גאָלדענע קייט, וואָס ער טראָגט אין דער וועסט, און חנהלע וועט טראָגן אַ הוט „פּאָ־וואַרשאַווסקו“. פּופּצן קערבלעך וועט ער פאַר אַ הוט באַצאָלן. אין דער גאַנצער שטאָט איז נאָך ניטאָ אַזאַ שיין מיידל ווי חנהלע, און זאָל גיין אַזוי אָנגעטאָן ווי זי, און דאָס איז זיין כּלה, מאָטקע גנבס כּלה, — און זאָלן זיי צעפּלאַצט ווערן.

דער יונג האָט זיך געבאָדן אין דעם נחת, וואָס ער האָט זיך אויסגעפּאַנטאַזירט וועגן חנהלען. נאָר ווי אַזוי קומט מען צו צו איר?

זאָל ער צוגיין צו איר און איר זאָגן, אַז ער וויל פאַר איר אַ חתן ווערן? האָט ער מורא, אַז זי זאָל זיך ניט דערשרעקן פאַר אים און אַנטלויפן. ער וואָלט איר דאָס וועלן זאָגן איידל, זייער איידל, אַז זי זאָל פאַרשטיין, אַז ער מיינט עס טאַקע ערנסט, מיט דעם גאַנצן רעכטן אמת, פאַר איר אַ חתן צו ווערן.

קיין פריינט, קיין מענטש האָט ער ניט געהאַט צו קאָנען פאַרטרויען אים זיין האַרץ, איז ער אַרומגעגאַנגען מיט זיך. ער האָט גאָר באַשטימט צו שיקן צו איר אַ שדכן, וואָס זאָל קומען צו ר׳ מלך ליכטנשטיין, חנהלעס פאָטער. עס איז אים מיטאַמאָל גאָר געפעלן געוואָרן דער נאָמען „ר׳ מלך“, ווי ער האָט דאָס אַמאָל געהערט רופן דעם שמש פון שולכל, ווען ער איז געקומען מאָנען געלט פאַר אַן עליה. צו ר׳ מלכן וועט ער שיקן אַ שדכן, וואָס זאָל אים ריידן דעם שידוך.

אין שכנות האָט געוואוינט אַ ייד, וואָס האָט געהאַלטן אַ לעדער־קרעמל. נאָר מאָטקע האָט געוואוסט, אַז ניט דאָס איז דעם יידנס פּרנסה. דער ייד איז געווען אַ חזן אין שולכל פון קרעטשמערס הויף, אַ מוהל, און אַז עס איז געקומען פאַר סוכּות איז דער לעדער פאַרשוואונדן פון דער קראָם, און אויף זיין אָרט האָבן זיך געוויזן אתרוגים און לולבים. און גלאַט איז דאָס געווען אַ שיינער ייד, מיט אַ שיינער באָרד, און אַלע איינוואוינערס פון דער אַלטער שטאָט האָבן אין זיין קראָם אַריינגעזאָגט „גוט מאָרגן“. דעם יידן האָט מאָטקע אויסגעקליבן פאַר אַ שדכן. ער האָט געוואוסט אַז ער איז אַ בכּבודיקער ייד און פאַר אַזאַ בכּבודיקער זאַך באַדאַרף מען אַ בכּבודיקן מענטש. מאָטקע האָט געהערט, אַז דער ייד פירט אויס שידוכים אין די פיינע הייזער, און ער האָט געוואָלט צו חנהלען שיקן אַ פיינעם שדכן, ניט צו קוקן וויפיל געלט עס זאָל קאָסטן. ער האָט זי געוואָלט אימפּאָנירן מיטן שדכן.

אַז מאָטקע האָט זיך געוויזן צו דעם יידן אין געוועלבל, איז דאָרט געוואָרן אַ בהלה ווי אַ שרפה וואָלט געוואָרן. דער ייד איז בלייך געוואָרן, דערזעענדיק מאָטקען אַריינקומען אין געוועלבל, און די יידענע מיט די קינדער האָבן זיך

געווייזן אויף דער שוועל פון דער טיר, מורא האָבנדיק פאַרן פאָטערס לעבן...
מאַטקע האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זיין באַווייזן זיך האָט אַרויסגערופן אַזאַ בהלה, האָט ער זיך פאַרוואונדערט אומגעקוקט. און אַז ער האָט נאָך געזאָגט, אַז ער באַדאַרף מיט ר׳ ברכיה (דער ייד, ווי יעדער בכבודיקער ייד, האָט געהייסן ר׳ ברכיה) צו ריידן אַליין אונטער פיר אויגן, האָט דאָס נאָך מער שרעק אַרויסגערופן. אין די יידענע האָט געזאָגט, אַז זי וועט זיך דאָס לעבן איינשטעלן און ניט אַוועקגיין. נאָר מאַטקע האָט זי באַלד באַרואיקט. ער האָט זיך אומגעקוקט, און געזאָגט גאַנץ נאַאיוו:

— איך וויל, ר׳ ברכיה, איר זאָלט אַריבערגיין צו ר׳ מלכן פון קאַפּע־הויז און ריידן מיר אַ שידוך מיט חנהלען.

אַז דער ייד האָט דערהערט אין וואָס דאָ האַנדלט זיך, איז אים אָנגעגאַנגען אַ געלעכטער, נאָר ער האָט מורא געהאַט אַפילו צו שמייכלען, וואָרים עס איז געגאַנגען אין לעבן. דער ייד האָט זיך ערנסט פאַרקלערט.

— וואָס קלערט איר? אויף געלט וועל איך ניט קוקן, איך וועל אייך באַצאָלן ווי אַ רייכער, וואָס קומט צו אייך, — כאַפּט ער די האַנט צו דער קעשענע.

— איר זעט, דאָ האַנדלט זיך, איך מיין. גלאַט אַזוי אַריבערגיין... האָט איר שוין מיטן מיידל געשמועסט? — איז דער ייד געפאַלן אויף אַ המצאה, קלערנדיק ווי אַזוי אַרויסצומאַכן זיך פון דעם עסק.

— מיטן מיידל האָב איך נאָך ניט גערעדט, נאָר איך מיין, אַז זי וועט וועלן. און ווידער איז עס ניט אייער עסק. רעדט מיט ר׳ מלכן, זאָגט אים, אַז איך האָב אייך געשיקט.

— פאַרשטייט איר מיך אַזוי, אַ חתן פון דער היינטיקער וועלט, איר זייט דאָך אַ יונגערמאַן פון דער היינטיקער וועלט. — האָט ר׳ ברכיה דערווייל זיך אָפּגעקויפט מיט אַ קאָמפּלימענט. — מען רעדט צוערשט מיט דער כלה, דערנאָך שיקט מען אַ שדכן. איר פאַרשטייט דאָך אַליין.

מאַטקע האָט איינגעזען, אַז דער ייד האָט רעכט. דערצו האָט אים דער קאָמפּלימענט „אַ חתן פון דער היינטיקער וועלט" אויף זייער פאַרשמעקט, — האָט ער זיך געלאָזט איבעררעדן און טאַקע איינגעזען, אַז ער באַדאַרף צוערשט ריידן מיט חנהלען.

— אַז דאָס מיידל וויל, איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך. זעט איר, דענסמאָל קען מען שוין דעם טאַטן איבעררעדן, די מאַמע איבעררעדן.

מאַטקע האָט איינגעזען, אַז דער ייד האָט רעכט, האָט ער אָפּגעמאַכט ביי זיך צוערשט איבערצוריידן מיט חנהלען.

ער האָט דאָס אָפּגעלייגט אויף שבת. שבת נאָכמיטאָג, ווען דער בעל־הבית מיט דער בעל־הביתטע שלאָפן און חנהלע זיצט און לייענט דאָס מעשה־ביכל, וועט ער מיט איר ריידן. ער האָט מיט האַרצקלאַפּעניש געוואַרט אויף שבת. אָפּגעגאָלט זיך, אָנגעטאָן זיך אַ קראַגן מיט אַ קראַוואַט און דעם נייעם

שבתדיקן אַנצוג, וואָס ער האָט זיך געקויפט פאַר צוואַנציק רובל, מיט די שיינע גלאַנצעדיקע שטיוול, האָט זיך מאַטקע אַרומגעדרייט אויף דעם טראָ־טואַר פאַרן הייזל. בחינם האָבן די מיידלעך געוואַרט אויף אים, מאַטקע איז שוין מיט זיי שבת ניט געגאַנגען שפּאַצירן (ער האָט שוין אַפילו געהאַט די שפּאַניערין געמאַכט פאַר אויס געליבטע. זי איז שוין געוואָרן אַ נקבה ווי אַלע אַנדערע). די מיידלעך האָבן שוין געוואוסט דערפון, און זיי האָבן אַרויס־געקוקט ווי געפּאַנגענע שבת פון די פענצטערלעך פון די הייזלעך, אָדער זיי זיינען געזעסן ביים פּאַפּיראָסניקס ווייב. מאַטקע איז שוין געווען פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן.

ער האָט אָפּגעוואַרט, אַז עס זאָל קיינער ניט זען, און איז אַריין אין קאַפע־הויז. אין אַלקערל האָט ער געטראָפן חנהלען. זי איז געזעסן ביים וואַ־רימען אויוון און געלייענט דאָס ביכל, באַלויכטן פון דעם ליכט, וואָס האָט אַריינגעדרונגען אין די געפּרוירענע שויבן פון קאַפע־געוועלב. מאַטקע האָט זיך אויסגעהוסט, געשמייכלט, און געדרייט זיך אויף די אָפּצאַסן פון די שטיוול. חנהלע האָט ניט אָוועקגענומען דעם בליק פון ביכל. זי האָט געזען מאַטקען, גאָרניט געמאַכט זיך דערויס און ווייטער געלייענט.

— געפעלט אייך מיין אַנצוג, חנהלע? — האָט מאַטקע געפרעגט מיט אַ שמייכל, און געוויזן זיין ראָק.

חנהלע האָט אַרויסגענומען אירע אויגן פון ביכל, געוואָרפן אַ בליק אויף מאַטקען, אַדורכגעגליטשט זיך מיט איר בליק אויף זיין אַנצוג, געזאָגט מיט אַ שמייכל „גוט״, — און ווייטער געלייענט.

דאָס שמייכעלע האָט מאַטקען דרייסט געמאַכט, און חשק געגעבן. — רופט ער זיך אָן:

— וואָס לייענען זי, ווידער די מעשה מיטן יתום?

— ניין, אַן אַנדער מעשה.

— אויך אַ שיינע?

— יאָ, אַ שיינע.

— און די מעשה מיטן יתום, זי האָבן מיר געזאָלט פאַרציילן. זי וועלן מיר פאַרציילן?

— גייען זי שוין, וואָס דאַרפן זי אַזעלכע מעשיות?

אויף אירע ליפּן האָט אָפּגעשיינט יענער שמייכעלע, וואָס מאַטקע האָט גע־קענט פון איר שלאָף, און ווידער האָבן זיך די ווייעס אירע צוגעשלאָסן, ווען דאָס מיידל האָט אַראָפּגענייגט איר בליק אין ביכל אַריין, און מאַטקען איז דאָס אַלץ אַזוי באַקאַנט פאַרגעקומען, ווי עס וואָלט שוין זיינס געווען. ער האָט עפּעס געזוכט ביי זיך אין קעשענע, אַרויסגענומען פון דאָרט עפּעס וואָס איז געווען איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּירל, געקנייטשט דאָס אין זיין גרויסער שטאַר־קער האַנט, און אָנגעהויבן שטאַמלען, בלייך־ווערנדיק:

— חנהלע, איכל אינען עפּעס זאָגן.

דאָס מיידל איז דערשראָקן געוואָרן פאַר דער ערנסטקייט און דער בליי־קייט פון דעם יונג. צום ערשטן מאָל האָט זי אים געזען אַזעלכן: מאָטקע שטאַ־מעלט, מאָטקע ווערט בלייך. זי האָט זיך דערשראָקן און זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

— איך האָב שוין לאַנג געוואָלט זאָגן, נאָר ניט געקענט. איצט וועל איך זאָגן.

דאָס מיידל האָט געזוכט מיט די אויגן אַ טיר. זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זי איז רויט געוואָרן און דערשראָקן.

מאָטקע האָט אויפגעוויקלט פון פּאַפּיר דאָס גאָלדענע זייגערל, וואָס ער האָט געהאַט געטראָגן אין אַ טעשל אויפן האַרץ, און געזאָגט מיט אַ האַלב־פאַרשטיקט קול:

— איך וויל מיט אײַך אַ חתן ווערן.

דאָס מיידל איז אין איין רגע בלייך און רויט געוואָרן, זי האָט גע־עפנט דאָס מויל צו שרייען „מאַמע”, און דאָס וואָרט איז פאַרשטיקט גע־וואָרן אין איר פאַר שרעק. זי האָט מיט רחמנותדיק־בעטנדיקע אויגן געקוקט אויף מאָטקען, און מאָטקע האָט געמיינט, אַז ער דושעט אַ יונגע טויב. פון דעם בליק, וואָס זי האָט געשיקט אויף אים. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און ניט געוואוסט וואָס, האָט ער געזאָגט:

— חנהלע, איך מיין ניט אַזוי... איך וויל אַ חתן ווערן, מיט אײַך אַ חתן, זי זאָלן מיין כלה זיין.

דאָס מיידל האָט זיך צוריק געפונען. דאָס לעצטע וואָרט האָט אַרויסגע־רופן ווי אַ שמייכל אויף אירע ליפּן, וואָס מאָטקע האָט עס גאַנץ גוט באַ־מערקט.

— וואָס דאַרפן זי מיך, זי האָבן שוין אַזוי פיל כלות?

און חנהלע איז אַריין אין דער צווייטער שטוב.

מאָטקע איז געשטאַנען מיטן גאָלדענעם זייגערל אין דער האַנט, און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן...

# *8*

באַלד זיינען אַלע, — ווערלוול דעם רויטנס „הייזל”, דאָס קאַפע־הויז „וואַר־שאַווסקי” און דאָס גאַנצע געסל פון דער אַלטער שטאָט, — געוואויר געוואָרן, אַז מאָטקע שדכנט זיך צו חנהלען, וויל פאַר איר אַ חתן ווערן. און באַלד האָט מאָטקע, וואו ער איז ניט געגאַנגען, געהערט הינטער זיך אַ געלעכטער: „דער חתן גייט”. אים האָט זיך געדאַכט, אַז מען שטעקט הינטער אים אַ צונג אַרויס, און אויף איטלעכן פּנים האָט ער באַמערקט אַ שמייכלען. ער האָט ניט

פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מען לאַכט אים אויס, דאָס האָט אים דענערווירט, און ער האָט זיך שוין צו עטלעכע יונגען געטשעפּעט, די פּנימער זיי אויסגעשלאָגן און געשריגן: „די כאָליערע וועט אייך פּאַקן. וואָס איז, איר מעגט חתנים ווערן און איך ניט?" מען האָט מורא געהאַט פאַר אים, און מען האָט אים אויסגעמיטן. אָבער מאָטקע איז געוואָרן דאָס געריידל פון גאַנצן געסל, און אַלע האָבן געהאַט פון וואָס צו לאַכן.

חנהלע איז פאַרשוואונדן. די מאַמע האָט מורא געהאַט צו האַלטן זי אין קאַפּע „וואַרשאַווסקי", האָט זי זי אַוועקגעשיקט אויף אַ פּאָר וואָכן צו אַ מומע אויף דער פּאַוויאַ־גאַס. דאָס האָט מאָטקען געקרענקט מער פאַר אַלץ. ער האָט דערפילט די גאַנצע פאַראַכטונג און אימה, וואָס מען האָט פאַר אים. מען האָט חנהלען באַהאַלטן, כּדי ער זאָל איר קיין שלעכטס ניט טאָן. ער האָט אין אָנהויב געגלויבט, אַז מען האָט זי באַהאַלטן, ווייל מען גלויבט אים ניט, אַז ער מיינט ערנסט פאַר איר אַ חתן צו ווערן, נאָר ער וויל זי אַריינגנאַרן און מאַכן אויס איר איינע פון די „מיידלעך". ער האָט געקלערט עצות ווי אַזוי ער זאָל אויפוועקן צו זיך צוטרוי. ער האָט שוין באַהאַנדלט אַלע זיינע כּלות ווי סחורה, ווי אַ פרעמדער, נאָך שטרענגער געוואָרן צו זיי, ווי שלמהלע שלאָסנהעקער, און געוויזן דער יידענע פון קאַפּע־הויז, אַז ער האָט מיט זיי ניט קיין פאַמיליאַרע פאַרהעלטעניש, נאָר אַז „דאָס איז זיין פּרנסה". אַז די יידענע איז געוועזן, האָט קיין מויד ניט געטאָרט באַווייזן זיך אין קאַפּע־הויז. ער האָט באַלד גענומען שרייען:

— וואָס טוסטו דאָ? פאַרוואָס גייסטו ניט אויף דער גאַס אַרויס?

אָבער זיין פלייסן־זיך זי צו באַרואיקן האָט אים גאָרניט געהאָלפן. די יידענע האָט געזען אים אויסצומיידן און דאָס גאַנצע הויז פון „קאַפּע־מאַכער" האָט געציטערט פאַר אים.

מאָטקע האָט געבענקט נאָך חנהלען. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ צעמיש־טער פאַר בענקשאַפט, און כאָטש געוואָלט מיט אירע ברידערלעך ריידן. ער האָט ליב געקראָגן אירע ברידערלעך, די צוויי ייִנגלעך, דעם צווילינג, און ווען זיי זיינען פון חדר אַהיימגעקומען, האָט זיך מאָטקע מיט זיי געשפּילט, געטיילט זיי געלט, געפירט זיי אין געוועלבל אַריין, וואו מען קריגט צו קויפן צוקער־לעך. ער האָט זיך ביי די קינדער געפילט ווי אין איר נאָענטקייט. דאָס פּנימל פון ייִנגל, וואָס איז געשלאָפן מיט חנהלען, האָט אים דערמאָנט אָן יענער סצענע ביינאַכט, און ער האָט דורך דעם קינד זיך געפילט נאָענט צו חנהלען. אָבער חנהלעס מוטער האָט מורא געהאַט פאַר די קינדער אויך, און אַז מאָטקע פלעגט זיך נאָר באַווייזן אין קאַפּע־הויז, האָט זי באַלד די קינדער אין דער שטוב אַריינגעטריבן: „משהלע, אַריין!" „חיימל, אַריין!" — האָט זי געשריגן אויף די קינדער. מאָטקע האָט שוין לאַנג געוואָלט ריידן מיט דער יידענע און זי פרעגן, וואָס זי יאָגט אים אַזוי פון זיך. ער האָט זי אָבער ניט געוואָלט דער־

צערענען. ער האָט געוואָלט מיט איר גוט אומגיין. האָט ער זיך גאָרניט וויסנ־דיק געמאַכט.

איינמאָל איז ער אין קאַפע־הויז אַריינגעקומען. עס איז געווען אין אָוונט, די ליכטער האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אָנצינדן, און די „געסט" האָבן אָנגע־הויבן זיך צוזאַמענצוקומען. פון דרויסן האָט מען דערהערט דעם רעש פון די געסט און מען האָט געזען דאָס ליכט פון די לאָמפּן. ביי מאָטקעס אַריינקו־מען אין קאַפע־הויז איז שאַ־שטיל געוואָרן. עס זעט זיך אויס, מען האָט גע־האַלטן אין מיטן ריידן פון עפּעס, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו אים. דער עולם האָט אים נאָכגעקוקט. מאָטקע איז אַריינגעגאַנגען אין אַלקערל און האָט אַרויסגערופן חיימלען, דאָס פינף־יעריקע ייִנגעלע, וואָס האָט, אַגב, אויך מאָטקען זייער ליב געהאַט. ער איז צו מאָטקען אַרויסגעלאָפן מיט פרייד. מאָטקע האָט אים עפּעס געפרעגט. באַלד האָט אַ יונג געגעבן אַ וואונק צו דער יידענע, חנהלעס מוטער, וואָס איז איצט געשטאַנען הינטערן בופעט אויף חנהלעס אָרט. די מוטער האָט באַלד געגעבן אַ רוף חיימלען:

— חיימל, וואָס טוסטו דאָ? גיי אין שטוב אַריין.

דאָס ייִנגל איז אַוועקגעגאַנגען. מאָטקען האָט עס פאַרדראָסן, איז ער צו־געגאַנגען צו דער יידענע, געזאָגט מיט אַן איינגעהאַלטענעם כּעס, אויף וויפיל ער איז נאָר בכּוח געווען זיין כּעס איינצוהאַלטן:

— וואָס יאָגט איר אים אַזוי, וואָס, איכל אים אויפעסן?

— ניין, קאַנאַריק, ווער זאָגט דען עפּעס? נאָר עס איז דאָך אַ ייִנגל, ער מוז דאָך אין שטוב זיין, — האָט די יידענע אָפּגעענטפערט, אַ בלייך־געוואָרענע פאַר שרעק.

מאָטקע האָט אַ מינוט געשוויגן, דערנאָך האָט ער זיך פּלוצלינג אָפּגערופן:

— וואו איז חנהלע?

די יידענע איז בלייך געוואָרן ווי אַ ליילעך. מורא האָט זי געהאַט פאַר מאָטקען, דאָך האָט זי ניט געקענט זיך איינהאַלטן, אַז זי זאָל ניט מאָטקען איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסוווייזן די גאַנצע פאַראַכטונג, וואָס זי פילט צו אים. זאָל איר דאָס קאָסטן, וואָס עס זאָל ניט זיין, אַבי דער יונג זאָל זיך חנהלען פון קאָפּ אַרויסשלאָגן.

— וואָס האָבן זי זיך עפּעס צו פרעגן אויף חנהלען? — האָט די יידענע גע־פרעגט מיט געבייזער.

מאָטקע האָט שטיל געשוויגן און האָט די יידענע אָנגעקוקט.

— זי האָבן זיך ניט וואָס צו פרעגן אויף מיין קינד. מיינען זי ניט דער־פאַר, וואָס איך האָב אַזאַ פינצטערע פּרנסה, מעג שוין יעדער איינער מיט מיין קינד האָבן צו טאָן, מיינען זי ניט? מיין קינד איז ניט פון אַזעלכע מענטשן ווי זי זיינען, און ווי דאָ קומען אַריין. מיין פינצטערע פּרנסה, נעבעך. נאָר וואָס וועט מיר העלפן? — האָט די יידענע אָנגעהויבן וויינען און זיך געווישט די טרערן מיטן פאַרטוך.

מאַטקע איז געשטאַנען. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן. עס האָט אים געקרענקט פאַר דער יידענעס רייד, און ער האָט זי ניט געוואָלט דערצערענען. פאַר די אויגן האָט ער שטענדיק געזען חנהלען מיט די שוואַרצע צעפּ, אין האַרצן האָט ער געפילט אַ בענקשאַפט נאָך איר. ער האָט אָבער פּלוצלינג רחמנות געקראָגן אויף זיך, אויף זיין מוטער, וואָס מען האָט זי באַליידיקט. האָט ער געגעבן אַ קלאַפּ אין בופעט מיט דער האַנט, אַז אַלץ האָט געציטערט, און געשריגן:

— וואָס מיינען זי. איך בין אַ ממזר? איך האָב אויך אַ מאַמע!

די יידענע האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין צאָרן, האָט זי זיך אָנגעהויבן צו בעטן:

— ווער זאָגט דען עפּעס אויף אינס מאַמע, חלילה, געוויס האָבן זי אַ מאַמע, וועלכער ייד האָט דאָס ניט קיין מאַמע? זאָל זי לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

— איך האָב געמיינט... עס וואָלט ניט גוט געווען, ווען זי וואָלטן געווען עפּעס גערעדט אויף מיין מאַמע. עס וואָלט ניט גוט געווען... — האָט מאַטקע איר געוויזן אַ פּאָר פויסטן, אַז די יידענע האָט זיך איינגעקאַרטשעט.

מאַטקע האָט זיך אַוועקגעדרייט פון דער יידענע, אַ מינוט עפּעס געקלערט, ער האָט געוואָלט עפּעס טאָן, אַז אַלע דאָ אין קאַפע־הויז זאָלן וויסן, אַז מאַטקע האָט אַ מאַמע. און שוין אויפן שטעל האָט ער גערופן פון דער גאַס אַריין די לאָוויטשערין.

— גנענדיל, קום נאָר אַריין.

דאָס מיידל איז אַריינגעקומען פון גאַס, אין נאַכט־קאַפּטן, מיט די אָנגע־פאַרבטע ליפּן און באַקן, און געפרעגט דערשראָקן:

— וואָס איז?

— זעץ דיך אַוועק, אָט דאָ, — האָט מאַטקע אָנגעוויזן אויף אַ טישל, — זעץ דיך אַוועק, נעם אַ פּען, אַ פּאַפּיר, און שרייב מיר אַ בריוו צו מיין מאַמען.

די לאָוויטשערין האָט געקענט שרייבן יידיש, און זי איז געווען די בריוו־שרייבערין אין „הייזל". צו איר האָט זיך געווענדט ווער עס האָט געטראָגן עפּעס אויפן האַרצן, און זי האָט פאַר איטלעכן בריוו געשריבן.

באַלד האָט אַ יונג, וואָס מאַטקע האָט אַריבערגעשיקט אין געוועלבל אַרי־בער דער גאַס, אַריינגעבראַכט אַ בייגעלע שרייב־פּאַפּיר. חיימל האָט פון שטוב אַריינגעטראָגן אַ פּען און טינט, די לאָוויטשערין האָט איינגעטונקען די פּען און געפרעגט:

— וואָס זאָל איך שרייבן?

— שרייב אַזוי, — האָט מאַטקע הויך דיקטירט, אַז אַלע זאָלן הערן, און אַרויף און אַראָפּ געדרייט זיך איבערן קאַפע־הויז, — שרייב אַזוי: „צו מיין טייערער ליבער מאַמע". האָסט שוין אָנגעשריבן? יאָ! שרייב ווייטער: „איך שיק דיר פינף־און־צוואַנציק רובל", און מאַטקע האָט אַרויסגעכאַפּט פון דער

קעשענע אַ פינף־און־צוואַנציקער און אים אַוועקגעלייגט אויפן טיש מיט אַ קלאַפּ. „פינף־און־צוואַנציק רובל, און קויף דיר אַ שייטל, אַ פּאָר שיך און אַ טוך. דעם טאַטן זאָלסטו גאָרניט קויפן, ווייל ער האָט מיך געשלאָגן, ווען איך בין געווען אַ קליינער יונג. נאָר דאָס גאַנצע געלט פאַר דיר. איך בין אין וואַרשע, אַ בעל־מלאָכה, אַ קאָמאַשן־שטעפּער, און פאַרדין אַ סך געלט, און וועל איינגיכן אַ חתן ווערן. איך נעם אַ שיין מיידל, פון אַ פיין הויז אַרויס, און אַז איך וועל פאַר איר אַ חתן ווערן, וועל איך מיט איר אַהיים קומען צו גאַסט, און וועל דיר מיטברענגען מתנות...

— אוי ווי מיר, — קרעכצט די יידענע הינטערן בופעט, כאַפּנדיק זיך פאַרן פּנים.

ביי אַן אַנדער טישל זיינען געזעסן שלמהל׳ע שלאָסנהעקערס שאַלאָטן־שמשים, יוספל מאַלפּע, דער ממזר און נאָך חברה. זיי האָבן שוין פון לאַנג אָפּגעטשאַטע־וועט מאָטקען און געלאַכט אויס אים. זיי האָבן אויסגעהערט דעם בריוו, וואָס מאָטקע דיקטירט, און האָבן געקנייפּט איינס דאָס אַנדערע פאַר געלעכטער. די יונגען זיינען געזעסן מיט די פּנימער איינגעקאָפּיעט אַרום טישל און האָבן וויצן געמאַכט איבער מאָטקעס מאַמע. מאָטקע האָט דיקטירט דעם בריוו, אָבער הינטערן קאָפּ האָט ער פאַרנומען דאָס לאַכן און דאָס חוזק מאַכן אויס זיין מאַמען. ער האָט גאַנץ גוט געהערט, וואָס די יונגען זאָגן, נאָר ער האָט זיך איינגעהאַלטן און ווייטער דיקטירט דער לאָוויטשערין:

„און מענטשן וועלן זען ווי די רויטע זלאַטקע גייט שבת מיט איר זונס כלה אין שול אַריין, וועלן זיי צעזעצט ווערן...״

— „די רויטע זלאַטקע״. הערסט, ווי זי הייסט? — זי איז פון די ריכטיקע, — האָבן די יונגען געלאַכט אין די פויסטן מיט אַ פאַרשטיקטן געלעכטער.

נאָר מאָטקע האָט שוין געקוקט אויף אַ טיש, וואָס עס איז אַרום אים ליידיק געווען, און ווי ער האָט דיקטירט די ווערטער, „זאָלסט אָנגרייטן אַ שיינעם יום־טוב פאַר אונדז״, האָט ער געכאַפּט דעם טיש ביי צוויי פיס, אַראָפּ־געגליטשט אַלץ וואָס איז געשטאַנען אויף אים, און אַריבערגעוואָרפן דעם טיש איבער די קעפּ פון די יונגען.

— ווער האָט געלאַכט אויס דער רויטער זלאַטקע?

אין אַ מינוט אַרום האָט ער שוין געהאַלטן יוספל מאַלפּע, אַ צעהרגעטן און אַ צעבלוטיקטן, ציטערנדיק אין זיין האַנט ווי אַ פיש.

— דאָס האָסטו געלאַכט אויס דער רויטער זלאַטקע, יאָ? — האָט ער דעם יונג געשלאָגן אין פּנים, — בייג דיך אַראָפּ אויף דער ערד, אָט אַזוי, — האָט ער אונטערגעקאָפּיעט דעם יונג אין די קני, ביז דער יונג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. — דאָ, — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער שמוציקער פּאָדלאָגע, — איז דער רויטער זלאַטקעס פוס. קוש דער רויטער זלאַטקעס פוס, — האָט ער געשלאָגן דעם יונג אין קאָפּ, ביז יוספל מאַלפּע האָט אויס־

געשטעקט די נאָז און די ליפּן און אָנגעהויבן וואַלגערן דאָס פּנים איבער דער שמוציקער פּאָדלאָגע.

— אויס דער רויטער זלאָטקע לאַכט מען ניט, און ווער עס לאַכט אויס איר, קושט איר אַזוי די פיס!...

און געבנדיק נאָך אַ טראַסק דעם יונג, איז ער צוריקגעגאַנגען און האָט ווייטער דיקטירט דעם בריוו צו דער מאַמען:

„און איך וועל דיר מיטברענגען אַ געבראָטענע גאַנדז, און לעבעדיקע פיש, און זאָלסט אונדז אָנגרייטן אַ יום־טוב... פאַר מיר, מיט מיין כּלה...״

# 9

די מיידלעך, וועלכע האָבן געהערט צו מאָטקען, האָבן געקרעכצט אונטער דעם יאָך פון זיין שווערער האַנט, וואָס ער האָט געלייגט אויף זיי, זינט ער האָט זיך געשדכנט צו חנהלען. ער האָט זיי באַהאַנדלט ווי טויטע סחורה, וואָס גע־הערט אויסשליסלעך צו אים, און ניט געפילט, אַז ער טוט אַן עוולה. קיין גוט וואָרט האָט ער זיי ניט געגעבן. ער האָט פון זיי אַרויסגעצויגן איטלעכן גראָשן, וואָס זיי האָבן פון אַ גאַסט געקראָגן, און געיאָגט זיי צו דער „אַרבעט״, ווי מען יאָגט שקלאַפן... די מיידלעך האָבן ניט געוואוסט, וואָס ס'איז געוואָרן פון אים, און זיי האָבן געבענקט נאָך אַן אויסלייזער, וואָס זאָל קומען און באַפרייען זיי פון מאָטקען, זאָל זיי פון זיין רשות צונעמען. זיי האָבן שוין אַפילו מקנא געווען שלמהלע שלאָסנהעקערס כּלות. דאָך פירט ער זיי אַמאָל שבת אויפן שפּאַציר אַרויס, דאָך רופט ער אַמאָל צו אַ מויד און רעדט מיט איר. מאָטקע אָבער, זינט ער האָט אָנגעהויבן קלערן וועגן חתונה האָבן מיט חנהלען, האָט קיינעם ניט געזען, נאָר זיך. קאַרג געוואָרן, זאַמלט אַ גראָשן צו אַ גראָשן און גיט די מיידלעך קיין גוט וואָרט ניט, שרייט און באַפעלט ווי זיי וואָלטן זיינע דינסטן געווען.

נו, האָבן שוין די מיידלעך זיך צוגעוואוינט צו אונטערוואַרפן זיך דעם געמיט־צושטאַנד פון זייער הערשער, אָבער מאַרי, די קונצנמאַכערין, האָט זיך צו דעם ניט געקענט צוגעוואוינען, זי האָט מער ווי די אַנדערע געקרענקט מאָטקעס באַהאַנדלונג. זי האָט זיך געהאַט פריייוויליק אונטערגעוואָרפן אונטער מאָטקעס הערשאַפט, פאַר ליב געגומען אַלץ פון אים, ווייל זי האָט אים ליב געהאַט. נאָר זינט מאָטקע האָט אָנגעהויבן זיך שדכענען צו חנהלען, האָט זי אים פיינט געקראָגן. עס האָט זי געמאַכט אייפערזיכטיק, ווי משוגע. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז מאָטקע האָט זי אָפּגענאַרט. ער איז געגאַנגען מיט איר אַ שטיק וועג צוזאַמען, איצט לאָזט ער זי שטיין אין מיטן און גייט אַליין ווייי־

טער. און געשוואוירן האָט זי ביי זיך אין האַרצן מאָטקען ניט צו לאָזן ווייטער גיין... אַלץ צו טאָן, כּדי אים מיטצושלעפּן אין דער גרוב אַריין, אין וועלכע ער האָט זי אַריינגעבראַכט.

דערווייל האָט ער זי דערנידעריקט, דערצו נאָך אין די אויגן פון די אַנ־דערע מיידלעך. ער האָט זי געיאָגט אויף דער גאַס מיט די אַנדערע מיידלעך צוגלייך, און אָפּגענומען דאָס געלט. און איינמאָל, ווען מען האָט אים דער־ציילט, אַז זי איז געזעסן מיט יוספל מאַלפּע אין קאַפע־הויז, האָט ער זי פאַר אַלעמען אין די אויגן געפּאַטשט. די מיידלעך, קרעכצנדיק אונטער מאָטקעס יאָך, האָבן זיך כּאָטש געטרייסט מיט דעם, וואָס מאָטקע באַהאַנדלט די „שפּאַ־ניערין" אויך ניט בעסער, און זיי האָבן פון איר געלעכטער געמאַכט:

— ער איז אַ קלוגער, קאַנאַריק, וואָס טויג אים אַ יאַטישע, אַז ער קען קריגן אַ בעל־הבתּיש קינד פון אַ מאַמעס אַ היים, — האָבן די מיידלעך גע־זאָגט, איבערווינקענדיק זיך אויף דער שפּאַניערין. די שפּאַניערין האָט אַלץ אַראָפּגעשלונגען און געשוויגן. זי האָט אויסגעהאַלטן די קלעפּ, וואָס מאָטקע האָט איר געגעבן, און זיך ניט־וויסנדיק געמאַכט.

זי האָט זיך זייער געפּוצט און געוואָלט געסט געפעלן. זי האָט זיך גע־קויפט שפּאַנישע קעמעלעך און זיך גאָר ביי־מאָדנע פאַרקעמט די האָר, מיט דריי געקרייזלטע לאָקן אויפן נידעריקן שטערן, וואָס האָבן איר דערגרייכט ביז צו די אויגן, און אַ דרייבייגל צאָפּ, אַלט־מאָדיש, מיט אַ גרויסן שפּאַנישן קאַם. שטענדיק איז איר דער סטאַניק ניט צוגעגאַנגען און מען האָט אַרויסגעזען איר נאַקעטן רוקן. די שפּאַניערין האָט געקראָגן אַ שם אויף דער אַלטער שטאָט, און וועלוולס הייזל האָט פלוצלינג באַקומען גאַנץ פיינע, אָנגעזעענע געסט. וואָס דער רויטער וועלוול איז גאָר צו זיי ניט צוגעוואוינט געווען. נאָר מאָטקע האָט דאָס אַלץ ניט געזען. מאָטקע איז געווען פאַרנומען מיט חנהלען און האָט ווייטער באַהאַנדלט די שפּאַניערין ווי איינע פון זיינע אַנדערע „כּלות".

די שפּאַניערין איז אָבער פלוצלינג געהויבן געוואָרן צו אַזאַ גדולה, אַז מאָטקע האָט שוין דאָס געמוזט איינזען, און ער האָט אָנגעהויבן ווערן אייפער־זיכטיק. צו דער שפּאַניערין אין הייזל אַריין האָט אָנגעהויבן קומען ניט קיין אַנדערער ווי דער קאָמיסאַר פון ניינטן צירקל, דער אַליין־הערשער איבער דער אַלטער שטאָט וואַרשע, דער גרויזאַמער וואַסיל ניקאָלאַיעוויטש כוואָסטאָוו.

דער קאָמיסאַר כוואָסטאָוו האָט געהאַט זיין אייגנס דאָס גאַנצע פערטל פון דער אַלטער שטאָט וואַרשע. אַלע געשעפטן האָבן געהערט צו אים, — אַלע וויין־קראָמען, שניט־לאַדנס, טראַקטירן, די פריילעכע הייזער און די קאַפע־שאַנטאַנען. אַז ער איז אינדערפרי אַרויס שפּאַצירן איבער זיין צירקל, האָבן די קרעמער און די בעל־הבתּים פון די הייזער געציטערט פאַר שרעק: „וואו וועט ער אַריינפאַלן? אויף וועמען וועט ער וואַרפן זיין אויג?" ער איז געווען אָנגעטאָן אין יום־טובדיקן פּאַראַד, מיט גלאַנצעדיקע שטיוול, וועלכע האָבן געסוויסטשעט צען איילן פאַר אים: די קנעפּ האָבן געבליסטשעט אויף זיין

מונדיר. זיין קאַרק איז געווען דיק און רויט, דאָס פּנים — רוי, די באָרד פאַרשפּרייט אין צוויי שפּיצן איבער זיין ברוסט, פון וועלכער עס האָט אַראָפּ־געגלאַנצט אַ לאַנגע שערענגע מעדאַלן. ער איז געגאַנגען געלאַסן, רואיק אי־בער די גאַסן פון זיין קיניגרייך און אומגעקוקט זיך מיט זיינע פינקלדיקע אויגן אויף אַלע זייטן, צי אַלע סטראַזשניקעס גיבן אים אָפּ „טשעסט", צי אַלע בעלי־בתּים נייגן זיך פאַר אים און נעמען אַראָפּ דאָס היטל. און קוים גייט איינער דורך, וואָס נייגט זיך ניט פאַר אים, נעמט ניט אַראָפּ דאָס היטל מיט אַ פאַרנייג, קומט ער אים פאַר פאַרדעכטיק און ער גיט אַ וואונק צו די צוויי סטראַזשניקעס, וואָס גייען אים נאָך פון הינטן, דעם „בונטאָווניק" אָפּצושטעלן און פרעגן אויף אַ פּאַס. נאָר זייער זעלטן טרעפט אַזאַ סקאַנדאַל, אַז עס זאָל ווער דורכגיין און דערזען דעם „פּאַלקאָווניק", ווי ער האָט ליב געהאַט זיך צו טיטולירן, און ניט אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַר אים. אַלע זיינען געטרייע אונטערטאַנען, אַלע דינען געטריי דעם קייסער און דעם „פּאַלקאָווניק קאָמיסאַר". גייט ער פאַרביי אַ שפּייז־מאַגאַזין, וואו עס שטייען אין פענצטער אַרויסגעשטעלט דער פרישער קאַוויאַר, די גערויכערטע פיש, די שיינע פרוכטן, שמעקט עס אים אָן. גייט ער אַריין אין געשעפט, און אַלע, דער סוחר, זיין ווייב מיט זיין שיינער טאָכטער קומען אַרויס צו באַדינען דעם „פּאַלקאָווניק". און ער לאָזט זיך ווייזן פון פרישן קאַוויאַר, פון די פיש און די פרוכטן און באַפעלט עס אים אַהיים צו שיקן. דער סוחר, מיט זיין ווייב, מיט זיין שיינער טאָכטער שטייען פאַר אים מיט אונטערטעניקייט, בייגן זיך פאַר אים, און מיט דעם אַנגס־טיקן שמייכעלע אויף די ליפּן דערפילן זיי דעם וואונטש פון „פּאַלקאָווניק". און באַלד טראָגט אַ גאָראָדאָוואָי אים שוין נאָך פון פרישן קאַוויאַר, פון די גע־רויכערטע פיש און פון די שיינע פרוכטן.

דערזעט ער אין אַן אויסשטעל־פענצטער שיין פוטערוואַרג אַרויסגעשטעלט, שמעקט עס אים אָן, און באַלד טראָגט אַ צווייטער גאָראָדאָוואָי אַן אַנדער פעקל נאָכן „פּאַלקאָווניק־קאָמיסאַר".

אַזוי שפּאַצירט איטלעכן פרימאָרגן דער זעלבסט־הערשער איבער זיין קיניגרייך. און ביז דער „פּאַלקאָווניק" קומט אָן צו זיין היים, זיינען די הענט פון די גאָראָדאָוואָיעס שוין באַלייגט מיט פעקלעך פון אַלעם שענסטן און בעסטן, וואָס ער האָט נאָר געזען אויף זיין וועג.

וואָס איז שייך די „הייזלעך" אין זיין צירקל, האָט ער געהאַלטן, אַז עס איז אונטער זיין כּבוד צו באַשעפטיקן זיך מיט זיי. די הייזלעך האָט ער איבערגעלאָזט פאַר די קלענערע טשינאָווניקעס, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זיין רשות, — פאַר די גאָראָדאָוואָיעס און די פּריסטאַווס. ער אַליין האָט זיך נאָר אָפּגעגעבן מיט דעם קאָפּע־שאַנטאַן „אַקוואַריום" און מיט אַנדערע אַריס־טאָקראַטישע פריילעכע הייזער, וואָס האָבן זיך געפונען אין זיין קיניגרייך. נאָר דאָך האָט יעדער פּריסטאַוו און גאָראָדאָוואָי געהאַלטן פאַר זיין חוב דעם „פּאַלקאָווניק" מיטצוטיילן פון יעדער אויסערגעוויינטלעכער נקבה, וועלכע האָט

אַמאָל, דורך אַ צופאַל, זיך באַוויזן אין די „הייזלעך". דענסמאָל איז דער „פּאַל־קאָווניק" אַליין אַראָפּגעקומען אין „הייזל" אַריין באַקוקן די אויסערגעוויינט־לעכע סחורה און זען, צי זי איז ווערט, אַז ער זאָל זיך מיט איר אָפּגעבן.

און איטלעכס מאָל, ווען דער קאָמיסאַר האָט זיך באַוויזן אין אַזאַ „הייזל", איז עס געווען אַן אויסערגעוויינטלעכער פאַל. דער בעל־הבית פון „הייזל" האָט דערמיט שטאָלצירט און גערימט זיך מיט דעם שם פון זיינע סחורות. אויך די מיידלעך פון די הייזלעך האָבן זיך געפילט געערט און געהאַלטן זיך פאַר עפּעס בעסער פון זייערע חברטעס אין די אַנדערע הייזלעך.

אַזאַ גליק האָט אויך געטראָפן די שפּאַניערין. קוים האָט דער פּאָלקאָווניק דערזען די קונצנמאַכערין, האָט ער זיך אַזוי איינגעליבט אין איר, אַז ער האָט ניט אויסגעלאָזט קיין נאַכט ניט צו קומען צו איר. ער איז געקומען צו איר דווקא אין דעם רויטן וועלוועלס הייזל, און דווקא אין אָוונט, ווען די מיידלעך זיינען אַרויס אין גאַס. אַהין, צו וועלוועלן אין הייזל, האָט דער פּאָלקאָווניק געהייסן אַריינשיקן פון די געשעפטן וויין, געראַוכערט עסנוואַרג, פּרוכטן. די אָרעמע קינדער פון דער גאַנצער שכנישאַפט האָבן אָנגעהויבן בעסער אויס־צוזען פון דעם עסנוואַרג, וואָס די מיידלעך האָבן זיי אויסגעטיילט. און אַלע שכנים האָבן נהנה געווען דערפון. אין אָוונט פלעגט ער אַהין קומען און איינ־שליסן זיך מיט דער שפּאַניערין ביי איר אין חדרל. אָנשיכורן זיך און מאַכן אָרגיעס. ער פלעגט אַלץ צעהאַקן, וואָס האָט זיך געפונען אין שטיבל, און כאָטש דער רויטער וועלוול האָט פון פּאָלקאָווניקס קומען אין הייזל נאָר היזקות געהאַט, דאָך איז ער זייער שטאַלץ געווען דערויף, געפילט זיך געערט. די איינוואוינער פון געסל האָבן שוין אָנגעהויבן קומען צום רויטן וועלוול בעטן ביי אים טובות, „אַ גוט וואָרט" ביים קאָמיסאַר, וואָס דער רויטער וועלוול איז פּלוצלינג געוואָרן ביי אים אַ גאַנצער „מאַכער"...

צוערשט איז מאָטקען די מעשה מיטן קאָמיסאַר אויף אַזוי פיל אָנגע־גאַנגען אויף וויפיל דער קאָמיסאַר האָט אים קאַליע געמאַכט די פּרנסה, וואָס ער האָט געצויגן פון דער שפּאַניערין. די שפּאַניערין איז גאַנצע נעכט געווען פאַרנומען מיטן „פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר" און מאָטקע האָט פון איר וויניק־וואָס געהאַט. שפּעטער האָט עס אים שוין אָנגעהויבן פאַרדריסן גאָר אויף אַן אַנדער אופן. איינמאָל, ווען דער פּאָלקאָווניק איז געווען איינגעשלאָסן מיט דער שפּאַניערין אין איר חדרל און דורך דער פאַרמאַכטער טיר האָט זיך געהערט דער קלאַנג פון גלעזער און אַ שיכורער גערויש, איז מאָטקע געוואָרן אייפער־זיכטיק. ער האָט אָנגעהויבן פאַרבענקן זיך נאָך דער שפּאַניערין. ער האָט אָנגעהויבן דערמאָנען זיך אָן די נעכט אין די וועלדער, ווי זי האָט זיך אַרויס־געגנבעט צו אים פון דער בויד, און פאַר די אויגן איז אים שטיין געבליבן דאָס בילד פון יענער נאַכט אין וואַלד, ווי זייביידע שלעפּן קאַנאַריקן, אַ נאַסן און אַ שוויַיגעדיקן, אין טייכל אַריין...

מאָטקע האָט ניט געוואָלט זיך דערמאָנען אָן דער סצענע. ער האָט זיך

געפילט פריקרע איטלעכס מאָל, ווען ער האָט געקלערט דערפון. כאָטש ער האָט ניט פאַרשטאַנען און ניט געפילט דעם פאַרברעך און די שרעקלעכקייט פון דער זאַך. עס איז ביי אים געווען אַ דערמאָנונג פון אַן אומאַנגענעמען חוב, וואָס ער האָט געמוזט טאָן, נאָר איטלעכס מאָל, ווען ער האָט געקלערט דערפון, איז אים די קונצנמאַכערין פאָרגעקומען אַזאַ נאָענטע, ווי ער וואָלט מיט איר אין יענער נאַכט חתונה געהאַט און זי איז געוואָרן זיין ווייב אויף שטענדיק, אָדער ווי ער וואָלט דענסמאָל מיט איר צוזאַמען געבוירן געוואָרן, און זי איז זיין שוועסטער. ער האָט זיך געפילט מיט איר אַזוי פאַרבונדן, אַז וואָס עס זאָל ניט געשען, מוז ער שטענדיק מיט איר זיין. דאָך, זינט חנהלע איז אים גע־פעלן געוואָרן און ער האָט זיך אין קאָפּ אַריינגענומען, אַז ער מוז חתונה האָבן מיט חנהלען, איז אים די קונצנמאַכערין געוואָרן גלייכגילטיק. ווען חנהלע איז אים אָבער פאַרשוואונדן פון אונטער דער האַנט און ער האָט גע־כאַפּט פון איר דעם פסק, האָט ער זיך געוואָלט אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די גאַנצע געשיכטע מיט חתונה־האָבן, און ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער שפּאַניערין. נאָך מער האָט אים צו דעם אויפגערייצט דער „פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר". זיינע אָפטע וויזיטן, די גאַנצע נאַכט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט, איינגעשלאָסן מיט דער שפּאַניערין, און די מתנות וואָס זי האָט געקראָגן פון אים, — דאָס אַלץ האָט אים אַזוי אייפערזיכטיק געמאַכט אויף דער ערשטער געליבטער זיינער, אַז ער האָט זיך מיטאַמאָל דאָס גאַנצע חתן־ווערן פון קאָפּ אַרויסגעשלאָגן און אָנגעהויבן דערנענטערן זיך צו דער קונצנמאַכערין.

שווער איז עס אים אויך ניט אָנגעקומען. ביי די ערשטע ווערטער זיינע, ביי זיין פאַרלוירענעם שמייכעלע און ביי דעם אָננעמען זי ביי דער האַנט, האָט זי אים אַלץ מוחל געווען. זי איז ווידער געוואָרן זיינע מיט לייב און לעבן. זי האָט זיך געפילט, אַז מאָטקע איז איר באַשערטער, איר מאַן, איר ברודער און איר הערשער, וואָס קען טאָן מיט איר אַלץ, וואָס ער וויל, און פירן זיך ווי אַזוי עס געפעלט אים.

נאָר איצט איז געשטאַנען דער „פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר" אין וועג און זיי האָבן ביידע געקלערט ווי אַזוי פון אים פּטור צו ווערן.

# 10

ביי דעם רויטן וועלוול אין „הייזל", אין דעם קליינעם שטיבל ביי דער קונצנמאַכערין, איז היינט אַ באַל. דאָס האָט זיך מאָטקע אַ באַל געמאַכט פאַר זיך און פאַר זיינע „כּלות". פּרוכטן, וויין, געדויכערטע פיש און פליישׁ־שפּייזן זיינען געווען לרוב, כּיד המלך. דאָס האָט דער „פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר" צוגע־

שטעלט, אַריינגעשיקט איטלעכן טאָג פון די געשעפטן, וואָס ער האָט אונטער זיין ממשלה. און די זאַפּאַסן זיינען געווען אַזוי פיל, אַז זינט דער פּאָלקאָווניק האָט אָנגעהויבן קומען צו דער שפּאַניערין, האָבן דעם פּאַפּיראָסניקס קינדערלעך גאָר אַנדערש, געזינטער און פרישער, אויסגעזען. די גאַנצע שכנישאַפט האָט געלעבט פון דעם עסנוואַרג, און מאָטקע האָט זיך איטלעכן טאָג געקענט מאַכן אַ באַל. נאָר היינט איז אַ גרויסער באַל. היינט איז חנהלע צוריקגעקומען אַהיים צו דער מאַמען אין קאַפּע־הויז אַריין, און מאָטקע האָט געוואָלט איר מיט דער מאַמען ווייזן, אַז ער האָט זיי אין דער ערד, אַז ער איז געווען אַ יאָלד, וואָס ער איז זיך געגאַנגען שדכענען צו אַ נאַריש מיידל, — און זי האָט זיך נאָך דערוועגט קאַנאַריקן אָפּצושלאָגן. ער האָט געוואָלט ווייזן, אַז קאַנאַריק באַדאַרף קיינעם ניט, אַז קאַנאַריק האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט, אַפילו ניט פאַרן פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר. ער טרינקט אַליין אויס דעם ווייז, וואָס דער פּאָלקאָווניק שיקט אַריין פאַר זיך. ער וועט אים נאָך אַוועקנעמען די שפּאַניערין און זי ערגעץ־וואו אַוועקפירן. מיט אים וועט זי גיין. פאַר אים וועט זי אַפילו אַוועקוואַרפן אַ פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר.

מאָטקע, האַלב־אויסגעטאָן, ליגט אויסגעשפּרייט, ווי אַ קיניג, אויפן בעט, פאַר אים אויפן טיש שטייען אויסגעשטעלט ווייגען, ליקערן, קאָניאַקס, פאַר אים, ביים בעט, זיצט די שפּאַניערין. זי איז אָנגעטאָן אין דעם שענסטן זיידענעם קלייד, מיט שפּיצן באַפּוצט, אין ווייטן טיפן דעקאָלטע, מיט נאַקעטע אָרעמס און בריסט. זי טראָגט די גרויסע רויטע רובינען־אוירינגלעך מיט בריליאַנטן באַזעצט, ווי אַלע שאַנסאָנעטקעס. דאָס איז געווען אַ מתנה פון דעם פּאָלקאָווניק. און מאָטקע האָט איר אַליין אָנגעטאָן דאָס גאָלדענע רינגל מיט די בריליאַנטן, וואָס ער האָט געקויפט פאַר חנהלען. שכורלעך איז מאָטקע געווען פון טייערן ווין און ליקער, האָט ער אַוועקגעיאָגט פון זיך אַלע מיידלעך, וואָס ער האָט זיי פריער געהאַט אַריינגערופן צו ווייזן זיי, אַז די שפּאַניערין איז ווידער די קיניגין, אַז זיי זאָלן צעזעצט ווערן פון קנאה (אַזוי האָט די שפּאַניערין געוואָלט), דערנאָך האָט ער זיי אַרויסגעטריבן און איז געבליבן מיט איר אַליין. זי האָט שוין געטאַנצט פאַר אים, זי האָט זיך שוין אויסגעטאָן נאַקעט פאַר אים, און זי האָט אַלץ געמוזט טאָן פאַר אים, ווי זי טוט עס פאַרן פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר . . . זי האָט זיך אויסגעטאָן נאַקעט, נאָר אין די שוואַרצע זאָקן און רויטע רובינען אין די אויערן, מיט די שפּאַנישע קאַמען אין די האָר, — האָט זי איר נאַקעט לייב געבראַכן פאַר אים און געוויזן איטלעכן גליד באַזונדער. מאָטקע איז געלעגן ווי אַ קיניג, געזופט דעם ליקער און באַטראַכט זיין פאַרמעג. זי האָט אים געמוזט רופן פּאָלקאָווניק. ער האָט זיך איינגערעדט, אַז ער איז דער פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר, און אַלץ, וואָס מאַרי, די שפּאַניערין, האָט געטאָן פאַרן פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר, האָט זי געמוזט טאָן אויך פאַר אים.

— ווער בין איך ? — האָט מאָטקע געפרעגט.

— פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר פון 9טן צירקל אין גאָראָד וואַרשע.

— און ווי אַזוי גיט מען אַפּ טשעסט אַ פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר? — האָט מאַטקע נאָכגעמאַכט דעם קאָמיסאַר.

— אָט אַזוי, — האָט זיך די שפּאַניערין אָוועקגעשטעלט אַ נאַקעטע פאַר אים מיט דער האַנט פאַרן שטערן.

איר שטאָלצער שוואַרץ־חנעוודיקער קערפּער, אין די שוואַרצע זײַדענע זאָקן, מיט די רויטע רובינען אין די אויערן, אויסגעצויגן ווי אַ זעלנער פאַר אים, האָט אים געררייצט. דערמאָנט זיך, אַז אַזוי טוט זי אויך פאַרן פּאָלקאָווניק, איז מאַטקע אײַפערזיכטיק געוואָרן און מיט כּעס אויסגעשריגן:

— און ווי טיטולירט מען אַ פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר?

— יעווא פּרעוואָסכאָדיטעלסטווא פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר וואַסיל ניקאָלאַ־יעוויטש כוואָסטאָוו.

— מאַטקע־קאַנאַריק! — האָט מאַטקע געגעבן אַ שריי אויס.

— מאַטקע! — האָט דאָס מיידל אויסגעשריגן מיט שרעק, דערהערנדיק זײַן נאָמען און דעם נאָמען פון טויטן. עס האָט איר פאַר די אויגן געגעבן אַ שײַן יענע נאַכט, און עס איז איר געווען ווי ווען אַ ווײַבל דערמאָנט זיך אָן דער נאַכט פון איר חתונה.

— און דו האָסט ליב אַ קאָמיסאַר, אַ גוי, אַ כאָליערע, אַ כוואָסטאָוו, אַ טשאָרט. און אַזוי מאַכסטו פאַר אים איטלעכן טאָג... גיי! — האָט ער איר געגעבן אַ שטופּ אָפּ פון זיך מיט פאַראַכטונג.

— מאַטקע לעבן, איך האָב אים דען ליב? עס עקלט דאָך מיך. וואָס זאָל איך טאָן? ער האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר און קריכט צו מיר. נעם מיך אַרויס פון דאַנען. פיר מיך אַוועק, זאָל ער מיך ניט געפינען.

— דיך אַוועקפירן? אַזוי לאַנג קרענקט ער. מאַטקע אַנטלויפט ניט, פאַר מאַטקען אַנטלויפט מען. איך וועל שוין מאַכן אַזוי, אַז ער וועט מער ניט קומען, דײַן פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר.

— ווי מיט קאַנאַריקן, הע? קאַנאַריק איז אויך געווען אַ פּאָלקאָווניק־קאָ־מיסאַר, —— לאַכט די שפּאַניערין.

מאַטקע איז בלייך געוואָרן און פאַרהאַלטן איר מיט דער האַנט דאָס מויל.

— קאַנאַריקן לאָז אָפּ, שווייג! ער האָט דאָס זײַניקע געקראָגן. ער איז טויט, און פון קיין טויטן זאָלסטו ניט לאַכן, דו הערסט, וואָרים איך וועל זיך אָננעמען פאַר אים. איך הייס נאָך אים... קאַנאַריק.

דאָס מיידל האָט אים אָנגעקוקט און ניט פאַרשטאַנען. מאַטקע איז מיטאַמאָל ערנסט געוואָרן און זיך פאַרטראַכט.

— וואָס איז דיר, מאַטקע לעבן? — האָט זי זיך צוגעפּיעשטשעט צו אים מיט ליבע.

— הערך מיך אויס, מאַרי. דו ווייסט, אַז דאָרט אין טײַכל ליגט קאַנאַריק, מיר האָבן אים אַרײַנגעוואָרפן, און מיר זײַנען אַוועקגעגאַנגען. ער האָט גע־געוואָלט אַוועקגיין מיט דיר, בין איך מיט דיר אַוועקגעגאַנגען. ער האָט געהייסן

קאַנאַריק, איך הייס קאַנאַריק. דאָ, אויף דער ברוסט, טראָג איך זיין פּאַס, און איך בין ער. איך האָב קיין מאַמע ניט, קיין טאַטן ניט, נאָר איך בין קאַ־נאַריק. פּונקט אַזוי ווי ער. קאַנאַריק איז מיט דיר אַוועקגעגאַנגען און האַלט זיך מיט דיר. מיר מוזן זיך האַלטן אינאיינעם, צוזאַמען אָט אַזוי, — קלאַפּט ער מיט ביידע הענט צו, — פּונקט אַזוי ווי מיר וואָלטן דענסמאָל חתונה געהאַט. וואָס עס זאָל ניט זיין... אַז ניט, איז ניט גוט. אַז איך וועל אויפהערן צו זיין קאַנאַריק, האָב איך מורא, וועט ער צוריקקומען, אויפהייבן זיך פון טייכל און צוריקקומען אַהער, פון מיר נקמה נעמען, און דיך צונעמען אויך. האַלט דיך, מאַרי, וואָס עס זאָל ניט זיין צווישן אונדז, האַלט דיך. איך בין קאַנאַריק און דו אַ דראָטן־גייערין. טויזנטער זאָל מען מיר געבן, וועל איך דיך ניט פאַרקויפן. מען האָט מיר שוין געוואָלט געבן אַ סך געלט פאַר דיר... דיך ניט פאַרקויפן — ניט פאַרקויפן. מיט דיר חתונה געהאַט אויף שטענדיק.

און זיי האָבן זיך צוגערוקט איינס צום צווייטן, געקוקט זיך אין די אויגן אַריין. אין זייער בליק איז געלעגן די שרעק פאַרן טויט, וואָס זיי האָבן ביידע דורכגעלעבט, דער סוד פון דער זינד, וואָס זיי זיינען ביידע באַגאַנגען, און עס איז געווען ווי די זינד וואָלט זיי פאַרבונדן אינאיינעם. קיין וואָרט האָבן זי ניט גערעדט, נאָר לאַנג און טיף זיך געקוקט אין די אויגן אַריין און נאָכ־אַמאָל איבערגעלעבט דאָס, וואָס זיי האָבן אַמאָל, אין וואַלד, ווען קאַנאַריק איז געלעגן אין טייכל, איבערגעלעבט, און ער האָט געהערט זיין נאָמען רופן...

— מאָטקע לעבן, פיר מיך אַוועק פון דאַנען, געדענק אין גאָט, איך וויל אים ניט אָנקוקן, דעם פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר.

— נאָר איינער, איך וועל שוין מאַכן אַזוי, אַז ער וועט שוין אַוועקגיין. איכל מיך אַריינגנבענען, ווען ער איז דאָ, דאָס פּנים פאַרשטעלט, וועל אים צונעמען דעם רעוואָלווער און אים אַרויסיאָגן אויף דער גאַס אין די גאַטקעס. וועסט שוין זען וואָס איכל מאַכן.

— ווי דעם פּאָליאַק דענסמאָל, געדענקסט, ווען דו ביסט נאָך געווען אַזאַ קליינער יאַט, — האָט די קונצנמאַכערין געלאַכט.

און ער האָט זי אויף די קני גענומען, און זיי האָבן אָנגעהויבן גע־לעכטער מאַכן פון דעם „פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר" און פון דער גאַס מיט מענטשן, וואָס האָבן אַזוי מורא פאַר אים. און זיי האָבן אויסגעאַרבעט פּלענער ווי אַזוי דעם פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר שפּיצלעך אָפּצוטאָן און דערנאָך אַנטלויפן.

— קום, מאָטקע לעבן, לאָמיר גאָר אַוועק פון וואַרשע, ברענען זאָל זי. מיר וועלן צוריק ווערן קונצנמאַכערס ווי געווען... עס בענקט זיך נאָך די שטריק... געדענקסט ווי אַלע פּריצים זיינען מיר נאָכגעפאָרן אין די שטעט־לעך און די מערק אַרום, ווען איך בין אויף דעם דראָט געגאַנגען, אַ קונצנמאַ־מאַכערין געווען? וואָס האָסטו געמאַכט פון מיר, מאָטקע? — האָט דאָס מיידל אָנגעהויבן וויינען.

— שווייג, נאָר. איכל דיך אַריינגעבן אין אַ קאַבאַרעט, אין אַ גרויסן צירק,

אָדער ערגעץ־וואו, דו וועסט אַרבעטן פאַר רייכע מענטשן. וועסט אַ סך געלט פֿאַרדינען. איכל דיך אָנטאָן. וועסט זען מאַרי.

— מאַטקע האַרציקער, מאַטקע געטרייער...

נאָר פלוצלינג האָט זיך געהערט אַ קול פון אַ מיידל אין קאָרידאָר רופן: „חיימל, משה־לעבן, קומטס אַראָפ עסן, מ׳דאַרף דאָך באַלד אין חדר גיין״. מאַטקע איז בלייך געוואָרן. ער האָט זי דערקענט. עס איז געווען חנהלעס קול. מאַטקע האָט זי נאָך ניט געזען, נאָר צום ערשטן מאָל, זינט איר קומען אַהיים, דערהערט איר קול, און דאָס קול האָט אין אים אויפגעוועקט אַ קוואַל פון געפילן און זכרונות. דעם יונג האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן באַנג צו טאָן פאַר עפעס. ער האָט זיך געפילט שמוציק, און עס איז אים אַן עקל אָנגעגאַנגען פאַרן וויין מיט דעם קאָניאַק, מיט דער נאַקעטער שפאַניערין. פאַר זיך, און פאַר זיין גאַנצן לעבן... ער האָט דאָך געלאַכט, און געאַרבעט מיט זיך ניט צו קלערן דערפון. ער האָט אויסגעטרונקען אַ גלעזל קאָניאַק און געקושט די שפאַניערין אויפן מויל. עס האָט אים אָבער שוין געעקלט דאָס לייב, וואָס איטלעכע נאַכט רירט עס אָן אַן אַנדערער... ער האָט מיטאַמאָל דערזען דעם דיקן פאָלקאָווניק־קאָמיסאַר, אַ נאַקעטן, מיט אַ געשוואָלענעם לייב, וואָס וואַל־גערט זיך דאָ אויף דער זאָפע אַרום מיט דער שפאַניערין. און מאַטקע האָט שוין מער ניט געקענט זיצן אויף דער זאָפע... ער האָט זיך מיטאַמאָל דער־מאָנט אָן חנהלעס שוואַרצן קאָפ האָר, אָן דער ריינקייט, וואָס ליגט אויף איר, און ער האָט געבענקט נאָך דעם שוואַרצן קאָפ אירן...

ער האָט שוין מער ניט געקענט זיין אין שטיבל. ער האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַראָפגעגאַנגען. אין קאַפע־הויז האָט ער זיך געשעמט אַריינצוקומען. ער האָט זיך געשעמט צו קוקן חנהלען אין די אויגן אַריין. ער האָט נאָר אַריינ־געוואָרפן אַ בליק דורך דער שפאַרע פון אַ פענצטערל אין קיך און דערזען חנהלען. זי איז געשטאַנען, האָט דערלאַנגט אירע ברידערלעך עסן און עפעס גערעדט צו זיי. ער האָט געזען איר שוואַרצן קאָפ האָר, ווי זי פאַרקעמט זיך מיט אַ שרונט. ער האָט געזען אירע הענט, ווי זי רוקט צו דעם טעלער און רעדט עפעס צום ברודערל מיט אַ חנעוודיק שמייכעלע. מער האָט ער ניט געקענט זען און ניט געוואָלט. דאָס האַרץ האָט אים פאַרקלעמט און ער איז אַוועק. לאַנג איז ער געגאַנגען איבער די גאַסן, ביז ער איז אָנגעקומען צו דער אייזערנער בריק. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף די שטיינער ביי דער ווייסל און געקוקט אין וואַסער אַריין. דערנאָך האָט אים אַ כעס אָנגעכאַפט. ער איז בייז געוואָרן אויף וועמען, און מיטאַמאָל האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז בייז אויף קאַנאַריקן, וואָס ליגט אַ טויטער דאָרט אין טייך. ער האָט גענומען שטיינער און אַריינגעוואָרפן אין וואַסער אַריין, ווי ער וואָלט געוואָרפן שטיינער אויף קאַנאַריקן: „אַלץ איז ער שולדיק, וואָס איך האָב אים גע־הרגעט! אַלץ ער!״

ער האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן שמייכלען. ער האָט געזען ווי חנהלע גרייט צום טיש שבת פאַרנאַכט. ער, מאָטקע, איר מאַן, איז נאָרוואָס אַהיים געקומען פון וועג, — אַ פורמאַן איז ער, — און ער ברענגט פּאַסאַזשירן פרייטאָג שפּעט אין שטאָט אַריין. ער איז אַריינגעקראָכן מיט די שמוציקע שטיוול אין שטוב אַריין, און דאָס שטיבל איז שוין צוגעראַמט, אויסגעקערט, אויסגעשאָטן מיט זאַמד אויף שבת, און חנהלע בייזערט זיך אויף אים, פאַרוואָס ער שמור־ציקט איין די פּאָדלאָגע. נאָר די מאַמע, וואָס וואוינט מיט זיי אינאיינעם, קומט אַרויס, דערלאַנגט אים אַ בעקן מיט הייס וואַסער אָפּצוואַשן זיך... ער האָט דערפילט דעם טעם פון פיש, וואָס קאָכן זיך אין דער קיך, דעם ריח פון חלה, וואָס שמעקט אין שטיבל, און זיך געזען ווי אַ בעל־הבית... ער, מאָטקע, גייט מיט אַ סידור אין שול אַריין דאַווענען... ער שמייכלט אויף זיך אַליין...

און ווידער האָט אים דער כּעס געפּאַקט. ווער לאָזט ניט, ווער שטייט און לאָזט ניט? פאַרוואָס האָט מען געמאַכט אויס אים, וואָס ער איז? און ווער האָט עס געמאַכט? אַלע האָבן עס געמאַכט. אַלע מענטשן האָבן געוואָלט, אַז מאָטקע זאָל זיין אַ גנב, מאָטקע זאָל קאַנאַריקן הרגענען, אַז מאָטקע זאָל זיך אַרומשלעפּן מיט נקבות דאָס גאַנצע לעבן און ניט טאָרן האָבן ניט קיין ווייב פאַר זיך, ניט קיין מאַמע פאַר זיך, נאָר אַ „הייזל" פאַר אַ היים און אַ „נקבה", וואָס עס קומט צו איר איטלעכע נאַכט אַ פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר, פאַר אַ כּלה. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט אַן עוולה, וואָס די גאַנצע וועלט, די זון, דער הימל, די ערד און די מענטשן זיינען באַגאַנגען קעגן אים, וואָס זיי האָבן אים געגנייט צו זיין דאָס, וואָס ער איז... אַלעמען האָט ער באַשולדיקט, נאָר ניט זיך. זיך האָט ער געזען ריין. ער איז ניט שולדיק. און איינגעשפּאַרט האָט ער זיך דערפאַר טאַקע, וואָס זיי ווילן, אַז מאָטקע זאָל ווייטער אַזוי זיין, אַרומ־שלעפּן זיך אין „הייזלעך" און ניט טאָרן האָבן חנהלען פאַר אַ ווייב, אַ ווייב, וואָס זאָל שבת מאַכן. וועט ער וויזן, אַז ער האָט אַלעמען אין דער ערד, אַז אויב ער וויל, קען ער אַלץ אויספירן... ניט פאַר זיי וויל ער ווערן אַן אָנשטענדיקער מענטש, אַלע זיינען זיי גנבים, נאָר פאַר זיך. ער וויל האָבן אַן אייגן ווייב, אַן אייגענע מאַמע און אַן אייגענע היים, און זאָלן זיי צעפּלאַצט ווערן... און „קאַנאַריק" זאָל ליגן און פוילן אין וואַסער, אויב עס געפעלט אים ניט.

ער האָט מיטאַמאָל דערפילט ווי קאַנאַריק וואָלט געווען אַ לעבעדיק נפש, וואָס ראַנגלט זיך מיט אים. מאָטקע האָט געכאַפּט שטיינער, גרויסע שטיינער, און זיי געוואָרפן אין דער ווייסל אַריין, ווי ער וואָלט זיי געוואָרפן אויף קאַנאַ־ריקס קערפּער, וואָס ליגט אין וואַסער ביי אַ שטיין אָנגעבונדן. די דראָטן־גייערין פאַרקויפט ער נאָך היינט, און די איבעריקע מיידלעך לאָזט ער אָפּ שלמהלען שלאָסנהעקער. ביליק וועט ער מאַכן: וויפיל שלמהלע וועט געבן, וועט ער נעמען. צונויפנעמען די פאַר הונדערט רובל, און אַרומקוקן זיך וועגן אַ געּ־שעפט. ער וועט אפשר קויפן אַ פערד און וואָגן, און אפשר וועט ער אָנהייבן האַנדלען מיט שטיוול, ער וועט שוין זען מיט וואָס ער וועט האַנדלען. נאָר

אַלץ וועט ער מאַכן, אַז מאַטקע זאָל האָבן אַן אייגן ווייב, אַ היים, אַ מאַמע, ווייל „זיי" ווילן ניט.

און מיט דעם אימפּעט, וואָס ער איז געווען געוואוינט מיט דעם צו טאָן זאַכן, וואָס זיינען אים אויסגעקומען רעכט, איז ער געגאַנגען אויספירן זיין באַשלוס: אַן אָנשטענדיקער מענטש צו ווערן, להכעיס דער וועלט.

# 11

אין שכנות מיט וועלוולס „הייזל" אויף דער אַלטער שטאָט, האָט געוואוינט אַ פעלדשער, יענקעלע שערער. צו אים אין „רעזורע", אַזוי ווי אין „קאַפע וואַרשאַווסקי", זיינען זיך צונויפגעקומען די וואוילע יונגען, די האָלטערס, די קאַדעטן מיט די אַלע בעלי־בתים פון די „הייזלעך", וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער אַלטער שטאָט. נאָר בעת אין „קאַפע וואַרשאַווסקי" איז מען זיך צונויפגעקומען צו פאַרברענגען, איז ביי יענקעלע שערער אין רעזורע געווען די „בערזע" פון די הייזלעך. דאָרט האָט מען געהאַנדלט, דאָרט האָט אין פאַטראָן פאַרקויפט אַ צווייטן, אָדער אָפּגעלאָזט, אָדער אויסגעביטן אַ לעבעדיקן מענטשן. דאָרט האָבן די בעלי־בתים געקויפט און די יונגען האָבן פאַרקויפט זייערע „סחורות". און ניט איינמאָל האָט אַ קאַדעט אַריינגעפירט אַ „סוחר" אין קליינעם שטיבל אַריין, וואָס דער שערער האָט געהאַט גאַנץ באַזונדער, מיט אַנדערע טרעפּלעך אַרויפצוגיין, צו ווייזן אים אַ לעבעדיקן נפש, אַ נאַקעטן, צו באַקוקן אים, צי ער איז ווערט דעם פּרייז, וואָס מען בעט פאַר אים...

היינט איז ביי יענקעלען אין דער רעזורע דער גרויסער יאַריד. סוחרים זיינען געקומען, די גרויסע סוחרים מיט די פיל ברילִיאַנטן, וואָס קויפן אויף סחורות פאַר וייט־וויט... און באַצאָלן מיט הונדערטערס. אויף דעם יאַריד וואַרטן אַלע, סיי די יונגען, סיי די מיידלעך. פיל פון זיי ווערן דענסמאָל אויסגעלייזט פון דער אַלטער שטאָט און גייען אין דער גרויסער וועלט, וויט איבער ימים, רייך צו ווערן... שטיל זיינען אַלע היינט. מען זעט קיין מיידל ניט אין גאַס. די יונגען דרייען זיך וואָס ווייניקער איבער דעם טראָטואַר. אַלע היטן דאָס געשעפט. אַלע האָבן מורא, אַז די גרויסע „סוחרים" זאָלן חלילה ניט אַריינפאַלן, און דאָס גאַנצע געשעפט זאָל ניט אונטערגיין.

עס איז, אין דער אמתן, ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך, פּאָליציי אַליין היט די „סוחרים". פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר כוואָסטאָוו, וואָס ווייסט גאַנץ גוט, ווען די „טערקישע" סוחרים קומען, שיקט צוויי פון זיינע געטרייסטע גאָראָדאָוואָיעס צו היטן דאָס געסל, ווען דער יאַריד גייט־אָן. די גאָראָדאָוואָיעס דרייען זיך

איבער דעם טראָטואַר פון דער אַלטער שטאָט, וואו יענקעלעס רעזורע איז, און היטן אָפּ דאָס „געשעפט", עס זאָל, חלילה ניט געשטערט ווערן.

ביי יענקעלען אין רעזורע איז היינט לעבעדיק. די יידענע האָט זיך גע־פעדערט גאַנץ פרי אין מאַרק און אויפגעקויפט די בעסטע פיש און די פעטסטע גענדזלעך. אין קיך ברענט עס, און דער ריח פון געבראָטנס טראָגט זיך איבערן מאַרק. דאָס בראָט מען געגדזלעך פאַר די „סוחרים".

אין אַ קליין שטיבל נאָך דער רעזורע, וואָס מען קען אַהין אַראָפּגיין מיט הינטער־טרעפּ. זיצן די סוחרים אויף צוויי הויך־געבעטע בעטן. די סוחרים זיינען: אַ דיקע פרוי אין די פופציקער יאָרן, זייער רייך אָנגעטאָן, אין זיידנס, מיט בריליאַנטן אָנגעשטעקט אויף אירע פעטע, דיקע פינגער. מיט שנורן פּערל אויף איר דיקן, פעטן האַלדז, וואָס לאָזן זיך שווער אַראָפּ איבער איר הויכער גרויסער ברוסט, און לעבן איר אַ יונגערמאַן, אויך רייך אָנגעטאָן, אויך מיט בריליאַנטן באַפּוצט, וואָס זעט אויס אַ קראַנקער צו זיין, ווי אַ סוכאָטנער, מיט געשפּיצטע פינגער. דער יונגערמאַן קוקט זיך נערוועז אום איטלעכע וויילע, רויכערט ציגאַרן, האַלט אין איין דרייען די קליינע וואָנצעלעך. דאָס איז דער „סוחרטעס" אַ זון. צווישן זיך ריידן זיי אַ שפּאַנישן זשאַרגאָן, געמישט מיט טערקישע ווערטער, אויך מיט ווערטער פון אַלע אַנדערע שפּראַכן, וואָס ווערן נאָר גערעדט אויפן גאַנצן קאָנטינענט, כּדי די אַרומיקע זאָלן ניט פאַרשטיין. מיט די פאַרקויפער ריידן זיי אויף יידיש, כאָטש די פרוי מיטן יונגעמאַן זעען שוין ניט אויס ווי יידן, נאָר זייער אָריענטאַליש, מיט ברוינע געזיכטער און מיט שוואַרצע אויגן. זיי ריידן זייער ווייניק מיט די בעלי־בתּים פון די „הייזלעך" און מיט די יונגען. דאָס רוב ריידן זיי צווישן זיך, און די ערשטע זאַך, וואָס זיי פרעגן זיך נאָך, ווען מען גיט זיי אָן סחורות, איז, צי דאָס מיידל, וואָס מען וויל זיי פאַרקויפן, איז אַ בלאָנדע. קוים איז זי אַ בלאָנדע, דינגען זיי זיך ניט און באַצאָלן וויפיל מען הייסט זיך געבן. פאַר זיי אויפן טיש ליגט אָנגעלייגט אַ פּאַק פאָטאָגראַפיעס פון מיידלעך אין פאַרשיידענע פּאָזעס, טייל אין אָנשטענדיקע, ווי יידישע כּלה־מיידלעך, טייל אין אויסגעלאַסענע נאַקעטע פּאָזעס. די מאַמע מיטן זון באַקוקן די פאָטאָגראַפיעס גלייכגילטיק, לאָזן די פאַרקויפער אויסרימען די מעלות פון די מיידלעך, שאָקלען צו מיטן קאָפּ. די מאַמע מיטן זון קוקן זיך איבער, וואַרפן צווישן זיך אַ וואָרט אין אַן אומ־פאַרשטענדלעכער שפּראַך, אין אַ שפּאַניש אָדער טערקיש, און דאָס געשעפט ווערט אָפּגעמאַכט.

דער הויפּט־מעקלער פון דער סחורה איז יענקעלע שערער, אַ ברייט־ביינערדיקער ייד, אָפּגעשווירן ווי אַ קאַטערינאַרזש, מיט אַ גרויסן בויך, מיט צוויי אויסגעקוקשטע פעטע חזן־גריבעלעך אין די באַקן. ער רופט די סוחרטע „מומע" און דעם יונגנמאַן „קוזין". מיט אים באַראַטן זיך די סוחרים, אויף זיין וואָרט פאַרלאָזן זיי זיך, אים גלויבן זיי, צו אים האָבן זיי צוטרוי, ווייל ער

איז אַ קרוב. אַלע ווייל קומט די יידענע אַרויף מיט אַ טאַץ איינגעמאַכטס, אַ פלעשל שנאַפּס, אַ פּאָר פּאָמעראַנצן, און זאָגט מיט אַ גוט שמייכעלע:

— זאָל די מומע עפּעס נעמען אין מויל אַריין. זאָל זיך דער קוזין דאָס האַרץ דערכאַפּן.

און אַז יענקעלע יאָגט זי אַראָפּ, ענטפערט די יידענע:

— וואָס ווילסטו? פון אינדערפרי אָן ריידן זיי, האַנדלען. דאָס האַרץ ווערט דאָך זיי אָפּגעשוואַכט.

די סוחרטע גיט אַ גענאַדיקן שמייכעלע צו דער יידענע, פאַרזוכט פון דעם איינגעמאַכטס און רוקט עס צו צום זון, זאָגנדיק עפּעס צו אים אויף טערקיש.

נאָר דאָס רוב האָט מען ניט קיין צייט פאַר אַזעלכע קלייניקייטן, ווען דער מאַרק גייט אָן. מען איז פאַרטאָן אין געשעפט. אַ טייל „סחורות", וואָס מען קען זיך ניט מכוח זיי אויסגלייכן אין פּרייז הייסט מען זיך פּאַרווייזן. דענסמאָל פאַרשווינדן אַלע, כּדי קיינער זאָל גאָרניט באַמערקן, וואָס דאָ גייט פאָר. די מאַמע מיטן זון בלייבן. פּלוצלינג עפנט זיך די טיר און עס ווייזט זיך אַ מיידל.

— דאָ וואוינט ניט גדליה גלעזער? — פרעגט דאָס מיידל.

— יאָ, דאָ וואוינט גדליה גלעזער. קום נאָר אַריין, מיין קינד.

די מאַמע מיטן זון באַקוקן דאָס מיידל, ווינקן זיך דורך מיט די אויגן, אַלץ וועגן גדליה גלעזער.

כאַטש דאָס מיידל ווייסט גאַנץ גוט אין וואָס דאָ האַנדלט זיך און כאָטש זי אַליין וויל זייער פאַרקויפט ווערן צו דער סוחרטע, דאָך רעדט מען אַלץ וועגן גדליה גלעזער.

און פאַר מער פאַרזיכטיקייט ליגט אַ טעשל קאָרטן אויפן טיש. טאָמער באַפאַלט פּאָליציי, הייסט עס, מען האָט געשפּילט אין קאָרטן.

נאָר זייער זעלטן פרעגט מען זיך אויף גדליה גלעזער. לרוב פאַרלאָזט מען זיך אויפן וואָרט. קיין געשעפט ווערט ניט געפירט מיט אַזוי פיל צוטרוי צווישן די סוחרים מיט די קונים, ווי דאָס געשעפט פון „לעבעדיקע סחורות". דאָ וועט קיינער ניט אָפּנאַרן. מען האַנדלט אויפן וואָרט, און אַלע היטן דאָס געשעפט ווי דאָס אויג אין קאָפּ, ניט נאָר די סוחרים, נאָר אַפילו די סחורות אַליין. מער פון אַלע פרייען זיך מיט דעם געשעפט די מיידלעך.

דאָס לעבן פון די מיידלעך אין די הייזלעך, וואָס איז איינטאָניק, ווערט זיי אַזוי לאַנגווייליק, אַזוי דערעסן, אַז זיי בענקן נאָך עפּעס, נאָך אַ געשעעניש, וואָס זאָל זיי אַרויסנעמען פון די ענגע שטיבלעך און זיי ברענגען אין דער גרויסער וועלט אַריין. בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע, גייט אַרום ווי אַ ליכטיקע לעגענדע צווישן די מיידלעך אין די הייזלעך. דאָרט, אין בוענאָס־איירעס, זיינען די מיידלעך פריי, פאַרדינען פיל געלט ביי די שוואַרצע, קריגן דערנאָך זייער לייכט חתנים און ווערן אַליין בעל־הביתטעס פון הייזלעך. אָט די אַלע רייכע סוחרטעס, וואָס קומען פון בוענאָס־איירעס, זיינען אַליין געוועזענע

מיידלעך פון די הייזלעך. פיל פון די מיידלעך, וועלכע זיינען אַוועק, שרייבן צו זייערע חברטעס בריוו, און עס הייסט, אַז זיי ווערן אַזוי רייך, אַז זיי שיקן געלט אַהיים, מאַכן גליקלעך זייערע עלטערן, מאַכן חתונה זייערע שוועסטער. זיי האָבן גאָלדענע ציין און פוצן שטענדיק זייערע ציין מיט גאָלדענע שטע־כערס. לעגענדעס גייען אַרום אין די הייזלעך וועגן מיידלעך, וואָס זיינען אַוועק קיין בוענאָס־איירעס, און עס האָבן זיך פאַרליבט אין זיי שוואַרצע פירשטן, שוואַרצע סולטאַנען, און זיי לעבן איצט ווי קיניגינס.

צוליב דעם גאַרן אַלע מיידלעך פון די הייזלעך פאַרקויפט צו ווערן קיין בוענאָס־איירעס. און ווען די סוחרים קומען פון אַרגענטינע אויפקויפן „סחורה“, ווערט יום־טוב אין דער אַלטער שטאָט. אַלע מיידלעך פאַרבן זיך אָפּ אויף בלאָנד, טוען זיך אָן העלע קליידער, ווייל די נעגערס אין בוענאָס־איירעס האָבן נאָר ליב בלאָנדע...

מער פון אַלץ איז געווען פריילעך אין רויטן וועלוולס הייזל צווישן קאַנאַ־ריקס כּלות. „קאַנאַריק פאַרקויפט אַלע זיינע מיידלעך“, האָט מען גערעדט אין דער אונטערוועלט. און טאַקע זיינען אַלע קאַנאַריקס כּלות געווען אָפּגע־פאַרבט אויף בלאָנד, און מאָטקע האָט זיי אַלע פאַרקויפט מיט אַ גרינג האַרץ. אים אַליין האָט מען ניט צוגעלאָזט אין דער רעזורע צו יענקעלע שערער. ער איז נאָך ניט געווען קיין סטאַטיק, קיין אָנגענומענער סוחר, אַז מען זאָל אים צולאָזן צו די אַרגענטינער סוחרים אָדער צו „גדליה גלעזער“, ווי מען האָט זיי גערופן אין געהיים. ער האָט אַפילו ניט געוואוסט, וואו דער מאַרק איז. דאָס געשעפט איז געמאַכט געוואָרן דורך וועלוול דעם רויטן. סיי־ווי־סיי, ווי עס זאָל ניט זיין, האָט מאָטקע געקראָגן אַ „טאַש מיט הונדערטער“, ווי מען האָט גערעדט אין דער אונטערוועלט. אַ יונג האָט אַ בייז מזל, פּונקט ווען ער וויל פאַרקויפן זיין סחורה, קומען אָן די אַרגענטינער סוחרים. „גדליה גלעזער“ איז אַראָפּגעפאַלן אויף קאַנאַריקס בייז מזל. די גאַנצע אַלטע שטאָט האָט גע־רעדט, אַז קאַנאַריק איז רייך געוואָרן, געכאַפּט אַ גרויסע אַפּותיקה, און מען האָט אים מקנא געווען.

— אָבער וואָס וועט ער טאָן אָן סחורה?

— זאָרג דיך פאַר אים ניט. ער וועט שוין קריגן אַנדער סחורה.

— גיי. ער גיט דאָך אויף דאָס געשעפט. ער ווערט דאָך אַ חתן פאַר חנהלען.

— זי וויל דאָך אים ניט.

— איצט וועט זי אים שוין וועלן, אַז דער יונג האָט נאָר געלט געקראָגן, וועט זי אים שוין וועלן.

— און וואָס האָט ער געמאַכט מיט דער שפּאַניערין?

— ער האָט זי אויך געוואָלט פאַרקויפן, נאָר דער רויטער וועלוול האָט ניט צוגעלאָזט. ער האָט מורא פאַרן פאָלקאָווניק־קאָמיסאַר, — האָט איינער

פאַרזיכערט. — ער האָט זי ניט געוואָלט פאַרקויפן. מ'האָט אים אָנגעבאָטן אַ סך געלט. ער האָט ניט געוואָלט.

אַזוי האָט מען גערעדט אין „קאַפע וואַרשאַווסקי" און אויף דער גאַנצער אַלטער שטאָט וועגן מאָטקען און וועגן זיינע כּלות. און אַלע זיינען גליקלעך געווען, אַלעמען האָבן די אַרגענטינער סוחרים, „גדליה דער געלעזער", גליקלעך געמאַכט. מאָטקע האָט געלט געקראָגן. דער רויטער וועלוול האָט שיין פאַרדינט, נאָר מער פון אַלע איז גליקלעך געווען די לעבעדיקע סחורה אַליין, וואָס מען האָט פאַרקויפט, די מיידלעך פון די הייזלעך. אַלע זיינען זיי געווען בלאָנד אָפּגעפאַרבט, העל אָנגעטאָן, און זיי זיינען שוין מער ניט אַרויס אויף דער גאַס געלט פאַרדינען. זיי האָבן זיך געגרייט אין אַ וויטן וועג אַריין, וואו עס וואַרטן אויף זיי שוואַרצע פירשטן, וועלכע האָבן זייער ליב בלאָנדע יידישע מיידלעך. זיי וועלן זיך אין די מיידלעך פאַרליבן, און איטלעכע האָט געחלומט אַ פרינצעסין, אַ פירשטין צו ווערן פון אַ שוואַרץ קיניגרייך...

# 12

עס איז געקומען די צייט, ווען די „סחורה" האָט באַדאַרפט עקספּעדירט ווערן איבערן ים, האָט זיך די סחורה צעוויינט און אָנגעהויבן געזעגענען זיך מיט די פריינט און די באַקאַנטע, וואָס זי האָט געהאַט אין דער שכנישאַפט. ביי דעם פּאַפּיראָסניק אין הויז איז געווען יום־כּיפּור. די מיידלעך זיינען געקומען געזעגענען זיך מיטן פּאַפּיראָסניקס קראַנקער יידענע. די מיידלעך האָבן געוויינט, און מען האָט איינס דעם אַנדערן זיך אָנגעוואונטשן אַלדאָס גוטס.

— עטץ זאָלט מיך ניט פאַרגעסן אויף יענער זייט ים, אַז עטץ וועט בשלום אַהין קומען, זאָלט עטץ געדענקען מיך דאָ מיט מיינע קינדער.

— אייך פאַרגעסן, גנענדעלע... איר זייט דאָך אונדז בעסער געווען ווי אַ לייבלעכע מאַמע, — האָט זיך די „סחורה" פונאַנדערגעוויינט. — קיינמאָל ניט אייך פאַרגעסן.

— גנענדל לעבן, באַהאַלט דאָס פאַר די קינדערלעך, — האָבן די מיידלעך איר אַריינגעטראָגן זייער וועש און קליידער, און אָוועקגעגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן ניט מיטגענומען.

נאָר איינע האָט גאָרניט אָוועקגעגעבן. דאָס איז די לאָוויטשערין, וואָס האָט זיך געזאַמלט איר אויסשטייער און געהאַלטן איר קאָסטן וועש.

— ווי וועסטו פירן אַזאַ קאָסטן וועש איבער דער גרענעץ? וואָס טויג דאָס וועש איבער דער גרענעץ? דאָרט, אויף יענער זייט, קריגט מען וועש שפּאָט ביליק, — האָבן איר די מיידלעך אויסגערעדט.

זי האָט אָבער ניט געוואָלט הערן. „וועש קומט אומעטום צוניץ". ניט געוואָלט פאַרקויפן, ניט געוואָלט אַוועקגעבן. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז ווען זי וואָלט אַוועקגעגעבן דעם אויסשטייער־וועש, וואָלט זי אַוועקגעגעבן די האָפענונג אַמאָל חתונה צו האָבן און פירן אַן אָנשטענדיק לעבן. דער קאַסטן וועש, די ליילעכער, האַנטיכער, טישטיכער און איבערציערס, איז געוואָרן ביי דעם מיידל דער סימבאָל פון איר ריינקייט... פון איר האָפענונג... און זי האָט דעם קאָרב וועש געהיט און מיטגעפירט דאָס אומבאַפלעקטע ווייסצייג אַהין, אין דעם שוואַרצן קיניגרייך, וואו זי האָט זיך געקליבן ווערן אַ פירשטין פון אַ שוואַרצן פרינץ.

— אַז איר וועט נאָר בשלום אַריבערקומען די גרענעץ, למען השם אַ קאַרטל, מיר און די קינדערלעך, — האָט זיי די קראַנקע פּאַפּיראָסניצע צום לעצטן מאָל נאָכגעשריגן.

די קינדערלעך זיינען געפאַלן די מיידלעך אויפן האַלדז. אַרומגעכאַפּט זיי און באַוויינט מיט אמתע קינדערשע טרערן די גוטע „מומעס".

און דאָס גאַנצע געסל האָט באַגלייט מיט רחמנותדיקע בליקן די אָפּגע־פאָרענע מיידלעך. אַלע האָבן געוואוסט וואוהין מען פירט זיי. פיל האָבן זיי באַדויערט, ניט איבער דעם שרעקלעכן גורל, וואָס איז זיי באַשערט אין דער וויטער מדינה, נאָר איבער דער לאַנגער רייזע איבערן גרויסן ים, פאַר וועלכן אַלע האָבן מורא געהאַט. פיל האָבן זיי מקנא געווען, און געוואונטשן זיך צו זייך אויף דעם אָרט פון די מיידלעך, וואָס פאָרן אָפּ אין אַ לאַנד, וואו „מען שאַרט גאָלד אין די גאַסן", און וואָלטן אַליין געפאָרן, ווען זיי וואָלטן נאָר אויף הוצאות געהאַט... און אַלע האָבן געוואונטשן, אַז זיי זאָלן בשלום דער־גרייכן דאָס לאַנד פון דער שוואַרצער הערשאַפט...

---

מאָטקע איז דערווייל אויס קאַדעט געוואָרן, און איז דער אַנשטענדיקער מענטש. ער קליידט זיך שוין „ציווילנע", ניט „פּאָ קאַדעטסקו". ווי יעדער יונגער מענטש, — אין אַ נייעם אַנצוג, אַ קראַגן מיט אַ שניפּס און אַ גאָלדע־נעם זייגער, — און שפּאַצירט איבער די געסלעך פון דער אַלטער שטאָט. און מאָדנע, קוים איז די אַלטע שטאָט געוואויר געוואָרן, אַז מאָטקע האָט געלט, אַז מאָטקע האָט געכאַפּט די שיינע אַפּותיקה פון די בוענאָס־איירעסער סוחרים, אַז מאָטקע איז געוואָרן אַ „מענטש מיט מענטשן צוגלייך" האָבן אַלע אויפ־געהערט פאַר אים צו שרעקן זיך, פאַר אים מורא צו האָבן. געשעמט האָט מען זיך נאָך מיט אים. עס וואָלט קיינער פון די שיינע בעלי־בתים אים ניט אָפּגעשטעלט און גערעדט מיט אים. נאָר עס איז אַראָפּ פון אים די מיס־טעריע, וואָס האָט אים געהאַט איינגעהילט, ווען ער איז געווען דער בעל־הבית איבער די מיידלעך, ווען איטלעכער אין געסל האָט געציטערט פאַר קאַנאַריקן און אים אָפּגעטראָטן דעם וועג. איצט האָט מען אים שוין ניט אויס־

געמיטן. אַז ער איז אַריינגעקומען אין אַ געשעפט עפּעס קויפן, איז מען שוין ניט אַנטלאָפן פון אים. מאָטקע איז געוואָרן אַן איינוואוינער פון דער אַלטער שטאָט, און מענטשן האָבן אים געהאַלטן פאַר גלייך מיט זיך.

אין „קאַפע וואַרשאַווסקי" איז מאָטקע ניט אַריינגעקומען. ער האָט זיך געשעניטן אויף אַן אָרנטלעכן מענטשן. דאָך האָט ער חנהלען ניט אַפּגעלאָזט פון אויג. ער האָט זי אָפּגעוואַרט אין די אָוונטן, ווען זי האָט די ברידערלעך געגעבן צו עסן אין קיך, אַריינגעגנבעט זיך אין הויף אַריין און אַריינגעקוקט דורכן פענצטער. האָט ער נאָר דערזען דעם שוואַרצן קאָפּ אירן, די לאַנגע לאָקן, וואָס לאָזן זיך איר אַראָפּ איבערן אַקסל, האָט אים אַרומגענומען אַ ריינקייט. ער האָט אין דעם שוואַרצן קאָפּ האָר אירן געזען זיין גאַנץ לעבן, וואָס ער האָט זיך אויסגעחלומט ווי עס וועט אויסזען אין דער צוקונפט, — און דער קאָפּ איז געוואָרן פאַרבונדן מיט נאָך עפּעס, וואָס איז אים זייער טייער געווען פון זיין פאַרגאַנגענעם לעבן. חנהלעס קאָפּ האָר האָט אים דערמאָנט אין זיין מאַמעס פּנים. ער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן חנהלען אָן דער מאַמען. די צוויי נפשות, חנהלע און זיין מוטער, זיינען ביי אים געוואָרן איינס, און ער האָט זיי ביידן ליב געהאַט ווי איין נפש.

מאָטקען האָט איצט פאַרדראָסן, וואָס חנהלע זיצט אין „קאַפע וואַרשאַווסקי" און באַדינט דעם סאָרט מענטשן, וואָס קומען אַהין אַריין. מאָטקע האָט מיטאַמאָל דערפילט די גאַנצע מיאוסקייט פון געסל און פון „קאַפע וואַרשאַווסקי", און ער האָט געוואָלט, אַז חנהלע, זיין חנהלע, זאָל זיין ווייט אַוועק פון דאָרט. ער האָט געוואָלט, אַז די מוטער זאָל זי באַהאַלטן ביים פעטער, ווי מען האָט זי געהאַט באַהאַלטן פאַר אים... און קיינער זאָל ניט קענען צוקומען צו איר, קיינער זאָל ניט וויסן וואו זי איז, אַפילו ער אַליין זאָל ניט וויסן וואו זי איז.

אַ שדכן צו מלך קאַפע־מאַכער, חנהלעס פאָטער, האָט ער נאָך ניט געוואָלט שיקן. עס איז אים נאָך געשטאַנען אין וועג די שפּאַניערין. די שוואַרץ־חנעוו־דיקע דראָטן־גייערין האָט זיך נאָך געפונען אין דעם „הייזל", און דער פּאָל־קאָווניק־קאָמיסאַר איז איטלעכן אָוונט געקומען צו איר צוגאַסט. מאָטקעס האַרץ איז צעריסן געוואָרן צווישן די צוויי מיידלעך, חנהלען און דער שפּאַניערין. ער האָט די שפּאַניערין ניט געקענט פאַרקויפן אַזוי גרינג ווי די אַנדערע מיידלעך. יענע מיידלעך זיינען ביי אים געווען „סחורה". די דראָטן־גייערין איז געווען משפּחה. אַ לעבעדיקער מענטש, זיינס אַ מענטש. ער האָט עס געפילט, און גערעכנט זיך מיט דעם געפיל, ער האָט אָבער געוואוסט, אַז חנהלען וועט ער ניט קענען האָבן סיידן נאָר ער וועט פּטור ווערן פון דער שפּאַניערין, וועט זי אויסרייסן פון זיין לעבן. און חנהלען האָט ער געוואָלט האָבן מער פון זיין לעבן. דאָס איז איצט געווען זיין אַמביציע, זיין שטאָלץ, — צו האָבן אַ ווייב, אַן אייגן ווייב, און אַן אייגענע מוטער, ווי יעדער מענטש האָט, — דערפאַר, וואָס אַלע האָבן זיך פאַרנומען אויף אים. און צו חנהלען האָט ער געוואָלט קומען מיט אַ ריין האַרץ און ריינע הענט.

לאַנג האָט ער געקעמפּט מיט זיך, ביז איינמאָל איז ער געקומען צו דער שפּאַניערין און איר אַלץ פאַרטרויט. ער האָט גערעדט צו איר ווי אַ ברודער צו אַ שוועסטער, ווי אַ מענטש צו אַ מענטש. ער האָט איר אַזוי געזאָגט:

— מאַרי, מיר מוזן זיך צעשיידן. איך גיי אַוועק פון דאַנען.

— וואָס רעדסטו, מאָטקע? — האָט דאָס מיידל אים אָנגעקוקט מיט שרעק, — ווערסט חתונה האָבן, יאָ?

— יאָ, — האָט מאָטקע געענטפערט.

— פאַרוואָס?

— איך ווייס ניט. איך מוז. איך וויל. איך קען ניט אַנדערש.

דאָס מיידל האָט אים אָנגעקוקט. דער פאַרלאַנג נאָך חנהלען איז געלעגן אין זיינע אויגן. זיינע אויגן זיינען אים פאַרטערערט געוואָרן, דאָס מויל אויסגעקרימט און די נאָז בלייך. דאָס מיידל האָט אים זייער ליב געהאַט. זי האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן, האָט זיך געוואָרפן אויף אים און אַריינגעביסן זיך אין זיינע ליפּן מיט אירע קרומע, שאַרפע ציינדלעך:

— מאָטקע לעבן, איך וועל דיך ליב האָבן, וואָס דו זאָלסט ניט טאָן.

— האָב מיך יאָ ליב, האָב מיך ניט ליב, איך ווייס, מיין לעבן איז ביי דיר אין די הענט. דו קענסט מיך מסרן פאַרן פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר, אַז איך האָב קאַנאַריקן געהרגעט, אַז איך הייס אַן אַנדער נאָמען, אַז איך האָב אַ פאַלשן פּאַספּאָרט. גיב מיך אַרויס, אַז דו ווילסט, נאָר חתונה האָבן וועל איך מיט חנהלען, אַפילו אַז איך זאָל וויסן יונגערהייט אין דער ערד צו פוילן. איך וועל חתונה האָבן מיט איר, דערנאָך קענסטו מיך קיין סיביר אויף קאַטאָרזשנע ראַבאָטע שיקן, אַז דו ווילסט. נאָר חתונה האָבן מיט חנהלען וועל איך.

עס האָט זי געשטיקט די אייפערזוכט אויף מאָטקעס ליבע. די אייפערזוכט אויף חנהלען האָט געברענט אין איר האַרץ, האָט זי אינגאַנצן אָנגעצונדן. זי האָט געביסן אירע קליינע ציינדלעך אויף אירע דינע ליפּן, פאַרדריקט די הענט און אָנגעלענט זיך פאַר שוואַכקייט אויף מאָטקען:

— פאַרוואָס קענסטו מיך ניט האָבן מיט חנהלען? גנבע זי אַוועק. די נאַכט גנבע זי, און גיב זי אין אַ הייזל אַריין. מיר וועלן אינאיינעם זיין אין איין הייזל, מען וועט דיר אַ סך געלט געבן פאַר איר, מיר וועלן דיך ביידע ליב האָבן, וועלן ביידע... אַרבעטן פאַר דיר...

מאָטקע איז בלייך געוואָרן. דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן שלאָגן. אָפּטמאָל האָט ער טאַקע געקלערט אַזוי צו טאָן. געקלערט און ניט דערוועגט זיך צו קלערן. טיף אין זיך האָט ער דאָס געטראַכט, און איצט זאָגט זי זיינע געדאַנקען אַרויס. ער האָט געשוויגן, אין זיין האַרץ האָט געקעמפּט דער יצר־טוב מיט דעם יצר־הרע.

— איך וועל זי אָנריידן, איך ווייס שוין ווי אַזוי מיט איר צו ריידן. איך וועל שוין אַזוי מאַכן, אַז זי וועט באַשטיין, ווערסט זען, זי וועט באַשטיין, — האָט די שפּאַניערין ווייטער גערעדט.

ער האָט מיטאַמאָל דערזען זיין מאַמע, די רויטע זלאַטע, ווי זי זיצט און פאַרריכט אים די הויזן. און ער ליגט אַ נאַקעטער אין ווינקל קעלער. מען האָט אים געשלאָגן, צעביילט, ליגט ער און וויינט, און קוקט אויף דער מאַמען ווי זי נייט אים די הויזן. ער האָט איצט געזען איר פּנים ווי דענסמאָל, געזען ווי עס רינען די טרערן פון אירע אויגן אויף איר איינגעשרומפּן, ווי אַ זויל אויסגעהאַקט פּנים, ווי די ליפּן זיינען ביי איר פאַרטריקנט און די אָדערן פון איר האַלדז ציען זיך און ציען זיך, ווי ביי אַ הון. און זי פאַרגלייזט די אויגן פּונקט ווי אַ הון, וואָס דער שוחט האָט אַריינגענומען אין זיינע קני, איינגעבויגן דעם האַלדז און וועט עס באַלד שעכטן... און ער ווייסט ניט ווי אַזוי דאָס איז געוואָרן, — חנהלע איז געוואָרן זיין מאַמע, און זיין מאַמע — חנהלע.ביידע עפּעס איין נפש, איין מענטש, און וועט ער חנהלען שלעכטס טאָן, וועט עס פּונקט אַזוי זיין ווי ער וואָלט דער מוטער שלעכטס געטאָן. זיין מוטער שלעכטס טאָן... דער געדאַנק האָט אים אַזוי אויפגעקאָכט, אַז ער האָט אַלץ פאַרגעסן. ער האָט געוואוסט, אַז זיין לעבן איז אין מאַריס הענט, נאָר ער האָט ניט גע־קוקט דערויף, און מיט אַ געשריי האָט ער געגעבן אַ טאָפּיע מיטן פוס:

— שווייג! וואָס מיינסטו, חנהלע איז דו? די מינוט קום... קום... קום!

— האָט ער באַפוילן.

— וואוהין? — האָט דאָס מיידל געזאָגט מיט אימה.

— וואָס איז דיין עסק? וואָס האָסטו צו פרעגן? וואָס מיינסטו, כ'וועל דיך דאָ לאָזן מיט אַ פאַלקאָווניק־קאָמיסאַר, וואָס זאָל פון דיר דאָס גאַנצע געלט אַוועקנעמען. קום, די מינוט קום. איך וועל דיך שוין פירן. אין „אַקוואַריום". אין קאַפע שאַנטאַן „אַקוואַריום". אַ שאַנסאָנעטקע וועסטו ווערן. וועסטו כאַטש האָבן עפּעס פאַר דיין אַרבעט. ניט פאַר מיר, ניט פאַר מיר. איך דאַרף ניט דיין געלט. נאָר פאַר דיר, דו הערסט, זאָלסט צו עפּעס קומען, ניט זיך אַרומוואַלגערן אין הייזלעך.

ער האָט פלינק איינגעפּאַקט אירע זאַכן אין קאַסטן אַריין. אַריינגעוואָרפן דאָס זיידענע וועש, דאָס געוואַשענע און ניט־געוואַשענע, זיידענע קאַפּטאַנעס, זאָקן, היטעלעך, קאַמאַשן, און געשלעפּט זי נאָך דעם זעלבן אָוונט אין קאַפע־שאַנטאַן „אַקוואַריום", וואו ער האָט זי פאַרקויפט דעם „דירעקטאָר", ווי מען פאַרקויפט אַ טייערן הונט אָדער אַ לייב־פערד, — צוויי הונדערט און אַכציק רובל האָט ער אָפּגענומען פאַר איר.

פאַרן אַוועקגיין האָט ער זי אָנגענומען ביי דער האַנט, געקוקט איר אין די אויגן אַריין, — און איר געגעבן דאָס אָפּגענומענע געלט:

— נאַ, נעם עס צו, איך וויל דערפון גאָרניט האָבן. פאַר דיר, קויף דיר קאָפּעליושן.

דער מויד האָט דאָס מער פאַרדראָסן ווי ווען ער וואָלט זי געשלאָגן. זי האָט אים צוריקגעוואָרפן דאָס געלט אין פּנים אַריין:

— איך בין דיין נקבה, דו האָסט מיך פאַרקויפט, עס איז דיין געלט. וואָס גיסטו עס מיר?

מאַטקע האָט אַריינגעלייגט דאָס געלט אין קעשענע און געזאָגט אין דער שטיל:

— מיין לעבן איז אין דיין האַנט. אויב דו ווילסט, גיב מיך אַרויס. האָב איך זאָרג, וועל איך גיין קיין סיביר, אויף קאַטאָרזשנע.

די מויד האָט געשוויגן, נאָר פאַרביסן מיט אירע אויסגעטאָקטע שאַרפע ציין אויף אירע רויטע פאַרפירערישע ליפּן...

## 13

עס איז אַדורכגעגאַנגען אַ שטיקל צייט. מאַטקע איז אַוועק אינגאַנצן פון דער אַלטער שטאָט. ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אויפן גזשיבאָוו ביים אייזערנעם טויער, צווישן די גזשיבאָווער פישער־לייט, וואָס ברענגען געפרוירענע פיש פון טיף ראַסיי. אויפן גזשיבאָוו האָט מאַטקע געהאַט בשותּפות מיט נאָך אַ יונג אַ וואָגן מיט פערד, וואָס האָבן איבערגעפירט די פיש פון דער סטאַנציע אין שטאָט אַריין. צווישן די פורמאַן־יונגען איז גוט באַקאַנט געווען מאַטקעס נאָמען פון דער אַלטער שטאָט, און מען האָט מורא געהאַט פאַר אים. מען האָט אים דערפאַר באַלד אין דער „חברה פישערס" אַריינגענומען, צוגעלאָזט אים צום וואָגן. געשעמט האָט מען זיך שוין אויך ניט מיט אים. מען האָט באַלד פאַר־געסן זיין פּראָפעסיע, אַחוץ דאָרט ביי אַ קריג, ווען מען האָט אים אויפגעמישט זיין „יחוס". נאָר מיט „יחוס" האָט זיך ניט געהאַט וואָס צו באַרימען קיינער פון די פישער־יונגען, און מאַטקע איז באַלד געוואָרן אַזאַ אָנגעזעענער מענטש אויפן גזשיבאָוו, ווי ער איז געווען אין דער אַלטער שטאָט. ער האָט שוין גע־האָט זיינע פאַר הונדערט רובל ליגן ביי פישער־בעלי־בתּים, און עס האָט געהאַלטן, אַז מען זאָל אים נעמען אין שותּפות אַריין צו די פיש.

דאָס אַלץ האָט מאַטקע געטאָן אויפן וואונק פון מלך קאַפּע־מאַכער, חנהלעס פאָטער. זינט מאַטקע האָט געקראָגן די פאַר הונדערט רובל פון די מיידלעך, וואָס ער האָט פאַרקויפט קיין בוענאָס־איירעס, האָט אים שוין דער ייד ניט אָפּגעלאָזט פון אויג. געזען, אַז מאַטקע סטאַטיקט זיך און וויל ווערן אַן אָרנטלעכער מענטש, — האָט דער ייד זיך מיישב געווען מיט דער יידענע, אַז מאַטקע וואָלט גאָר ניט געווען אַזאַ שלעכטער חתן פאַר חנהלען:

— אַ יונג מיט אַ פּאָר הונדערט רובל, ווער דאַרף וויסן, וואָס ער איז געווען, — וואָס איז ער, אַ מיידל איז ער? אַ שלעכטן נאָמען קריגן? אַ מיידל טאָר ניט, אַ יונג מעג אַלץ.

— קיין קינד אין שירץ האָט ער ניט אַהיים געבראַכט, — לייגט די ייִדענע צו. — און אַזאַ איינער, אַז ער ווערט אַן אָנשטענדיקער מענטש, איז ער אַ פיינערער מענטש. ער קען נאָך ווערן אַ שיינער בעל־הבית. און חנהלען האָט ער ליב ווי דאָס לעבן, די אויגן וואָלט ער זיך געלאָזט אַרויסנעמען פאַר איר.

— און, דער עיקר, פאַרגעס ניט, אַז ער האָט זיין אייגנס אַ שיינע פאַר הונדערטער, און אַזאַ יונג נעמט זיך צו עפּעס. ווער דאַרף וויסן פון וואַנען ער האָט זיין געלט? אין פּאַס שטייט עס ניט פאַרשריבן, און געלט שטינקט ניט, מיין ווייב.

נאָר דער ייד האָט מיט מאָטקען ניט גערעדט דעריבער, חלילה. ער האָט זיך אַפילו מיט אים ניט געזען, אַז קיינער זאָל גאָרניט וויסן, אַז קיינער זאָל גאָרניט מערקן צו וואָס מאָטקע צילט. ער האָט אָבער שוין געהאַט זיינע מענטשן, באַקאַנטע און פריינט, וואָס האָבן מאָטקען געפירט, געלערנט וואָס ער זאָל טאָן. געווען איז עס טאַקע ר׳ ברכיה דער קרעמער, דער חזן פון דער אַלטער שול, וואָס מאָטקע איז געגאַנגען אים בעטן, אַז ער זאָל ריידן מיט חנהלעס טאַטע־מאַמע מכּוח אַ שידוך.

— אַזאַ יונג ווי דו, האָסט אַ פּאַר שיינע הונדערט רובל, וואָס דרייסטו זיך אַרום אין גאַס און טוסט גאָרניט? מען קען זיי פאַרלעבן, פאַרשיכּורן מיט גוטע ברידער. גוטע ברידער פעלן ניט, — האָט אים ר׳ ברכיה איינמאָל מוסר געזאָגט, ווען מאָטקע איז ווידער אין קרעמל אַריינגעקומען צו אים, אַז ער זאָל נאָך אַמאָל אַהין גיין ריידן אים דעם שידוך מיט חנהלען.

דאָס איז געווען, ווען מאָטקע איז אויס קאָדעט געוואָרן און האָט נאָך געוואוינט אויף דער אַלטער שטאָט.

— האָט ניט קיין מורא, איך וועל ניט טרינקען. חנהלע זאָל אַזוי לעבן. איכל ניט טרינקען, וועל גוט היטן דעם גראָשן.

— ווילסט דאָך אַ חתן ווערן, דאַרפסטו זיך צו עפּעס נעמען. גייט מען אויף גזשיבאָוו, מען זוכט אַ שותּף, מען קויפט זיך אַ פערד, אַ וואָגן. וואָס טוסטו דאָ? דו דאַרפסט אַוועק פון דאַנען, אַז קיינער זאָל ניט וויסן, ווער דו ביסט געווען, ווען און וואָס. פאַרשטייסט? — האָט אים ר׳ ברכיה געעצהט אויף מלך קאַפּע־מאַכערס וואונק. און מאָטקע האָט געפאָלגט.

ערשט נאָכדעם ווי מאָטקע איז שוין געווען אַ שטיקל צייט אַוועק פון דער אַלטער שטאָט, און אַלע האָבן געהאַט פאַרגעסן אין אים, און ער איז געוואָרן דער פישער־יונג אויפן גזשיבאָוו, — דענסמאָל ערשט האָט מען אים צוזאַמענגעפירט מיט חנהלען, אַז חתן־כּלה זאָלן זיך באַקענען. אָנגעפירט דעם שידוך האָט טאַקע ר׳ ברכיה, און מאָטקע האָט איצט געהייסן „אַ פישער פון גזשיבאָוו, אַ געזונטער יונג, פריי פון מיליטער, מיט אַ פּאַר הונדערט רובל זיין אייגנס, מיט אַ וואָגן און אַ פּאַר פערד“. מלך קאַפּע־מאַכער מיט זיין ווייב האָבן זיך געלאָזט ריידן דעם שידוך, אויסגעפרעגט זיך וועגן חתן, ווי ער וואָלט געווען אַ פרעמדער, וואָס זיי האָבן אים קיינמאָל נאָך ניט געזען... מען

האָט אָפּגערעדט דאָס „זעעכץ" אויף שבת. און שבת נאָך מיטיק זײַנען זיך חתן־כּלה מיט די מחותּנים צונויפגעקומען אויף דער פּאַוויאַ גאַס צו דער כּלהס פעטער, וואָס מען האָט ביי אים טאַקע חנהלען געהאַט באַהאַלטן פאַר מאָטקען. מאָטקע איז געזעסן אַ בלייכער, אַ דערשראָקענער, אין אַ נייעם קאָר־טענעם אַנצוג, ווי אַ חתן־בחור, און מורא געהאַט צו רירן מיט אַן אבר, מיט אַ האַנט, אַז ער זאָל ניט עפּעס צעברעכן אויפן טיש. אַנקעגן אים איז גע־זעסן חנהלע, אויך אַ בלייכע, אַ דערשראָקענע, אין אַ ניי קליידל אַנגעטאָן, די האָר פאַרפלאָכטן אין צוויי צעפּ, און אַ רחמנות, און אַ חן האָט גערוט אויף איר קאָפּ... מאָטקע האָט געקוקט אויף איר. דאָס האַרץ איז אים אויסגעגאַנ־גען פאַר רחמנות... עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זי איז אַ קליין, קליין פייגעלע, וואָס האָט נאָך ניט קיין פעדערן, ווי ער פלעגט זיי אַראָפּנעמען פון די נעסטן פון די ביימער, ווען ער איז נאָך אַ קליינער יאַט געווען... און דאָס קליינע פייגעלע ציטערט אין זיינע הענט פאַר קעלט... און קלאַפּט מיט די קליינע פליגעלעך... און ער נעמט עס און לייגט עס אַריין צו זיך אין בוזים, אַז עס זאָל זיך אָנוואַרעמען... אַזוי האָט ער אויך געוואָלט זי אַריינ־נעמען צו זיך אין נאַקעטן בוזים אַריין...

דער שמועס איז אָנגעגאַנגען וועגן היימישע זאַכן. מען האָט זיך באַקענט מיטן חתן. דער מחותּן האָט געוואָלט וויסן, מיט וועמען ער איז זיך משדך, ווער זיין מחותּן איז, צי דער חתן האָט נאָך אַ פאָטער, אַ מוטער.

— איך האָב אַ מאַמע, אַ טייערע מאַמע, אַזאַ גוטע מאַמע. ווען איך בין אַ קליין יינגל געווען, אַט אַזאַ קליינער יאַט, האָבן זיי מיך געוואָלט שלאָגן, — האָט מיך די מאַמע ניט געלאָזט שלאָגן... און זי האָט מיר...

— און אַ טאַטן האָט ער אויך? — האָט דער מחותּן פלינק איבערגע־האַקט מאָטקעס רייד, וואָס זיינען ניט שיין געווען פאַר די געסט ביים טיש.

— אַ טאַטן האָב איך אויך, נאָר אים האָב איך ניט ליב.

— וואו וואוינען זיי?

— זיי וואוינען אין אַ קליין שטעטל, אין וואַרשעווער גובערניע אין זשאַכלין.

— און ווי רופט מען דעם חתן מיטן יידישן נאָמען? איך מיין, ווי הייסט ער? — פרעגט דער שדכן.

— איך הייס מאָטקע.

— מאָטקע? — איך הער עס צום ערשטן מאָל.

— ניין. ווען איך בין געווען אַ קליין יינגל, האָט מען מיך גערופן מאָטקע.

— ער האָט זיך פלינק צוריקגעכאַפּט, — איך הייס אַהרן לייב קאַנאַריק. איך האָב אַ פּאַס, אָט דאָ האָב איך אים. — און מאָטקע האָט אַרויסגענומען דעם פּאַס.

— אַהרון לייב, אַ גאַנץ יידישער נאָמען, — האָט ר' ברכיה שדכן געזאָגט צום מחותּן.

נאָר מאָטקען האָט עס עפּעס געגעבן אַ ריס אין האַרצן. דאָס ערשטע מאָל האָט ער דערפילט, אַז ער טראָגט אַ פרעמדן נאָמען פון אַ פרעמדן מענטשן, און זיינעם האָט ער באַגראָבן... און דאָס ערשטע מאָל האָט ער אָנגעהויבן בענקען נאָך זיין נאָמען, — קיינמאָל נאָך האָט ער ניט געפילט דאָס באַדערפעניש נאָך זיין נאָמען ווי איצט, ווען ער האַלט ביי אַ חתן ווערן...

מאָטקע האָט געקלערט וועגן דעם און איז טרויעריק און שטיל געוואָרן.

— זאָל מען זיי אַליין לאָזן, — ווינקט דער שדכן צום מחותן מיט דער מחותנתטע.

— יונגע לייט, אפשר ווילן זיי זיך עפּעס זאָגן, וואָס מיר טאָרן ניט הערן. קומטס, קומטס. — האָט די מומע גערופן די געסט אין אַן אַנדער שטוב אַריין, פאַרשטייענדיק פון מאָטקעס שווייגן, אַז מאָטקע וויל מיט דער כּלה אַליין זיין.

אַז מאָטקע איז מיט דער כּלה אַליין געבליבן, איז ער נאָך שטילער, בלייכער און דערשראָקענער געוואָרן. דער יונג, וואָס האָט צעדריקט מיט זיינע הענט מענטשלעכע לעבנס, איז אומבאַהאָלפן געוואָרן, ווען ער איז מיט דעם מיידל אַליין געבליבן, און ניט געוואוסט קיין וואָרט אויסצורײדן. חנהלע איז אויך דערשראָקן געוואָרן. ער האָט געהערט ווי איר האַרץ קלאַפּט הויך. דאָך האָט זי פריער געפונען ווערטער ווי ער. זי האָט זיך אָנגערופן:

— מן־הסתם איז דאָך מיר באַשערט אַזוי, אַז איך זאָל פאַר אין אַ כּלה ווערן. מען זעט דאָך, עס איז אַ גאָטס זאַך.

— און זי ווילן פאַר מיר אַ כּלה ווערן? — פרעגט מאָטקע באַשיידן.

— איך וועל אַלץ טאָן, וואָס דער טאַטעשי און די מאַמעשי הייסן מיר. זיי ווייסן בעסער וואָס עס איז גוט פאַר מיר, — זאָגט חנהלע מיט די אויגן צו דער ערד.

— און זי ווילן פאַר מיר אַ כּלה ווערן? — פרעגט מאָטקע נאָך אַמאָל איבער.

— איכל אין זאָגן דעם ריינעם אמת. איך האָב זייער מורא, מיין האַרץ שרעקט מיך זייער.

— פאַר וואָס האָבן זי מורא? — פרעגט מאָטקע דערשראָקן.

— זי ווייסן שוין פאַר וואָס איך האָב מורא. איך האָב מורא, אַז זי זאָלן ניט גיין אויף דעם זעלבן וועג, וואָס זי זיינען געגאַנגען. וואָס טויג מיר שוין אַזאַ לעבן? איז דאָך גלייכער, אַז פון אונדזער שידוך ווערט גאָרניט, איידער מיר וועלן זיך פאַרבינדן פאַר גאָט און פאַר לייט.

די מוטער האָט דאָס איר געהייסן אַזוי זאָגן, כּדי מאָטקען בעסער צו מאַכן. נאָר דאָס מיידל האָט באמת מורא געהאַט פאַר מאָטקען, און טרערן האָבן זיך איר געוויזן אין די אויגן.

מאָטקע האָט גאָרניט געקענט ענטפערן. געוואָלט האָט ער זיך דאָ אַניידערלייגן צו אירע פיס און איר אַלץ דערציילן. דערציילן ווי מען דערציילט פאַר גאָט, פאַר אַ גרויסן רבּ, — פון זיין יוגנט, פון אַלץ וואָס ער האָט באַ־

האַלטן אין זיין האַרץ: אַז ער הייסט ניט קאַנאַריק, נאָר מאָטקע, אַז ער האָט אַ מענטשן געהרגעט, וואָס ער טראָגט איצט זיין נאָמען. ער האָט געפילט, אַז ער באַדאַרף איר אַלץ דערציילן, נאָר עס האָט אים געשטערט, וואָס אין דער צווייטער שטוב זיינען דאָ מענטשן. האָט ער געביסן די ליפּן, די הענט האָבן זיך ביי אים געטרייסלט, און ער האָט געשטאָמלט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער...

— חנהלע... איכל שטאַרבן פריער... אַ טויט זיך אָנמאַכן... אין וואַסער זיך וואַרפן איידער דיר שלעכטס טאָן... אויף אַזוי פיל שלעכטס טאָן... איכל דיר זיין אַ געטרייער מאַן, חנהלע, וועסט זען... און דער יונג האָט זיך צעוויינט.

דאָס מיידל האָט אויף אים רחמנות געקראָגן:

— וויינען זי ניט, איך גלויב אין, אַז איך וואָלט אין ניט געגלויבט, וואָלט איך דאָך פאַר אין ניט קיין כלה געוואָרן...

מאָטקע האָט פלינק די אויגן אויסגעווישט און באַהאַלטן די טרערן, ווייל פון דער צווייטער שטוב האָבן זיך טריט געהערט.

— געפעלן זיך?

חתן־כלה האָבן געשוויגן.

אין אָוונט זיינען געווען די תנאים. די תנאים האָט מען געמאַכט אין דער שטיל, נאָר מיט אַ מנין געבעטענע יידן. דער מחותן האָט ניט געוואָלט, אַז מען זאָל שוין וויסן אויף דער אַלטער שטאָט, אַז חנהלע איז אַ כלה געוואָרן פאַר קאַנאַריקן. ער האָט אַפילו געוואָלט גאָר די תנאים אָפּלייגן, נאָר דער חתן האָט זיך זייער געבעטן, אַז מען זאָל באַלד די תנאים שרייבן. אַז ס'איז געקומען צום אונטערשרייבן, האָט דער שדכן פאַרן חתן אונטערגעשריבן:

אַהרון לייב קאַנאַריק.

— מזל־טוב, אַהרון לייב, מזל־טוב! — האָט מען מאָטקען צוגעוואונטשן פון אַלע זייטן.

צום ערשטן מאָל איז אים דער נאָמען אַזוי פרעמד פאָרגעקומען, און ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ניט ער, נאָר קאַנאַריק איז אַ חתן געוואָרן פאַר חנהלען, ווייל מען האָט זיין נאָמען אונטערגעשריבן אונטער די תנאים...

## 14

אַ גאַנצע וואָך האָבן חתן־כלה זיך ניט געזען. דערפאַר זיינען זיי שבת אַ גאַנצן טאָג געווען צוזאַמען. שבת האָט מאָטקע געגעסן ביי חנהלעס פעטער, און חנהלע איז דאָרט געווען דעם גאַנצן טאָג. זיי זיינען אינאיינעם געגאַנגען שפּאַצירן, ניט אין זאַקסישן גאָרטן, וואו אַלע האָבן געקענט מאָטקען, נאָר

הינטער דעם יידישן שפּיטאָל צום ציטאַדעל צו, וואו עס שטייען די טאָפּאָלן, און וואו עס גייען די איינזאַמע פּאָרלעך אין וואַרשע, וואָס האָבן עפּעס צו ריידן צווישן זיך און ווילן ניט, אַז אַנדערע זאָלן זיי שטערן. אין זאַקסישן גאָרטן און אין יידישן טעאַטער האָט חנהלע נאָך ניט געוואָלט גיין מיט אים. זי האָט מורא געהאַט, מען זאָל דאָרט מאָטקען ניט דערקענען.

אין די פּאָר וואָכן, וואָס זיי זיינען געווען חתן־כּלה, זיינען זיי אַזוי נאָענט געוואָרן איינער צום אַנדערן, אַז די כּלה האָט מאָטקען געלערנט, ווי מען לערנט אַ קליין קינד, ווי אַזוי ער זאָל זיך פירן, און מאָטקע האָט זי אַלץ געהאָרכט, אַבי ער זאָל ווערן אַן אָנשטענדיקער מענטש. זי האָט שוין אַזוי ווייט געבראַכט, אַז מאָטקע איז איטלעכן שבת געגאַנגען מיט חנהלעס פעטער אין דער חברה אַריין דאַוונען. מאָטקע האָט זיך אָנגעהויבן קליידן ווי אַ חתן־בחור, — לענג־לעך. חנהלעס אַ פּאָרטרעט, איינגעפּאַסט אין אַ מעדאַליאָן, האָט מאָטקע גע־טראָגן אין לאַץ, און נאָך אַ פּאָרטרעט האָט ער געטראָגן אָנגעהאַנגען אין דער גאָלדענער קייט פון זייגער, וואָס חנהלע האָט אים געגעבן אַ מתנה. און פון די בעל־עגלה־יונגען, וואָס האָבן געהאַלטן די פערד אויף גזשיבאָוו, האָט ער זיך געהאַלטן פון דער ווייטנס, — ניט געגאַנגען מער מיט זיי אין שענק אַריין ביר טרינקען, — און מער זיך געחברט מיט די בעל־הבתים־פּישערס, וואָס דאָס איז מער כּבוד און יחוס געווען. אַזוי האָט חנהלע געוואָלט. און וואָס חנהלע האָט געוואָלט, האָט מאָטקע געטאָן. זי האָט עס געמאַכט אין דער שטיל, צירלעך־מאַנירלעך. זי האָט אַזוי געזאָגט צו אים:

— זעען זי, אַהרון לייב, זי זיינען דאָך שוין אַ חתן, עס פּאַסט דאָך ניט.

— „זי" זאָגסטו מיר גאָר, חנהלע? — האָט זי מאָטקע אָנגענומען ביי דער האַנט.

— נו, זאָל שוין זיין „דו", — האָט דאָס מיידל געזאָגט קאָקעטיש, אַראָפּ־געלאָזט די אויגן און געריוויטלט זיך.

און אָט פאַר די אַראָפּגעלאָזטע אויגן און דעם רויטלען־זיך, פאַר דעם „דו", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון איר קליין מיילכל און נאָך קלענערע ציינדלעך, — פאַר דעם אַלעם איז מאָטקע געווען אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ער וואָלט אַלץ, אַלץ פאַר איר געטאָן.

הייסן הייסט ער נאָך ביי איר אַהרון לייב קאַנאַריק, ניט מאָטקע. און ווען זיי גייען שפּאַצירן צווישן די טאָפּאָלן ביי דעם וואַרשעווער ציטאַדעל צו דער ווייסל צו, פאַרנאַכט, ווען די זון גייט אונטער, רופט זי אים אַהרון לייב לעבן. עס קרענקט אים, און עס דאַכט זיך אים, אַז ניט אים מיינט זי, נאָר קאַנאַריקן, אַז ער איז קאַנאַריקס שטעלפאַרטרעטער, און באַלד וועט קאַנאַריק זיך אויפ־הויבן פון טונקעלן טייכל, און קומען אַהער. ער וועט אָננעמען חנהלען ביי דער האַנט, — און וועט ווערן דער חתן. און זעצן זיי זיך אַוועק אויף דער גרינער לאָנקע, וואָס איז אויפן בערגל הינטער דעם ציטאַדעל, נעמט זי זיין קאָפּ צווישן אירע קאַלטע הענטלעך, לייגט אים אַוועק אויף איר שויס, קושט אים

מיט אירע קאַלטע ליפּן און קאַלט נעזל און זאָגט: „אַהרון לייב, האַרציקער אַהרון לייב, מיינער, מיינער". מאַכט מאָטקע צו די אויגן און זאָגט אין דער שטיל, פאַר זיך, קוים, קוים מיט די ליפּן: „מאָטקע... מאָטקע... מאָטקע..."

איינמאָל, עס איז געווען שבועות פאַרנאַכט, דעם ערשטן טאָג יום־טוב, איז מאָטקע געגאַנגען מיט זיין כּלה שפּאַצירן. חנהלע האָט זיך געהאַט געמאַכט אויף יום־טוב אַ ניי קליידל מיט אַ וועסטעלע ווי אַ ייִנגל און אַ ווייכן ווייבערשן קראַגן, וואָס איז דענסמאָל זייער אין מאָדע געווען. האָט זי מאָטקע געזען אין נייעם קליידל מיט דעם ייִנגלשן וועסטל און מיט דעם ווייבערשן קראַגן, האָט ער געמיינט, אַז ער ווערט פאַרכאַפּט, אַזוי שיין און טייער האָט זי אויסגעזען אין דעם נייעם קליידל. מאָטקע אַליין איז אויך געווען אין אַ נייעם אָנצוג, וואָרים עס איז שוין געווען נאָענט פאַר דער חתונה, און מען האָט געהאַלטן אין איין איינקויפן אויסשטייער. זיינען זיי ביידע אַרויס פאַרנאַכט שפּאַצירן, ווי געוויינטלעך, צו דעם ציטאַדעל צו. אַ שבועות־טאָג איז דענסמאָל געווען. אַ גן־עדן. די ביימער באַקליידט מיט בעז, עס האָט פּשוט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. אַרונטערגעקומען צו דעם ציטאַדעל. ביי די גרינע טאָפּאָלן, האָט זיך פאַר זיי געעפנט אַ גרויסער הימל איבערן גרינעם פעלד. איין האַלבער הימל איז געווען נאָך אין דער זון און דער אַנדערער האַלבער הימל האָט זיך שוין געבאָדן אין בלויען. און אָט איז דאָס בלוי אַריינגעשוואומען אין דער זון און אָט איז די זון אַריינגעשוואומען אין דעם בלוי. און ביים עק, אויף יענער זייט ווייסל, איז נאָר געווען אַ רויטער קאָכעדיקער טייך, אַ גיהנום. און אַזוי ליכטיק און פריי איז געווען איבער דער וועלט, אַז די פיס זיינען געוואָרן פליגל, און עס האָט זיך געגלוסט צו טאַנצן. זיינען זיי אָנגעקומען צו לויפן צו זייער באַליבטן אָרט, צו דער גרינער לאָנקע, וואָס איז אויפן בערגל הינטער די טאָפּאָלן, האָבן זיך דאָרט אַוועקגעזעצט און אָפּגעשפּיגלט זיך אינם בלאָטיקן טאָרף־זומפּל, וואָס איז האַרט צווישן די טאָפּאָלן, האָבן גערעדט וועגן זייער חתונה, וועגן זייער צוקונפטיקן לעבן, האָבן געלאַכט און געפרייט זיך, ווי יונגע חתן־כּלה. פּלוצלינג האָט זיך חנהלע אָנגערופן אַזוי:

— אַהרן לייב, פאַרוואָס שיקסטו ניט נאָך דער מאַמען? איך וואָלט געוואָלט זען ווי די מחותּנתטע זעט אויס.

האָט זיך מאָטקע אָנגערופן מיט האַרצקלאַפּעניש:

— האָסט ליב מיין מאַמע, חנהלע?

— געוויס האָב איך זי ליב, וואָס פאַר אַ פראַגע איז דאָס? וועמען דען זאָל איך ליב האָבן? זי איז דאָך דיין מאַמע, איז זי דאָך מיין מאַמע אויך.

האָט מאָטקע פאַרקרימט די ליפּן פאַר ווייטיק, און האָט אַזוי געזאָגט:

— מאָרגן שרייב איך אַהיים אַ בריוו און שיק געלט, אַז די מאַמע זאָל קומען.

— איך וויל, אַז די מחותּנתטע מיט מיין מאַמען זאָלן מיך פירן אונטער דער חופּה, אַז ניט וועל איך האָבן אַ געשטערטע חתונה.

האָט מאָטקע שוין געפילט, אַז ער איז מיט איר משפחה, אַז חנהלע איז געבוירן געוואָרן מיט אים, און זי איז ניט זיין כלה, נאָר זיין משפּחה, זיין נאָענטע משפּחה, ווי זיין מאַמע.

און אַז חנהלע האָט זיך אָנגערופן:

— אַהרון לייב, איך האָב פאַר דיין מאַמען אָנגעגרייט אַ שיינע מתּנה, אַ שייטל מיט אַ שוואַרצן קאַרעקאָווען טוך, — האָט זיך מאָטקע אָוועקגעזעצט און אָנגענומען חנהלעס האַנט און געזאָגט אין דער שטיל:

— חנהלע, איך הייס ניט אַהרון לייב, איך הייס מאָטקע. רוף מיך מאָטקע, איך בעט דיך.

— מאָטקע! — לאַכט דאָס מיידל פריילעך, — גיי שוין, גיי, דו לאַכסט אויס מיר. וואָס פאַר אַ נאָמען איז מאָטקע? מאָטקע פּאַסט פאַר אַ גנב.

— איך לאַך ניט, חנהלע. איך טראָג אַ פרעמדן נאָמען.

— וואָס הייסט, דו טראָגסט אַ פרעמדן נאָמען? וועלכער מענטש טראָגט דאָס אַ פרעמדן נאָמען? מאַכסט שפּאַס.

— איך מאַך ניט קיין שפּאַס. הערך אויס, חנהלע, איך האָב דיר שוין לאַנג געוואָלט זאָגן, חנהלע, דיר באַדאַרף איך אַלץ זאָגן. איידער איך האָב מיט דיר חתונה, וויל איך, אַז דו זאָלסט אַלץ וויסן, פּונקט אַזוי ווי מיין מאַמע. איך וויל, דו זאָלסט זיין מיין מוטער פון היינט מאָל אָן. אַלץ זאָלסטו וויסן.

דאָס מיידל איז שטיל געוואָרן און דערשראָקן. זי האָט דערפילט, אַז מאָטקע וועט איר באַלד פאַרטרויען עפּעס אַ זייער וויכטיקע זאַך פון זיין לעבן. זי האָט זיך געשראָקן דערפאַר, זי האָט אָבער געוואָלט וויסן דעם גורל, מיט וועלכן זי פאַרבינדט זיך.

— חנהלע, זעסט, אַז דו האָסט פריער אַזוי גערעדט וועגן מיין מאַמען, האָב איך געזען, אַז איך און דו זיינען משפּחה, איך קען דיר אַלץ פאַרטרויען. הערך אויס, חנהלע. איך טראָג אַ פרעמדן נאָמען, פון אַ מענטשן, וואָס איז שוין ניטאָ, וואָס לעבט שוין ניט. דער מענטש האָט מיר שלעכטס געטאָן, זייער פיל שלעכטס געטאָן. און דער מענטש האָט געהאַט אַ נאָמען, און איך האָב ניט געהאַט קיין נאָמען. איך בין אַנטלאָפן פון דער היים, ווען איך בין אַ קליין יינגל געווען, אָן אַ נאָמען בין איך אַנטלאָפן. זיי האָבן מיך געשלאָגן. האָב איך צוריק געשלאָגן, האָט מען מיך געזוכט, געוואָלט מיך איינזעצן, בין איך אַנטלאָפן. קיין פּאַס האָב איך ניט געהאַט, און אָן אַ פּאַס איז אָן אַ נאָמען, קענסט זיך אין דער וועלט ניט ווייזן. און דער מענטש האָט יאָ געהאַט אַ נאָמען, און אַ פּאַס. איך האָב אים מקנא געווען און געקלערט, ווי אַזוי פון אים דעם נאָמען מיט דעם פּאַס צוצונעמען... געקלערט, געקלערט, ביז איך האָב עס געטאָן...

חנהלע איז געזעסן, איר האַרץ האָט הויך געשלאָגן. זי האָט ניט געפילט דעם נאָסן הויך, וואָס פאַלט אויף איר, זי האָט נאָר געפילט מאָטקעס גרויסע

אויגן, וואָס האָבן געברענט ווי פייער און אָנגעצונדן אירע אייגענע אויגן און פּנים. זי האָט געפילט מאָטקעס וואַרעמע האַנט און אָטעם.

— און אַמאָל, אַז ער האָט מיר זייער שלעכטס געטאָן, — ער מיט זיינע חברים האָבן מיך געשלאָגן, ביז איך בין קראַנק געוואָרן, — און איך האָב זיך דערוואוסט, אַז ער קלייבט זיך אַנטלויפן מיט אימיצן, האָב איך מיט יענעם אָפּגערעדט, אָפּגעוואַרט אים אין מיטן וועג ביינאַכט, און געמאַכט אַזוי, אַז ער זאָל פאַרשווינדן, פאַרשווינדן פון דער ערד, און איך טראָג איצט זיין פּאַס אויף מיין האַרץ, און איך רוף מיך מיט זיין נאָמען. האָב ניט קיין מורא, ער וועט שוין קיינמאָל ניט קומען צוריק. ער איז גוט באַהאַלטן אין אַ טייך, מיט אַ שטיין אָנגעבונדן... קיינער ווייסט ניט. נאָר זיין נאָמען וויל איך מער ניט טראָגן. איך וועל פאָרן אין מיין שטעטל אַריין, וואו איך בין געבוירן, איך וועל געבן די סטראַזשניקעס אַ סך געלט און וועל אַרויסנעמען אַ פּאַס אויף מיין אייגענעם נאָמען. איך וויל מיך רופן ווי מיין מאַמע האָט מיך גערופן: מאָטקע. איך וויל הייסן מאָטקע...

דער יונג האָט אָפּגעהאַקט אין מיטן, און חנהלע איז געזעסן ווי איינגע־טונקען אין אַ וואָלקן. איר האַרץ און אירע געפילן זיינען געווען פאַרחלשט, און עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי שלאָפט, אַז זי חלומט.

— שוין. איצט ווייסטו אַלץ, אַלץ, — האָט מאָטקע אָפּגעזיפצט, — זאָג, זאָג, ווילסטו נאָך מיין כּלה זיין? אַ כּלה פאַר מאָטקען, ניט פאַר קאַנאַריקן. קאַנאַריק איז געשטאָרבן, ער איז טויט... באַגראָבן... איך האָב אים געהרגעט, מיט מיינע הענט צעדושעט... איך בין מאָטקע... מאָטקע... זאָג, ווילסטו פאַר מאָטקען אַ כּלה זיין? האָב ניט קיין מורא. טאָמער ניט, בין איך ניטאָ, גיי איך אַוועק, זעסטו מיך מער ניט.

דאָס מיידל האָט זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט פון די לעצטע ווערטער. זי האָט זיך אַרומגעקוקט. די נאַכט איז שוין געלעגן איבערן ברייטן פעלד. פון דער וויטנס האָט זיך געלויכטן דאָס ליכט פון דער שטאָט, און פּלוצלינג איז זי באַפאַלן אַן אימה צו זיין מיט איר חתן איינע אַליין אין פעלד ביינאַכט. האָט זי אָנגעהויבן שרייען מיט אַן אוממענטשלעך קול:

— מאַמע! מאַמע! מאַמע!

מאָטקע האָט זיך דערשראָקן פאַר איר קול. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און געזען, וואָס ער האָט געטאָן. עס האָט אים ניט באַנג געטאָן פאַר דעם. ער איז צופרידן געווען, וואָס איצט האָט ער שוין גאָרניט אויפן געוויסן.

— וואָס שרייסטו? מענטשן וועלן זיך צוזאַמענלויפן. קום, איך וועל דיך צוריקפירן אין שטאָט אַריין. האָב ניט קיין מורא, איך וועל דיר גאָרניט טאָן.

— פאַרוואָס זאָל איך מורא האָבן? — האָט דאָס מיידל זיך שוין געהאַט געפונען און געטראַכט, אַז עס איז גלייכער וויטער צו שפּילן די כּלה, — דו ביסט דען ניט מיין חתן? פאַר מיין חתן זאָל איך מורא האָבן? איך האָב זיך נאָר געהאַט דערשראָקן.

— חנהלע, חנהלע, וואָס רעדסטו ? — האָט זיך מאַטקע אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און איינגעגראָבן זיין פּנים אין איר.

— קום, קום, — האָט חנהלע געזאָגט, — עס איז שוין נאַכט, די מאַמע וועט אומרואיק זיין. זי וועט ניט וויסן וואו מיר זיינען.

שוואַרץ און פעט איז געלעגן די פרילינג־נאַכט אין דער לופט און אי־בערן הימל און אויף דער ערד. און עס זיינען אָנגעקומען אין דער נאַכט צו פליסן די שטילע ריחות פון די פאַרבאָרגנסטע בליאונגען, וואָס האָבן אויפ־געעפנט זייערע יוגנט־קוואַלן, און מען האָט געהאַט דאָס געפיל ווי הונדערט נאַקעטע כלות זיינען איינגעשלאָסן אין אַ פאַרמאַכטן גאָרטן, און אַ דופטיקייט, וואָס פאַרשיכורט, יאָגט פון זייערע יונג־מיידלשע לייבער אַרויס... אין דער לופט פון דער נאַכט האָבן זיך געטראָגן פאַרבאָרגענע שוואַרצע פלעקן, ווי שאָטנס פון ניט־געזעענע געשטאַלטן וואָלטן פאַרבייגעשוועבט פאַר זייערע טריט. אין דער נאַכט און אין דער דופטיקייט זיינען חתן־כלה צוריק אין שטאָט אַריין און האָבן צווישן זיך קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.

# 15

אַז חנהלע איז געקומען אַהיים, האָט זי, אַ דערשראָקענע, אַ צעטראָגענע, אַריינגערופן פאָטער און מוטער אין אַ צווייטע שטוב אַריין און מיט אַ ציטער־דיק האַרץ און שטאַמלדיק לשון דערציילט דעם סוד, וואָס מאַטקע האָט איר פאַרטרויט. דערהערט פאַר וועמען זיין טאַכטער איז אַ כלה געוואָרן, איז מלך קאַפּע־מאַכער אויך פאַרציטערט געוואָרן. די ערשטע פאַר מינוט האָט ער גאָרניט געקענטריידן, דאָס ווייב האָט זיך געבראָכן די הענט און איז אַרויס מיט אַ געוויין.

— שווייג, געדענק אין גאָט, מען וועט הערן, — האָט ער איר געזאָגט.

אַז די ערשטע איבעראַשונג איז אַריבער, האָט מען אָנגעהויבן איבער־קלערן וואָס צו טאָן.

אַ לאַנגע צייט האָבן זיך טאַטע־מאַמע אָנגעקוקט שטום ביז חנהלע איז פלוצלינג אַרויס מיט אַ גרויס געוויין.

— וואָס וויינסטו, מיין קינד ? דאַנק גאָט, אַז ער האָט עס דיר איצט גע־זאָגט. וואָס וואָלסטו געטאָן, חלילה, נאָך דער חתונה ?

מען האָט געטרייסט חנהלען און מען האָט זי אַריינגעפירט אין אַ צווייטע שטוב אַריין.

— די ערשטע זאַך, וואָס מיר דאַרפן טאָן, איז באַהאַלטן חנהלען פון אים, — האָט די מוטער געזאָגט, ווען זיי זיינען אַליין געבליבן.

— די ערשטע זאַך דאַרפן מיר אַרויפגיין צום פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר און אים אַלץ דערציילן, אים אַלץ זאָגן, — האָט זיך דער פּאָטער אָנגערופן.

— מלך, וואָס רעדסטו!

— וואָס דו הערסט. וואָס ווילסטו, אַז דער פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר זאָל עס געוואויר ווערן אָן דיר און זאָל דערנאָך דיך און די כּלה אויך אַריינציען מיטן חתן? גאָט ווייסט, וואָס עס קען זיך אויסלאָזן.

— וואָס שרעקסטו מיך איבער? וואָס זיינען מיר שולדיק? מיר האָבן געוואוסט?

— זעסט שוין? דערפאַר איז גלייכער אַז מיר זאָלן אַרויפגיין צו אים, צום קאָמיסאַר כוואָסטאָוו, און אים אַלץ דערציילן: פּאַני, אַזוי און אַזוי איז געווען. מיר האָבן ניט געוואוסט, די טאָכטער אונדזערע איז אַ כּלה געוואָרן פאַר אים. ווען מיר זיינען געוואויר געוואָרן אַזאַ זאַך, זיינען מיר גלייך צו דיר געקומען צולויפן דערציילן, מיר זיינען ניט שולדיק.

— איך וויל ניט זיין דערביי, ניט פון אונדזערע הענט זאָל ער פאַלן, — בעט זיך דאָס ווייב.

— און אַז דו וועסט אים ניט זאָגן, מיינסטו, וועט ער ניט געוואויר ווערן? ער וועט עס געוואויר ווערן אָן דיר. עס וועלן זיך שוין געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן אים דערציילן. אַז זי ווייסט, ווייסן עס אַנדערע אויך. דער שטריק קומט פאַר יעדן גנב. און אַז עס וועט ניט זיין היינט, וועט עס זיין אין אַ יאָר אַרום, אין צוויי. ווען דו וועסט שוין זיין משפּחה מיט אים און מען וועט דיך אויך אַריינשלעפּן און חנהלען אַוודאי, — זיין ווייב געווען, געוואוסט און ניט דערציילט. איך וועל ניט לאָזן אומגליקלעך מאַכן מיין טאָכטער. איך וועל אויף גאָרניט קוקן, איך גיי אַריבער צו אים, אָט איצט און דערצייל עס אים גלייך. איך וויל מיט דעם ניט האָבן צו טאָן. זיי זאָלן גאָרניט קענען האָבן קעגן אונדזער קינד.

די יידענע האָט איינגעזען, אַז עס איז נויטיק געווען אַרויסצוגעבן מאָטקען, כּדי צו ראַטעווען זייער קינד. זי האָט שוין גאָרניט געזאָגט, נאָר שטיל גע־וויינט.

מען האָט אַריינגערופן חנהלען, זי איז געווען בלייך און דערשראָקן, האָט ניט געוואוסט, וואָס עס איז געשען און וואָס עס טוט זיך מיט איר.

— טאָכטער, וויין ניט. דאַנק גאָט, וואָס עס האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט. דו ביסט נאָך ניט זיינע און ער איז ניט דיינער. תּנאים איז נאָך ניט אַ חתונה, ער איז אַ פרעמדער מענטש.

חנהלע האָט פון דעם אַלעם געוואוסט, עס האָט זי אָבער שוין געהאַט געצויגן צו מאָטקען. מאָטקע איז געווען דער ערשטער מאַנספּאַרשוין, וואָס האָט זי געקושט.

— מיר מוזן, טאָכטער, פון זיך דאָס פּעקל אַראָפּוואַרפן, אַז מיר אַליין

זאָלן ניט אַריינפאַלן, מיר מוזן אַרויסקומען פון דעם, מיר האָבן מיט דעם גאָרניט צו טאָן.

ווען חנהלע האָט דערהערט, אַז דער פאָטער פאַרלאַנגט פון איר, אַז זי זאָל גיין מיט אים צום פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר און אים אַלץ דערציילן, וואָס מאָטקע האָט איר פאַרטרויט, איז זי אַרויס אין אַזאַ געוויין, אַז פאָטער און מוטער האָבן זיך דערשראָקן, צי חנהלע קער מאָטקען ניט אָן מער ווי אַ כלה... דאָס מיידל האָט איינגענורעט דאָס פּנים אין די הענט, זיך איינגעגראָבן אינגאַנצן אין קישן און ניט געוואָלט קיינעם זען און קיינעם הערן.

— הינדל, איך האָב מורא, איך האָב מורא, אַז מיר זיינען דערינען. דער יונג האָט אונדז אומגליקלעך געמאַכט.

— וואָס פאַלט דיר איין, אויף מיינע שונאימס קעפּ? אַן אומשולדיק קינד, און דער יונג איז געווען צו איר ווי אַ לערן־בחור, ווי אַ רבס אַ קינד, אַזוי איז ער זיך באַגאַנגען מיט איר.

— איך האָב מורא, אַז מיר מוזן שוין שווייגן, עס איז שוין אונדזער אומגליק. זע, ווי די מויד וויינט, זע.

— מלך בענקאַרט, גיי אַוועק פון מיר! לאָז מיך מיטן קינד אַליין.

— ווער געוואוויר, הינדל, ווער געוואוויר וואו מיר האַלטן. איז עס שוין נאָך אַלעמען, מוזן מיר שווייגן, איז עס אונדזער בראָך. ווער געוואוויר, — האָט דער ייד געזאָגט, אַרויסגייענדיק אין אַ צווייטע שטוב אַריין.

— טאָכטער לעבן, זאָג מיר, קינד, שעם זיך ניט, איך בין דאָך דיר אַ מאַמע, קינד מיינס, — האָט די מוטער גענומען דער טאָכטערס קאָפּ אין איר שויס.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מאַמע־לעבן? איך האָב דיר שוין אַלץ געזאָגט.

— האָט ער דיר ניט געטאָן קיין שלעכטס?

— ווער, מאַמע?

— מאָטקע.

— ניין, מאַמע־לעבן, ער איז אומגעגאַנגען מיט מיר ווי אַ חתן, ווי אַ פיין לערן־קינד, ער האָט מיר נאָר געגלעט איבערן קאָפּ און מיר געזאָגט, אַז ער האָט מיך ליב, זייער ליב. אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט, האָט ער געטאָן. ער איז געגאַנגען מיטן פעטער אין בית־המדרש אַריין דאַווענען שבת. ער האָט זיך שוין ניט געחברט מיט יונגען. אַלץ האָט ער געטאָן פאַר מיר, ווייל ער האָט געוואָלט ווערן אַן אָרנטלעכער מענטש, אַז איך זאָל אים ליב האָבן, און דאָס האָט ער מיר אויך דערציילט, אַז איך זאָל שוין פון אַלץ וויסן, כדי ער זאָל שוין גאָרניט האָבן צו באַהאַלטן אין זיין האַרץ פאַר מיר. דערפאַר האָט ער עס מיר געזאָגט.

— און ווייטער האָט ער דיר גאָרניט געטאָן? זעסטו, מיין קינד, איז ער שוין מיט דיר אַזוי נאָענט, אַז אַלץ איז שוין פאַרפאַלן, ווועלן מיר זיך

מוזן קנייפּן אין די באַקן און שווייגן, איז עס שוין אונדזער שאַנד, מוז מען שטעלן אַ חופּה...

— ניין, מאַמעלע, איך האָב דיר שוין געזאָגט, אַז ער איז זיך באַגאַנגען מיט מיר אַזוי איידל, אַזוי שיין ווי ער וואָלט ניט געווען דאָס, נאָר אַ לערן־קינד. ער האָט געזאָגט, אַז גאָט וועט אים העלפן און ער וועט שוין האָבן די זכיה צו שטיין מיט מיר אונטער דער חופּה, וועט ער זיין דער גליקלעכסטער מענטש.

— ער וועט שוין די זכיה האָבן, ער וועט שוין... גליקלעך ביסטו, מיין קינד, וואָס דו האָסט זיך ניט געלאָזט פאַרפירן פון אים. מלך, — רופט זי אַריין דעם מאַן, — וואָס האָסטו געפלאַפּלט, וואָס האָסטו געוואָלט פון דעם מיידל? ווי אַ לערן־קינד איז ער זיך באַגאַנגען מיט איר. ער האָט זי איידל באַהאַנדלט.

— אויב אַזוי, זאָל דאָס אַלץ אויסגיין צו זיין קאָפּ. זיינען מיר ריין דער־פון. קום, מיין קינד, די מינוט קום מיט מיר.

— וואוהין, טאַטע?

— צום פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר כוואָסטאָוו. זאָלסט אים דערציילן, אַזוי ווי דו האָסט מיר דערציילט, אַלץ.

— טאַטע!...

— מיט געוואַלד וועל איך דיך שלעפּן, מוזט דיך ראַטעווען, מיין קינד, וואָס קער ער זיך אָן מיט דיר? ער האָט דען חתונה געהאַט מיט דיר? אויס מחותנימשאַפט. אַ פרעמדער איז ער. וואָס גייט ער אונדז אָן? קום!

# 16

מלך קאַפּע־מאַכער האָט די טאָכטער געשלעפּט מיט געוואַלד צום פּאָל־קאָווניק־קאָמיסאַר.

— שוין איצט, ביינאַכט. ניט איבערנעכטיקן זאָל עס ביי מיר! — האָט ער געשריגן.

אומזיסט האָט חנהלע געוויינט, זיך געבעטן ביים פאָטער, — דער ייד האָט זי געשלעפּט, און חנהלע איז געגאַנגען.

זיי האָבן אָבער דעם פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר ניט געטראָפן, ניט אין צירקל, ניט אין דער היים. דער פּאָלקאָווניק האָט פאַרבראַכט די אָוונטן אין קאַפע־שאַנטאַן „אַקוואַריום", וואו עס איז אויפגעטראָטן די באַרימטע שפּאַנישע דראָטן־טענצערין, דאַראָטעאַ. וואָס די וואַרשעווער צייטונגען און די גאַנצע וואַרשע־ווער „קאַוואַלעריע" האָבן געשריבן און גערעדט, אַז זי האָט די שענסטע פיס

אויף דער וועלט. פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר כוואָסטאָוו איז געווען מיט דער שפּאַניערין אַ גאַנצער מחותּן. ניט איינער פון די אָפיצירן האָט אים מקנא געווען די שלאַנגיש־בייגיקע שפּאַניערין מיט אירע אויסגעאיידלטע פיס, וועלכע גיסן זיך אַריין אין אירע זיידענע זאָקן, צוויי קונסט־געפורעמטע בעכערס מיט ווייַן...
און מען האָט זיך געהאַלטן אין איין סודען, פון וואַנען די שפּאַניערין קומט, פון וואַנען פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר כוואָסטאָוו איז מיט איר אַזאַ מחותּן... דאָס סודען זיך אָבער און דאָס אָרט, וואָס מען האָט אָנגערופן, פון וואַנען „די שענסטע פיס" קומען, האָט דער שפּאַנישער דראָטן־טענצערין נאָך מער רייץ געגעבן. אַלע האָבן דעם קאָמיסאַר מקנא געווען און אים גראַטולירט מיט אַזאַ „בומער". און פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר כוואָסטאָוו איז אויף זיין „בומער" זייער שטאָלץ געווען.

מלך קאַפּע־מאַכער, ווען ער האָט ניט געפונען דעם קאָמיסאַר ניט אין דער היים, ניט אין צירקל, האָט געשלעפּט די טאָכטער אין קאַפּע־שאַנטאַן „אַקוואַריום". דאָס ווייב האָט געפּרואווט אָפּריידן, אַז מען זאָל דאָס אָפּלייגן אויף מאָרגן, נאָר מלך האָט גאָר ניט געוואָלט הערן דערפון. ער האָט געטענהט:

— נאָר איינער, וואָס פריער איז בעסער פאַר אונדז. ביז מאָרגן, ווער ווייס, וואָס עס קען זיך מאַכן. אפשר וועט ער זיך איבערלייגן, חרטה האָבן, וואָס ער האָט זיך מודה געווען, אַנטלויפן, אָדער אונדז נאָך שלעכטס טאָן, אונדז אויך אַריינשלעפּן... אויף דער הייסער שעה, אַז ער ריכט זיך גאָרניט דערויף, דאַרף מען אים פּאַקן.

און אַז חנהלע האָט געוויינט, האָט דער ייד דער יידענע איינגערוימט אויפן אויער:

— מען קען נאָך כאַפּן פאַר אַזאַ מעשה געלט אויך. קאַזנאַטשייסטוואָ באַלוינט פאַר אַזאַ זאַך, מיט אַ הונדערטער און אַמאָל מיט אַ פּאָר. זי קען קריגן נדן דערפאַר.

דעם לעצטן אַרגומענט האָט די יידענע ניט געקענט ביישטיין, און זי האָט אָנגעהויבן בייזערן זיך אויף דער טאָכטער:

— חנהלע, ווילסטו אונדז אומגליקלעך מאַכן? דיך און אונדז אויך? — מיר מוזן וואָס שנעלער דאָס פּעקל פון זיך אַראָפּוואַרפן.

אָבער אין קאַפּע־שאַנטאַן „אַקוואַריום" האָט מען זיי ניט אַריינגעלאָזט. דער פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר איז געווען פאַרנומען. עס האָט פּונקט אויפגעטראָטן אויף דער בינע דאָראָטעאַ. זי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ זיידן קורץ שאַנסאָנעטן־קלייד מיט קליינע בלישטשענדיקע פּערל באַזעצט. מיט נאַקעטע פיס, מיט צעפּלאָשעטע שוואַרצע האָר, האָט זי געטאַנצט אויף אַ ווייכן דראָט, וואָס איז געווען געצויגן איבער דער בינע. די מוזיק האָט אויפגעהערט שפּילן. אין זאַל איז האַלב־טונקל געווען. דער עולם האָט זיך אויפגעשטעלט פון די פּלעצער, די דאַמען מיט די אָפיצירן אין די לאָזשעס האָבן אָנגעשטעלט די בינאָקלען. די בינע איז געווען רויט באַלויכטן, מיט אַ רויט־

קייט פון בלוט. די דראָטן־טענצערין האָט זיך געגליטשט מיט איר קליין שוואַרץ שירעמל איבערן דראָט און אַזוי געבויגן איר שלאַנגיש־עלאַסטישן קערפּער, אַז זי האָט געקענט אַרויסווייזן די „שענסטע פיס אין דער וועלט". די בינע איז געווען פון הינטן אויס באַלויכטן רויט, מיטן קליידל עקסטרא שוואַרץ, אַז די העלקייט פון די פיס זאָל זיך בולטער אָנזען. די דאַמען און די אָפיצירן, — אַלע זיינען געווען פאַרכאַפּט פון די ווייכע האַרמאָנישע ליניעס, פון דעם איידעלן געבייַ פון די פיס. דורך דער ווייסקייט פון די פיס האָבן זיך געצויגן בלויע אָדערן, וואָס האָבן אין דער בלוט־רויטער באַלויכטונג אָנגענומען אַ רויטלעכן קאָליר, — שנירלעך בלוט, רינענדיק איבער דער ווייכער מיידלשער ווייסקייט פון פוס. אַלע זיינען געווען אַנטציקט פון די רויטלעכע אָדערן, די דאַמען נאָך מער פון די הערן, און אַלע האָבן מיט אַ פריידיקן קרעכץ אויס־געשריגן, ווען די דראָטן־טענצערין האָט פּלוצלינג געגעבן אַ שפּרונג־אויף פון דעם דראָט אין דער לופט און עס האָבן זיך אירע פיס געשלענגלט ווי צוויי ווייכע שוואַנען־העלדזער. אין אַ רגע איז זי ווידער שטיין געבליבן אויפן דראָט. אַלע האָבן געכאַפּט די שאַמפּאַניער־גלעזער אין די הענט, געהויבן זיי צו איר, געקרעכצט פאַר פרייד, און זי האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ גראַציעזן וויג פון איר שיינעם נאַקעטן פוס...

דענסמאָל האָט מען דעם פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר, וועלכער איז געשטאַנען לעבן דער בינע און געגעסן די דראָטן־גייערין מיט די אויגן, אָנגעזאָגט, אַז עפּעס אַ ייד מיט אַ טאָכטער ווילן אים זען. ער האָט זיי געשיקט צום טייוול.

אָבער מלך־קאַפּע־מאַכער איז ניט אָפּגעטראָטן.

— אַ גאַנצע נאַכט וועל איך דאָ וואַרטן, — האָט ער געזאָגט.

ער האָט מורא געהאַט, אַז טאָמער וועט ער אַהיים גיין און אָפּלייגן אויף מאָרגן, וועט דער יונג שוין פאַרשווינדן און וועט נאָר טראָגן אַ האַס אויף אים. עפּעס אַ ניט־באַגרייפלעך ביטער געפיל האָט דעם יידן אָנגעטריבן דווקא מאָטקען צו פּאַקן נאָך היינט ביינאַכט, ווען ער שלאָפט און ריכט זיך גאָר ניט דערויף. עס איז שוין ביי מלך דעם קאַפּע־מאַכער געוואָרן אַן אַמביציע, אַ נקמה־געפיל, וואָס ער האָט עס געמוזט גלייך שטילן.

באַלד האָט דער פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר מיט זיינע פריינט, אַ שטאַב־אָפּי־ציר, אַ ריכטער און עפּעס אַ ציווילער, זיך געפונען אין אַ פּריוואַטן חדר, וואו זיי האָבן מיט בלומען און שאַמפּאַניער אָפּגעוואַרט די דראָטן־גייערין. באַלד האָט קרומאַשאַטקאָ, דער שיינער יונג, וואָס האָט פאַרקויפט צירונג די שאַנ־סאָנעטקעס, זי אַריינגעטראָגן אויף די הענט, מיט דעם „פּאַן דירעקטאָר" נאָכלויפנדיק אָן אַן אָטעם נאָך זיי. די געסט האָבן זי אויפגענומען מיט אַ הוראַ. דער פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר האָט נידערגעקניט פאַר איר. זי האָט אַ לייכטן שפּרונג געגעבן, געשטעלט זיך מיט אירע נאַקעטע פיס אויף זיין פּליך, און פון דאָרט — אַ שפּרונג אויף דער ווייכער זאָפע אַרויף.

— נו, קרומאַשאַטקאַ, ווייז, וואָס דו האָסט, — האָט דער פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר זיך אָנגערופן.

— צוויי טייערע רינגען מיט רויטע שמאַראַקן, אויסגעקויפט פון פּעטער־בורגער לאָמבאַרד, וואָס די קיניגין פון די פּערל האָט פאַרזעצט.

— ווייז אַהער.

דער פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר האָט מכבד געווען מיט די רינגען דעם שיי־נעם יונגן שטאַב־אָפיציר, וועלכער האָט נידערגעקניט און אָנגעטאָן די רינ־גען אויף די צוויי דיקע פינגער פון דער דראַטן־טענצערינס פּיס.

דענסמאָל האָט דער באַדינער ווידער געמאָלדן דעם פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר:

— פּאַני פּאָלקאָווניקו, דער ייד וויל ניט אַוועקגיין. ער איז דאָ מיט זיין ווייב און זיין טאָכטער. זיי זאָגן, אַז זיי האָבן אייך מיטצוטיילן זייער אַ וויכ־טיקע זאַך.

— וואָס ווילן די יידן האָבן פון מיר? איך האָב דאָך זיי געזאָגט, אַז זיי זאָלן קומען מאָרגן אין צירקל.

— זיי זאָגן, אַז עס איז אַ זאַך, וואָס איר דאַרפט שוין היינט וויסן, — האָט אָפּגעענטפערט דער באַדינער, וואָס מלך קאַפּע־מאַכער האָט אים געהאַט געגעבן טרינק־געלט.

— אפשר ווילן זיי דיר די טאָכטער פאַרקויפן. זיי וויסן דאָך, אַז דו ביסט אַ פּרויען־פרעסער, אַ גרויסער בעלן אויף שיינע מיידלעך, נאָך דערצו יידישע.

דעם פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר איז דער קאָמפּלימענט, קענטיק, געווען צום האַרצן. ער האָט זיך אָנגערופן מיט אַ צופרידענעם שמייכעלע:

— עפּעס אַ שיינע טאָכטער האָט ער, דער ייד?

— זייער אַ שיין מיידעלע, אַ זשידאָווקעלע, אַ געשמאַקע.

— אויב אַזוי, פיר זיי אַריין.

— ניין, ניין, ניט דאָ. גיי דו אַרויס צו זיי. דאָ איז פאַראַן אַ דאַמע, — האָט דער ריכטער זיך אָפּגערופן. — אפשר איז עס פאַר איר אומאַנגענעם.

— איך האָב מורא אייך צו לאָזן דאָ אַליין מיט מיין שיין פייגעלע, — האָט דער פּאָלקאָווניק געזאָגט. — איר קענט דאָ אויף מיר שלעכטס אָנריידן. פאַר דיר האָב איך שוין ניט קיין מורא, אַלטער תּרח, — האָט דער פּאָלקאָוו־ניק זיך געווענדט צום ריכטער, — נאָר אָט פאַר דעם יונגן שנעק, — ווייזט ער אויפן יונגן אָפיציר, — זיי נעמען ביי אונדז אַלע פייגעלעך אַוועק, די יונגע שנעקעס.

— אויב אַזוי, פּאַני פּאָלקאָווניקו, קענט איר זיי דאָ אויפנעמען, — ווייזט דער דירעקטאָר אָן אויפן דערבייאיקן חדר מיט שויבן אין דער אינעווייניקסטער וואַנט. — אי דער קאָמיסאַר וועט זיין נאָענט צו זיין פייגעלע. אי ער וועט קענען די יידן אויפנעמען.

— פיר זיי אַריין אַהין, — האָט דער פּאָלקאָווניק באַפוילן דעם באַדינער.

דער פאַלקאָווניק־קאָמיסאַר איז אַריין אין דער צווייטער שטוב צו די יידן, וואָס מען האָט אים אַריינגעבראַכט, און דער עולם האָט זיך גענומען צום טרינקען. דער דירעקטאָר איז אַוועק ברענגען עפּעס אַ נייע מאַרקע שאַמפּאַניער, און קרומאַשאַטקאָ איז געגאַנגען האַנדלען מיט אַנדערע געסט. די דראָטן־טענצערין, איצט די קיניגין פון די צוויי הערן, וואָס זיינען איבערגעבליבן מיט איר, האָט מיט ביידע קאָקעטירט, ביידע געררייצט. זי האָט געלאַכט, געוויזן אירע קליינע שאַרפע ווייסע ציינדלעך, וואָס דער ריכטער איז פון זיי שיר־ניט פון זינען אַראָפּ.

פּלוצלינג האָט זי דערהערט פון דער צווייטער שטוב אַ געוויין פון אַ יונג מיידל. די דראָטן־טענצערין, וואָס סיי דאָס קול, סיי דאָס געוויין זיינען איר באַקאַנט פאָרגעקומען, איז געבליבן זיצן פאַרגאַפט. זי האָט זיך אויפגעהויבן, לייכט אונטערגעשפּרונגען צו דער טיר, פאַמעלעך זי אויפגעעפנט און אַריינגעקוקט. זי האָט געזען ווי חנהלע שטייט אַ וויינענדיקע פאַרן פאַלקאָווניק־קאָמיסאַר, פאַרשטעלט זיך מיט אַ טיכל די אויגן, און דער פאָטער שטייט איבער איר און שרייט:

— דערצייל אַלץ דעם פאַלקאָווניק־קאָמיסאַר, ווי פאַר אַ פאָטער דערצייל אים אַלץ, וואָס דער חתן דיינער האָט דיר געזאָגט. אַזוי ווי דו האָסט מיר דערציילט אין דער היים.

די דראָטן־גייערין האָט שוין פון אַלץ געוואוסט. זי איז בלייך געוואָרן, דערשראָקן. באַלד האָט זי צוגעקלאַפּט די טיר און איז צוריק אַריין צו די געסט.

— ווי אַ פרוי איז נייגעריק! דערהערט דאָס קול פון אַ פרוי, איז זי שוין דאָ.

— דאָס איז זי אייפערזיכטיק אויפן פאַלקאָווניק, ער זאָל זיך קיין אַנדערע ניט נעמען, ניט אמת? — האָט דער ריכטער זי אָנגענומען ביי דער האַנט.

— וואָס דען, אויף דיר זאָל איך זיין אייפערזיכטיק, מיט דיין פּליך אויפן קאָפּ? — האָט זי געפּאַטשט מיט איר האַנט אויפן ריכטערס קאָפּ און געלאַכט.

זי האָט געוואוסט, אַז דרינען האַנדלט זיך וועגן מאַטקען. און איין זאַך איז איר מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן: זי מוז מאַטקעס לעבן ראַטעווען. די ערשטע זאַך אויפהאַלטן דעם קאָמיסאַר ביז טאָג, ביז מאַטקע וועט פון דער היים אַוועק, אַז מען זאָל אים שוין ניט געפינען.

זי האָט געכאַפּט אַ פלאַש שאַמפּאַניער, אָנגעגאָסן די גלעזער און געשריגן צו די הערן: „טרינקען!" און כדי דעם פאַלקאָווניק אייפערזיכטיק צו מאַכן, האָט זי אירע נאַקעטע פיס אַוועקגעלייגט אויף דעם יונגן אָפיצירס שויס. זי האָט אים געגלעט מיט די פיס, און דער יונגער אָפיציר האָט זי געקושט אין די פיס.

באַלד איז אַריינגעקומען דער פּאָלקאָווניק־קאָמיסאַר, אַ רויטער, אַן אָפּגעקאָכטער, געדרייט זיך די וואָנצעס און גערעדט ווי צו זיך:

— זייער אַ וויכטיקע זאַך, אינטערעסאַנט... מען דאַרף באַלד אָנהייבן צו טאָן...

מאַרי האָט אים ניט געהערט. זי האָט מיט אירע נאַקעטע פיס אַרומגענומען דעם יונגן אָפיציר ווי מיט צוויי לייכטע הענט.

— וואָס ווילסטו טאָן? זעסט, דאָ האַלט עס מיט דיר אין סכנה, — ווייזט דער ריכטער אויף מאַריס פיס...

— ברודער, די פליכט רופט... צו אַלעם ערשטן דאָס געזעץ, דערנאָך דאָס פאַרגעניגן. זייער אינטערעסאַנט, אַ־וואָ, אַ וואוילער חתן, — זאָגט דער קאָמיסאַר פאַר זיך און קלינגט נאָכן באַדינער.

— וואָס, ביסט משוגע געוואָרן? וואוהין גייסטו? און דו לאָזט זי איבער דאָ מיט דעם? איך, ברודער, בין אַן איבעריקער. אַז זיי זיינען ביידע, זעען זיי מיך ניט, — זאָגט דער ריכטער.

— זאָל ער גיין, זאָל ער גיין, און איך וועל פאַר איך, מיינע הערן, דאָ טאַנצן דעם שלאַנגען־טאַנץ, וואָס דער באַלעט־מייסטער האָט מיך ערשט אויסגעלערנט. וואַרט אַ ביסל, זאָל ער פריער אַוועקגיין, — רופט זיך אָן מאַרי, כאַפּט דעם יונגן אָפיצירס גלאָז, טוט אַ טרונק פון זיין גלאָז און גיט עס אים דערנאָך אין מויל אַריין.

— שיין זעסטו אויס, כוואָסטאָוו. אַפּנים, מיר זיינען ביידע אַלט. מיר ביידע טויגן שוין אויף טויזנט כּפּרות, — האָט געלאַכט דער ריכטער, וועלכער איז שוין האַלב־שיכּורלעך געווען.

— אויב אַזוי, גיי איך ניט, ביז דו וועסט ניט טאַנצן דעם שלאַנגען־טאַנץ. פאַר מיר האָסטו אים נאָך ניט געטאַנצט, פאַר זיי ביסטו שוין גרייט צו טאַנצן.

— און איך וועל ניט פריער טאַנצן, ביז דו וועסט ניט אַוועקגיין, גיי גיי!

— אָ, שיין, שיין, כוואָסטאָוו, אַ בראָך נאָך דיינע יאָרן, — האַלט אַלץ אין איין לאַכן דער אַלטער ריכטער.

— און איך וועל ניט פריער גיין, ביז דו וועסט ניט טאַנצן, — שפּאַרט זיך כוואָסטאָוו, — און... גיי צום טייוול! — שרייט ער צום באַדינער, וועלכער איז אַריינגעקומען אויף זיין רוף.

— און איך וועל ניט טאַנצן, אויב דו וועסט דאָ זיין, — רייצט זיך אַלץ מיט אים די דראַטן־גייערין. — כוואָסטאָוו, גיי, דערלאַנג מיר אַ קישעלע! — זאָגט זי אים באַפעלעריש.

כוואָסטאָוו האָט איר דערלאַנגט אַ קישעלע און געבליבן שטיין.

— און איצט גיי אַרויס, גיי צו דיינע פליכטן.

— איך וועל ניט גיין, איך וועל דאָ זיין, — האָט ער זיך איינגעשפּאַרט.

— אויב אַזוי, שיק דיינע יידן צום טייוול, און זעץ זיך אַוועק ווי אַ מענטש.

הייסט געסט פאַרבעטן, און דו לאָזט מיך אַליין מיט זיי. אַ שיינער קאַוואַליער ביסטו, — נעמט זי איר זיידן געשטיקט טיכל צו די אויגן.

— זי איז גערעכט, כוואָסטאָוו, — האָט דער ריכטער צוגעשטימט, — גיי בעט זי איבער.

— איך וויל ניט, איך וויל ניט! — האָט מאַרי געשריגן.

— זעסט, וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט, כוואָסטאָוו, מיט דיינע יידן? זי האָסטו באַליידיקט און אונדז האָסטו דעם אָוונט פאַרשטערט.

— שולדיק! — האָט זיך כוואָסטאָוו געקלאַפּט אין האַרץ, — דאָס געזעץ פאַרלאַנגט, און די פליכט רופט. זאָל זי צוזאָגן, אַז זי וועט טאַנצן דעם שלאַנגען־טאַנץ, שיק איך די יידן צום טייוול, — און בלייב.

אין אַ מינוט אַרום איז כוואָסטאָוו געשטאַנען ביי דער טיר און גערעדט מיט מלך קאָפּע־מאַכער. ער האָט גערעדט הויך, כּדי דער ריכטער און דער אָפיציר זאָלן הערן, אַז ער האָט אַ וויכטיקן ענין:

— גיי אַהיים, און זאָג קיינעם, קיינעם קיין וואָרט ניט דערפון. מאָרגן, ווען קומט ער צו דיר, צו דיין טאָכטער?

— ער קומט אַלע פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט. אַזוי אַרום זעקס אַ זייגער.

— דאָס איז גוט. איך וועל אים שוין דאָרט ביי דיר אָפּוואַרטן מיט מיינע מענטשן. אַזוי וועט עס זיין לייכט, אָן סקאַנדאַלן. פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען, — האָט דער ייד געענטפערט.

— גיי אַהיים, דערצייל קיינעם קיין וואָרט ניט. איך וועל דיך גוט באַלוינען דערפאַר.

מאַרי האָט גוט אָנגעשטעלט די אויערן, אַז קיין וואָרט זאָל איר ניט פאַרלוירן גיין פון דעם, וואָס דער קאָמיסאַר רעדט מיט מלך קאָפּע־מאַכער. זי האָט שוין אַלץ געהערט און פון אַלץ געוואוסט.

— אַ וויכטיקע זאַך, אַן אינטערעסאַנטע זאַך, — האָט דער קאָמיסאַר געזאָגט צו זיינע געסט, — וואָלט באַדאַרפט גיין, דאָס געזעץ רופט, נאָר דאָס האַרץ לאָזט ניט, — ווייזט ער אויף מאַרין, — געמאַכט אַזוי, אַז אי דאָס האַרץ איז רואיק, אי דאָס געזעץ וועט ניט ליידן. קאָפּ דאַרף מען נאָר האָבן, דאָס איז אַלץ. נו, איצט, מיין קעצעלע, דעם טאַנץ, מיר קומט...

— יאָ, ער האָט רעכט, אים קומט, — האָבן אַלע צוגעשטימט.

— ער האָט נאָך צייט, זאָל ער טרינקען, מיר אַלע האָבן געטרונקען, ווען ער האָט געהאַט צו טאָן מיט עסקים.

— דאָס איז אמת, כוואָסטאָוו, האָסט מזל, זעסט ווי זי זאָרגט וועגן דיר.

— דאָס איז אַלץ מיין האַרץ שולדיק, אַ גוט האַרץ, — זאָגט ער אַליין אויף זיך.

אין אַ שעה אַרום זיינען זיי שוין אַלע געוועזן שיכּור. דאָס „געזעץ" און די „גערעכטיקייט", אין די געשטאַלטן פון קאָמיסאַר כוואָסטאָוו און פון דעם ריכטער, האָבן געקניט פאַר דער דראָטן־טענצערין, און זי האָט געגאָסן ווין

אויף זייערעביידנס פּליכן, וואָס ביידע, דאָס געזעץ און די גערעכטיקייט, האָבן איר פֿאַר דעם די הענט געקושט.

דערנאָך האָט זי געטאַנצט דעם שלאַנגן־טאַנץ. דאָס מיידל האָט זיך גע־שטעלט אויף די הענט, מיט די נאַקעטע פּיס אין דער הייך, און אירע פּיס, ווי צוויי בלייכע העלדזער פֿון שוואַנען, האָבן זיך געשלענגלט איינער אין אַנ־דערן. די פּיס האָבן געהאַלדזט, געגלעט, געצערטלט, געליבט ווי הענט... אַזוי האָט זי זיי אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט, ביז אין גרויסן טאָג אַריין, און זי האָט זיי אָפּגעלאָזט, שיכּורע פֿון וויין, ליבע און רייץ.

קוים האָט זי נאָר כוואַסטאָוון אַרויסגעלאָזט פֿון אירע אָרעמס, אין וועלכע זי האָט אים געהאַלטן איינגעוויגט ביזן שפּעטן פֿרימאָרגן, איז זי אַרויס אויף דער גאַס, געכאַפּט אַ דראָזשקע און געלאָפֿן זוכן מאָטקען.

אין דער היים, אויף זיין וואוינונג, האָט זי אים שוין ניט געפֿונען...

# 17

מאָטקע האָט זיך אויפֿגעכאַפּט דעם פֿרימאָרגן אַ פֿרישער און אַ געזונטער. דאָס, וואָס ער האָט נעכטן געעפֿנט זיין האַרץ פֿאַר חנהלען, און זי ווייסט שוין, אַז ער איז ניט קאַנאַריק, נאָר מאָטקע, — דאָס האָט אים געמאַכט ווי ניי־געבוירן. אַפֿילו עס זאָל אים אַלץ קאָסטן, האָט ער זיך געטראַכט, אַפֿילו זי זאָל ניט מער פֿאַר אים ווערן אַ כּלה זיין און אָפּלאָזן דעם שידוך, נאָר דאָס, וואָס זי ווייסט שוין פֿון אַלץ, — דאָס האָט אים גליקלעך געמאַכט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ערשט נעכטן, זינט ער האָט זיך פֿאַר איר מתוודה געווען, איז ער פֿאַר חנהלען אַ חתן געוואָרן. צוערשט איז קאַנאַריק אַ חתן געווען, קאַנאַריק איז מיט חנהלען שפּאַצירן געגאַנגען. פֿון נעכטן אָן האָט ער קאַנאַ־ריקן צוריק אַריינגעוואָרפֿן אין טייכל, וואו ער איז געלעגן, און מאָטקע איז פֿאַר חנהלען אַ חתן. מאָטקע וועט מיט חנהלען חתונה האָבן, און דאָס איז ער — מאָטקע.

מיט דעם געזונטן ווילן פֿון אַ מענטש, וואָס בויט זיך זיין צוקונפֿט מיט זיינע אייגענע הענט, האָט מאָטקע זיך אויפֿגעכאַפּט היינט פֿריער ווי אַן אַנ־דער מאָל צו גיין צו דער אַרבעט. ער האָט איינגעשפּאַנט זיינע פֿערד און אַראָפּגעלאָזט זיך צו דער באַן אָפּנעמען אַ וואַגאָן געפֿרוירענע פֿיש, וואָס זיי־נען געקומען פֿון רוסלאַנד פֿאַר אַ סוחר. די אַרבעט איז אים היינט געווען ניחא, און ער האָט געקלערט וועגן דעם ווי ער וועט פֿאַרנאַכט גיין צו חנהלען און בעטן ביי איר, אַז זי זאָל שרייבן אַ בריוו זיין מאַמען. זאָל זי קומען קיין וואַרשע. „ניין, אפשר איז בעסער, איך זאָל אַליין אין קליינעם שטעטל פֿאָרן

און אַרויסקריגן אַ פּאַס פון נאַטשאַלסטוואָ פאַר געלט״, — האָט ער געטראַכט. ער האָט געוואָלט וועגן דעם אַלעם זיך מיישב זיין מיט חנהלען. און ווי זי וועט אים הייסן, אַזוי וועט ער טאָן.

ווען מאָטקע איז אָנגעקומען מיט זיינע פערד אויפן גזשיבאָוו צום סוחר, האָבן אים זיינע חברים, די פור־יונגען, דערציילט, אַז עפּעס אַ נקבה, פון די „ריכטיקע נקבות״, איז אַ דראָזשקע, האָט זיך געפרעגט אויף אים און זוכט אים אַרום. מאָטקען איז געווען אַ וואונדער, וואָרים זינט ער האָט אַריינגעגעבן די דראָטן־גייערין אין „אַקוואַריום״, האָט ער זי ניט געזען. און דאָס קען דאָך ניט זיין קיין אַנדערע ווי מאַרי. ער האָט אויסגעשפּיגן און זיך גענומען צו דער אַרבעט פון לאָדן פּיש. אינגיכן איז טאַקע אַ דראָזשקע צוגעפאָרן צום וואָגן, ביי וועלכן ער איז געשטאַנען, און מאָטקע האָט דערזען אַ באַקאַנט פּנים, וואָס שטאַרט אַרויס פון דער דראָזשקע און ווינקט צו אים.

„אַ בייזער חלום אויף דיין קאָפּ, — האָט ער זיך געטראַכט, דערקענענדיק מאַרין, — וואָס וויל זי פון מיר?״ — און ער איז צוגעגאַנגען צו דער דראָזשקע געוואויר ווערן, וואָס זי האָט צו אים.

— ראַטעווע דיר דאָס לעבן אַזוי שנעל ווי מעגלעך! פּאָליציי זוכט דיך, כוואָסטאָוו ווייסט פון אַלץ.

מאָטקע איז בלייך געוואָרן, פאַרביסן מיט די ליפּן און געפרעגט רואיק:

— וואָס, דו האָסט מיך אַרויסגעגעבן?

— איך ניט, דיין כּלה, חנהלע, איז געווען נעכטן מיט איר פאָטער ביי כוואָסטאָוון און אים אַלץ דערציילט.

— ווּעמען דערציילסטו מעשיות? אַ פייער דיר אין די אויגן! חנהלע האָט געזאָגט? אַז דו האָסט גאָרניט געזאָגט, האָט קיינער ניט געזאָגט.

— געדענק אין גאָט, פּאָליציי זוכט דיך! כאַפּ אַ דראָזשקע און פאָר נאָך מיר, איך האָב ביי זיך געלט, מיר מוזן אַרויס וואָס געשווינדער פון שטאָט.

— אַהאַ, אַזוי מיינסטו? איך פאַרשטיי דיינע שטיק, ווילסט מיך אַוועקנאַרן פון חנהלען? אַנטלויפן מיט דיר? איצט דאַרפסטו שוין מער ניט זאָגן, איצט ווייס איך שוין אַלץ. וואָס, כוואָסטאָוו איז פאַר דיר ניט גוט? האָסט דאָך אַזעלכע טייערע אוירינגלעך אין די אויערן, און אונטער די אויגן...

— מאָטקע, געדענק אין גאָט, עס איז ניטאָ קיין צייט צו ריידן. — איך וויל דיך ניט אַוועקנאַרן. איך וויל, דו זאָלסט זיך ראַטעווען און זאָלסט מיך ראַטעווען. כוואָסטאָוו ווייסט פון אַלץ. — חנהלע האָט אים אַלץ דערציילט.

— שווייג, זאָג איך דיר, וואָרים איך פּאַטש דיך אויס אין מיטן דער גאַס. איך גיי שוין אַרויף צו חנהלען, איך וועל זי פרעגן, צי זי האָט דערציילט.

— וואָס טוסטו? — ביי חנהלען וואַרט דאָך אויף דיר די פּאָליציי.

— שאַט ניט, אויב חנהלע וויל, איך זאָל זיך איבערגעבן דער פּאָליציי, וועל איך זיך איבערגעבן דער פּאָליציי. איך האָב קיין מורא ניט. אויב דו האָסט מיך נאָר ניט אַרויסגעגעבן, האָט מיך קיינער ניט אַרויסגעגעבן, און

חנהלען לאַז־אָפּ, איך בעט דיך, וואַרים די כאָליערע וועט דיך כאַפּן אויפן אָרט. העי, דראָזשקאַרזש! — האָט ער צוגערופן אַ דראָזשקע.

— וואוהין ווילסטו פאָרן?

— דאָס איז ניט דיין עסק. דו פאָר צו כוואַסטאָוון. גיב מיך אַרויס, אויב דו ווילסט. אויף וואָס פאַר אַ שטיקל זי איז געפאַלן, מיט וואָסערע סטראַשונקעס זי האָט מיך געוואָלט אָפּשלאָגן פון חנהלען.

— העי, דראָזשקאַרזש, אויף דער פּאַוויאַ גאַס!

עס האָט ניט געהאָלפן, וואָס די דראָטן־טענצערין האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, געוואָרפן זיך צו זיינע פיס אין קאָרידאָר אויף פּאַוויאַ גאַס און געבעטן זיך ביי אים, אַז ער זאָל זיך ראַטעווען דאָס לעבן, זיינס און אירס, זאָל אַנטלויפן מיט איר שוין גלייך. וואוהין וועט ער אַנטלויפן אָן חנהלען? וואָס איז די וועלט און דאָס לעבן אָן חנהלען? ער האָט אָפּגעשטויסן מאַרין פון זיך, געשלאָגן זי און געשריגן:

— איך גיי אַרויף צו איר, איך האָב קיין מורא ניט. אויב זי וויל מיך איבערגעבן אין דער פּאָליציי, זאָל זי מיך איבערגעבן.

ביים פעטער, וואו חנהלע האָט זיך אויפגעהאַלטן, האָט מען זיך אַזוי פרי אויף מאָטקען ניט געריכט. דער פעטער, וואָס האָט פון אַלץ געוואוסט, האָט צוזאַמען מיט חנהלעס פאָטער צוגעגרייט מאָטקעס סוף ערשט אויף שפּעטער, פאַרנאַכט, ווען ער קומט, ווי תּמיד: חנהלע האָט געזאָלט פון הויז אַוועקגיין פריער, און פּאָליציי האָט געזאָלט דאָרט וואַרטן אויף אים. דער פעטער איז צעמישט געוואָרן, ווען ער האָט דערזען מאָטקען פאַר זיך. ער האָט זיך אָבער באַלד געפונען און פאַרשטעלט זיך פאַר מורא און פאַר כיטרעקייט ווי וויט ער האָט געקענט.

— וואָס איז די מעשה, עפּעס אַזוי פרי היינט?

— איך האָב עפּעס איבערצוריידן מיט חנהלען. חנהלע איז דאָ?

— וואו דען זאָל זי זיין? — האָט דער פעטער געשמייכלט און גערופן אין צווייטן צימער אַריין: — חנהלע, חנהלע, זע נאָר וואָס פאַר אַן אומגעריכטן גאַסט דו האָסט.

חנהלע האָט געהאַלטן אין מיטן אָנטאָן זיך. געהערט, אַז מאָטקע איז דאָ, האָט זי ניט געוואָלט אַרויסגיין.

— זי טוט זיך אָן דאָרטן, זי קומט באַלד אַרויס. וואַרט נאָר אַ מינוט, איך קום באַלד אַרויף, — האָט דער פעטער געזאָגט. — לאה, לאה, גיב אַריין אַ גלעזעלע טיי, זע וואָס פאַר אַ גאַסט מיר האָבן. — האָט ער גערופן צו זיין וויב אינעווייניק אין שטוב, איידער ער איז אַרויס...

מאָטקע איז אַליין איבערגעבליבן אין דער עס־שטוב. ער איז געווען אומרואיק, דערשראָקן. ער האָט אַריינגערופן אין דער אָפענער טיר פון דער אַנדערער שטוב, וואו חנהלע האָט זיך אָנגעטאָן:

— חנהלע, חנהלע, ביסט באַלד פאַרטיק?

— אָט שוין, — האָט חנהלע זיך אָפּגערופן און פֿאַרצויגן איר אַרויסקו־מען. — וואָס איז די מעשה עפּעס אַזוי פּרי היינט? עס איז עפּעס געשען?

— האָט זי געפרעגט פון דער אַנדערער שטוב.

— ניין, עס איז גאָרניט געשען, איך וויל דיר עפּעס זאָגן.

לענגער אָפּציִען האָט זי ניט געקענט. זי האָט געמוזט צום סוף אַרויס־גיין. זי איז געווען דערשראָקן, דאָס פּנים בלייך, און די הענט האָבן ביי איר געציטערט:

— גאָט מיינער, האָסט מיך אַזוי דערשראָקן, וואָס דו ביסט געקומען אַזוי פּרי היינט... אומגעריכט... וואָס איז עפּעס געשען?

— חנהלע, עס איז גאָרניט געשען, — האָט מאָטקע אָנגעהויבן שמייכלען פֿאַר נחת, זעענדיק חנהלען פֿאַר זיך. — וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן?

חנהלע האָט געזען, אַז מאָטקע ווייסט נאָך פון גאָרניט. זי האָט צוריקגע־קראָגן איר רואיקייט און געזאָגט:

— גאָרניט, אַז מען ריכט זיך ניט, און אַ מענטש קומט פּלוצלינג. יאָ, וואָס איז געשען? עס האָט דאָך עפּעס געמוזט געשען.

מאָטקע האָט פֿאַרשטאַנען, אַז חנהלע איז אומרואיק פון דעם, וואָס ער האָט איר נעכטן אַלץ דערציילט, און זיך באַשולדיקט פֿאַר דער שרעק, וואָס ער האָט אויף איר געוואָרפן. ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט. זי האָט זיך געלאָזט, קאַלט און שרעקעדיק. ער האָט זי געגלעט מיט דער צווייטער האַנט איבער די האָר און געפרעגט:

— חנהלע, שרעקסט זיך נאָך פון נעכטן? חנהלע, זאָג מיר, איך וויל פון אַלץ וויסן. עס געפעלט דיר שוין ניט דער שידוך מיט מיר? זאָג מיר, איך וועל גאָרניט טאָן. איך וועל אַזוי לאַנג וואַרטן, ביז דו וועסט וועלן, ביז דו וועסט אויפהערן זיך שרעקן פֿאַר מיר.

— איך שרעק זיך ניט פֿאַר דיר, פֿאַרוואָס זאָל איך זיך שרעקן פֿאַר דיר? — און פּלוצלינג האָט דאָס מיידל זיך פֿאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט און איז אַרויס אין אַ געוויין: — גאָט, איז דאָס אַלץ אמת?

מאָטקען האָט עס געשניטן ביים האַרצן. ער האָט געוואָלט אַוועקלייגן זיך, אַ טויטער צו אירע פיס. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. פּלוצלינג האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און אויסגעשריגן:

— חנהלע, איכל אַלץ דערציילן דער פּאָליציי. אויב דו ווילסט, וועל איך זיך אַרויסגעבן, אַליין אַלץ דערציילן דער פּאָליציי. ווילסט?

חנהלע האָט זיך נאָר געהאַט פֿאַרלוירן אויף איין מינוט. באַלד האָט זי זיך צוריק געפונען און געזאָגט:

— פֿאַרוואָס? ניין, גיב זיך ניט אַרויס. ווער וועט דען וויסן דערפון?

— אוי, חנהלע! — האָט עס געגעבן אַ שפּריץ־אַרויס פון זיינע אויגן. און דער יונג האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו חנהלעס פיס און גענומען איר די פיס קושן.

חנהלע האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זי האָט אים געגלעט איבערן קאָפּ. דער יונג האָט געכאַפּט איר האַנט, געקושט און געקושט מיט אַזעלכע בעטנדיקע אויגן, ווי ביי אַ הונט:

— חנהלע, וועסט מיט מיר חתונה האָבן?

חנהלע האָט ניט געענטפערט, זי האָט געוויינט.

— פאַרוואָס וויינסטו? חנהלע, וויין ניט. דאָס האַרץ ווערט מיר צעשניטן, וויין ניט, איך בעט דיך.

— שוין, איך וויין שוין ניט. — האָט זיך דאָס מיידל די טרערן אויסגעווישט פון די אויגן.

— זאָג מיר, חנהלע, ווילסט נאָך מיט מיר חתונה האָבן? האָב ניט קיין מורא. איך וועל דיר גאָרניט טאָן, גאָרניט זאָגן, איך וועל אַוועקגיין פון דאַנען.

— וואָלט שוין גלייכער געווען, — זאָגט דאָס מיידל פאַר זיך. — גייען זי אַוועק, גייען זי.

מאָטקע איז פאַרשטיינט געבליבן און האָט אָנגעקוקט חנהלען מיט זיינע גרויסע אויגן, וואָס האָבן אויסגעדריקט שרעק, פאַרצווייפלונג. דאָס מיידל האָט זיך דערשראָקן פאַר אים. דאָס האַרץ האָט איר געציטערט. זי האָט אָנגעהויבן שטאַמלען, מיט די אויגן געזונקען צו דער ערד, פאַר שאַנד איבער די ליגנס וואָס זי האָט געזאָגט:

— וואוהין וועלן זי שוין גיין? אינס מזל איז דאָך שוין... — זי האָט זיך אָפּגעהאַקט, איז רויט געוואָרן פאַר שאַנד און שרעק.

— חנהלע, מאַ־מע! — דער יונג האָט איינגעגראָבן זיין פּנים אין איר קליידל, נורענדיק זיך צו אירע פיס, וויינענדיק ווי אַ קליין קינד.

---

פּאָליצייַ איז אָנגעקומען, ווען ער האָט נאָך געהאַלטן דאָס פּנים פאַרגראָבן אין איר קליידל. ער האָט ניט געפּרואווט אַנטלויפן. ער האָט אַוועקגענומען דאָס פּנים פון דעם קליידל און זיך אַרומגעקוקט פאַרוואונדערט, נייגעריק, אַמאָל אויף דער פּאָליצייַ, אַמאָל אויף חנהלען, וואָס טאַטע־מאַמע, אירע באַשיצער, זיינען שוין געשטאַנען לעבן איר. זי האָט זיך געהאַט פאַרשטעלט אירע וויינענדיקע אויגן מיט די הענט.

מאָטקעס קלאָרע גרויסע קינדישע אויגן האָבן אויסגעזען ווי דענסמאָל, ווען ער איז געלעגן אין פייגעלעס קאָרב, אין קעלער, און מען האָט אים צום ערשטן מאָל די שמאַטקע אין מויל געשטעקט, און ער האָט זיך געוואונדערט, פאַרוואָס מען האָט פון אים דער מאַמעס ברוסט אַוועקגענומען.

סוף